# סאָוועטיש היימלאַנד

■

ליטעראריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאל

■

אָרגאן פון שרײַבער־פארבאנד פון פססר

■

דערשײַנט פון 1961

■

פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל"

מאָסקווע

דעקאבער

12

1988

# אינהאלט





■



כאַים מעלאַמוד

# פארגעסענע בלעטלעך

ראָמאַן

## צווייטער טייל

ארבעט איז ארבעט, און א פאבריק איז א פאבריק. דאָרטן, נעבן פרימיטיוון סטאָליער־ווערק־שטעל, האָט מיילער זיך געפילט, ווי בא זיך אינדערהיים. ער האָט שוין פארמאָגט עטלעכע פריינט צווישן די קאָנדיטערס, און איינער פון זיי איז געווען אליין דער דירעקטאָר,ביידע האָבן מיט צוטרויִ־לעכקייט פון געוויזענע פראָנטאָוויקעס אויסדערציילט איינער דעם אנדערן וועגן זייער לעבן און וועגן זייערע פאַסירונגען. עפשער א ביסל צו פיל דערציילט וועגן זיך, ווי מיילער האָט דערנאָך פארשטאַנען. אייגנטלעך האָט ראָמאַן וואסיליעוויטש ווייניק־וואָס געהאט צו דערציילן. נאָך פאר דער מי[illegible]מע איז ער שוין געווען אף א הויכער שטעלע — פאָרזיצער פון ראַיגעבוויכפארבאנד. אפן פראָנט איז ער געווען זייער א קורצע צייט, און נאָך דער ערשטער פארוווּנדונג, נאָך וועלכער ער איז אָפּגעלעגן א האלב יאָר אין האָספיטאַל, האָט ער שוין מערער אפן פראָנט ניט געטראָפן. געווען אין זיינע דערציי־

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 10, 11, 1988.

לונגען א ביסל אזוינס, וואָס האָט געקאָנט ארויסרופן כשאד אָדער פּאַשעט א צווייפל. נאָר מיילעך האָט אף דעם קיין אכט ניט געלייגט. מאלע וואָס מיט יעדן האָט געקאָנט טרעפן אף דער מילכאָמע.

וואָלט זיך עפשער אזוי געצויגן... נאָר מיילעך האָט אָנגעהויבן באמערקן... ניין, אפן דירעקטאָר האָט ער גאָרניט ניט באמערקט, נאָר ער האָט אָנגעהויבן באמערקן, פונוואנען נעמען זיך בא יעדן די שטיקלעך שאָקאָלאד, די פּלאַדן, מיט וועלכע מע האָט אים פרעמירט. און, מעגלעך, אייך דער גאנצער טאָרט. פּאַשעט מע גאנוועט זיי ארויס. מע גאנוועט אף א פארשיידענעם אויפן. ווער עס שלעפּט ארויס פון די שוין פארפאקוועטע קעסטלעך עטלעכע קאָנפעטן. ווער עס שלעפּט ארויס פּונעם אויוון עטלעכע פרישע פּיראָזשנעס. ער האָט געזען מיט די אייגענע אויגן: נאָך דעם, ווי מע לאָדט אויס די ציסטערנעס מיט שיטערן שאָקאָלאד, בלייבן איבער אפן דנאָ פּאַרקילטע שטיקער, שאָבן עס די טרעגער אויס פאר זיך. גאנץ היפּשע שטיקער. איז ער אין איינעם אָן אָוונט געקומען אהיים שטארק א פארזאָרגטער.

— איך וועל מיסטאמע מוזן אוועק פון אָט דער פאבריק. — האָט ער געמאָלדן סימען בייס דער וועטשערע.

— וואָס שמעקט דיר דאָרטן ניט? — האָט סימע א שפּאַס געטאָן.

— דער שאָקאָלאד שמעקט מיר ניט.

— פארוואָס?

— ער שמעקט מיט גנייווע.

— פונוואנען נעמסטו דאָס?

— פונוואנען, פונוואנען... פונוואנען נעמען זיך די איבעריקע פּלאַדן? פונוואנען נעמען זיך די שטיקער שאָקאָלאד, מיט וועלכע מע „פרעמירט" מיך? און דער טאָרט, מיט וועלכן דער דירעקטאָר אליין האָט מיך פרעמירט פאַרן מעבל, וואָס איך האָב געמאכט פאר זיין קאבינעט, איז אויך פון דעם זעלבן קוואַל.

— וואָס זשע קאָנסטו עפּעס צוטראכטן?

— איך ווייס ניט... דערוויילע גאָרניט. נאָר עס קריכט מיר ניט אין מויל אריין דער שאָקאָלאד. ביטערער שאָקאָלאד און ביטערע פּלאַדן. אפן הארצן איז מיר אויך ביטער. וואָס טוט זיך דאָס? ס'איז ניט קיין ריינער שאָקאָלאד!

סימע האָט א קוק געטאָן אף מיילעכן מיט ראכמאָנעס. אף אים און אף זיך אליין. זי האָט דערבייַ זיך דערמאָנט איר שוועסטער כאנען, וועלכע האָט איר אמאָל פירגעוואָרפן אירע רובלען אין דער קעשענע פון איר כאלאט.

— ס'איז ניט קיין ריין געלט! ס'איז ניט קיין קאָשער געלט! — האָט כאנע געשריגן.

אוי, כאנע ליבע, כאנע טייַערע!... און מיילעך... ער איז אזוי געראָטן אין דער שוועסטער!.. פון דעם זעלבן שניט, פון דעם זעלבן סאָרט מענטשן, פון דעם זעלבן סאָרט קאָמוניסטן.

זי האָט דערבייַ אויך מיט ביטערניש א טראכט געטאָן:

— צי דען זייַנען פאראן פארשיידענע סאָרטן קאָמוניסטן? און צו וועלכן סאָרט פארעכענען זיך אליין?

צום ערשטן מאָל האָט זי אזוי א טראכט געטאָן. און צום ערשטן מאָל אזוי. נאָר מיט נאָך גרעסערער ביטערקייַט געמוזט אנערקענען: יאָ, ס'איז טאקע פאראן. און מיילעך, ער איז פיל העכער פון איר... כאָטש ער האָט איצט ניט קיין פארטיי-בילעט אין קעשענע.

— אָבער דו, מיילעך, — האָט זי ווי געבעטן זיך בא אים. — דו גאנוועסט דאָך ניט! ארבעט אָפּ דאָרטן א שטיקל צייַט. ביז דו וועסט זיך אָנעמען...

— מיט וואָס וועל איך זיך אָנעמען? מיט וואָס דארף איך זיך דאָרטן אָנעמען? — האָט ער זיך צעשריגן אף איר.

פארשטאנען, אז ער האָט א ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, אז ער האָט בינלאַל ניט וואָס צו שרייַען אף איר, האָט ער געמאכט א פּאָר קרייַזן איבערן צימערל און צוגעקומען צו איר אָן אָפּגע־קילטער.

— דו, סימעלע, אנטשולדיק מיר, — איז ער געוואָרן א ביסל ווייכער. — נאָר איך קאָן ניט און וויל ניט. איך וויל ניט אזא געזונט, איך וויל ניט אזא קויעך. איך וויל ניט ווערן קיין שותּף צו די גנייווע. ווי פארשטייסטו ניט? איך וועל פארלירן פיל מערער, ווי איך וועל זיך אָנעמען. איך וועל אָנווערן זיך אליין. און איך האָב אזוי טייַער באצאָלט פאר זיך: מיט מייַן פוס, מיט מייַנע לונגען, מיט מייַן הארצן! און דאָס אלץ אָפּגעבן פאר א שטיקל שאָקאָלאד? דאָס איז סאַם, ניט קיין שאָקאָלאד!

ער האָט ניט באמערקט, אז מיט יעדער וואָרט האָט ער געהעכערט די שטים. צום סאָף ווידער

זיך צעשריגן, ווייטיקלעך געשריגן און שטארק זיך פארהוסט. ער האָט שוין לאנג אזוי ניט געהוסט. און דאָס האָט אָנגעשראָקן סימען מערער פון אַלץ.

סימע איז ארויסגעלאָפן אין קיך, ווו די מומע פעדאַרע האָט געבאַלעבאַטעוועט, אָנגעגאָסן אין גלאָז עפּעס אזוינס, וואָס זי האָט אַליין ניט געוווּסט, און פול מיט אומרו אריינגעלאָפן צוריק אין צימער. מײַלעך איז געזעסן אפן בענקל און געווישט מיטן טיכל דעם שווייס פונעם שטערן.

— נא, מײַלעך, טרינק אויס און באַרויִק זיך.

— אַדאַנק, סימעלע, — האָט ער ארויסגערעדט ביז גאָר שטיל.

סימע האָט זיך צוגעזעצט נעבן אים, זיך אײַנגעקוקט אין זײַן פּאָנעם. ביז איצט האָבן זי ניט אײַפגעהערט באַאומרויִקן זײַנע קראַנקע לונגען און זײַן אַלגעמיינע דערשלאָגנקייט. און איר האָט זיך זייער געוואָלט אופהייבן א ביסל זײַן געפאַלנקייט. אָבער ס'איז פאראַן אין זײַן דערשלאָגנקייט... ווי זאָל זי דאָס אויסדריקן? דערהויבנקייט! עכטע מענטשלעכע דערהויבנקייט! זאָל זײַן אפילע א ביסל א קרענקלעכע, אָבער...

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים א ביסל נעענטער. פריִער דאָס בענקל, דערנאָך זיך אַליין. פאַרדעכטיק געקוקט אף אים מיט א ניי־אופגעקומענעם געפיל פון הייסער כשיוּע און אַפּשיַ, ארומגענומען אים און ארויסגערעדט באַווייליקנדיק און האכנאָעדיק:

— ווייסטו וואָס, מײַלעך? טו ווי דו פאַרשטייסט.

צום דירעקטאָר איז ער דערוויַיל ניט געגאַנגען, געאַרבעט ווי פריִער, נאָר מערער יענעם שאַקאַלאַד און די פלאָדן אין מויל ניט גענומען. ניט פאר זיך אף דער אַרבעט און ניט געבראַכט אהיים. פאר סימען איז דאָס אַלץ געווען קלאָר. בלויז איין מאָל, ווען ער איז געקומען אהיים שטארק א פאַרמאַטערטער און שטארק אן אויסגעהוּגערטער, האָט סימע געפרעגט בא אים:

— אָבער זאָג מיר נאָר, מיט וואָס האָט דער שאָקאָלאַד זיך פאַרזינדיקט?

אף דעם האָט ער אָפּגעענטפערט מיט אן אומגעוויינלעכער שטרענגקייט:

— ער וועט אונדז נאָך אַלעמען וואָרגן אין האַלדז, אָט דער שאָקאָלאַד.

דעם טאָך פון אָט די ווערטער האָט סימע פאַרשטאַנען פיל שפּעטער.

ער האָט נאָך אַלץ געאַרבעט אף דער קאָנדיטער־פאַבריק, צונויפגעקלאַפּט די קעסטלעך און אַלעמאָל געמאַכט פאר עמעצן א בענקל צי א טישל. ביז איינעם א פּאַרנאַכט...

אין זײַן אזויגערופענעם טאַרע־צעך האָט ער געגרייט קעסטלעך ניט נאָר פאר דער אייגענער פאַבריק, נאָר אויך פאר איינעם א ווײַן־זאַוואָד. א פאָר מאָל אין דער וואָך איז אין זייער הויף אריינגעפאָרן א לאַסטמאַשין און פאַרנומען די צוגעגרייטע פּראָדוקציע. יענעם פּאַרנאַכט האָט ער באַמערקט אזוינס, פון וואָס ער איז דערציטערט געוואָרן. בײַיס מע האָט אָנגעלאָדן די מאַשין מיט די ליידיקע קעסטלעך איז פונעם קאָנדיטער־צעך ארויסגעלאָפן עפּעס א מענטשעלע אין א ווײַסן כאַלאַט, א ווײַלע זיך ארומגעקוקט און אפגיך אריינגעשליַידערט אין דער מאַשין א שווער קעסטל. דורך די שפּאַלטן איז געווען צו זען, אז דאָס קעסטל איז אָנגעשטאָפּט מיט שאָקאָלאַד. אין דער ערשטער מינוט האָט מײַלעך א ביסל זיך פאַרלוירן, ניט געוווּסט, וואָס פירצונעמען, און ווען ער איז געקומען צו־זיך, איז די מאַשין שוין ניט געווען. ער האָט געוואָלט גלײַך אריַינגיין צום דירעקטאָר און מעלדן, נאָר די קאַנטאָר איז שוין געווען צוגעשלאָסן. א גאַנצע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן, געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען מיט די אייגענע אויגן. אף מאָרגן גאַנצפרי איז ער אוועק צום דירעקטאָר.

— ראָמאַן וואַסיליִעוויטש!

ער האָט בלויז באַוויזן אים אָנרופן באַם נאָמען און זיך פאַרהאַקט. ניט באַוויזן אפילע אָפּגעבן דעם גוט־מאָרגן.

— וואָס איז געשען? — האָט געפרעגט דער דירעקטאָר. — עפּעס זײַט איר הײַנט...

— כאַווער דירעקטאָר, ס'איז געשען... א גרויסער פאַרברעכן!

— וועלכער פאַרברעכן?

— א גנייווע!

— א גנייווע? ווען, בא וועמען?

— בא אונדז. בא אונדז אף דער פאַבריק. נעכטן פאַרנאַכט... צווישן די ליידיקע קעסטלעך, וואָס מע האָט אָנגעלאָדן אף דער מאַשין פאַרן ווײַן־זאַוואָד, האָט מען אונטערגעוואָרפן א קעסטל מיט שאָקאָלאַד.

— וואָס הייסט אונטערגעוואָרפן? ווער האָט עס געקאָנט אונטערוואַרפן? וואָס טראַכט איר אויס?

— איך האָב דאָס געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן.

פאַרוואָס איז ראָמאַן וואַסיליִעוויטש מיטאַמאָל אזוי רויט געוואָרן? צאָרנדיק־רויט. ער האָט אפילע א נעם געטאָן דאָס טיכל און א פיר געטאָן איבערן שטערן. דערנאָך, ווי באַטראַכט די אומגעוויינלעכע געשעעניש, זיך אָנגערופן:

— שרייבט גלייך אַן אַ מעלדונג.

— וואָס זשע, איר גלייבט מיר ניט?

— איר האָט מיך ניט פאַרשטאַנען. שרייבט אַן אַ מעלדונג וועגן באַפרייַען אייַך פון דער אַרבעט. לויטן אייגענעם ווילן.

צוערשט איז מיילער געבליבן זיצן ווי געפּלעט. ער איז לאַנג געזעסן אויפן בענקל, וואָס ער אַליין האָט אויסגעמייסטערעוועט פאַרן דירעקטאָרישן קאַבינעט. דערנאָך איז ער געקומען צום געדאַנק, אַז דאָס איז טאַקע זייַן אייגענער פאַרלאַנג. האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן... נאָר איך מעג דערבייַ אָנשרייַבן וועגן די סיבעס?

— איר מעגט שרייַבן, וואָס איר ווילט.

— און איך מעג אויך איבערשיקן אַ קאָפּיע פון דער מעלדונג דעם פּראָקוראָר?

ראַמאַן וואַסיליעוויטשעס אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן מיט אָפענער סינע, ס׳איז געווען פיל דראַמאַטיקס אין דעם, וויאַזוי ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

— נאָר איך וואָלט אייַך געראָטן ניט אונטערשרייַבן אייַער פאַמיליע, אויב איר ווילט ניט האָבן קיין איבעריקע אומאָנגענעמלעכקייטן.

— פאַר מייַן פאַמיליע האָב איך ניט וואָס מוירע צו האָבן, און איך האָב ניט וואָס צו שעמען זיך מיט איר.

פאַר די פּאָר מינוט, וואָס מיילער האָט אָנגעשריבן זייַן מעלדונג, האָט ראַמאַן וואַסיליעוויטש געוויס פיל איבערגעטראַכט און מיסטאָמע זייער געוואָלט, אַז מיילער זאָל כאָטש האָבן און צערייַסן די מעלדונג.

— אַ שאָד, אַ שאָד, — האָט ער אַרויסגערעדט, ווען מיילער האָט אים דערלאַנגט די מעלדונג. — באַ הייַנטיקע צייַטן... וואַרפן אַזאַ זיסע אַרבעטער...

— פאַר וועמען זיס און פאַר וועמען ביטער. — האָט מיילער רויִק אָפּגעענטפערט.

— און איך האָב געמיינט, אַז מיר מיט אייַך וועלן זיך אייַנפאַרשטיין... פּינדעסטוועגן... אַ ייִד...

— ניט אַלע ייִדן זייַנען געראָטן אין אייַך!

אויסגעשריגן דאָס און אַרויס פונעם קאַבינעט אַן אַ זיי־געזונט, אוועק פון דער פאַבריק אויף קיינמאָל זיך ניט אומקערן.

אַהיים האָט זיך ניט געוואָלט גיין, האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער שטאָט, פאַרקראָכן אין אַזעלכע גאַסן און ליקעלעך, וווּ ער איז נאָך קיינמאָל ניט געווען, און ערשט איצט אָפּגענומען זיך באַקאַנט מיט אָדעס. ער האָט בלויז געקאָנט פאַרשטעלן זיך, וואָס פאַר אַ שיינע, פּרעכטיקע שטאָט דאָס איז געווען. און ווי, וואָס פון איר איז געוואָרן! ער האָט דערבייַ מיט פאַרדראָס אַ טראַכט געטאָן, אַז ער האָט אומזיסט געפּאַטערט אַזויפיל צייַט אויף די קעסטלעך. אין אַרבעט פאַר יעדער ליידיק־גייער. אַזויפיל מויערן נייטיקן זיך אין טירן און אין פענצטער, זיי זאָלן אָפּסנייַ אופגעלעבט ווערן. עס זאָלן ווידער זיך שפּיגלען אין זיי — באַטאָג די זון, און באַנאַכט די לעוואָנע. נאָר מערער פון אַלץ האָט אים רוען ניט געלאָזט די הייַנטיקע באַגעגעניש מיט ראַמאַן וואַסיליעוויטשן. ווער זשע איז ער, אָט דער דירעקטאָר מיט זייַנע שטרענגע באַפעלן און הייסע רעדעס וועגן אָפּהיטן דאָס סאָציאַליסטישע אייגנטום? ער האָט נאָך געקאָנט דערלאָזן, אַז אויף דער פאַבריק זאָלן זייַן אַ פּאָר גנאָווים, וואָס האָבן צוגעטראַכט פאַרשיידענע מיטלען אויף אַרויסגאַנווענען פון דער פאַבריק אַ קעסטל שאָקאָלאַד. מעגלעך, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ שוטפעס מיטן שאָפער פונעם ווייַן־זאַוואָד, נאָר אַז דער דירעקטאָר אַליין זאָל זייַן אַ שוטעף צו די דאָזיקע גנייוועס? און עפּשער ניט נאָר קיין שוטעף, נאָר דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר! און גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס איז ניט דאָס איינציקע און ניט דאָס ערשטע קעסטל. און עמעצער דאַרף דאָך דאָס באַקומען! זייַנען דאָס שוין ניט קיין פּאָר גנאָווים, נאָר אַ גאַנצע באַנדע רויבער!

ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַ לאָז טאָן איבער די גאַסן מיט אַ גוואַלד, מיט אַן אַליאַרם, מיט אַ ווייגעשריי, ווי בייס אַ סריפע. נאָר וואָס, צו וועמען שרייַען, און וועמען רופן?

אָט אַזוי, אַן אופגעבראַכטער, מיט אַ דריקנדיקן געפיל, האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אויפן אָדעסער פּריוואָז.

אָדעסער פּריוואָז! ער האָט אים גלייך פאַרטויבט מיט זייַנע אויסרופן און איבערופן, פאַרבלענדט מיט אַלץ, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו אים פון צענדליקער שטעלעכלעך, מיט דעם, וואָס איז אויסגעלייגט געוואָרן פּאַשעט אויף דער הוילער ערד, אַרומגעטראָגן אויף די אויסגעשטרעקטע הענט אָדער אַרופגעוואָרפן אויפן אַקסל. און שטימען... שטימען קלינגענדיקע און הייזעריקע, שטימען מענערישע און פרוייִשע, וואָס שרייַען אויס, רופן אויס און לויבן אין טאָג אַרייַן זייער סחורה, אַ געדיכטער,

קימאט צונויפגעפרעסטער האמוין קויפערס און פארקויפערס, וואָס האלטן אין איין באוועגן זיך און בלייבן שטיין אף איין אָרט. א האמוין, וואָס דינגט זיך און זידלט זיך, פאטשט איבער די הענט און קלאפט אין די פלייצעס, א האמוין, וואָס זינגט און שילט זיך, שילט איינער דעם אנדערן און גלאט אזוי, אין דער וועלט אריַין. און פון דעם אלעמען האָט ארויסגעשריגן די שרעקלעכע, אנטבלויזטע נויט, געשריגן איינער צום אנדערן אף פיל שפראכן, פון דעם אלעמען האָט בא מיילעכן זיך פארדרייט דער קאָפּ און פארכאפט דעם אָטעם.

מיטאמאָל האָט ער א ציטער געטאָן. ער האָט דערפילט דעם באקאנטן רייעך, מיט וועלכן ער האָט געעטעמט א לענגערע צייַט אין דער פאבריק. ער האָט אָנגעהויבן ארומקוקן זיך און באמערקט, ווי א פּאָר פארשוינען האָבן דורכגעשמוגלט פארביַי אים מיט גרויסע שטיקער שאָקאָלאד אין די הענט. איז דאָס טאקע דער שאָקאָלאד פון דעם נעכטיקן קעסטל אָדער פון א קעסטל, וואָס מע האָט ארויסגעגאנוועט מיט א פּאָר טעג צוריק? ער האָט געפּרוּווט דורכשטופּן זיך דורכן ווימלענדיקן האמוין, אָניאָגן יענע כעוורע, א כאפּ טאָן זיי פאר די הענט. נאָר דורכשטופּן זיך איז געווען אוממעגלעך. פארקערט, ס'האָט אים אָנגעהויבן אָפּשטופּן אלץ אף צוריק און צוריק, מעגלעך טאקע דורך עמעצן פון יענע כעוורע, ביז ס'האָט אים ווי ארויסגעשליַידערט אף א פריַיען פלאץ, ווו פוןביידע זיַיטן זיַינען געשטאנען שטעלעכלעך מיט פיש. פרישע פיש, נאָרוואָס פונעם יאם ארויסגעכאפּט. פיש געריכערטע, געזאלצענע, געפרוירענע און וויַיט ניט קיין פרישע. אין דער לופט איז געהאנגען א רייעך, וואָס האָט אים געצוווּנגען פארשטעקן די נאָז. ער האָט זיך געקליבן וואָס גיכער אוועק פון אָט דעם איבערגעזאלצענעם געשטאנק, נאָר געמוזט פארלאנגזאמען די טריט. די קראנקע לונגען האָבן אָנגעהויבן פארדעכענען זיך. ער האָט אפילע געמוזט אָפּשטעלן זיך, צומאכן אף א וויַילע די אויגן, קעדיי פּרוּוון איַינשטילן דעם הוסט. פּלוצלינג האָט ער דערהערט א שטים, וואָס האָט א קלונג געטאָן פאר אים מיט גלעקעלעך. עפּשער ניט מערער, ווי א שוואכער ווידערקאָל.

— מיילעך, אוי, איך מעג שווערן, אונדזער מיילעך! אונדזער פּאָרזיצער.

א דערשיטערטער האָט ער געעפנט די אויגן, געפּרוּווט א זוך טאָן די, וואָס האָט אים דערקענט, נאָר ניט געפונען ארום זיך קיינעם ניט, האָט ער באשטימט בא זיך, אז דאָס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז דאָס איז געוויס געקומען פון א ניַיער קאָפּדרייעניש. א ביסל אן אנטוישטער, האָט ער זיך געלאָזט גיין וויַיטער, נאָר גליַיך ווידער דערהערט:

— ווהין זשע גייסטו, מיילעך. קום צו אהער!

איז ער צוגעקומען. ער האָט לאנג זיך איַינגעקוקט אין דער שוין ניט יונגער פרוי, וואָס איז געשטאנען בא א קליין טישעלע מיט טיולקעס. ער האָט זי יאָ דערקענט און ניט דערקענט. נאָר איר שטים האָט אים געקלונגען אין די אויערן מיט אזעלכע לאנגאָניקע, ווייכע אָפּקלאנגען.

— מאלקע? — האָט ער ניט זיכער געפרעגט.

— נו, יאָ, מאלקע, — האָט זי אָפּגעענטפערט. — אז אָך און וויי. וואָס איז געוואָרן פון יענער מאלקע.

ער האָט געוואָלט זאָגן איר עטלעכע טרייסטווערטער, שוין אפילע זיי צוגעקליבן, איינס נאָכן אנדערן, נאָר ניט באוויזן. אלץ דאָס איבערגעלעבטע און איבערגעטראכטע פאר היַינטיקן גאנצפרי האָט מיטאמאָל זיך ארופגעוואלגערט אף אים און צוגערויבט דאָס לעצטע ביסעלע אָטעם. א כאפּ געטאָן זיך מיט ביידע הענט פאר איר טישל, האָט ער פאמעלעך זיך אראָפּגעלאָזט אף דער ערד.

— אוי, וויי איז מיר! ס'איז דיר ניט גוט, מיילעך?

פרעגן איז, אייגנטלעך, געווען איבעריק. זי האָט אים אונטערגעכאפּט, גענומען רייַבן דעם שטערן, דעם האלדז־און־נאקן. אריַינגעגאָסן אין מויל אריַין א ביסל וואסער און מערער שוין ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. האָט זי געקאָנט נאָר רעדן צו אים און צו זיך אליין:

— איין מינוטקעלע. עס וועט באלד איבערגיין. אוי, וויי איז מיר! אזא באגעגעניש, אזא שפּעטע באגעגעניש! איין וויַילינקע. לאָמיך נאָר צונויפנעמען דאָס ביסל סכוירע. איך וווין דאָ ניט וויַיט.

ער האָט געלאָזט זיך אופהייבן, אוועקפירן זיך, און שוין בא מאלקען אין האלב־פוסטן צימערל געלאָזט אראָפּציִען פון זיך די שטיוול, דעם שוין היפּש אָפּגעריבענעם קיטעל און אוועקלייגן אים אפן בעטל מיטן גאנץ געמיינעם בעטגעוואנט. ס'איז געווען דאן בא מיילעכן א מאָדנע כאלאָשעס. אלץ ארום האָט געשווינדלט אין די אויגן, אלץ ארום האָט זיך געדרייט. ער האָט שטארק אָנגעשטרענגט זיך אף אָפּשטעלן דאָס דרייעניש און בעשום־אויפן ניט געקאָנט.

— אָט באלד, אָט שוין.

מאלקע האָט ארומגעיאָגט איבערן צימערל, געפּרוּווט, אזוי יאָגנדיק, פארקעמען זיך, אפילע אונטערפודרעווען זיך, און ניט אופגעהערט רעדן צו זיך אליין:

— אַט באַלד, אַט באַלד וועל איך צוגרייטן אַ גלאָז טיי, און דיר געבן עפּעס צובייסן. ס'איז מיסטאַמע פון שוואַכקייט. ווי איז מיר! אַזאַ אומגעריכטע, אַזאַ פאַרשפּעטיקטע באַגעגעניש, אומגליקלעכע ליבע מיַינע.

זי האָט גערעדט און גערעדט. און ניט באַמערקט, אַז מיילעך איז שוין אַנשלאָפן געוואָרן. ווען זי איז צוגעקומען צו אים מיט דער גלאָז טיי, איז איר אַ שאָד געווען אים אויפוועקן, האָט זי זיך צוגעזעצט נעבן אים אויף איר בעטל, פאַרזיכטיק געגלעט זיַין גראָוון קאָפּ, און שטיל, שלינגענדיק די טרערן, זיך צעוויינט. געוויינט און באַוויינט איר מיידלש מאַזל.

שטעטלשע ליבעס און שטעטלשע שידוכים. גאַנץ אָפט פאָרט זיך ניט איינס מיטן אַנדערן. די ליבע איז איינס, און דער שידעך גאָר עפּעס אַנדערש. און זינט דאָס שטעטל לעבט אויף דער וועלט, כאַזערט זיך דאָס איבער הונדערטער מאָל, נאָר יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אויפן.

ווען אַוראָם דעם קאַצעווס יוירעש קעסיל איז געוואָרן אַ כאָסן־באָכער, האָט מען אים איבערגעשאדכנט אַ האַלב טוץ קאַלעס, און קיין איינע איז אים ניט געפעלן געוואָרן. איינע האָט אים אויסגעזען צו פּיסנע, אַ צווייטע אַ ביסל איבערגעזאַלצן, אַ דריטע אַזאַ, בא וועמען עס פעלט אַ קלעפּקע. אַליין קעסיל איז געווען אַ יונג אַ גוואַר, אַן עמעסדיקער קאַצעוו־יונג און אַ ווירדיקער יוירעש פון דעם טאַטנס יאַטקע. ער איז שוין אַליין געשטאַנען מיט אַ האַק אין דער האַנט, געקאָנט צעהאַקן דעם גרעסטן אָקס אויף סאַמע דריבנע כאַלאָקים. און ניט איינמאָל אַליין אַוועק איבער די דערפער קריגן אַן עקסל. נאָר — אַ גרויסער אַקשן. וויבאַלד ער האָט געזאָגט ניין, איז ניין. און וויבאַלד יאָ...

זיַין „יאָ" האָט ער באַגעגנט אין איינעם אַ שאַבעסדיקן פאַרנאַכט שפּאַצירן איינע אַליין איבער דער גאַס. געווען איז דאָס ציר'ל, מאָטל דעם שניַידערס טעכטערל. ער האָט בלויז פונדערוויַיטנס אַ קוק געטאָן אויף איר און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— אַט דאָס איז אַ מויד.

נאָר גראָד די מויד האָט געזאָגט ניין. ער שטייט איר ניט אָן, דער קאַצעוו־יונג, עס שטייט איר ניט אָן דער ייִכעס זיַינער. איז שוין קעסיל געוואָרן אויפגעטראָגן אויף איר. וואָס הייסט, ער שטייט איר ניט אָן? מיט וואָס איז אַ קאַצעוו ערגער פון אַ שניַידער?

— סיַיווי, — האָט ער זיך באַרימט צווישן אַ כאָפּטע באָכערים, — איך וועל זי פּאַקן אין אַ פינצטער ליקעלע, איר אָנטאָן אַ פינגערל, און רוף מיך קנאַקניסל.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן מיטוואָך, ווען קעסיל האָט געפירט פאַרן שטריקל אַ פיַין עקסל, וואָס ער האָט געקויפט אין שכיינעסדיקן דאָרף, האָט ער, שפּאַנענדיק מיט דעם איבערן פאַרפרוירענעם בוג, דערזען, ווי ציר'ל שטייט אויפן סאַמע ברעג פונעם טיַיך און שווענקט איבער אַ ביסל וועש אין אַ פרישן אָפּאָלאָנק. אַרויסגעלאָזט פון די הענט דאָס שטריקל מיטן עקסל, האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון דער קעשענע דאָס פינגערל, וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיך די גאַנצע ציַיט, זיך אונטערגעגאַנוועט צו צירלען, אַ כאַפּ געטאָן זי פאַר דער האַנט, אָנגעטאָן איר דאָס פינגערל און אויסגעשריגן:

— האַריי אַט געקאַדוישעט לי!

— אוי, — האָט ציר'ל אַ קוויטשע געטאָן. — איבער דיר!.. אַ העמד איז אַוועק אונטערן איַיז!..

— און איבער דיר האָב איך אַזאַ עקסל אַרויסגעלאָזט! און מאַך מער ניט קיין שטיק. איצט ביסטו שוין מיַין וויַיב!

האָט ציר'ל זיך אַ גליטש געטאָן איבערן איַיז און אַריַינגעפאַלן אין אַ פאַרצויגענעם כאַלאָשעס.

געווען איז קעסיל טאַקע אַ גוואַר. אַ כאַפּ געטאָן צירלען אויף די הענט, פאַרכאַפּט בייסמיַיסטע דאָס ביסל וועש, איז ער אַוועקגעלאָפן צו מאָטל שניַידער.

מע האָט דערנאָך דערציילט, אַז ווען ער האָט זי אַריַינגעטראָגן צו אירע עלטערן אין שטוב אַריַין, איז דער כאַלאָשעס שוין לאַנג אַריבער. דאָס וויַיטערדיקע איז שוין געווען ניט מערער ווי געמאַכט.

— איך בין ניט שולדיק, — האָט קעסיל זיך פאַרענטפערט, אַוועקלייגנדיק צירלען מיט איר געמאַכטן כאַלאָשעס אויפן סאָפּקעלע. — איבער איר האָב איך דאָס עקסל אַרויסגעלאָזט.

— אָבער וואָס איז געשען? — האָט איר מאַמע געפרעגט, ריַיבנדיק צירלען דעם שטערן.

— איך האָב איר אָנגעטאָן אַ פינגערל, געזאָגט „האַריי אַט", אַזוי אַז אונדז קומט בײדע אַ מאַזלטאָוו. מיר זיַינען געוואָרן מאַן און וויַיב.

— אַ בראָך איז מיר, אַ וויַיטיק איז מיר, אויף מיַינע סאָנימס קעפּ! — האָט זיך צעיאָמערט ציוויע די שניַידערקע און איז געפאַלן כאַלאָשעס. האָט שוין ציר'ל געמוזט אַראָפּשפּרינגען פונעם סאָפּקעלע און ראַטעווען די מאַמע.

אויף מאָרגן זיַינען ביידע צדאָדים, כאָסנס־צאַד און קאַלעס־צאַד אַוועק צום שטעטלשן ראָוו מיט אַ דין־טוירע.



דער שטעטלשער ראָוו, א האלב־בלינדער כילוש מיט א שוואך קעלעכל, האָט באקוקט אלעמען מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן און געפרעגט:

— ווער וויל רעדן דער ערשטער?

— איך, — האָט קעסיל אויסגעשריגן. — איך האָב איבער איר דאָס עקסל ארויסגלאָזט.

— און מיט וואָס איז זי שולדיק? — האָט ער א ווײַז געטאָן מיטן פינגער אף צירלען.

— זי איז ניט שולדיק. נאָר איך האָב איר אָנגעטאָן א פינגערל און געזאָגט דעם „הארײ את".

— וואָס נאָך האָסטו געזאָגט?

— געקאַדויטשעט לי.

— ניט געקאַדויטשעט, נאָר מעקודעשעס.

און אזוי, וואָרט נאָך וואָרט, אים אויסגעפרעגט און אויסגעפּאָרשט אלץ, וואָס דאַרף דערבײַ געזאָגט ווערן.

— נו? — האָט מאָטל דער שנײַדער ניט אויסגעהאלטן.

— פארשטייט זיך, — האָט דער ראָוו דערקלערט, — ס'איז ניט קיין ייִדישער מינהעג ארויסגאַנ־ווענען קאלעס. נאָר ווײַבאלד אזוי, איז סײַדן...

— וואָס סײַדן, רעבע, וואָס סײַדן? — ציוויע האָט זיך אָנגעכאַפּט פארן „סײַדן", ווי פאר דער אײנציקער רעטונג.

— סײַדן א געט, — האָט דער ראָוו ניט זיכער ארויסגערעדט.

האָט צום ערשטן מאָל געלאָזט הערן וועגן זיך צירל אליין.

— איך וויל ניט קיין געט! — האָט זי אויסגעשריגן. — איך וויל ניט זײַן קיין געגעטע!

— איז אויב אזוי, — האָט דער ראָוו געפּאסקנט, — מאזלטאָוו אײַך אלעמען. גיט זיך די הענט, מעכוטאָנים, און זאָל זײַן אין א גוטער שאָ!

א שטיק צײַט האָט דאָס שטעטל געראַשט מיט אָט דעם אומגעווײנלעכן שידעך און מיט אָט דער אומגעווײנלעכער כאסענע. מע קאָן ניט זאָגן, אז דער קאַצאָווישער ייִכעס האָט זיך אופגעהויבן, מעגלעך אפילע פארקערט, ווײַל טאקע ווי דער אלטער ראָוו האָט געזאָגט: ס'איז ניט קיין ייִדישער מינהעג ארויסגאַנווענען קאלעס, נאָר אליין דאָס קוילער־געסל, דער אוילעם קאַצאָווים זײַנען געווען שטארק צופרידן מיט קעסילס אופטו.

— א נאַר, א נאַר, און שאָקלט זיך, — האָט מען א ביסל געשפּעט פון אים הינטער די אויגן. דאָס האָט מען געדארפט פארשטיין אזוי: געזוכט, געזוכט און ניט שלעכט אויסגעזוכט.

אין א יאָר ארום זײַנען קעסיל מיט צירלען ווידער געקומען צום ראָוו מיט א דין־טוירע. בא זיי איז געבוירן געוואָרן א מיידעלע. וויל קעסיל דעם א נאָמען געבן נאָך זײַן באָבען. און צירל נאָך איר באָבען.

— און ווי האָט געהייסן אײַער באָבע? — האָט דער ראָוו געפרעגט בא קעסילן.
— עסטער.
— און אײַער באָבע? — האָט ער געפרעגט בא צירלען.
— מאַלקע.
— אוי, — איז דער ראָוו געוואָרן שטארק אופגעלעבט. — עסטער־האמאַלקע, עסטער־האמאַלקע! אַזוי ווי עס איז אָנגעשריבן אין דער מעגילאַס־עסטער. און אַזויווי מיר האָבן אינגיכן דעם יאָמטעוו פּורים... איז זאָל זי הייסן עסטער־מאַלקע.

ביידע — קעסיל און צירל זײַנען געווען עמעסדיקע אַקשאָנים. קעסיל האָט גערופן דאָס טעכטערל עסטער, און צירל האָט דאָס גערופן מאַלקע. נאָר אַף וויפל דאָס מיידעלע איז מערער געווען מיט דער מאמען, האָט זי פּעסטער פאַרגעדענקט דעם צווייטן נאָמען. און א ביסל שפּעטער, ווען זי איז אויסגעוואַקסן...

ס'איז שווער צו זאָגן, אין וועמען זי איז געווען מער געראָטן. ריכטיקער וועט זײַן אַזוי: שיין, ווי די מאמע, און אַן אַקשן, ווי דער טאַטע. און ווען דער טאַטע האָט איינמאָל זי א רוף געטאָן לויטן נאָמען פון זײַן באָבען און זי האָט אַף אים זיך ניט אָפּגערופן, האָט ער אויסגעשריגן:
— איך וויל וויסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל: ווי רופט מען דיך?
און זי, דאָן א צעניאָריק מיידעלע, האָט רויִק אָפּגעענטפערט:
— מאַלקע.
— אַף מײַנע סאָנימס קעפּ! — האָט קעסיל זיך אויסגעזידלט.
נאָר געמוזט זיך אונטערגעבן.
איז זי געוואָרן בלויז מאַלקע. און בלויז איין מאָל אין יאָר, אינעם שיינעם יאָמטעוו פּורים, ווען מע האָט געלייענט די מעגילע, האָט קעסיל זיך דערלויבט א באַרים טאָן זיך און א ביסל שטילן דאָס האַרץ.
— טוט נאָר א קוק אַף אונדזער קראַסאַוויצע! עסטער־האמאַלקע!
און ווען מאַלקע איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָבן צען יינגלעך זיך אין איר פאַרליבט. זי אַליין בלויז אין איינעם. אין איין־און־איינציקן. און יענער איינציקער איז געווען מיילעך.
אין איר, אין מאַלקען, איז געווען אין וואָס פאַרליבן זיך. אין איר שטאַלטנעקייט, אין איר לויטער פּאָנעם, אין די פּאָר קלײַנענדלעך, וואָס האָבן צוגעגעבן דעם פּאָנעם נאָך מערער כיין, אין אירע שײַנענדיקע אויגן און אין איר לאַנגן גראָבן צאָפּ. אין אים, אין מיילעכן, איז ניט געווען אין וואָס פאַרליבן זיך. נאָר ווער קאָן עס וויסן דעם סאָד פון א מיידלשע האַרץ? האָט זיך געצייגן די פּאַר־באָרגענע, האָפּענונגסלאָזע ליבע, געיאָטרעוועט, ווי אָנגעריסענע בלאָטערלעך, און געבראַכט מיט זיך פיל שלאָפלאָזע נעכט און פּוסטע, נארישע ארומבלאָנדזשענישן איבערן אײַנגעשלאָפענעם שטעטל.
גראָד צו יענער צײַט האָט צו קעסילן זיך אראָפּגעיאָוועט א ווײַטער קאָרעוו, אַזש פון ראָסטאָוו. א הויכער און דאַרלעכער יונגערמאַן, אַף א יאָר צוואַנציק עלטער פון מאַלקען. ער האָט איבעראַשט דאָס גאַנצע שטעטל מיט זײַן אומגעווײנלעכן אָנטאָן, אומגעווײנלעכן אויסזען און אומגעווײנלעכן גאַנג. אַלץ דורכויס גרויסשטאָטיש, עכט אינטעליגענטיש, און ס'האָט זיך געלאָזט גלייבן, אַז ער איז גאָר א געהויבענער אינזשעניער. אין א שליאַפּע, אין א מאַקינטאָש, מיט א גאָלדענעם זייגער אַף דער לינקער האַנט און מיט א גרינג שטעקעלע אין דער רעכטער. געהייסן האָט עס, אַז ער איז געקומען אַהער אַף א דאַטשע, כאָטש א דאַטשע האָט ער געקאָנט קריגן א ביסל נעענטער. ער האָט טאַקע אָפּגעדונגען א דירעלע אין דעם דאָרפישן טייל, וווּ ער האָט געהאַט יעדן גאַנצפרי פרישע מילך, קעז און פּוטער און אַלע איבעריקע זאַכן. נאָר יעדן פאַרנאַכט איז ער געקומען צו קעסילן שפּילן מיט אים אין שאַשקעס. צירל האָט בייסמײַסע געגרייט א יאָמטעוודיקע פלײשיקע וועטשערע. און מאַלקע אַליין? מאַלקע איז גלײַך אַנטלאָפן פון דער שטוב. זי האָט וועגן גאָרנישט ניט געוווּסט, אַפילע אָנשטויסן זיך ניט געקאָנט, אַז איר טאַטע פירט מיט אָט דעם ווײַטן קאָרעוו אַזעלכע לעפישע אונטערהאַנדלונגען. נאָר אַלעמאָל, ווען דער ווײַטער קאָרעוו האָט זיך באַוויזן אַף דער שוועל, האָט איר האַרץ אָנגעהויבן מוירעדיק צו קלאַפּן. געקלאַפּט ווייטיקלעך און פריקרע.

דעם ערשטן זומער האָט דער קאָרעוו אַפילע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט מיט מאַלקען. נאָר דעם צווייטן זומער, ווען ער איז ווידער געקומען אין אורלויב, ווידער אַף דער זעלבער דאַטשע און ווידער זיך באַוויזן אין זייער שטוב, איז ער געבליבן שטיין ווי געפּלעפט און דערלויבט זיך אַזוינס, וואָס ער האָט, לויט מאַלקעס מיינונג, ניט געטאָרט זיך דערלויבן.
— מײַן טײַערע קוזינע! — האָט ער ארויסגערעדט אַן אָנציקטער. — איר זײַט פּאַרקישעפּנדיק שיין! דערלויבט אײַער האַנט!
און, ניט דערוואַרט זיך אַף איר דערלויבעניש, א כאַפּ געטאָן איר נאָך קינדערש הענטעלע, פאַרבייגט זיך און א קוש געטאָן.

וואָס איז אזוינס קוזינע, האָט מאַלקע ניט געוווּסט, נאָר דאָס וואָרט איז איר ניט געפעלן גע־וואָרן. א ריס געטאָן די האַנט, האָט זי בייז א קוק געטאָן אויף אים:

— וואָס פאַר א קוזינע בין איך אײַך? איר זאָלט מער ניט דערוועגן!

אין אָוונט, ווען קעסיל מיטן קאַרעוו זײַנען געזעסן בא די שאַשקעס, האָבן זיי שטיל זיך דורכ־געשמועסט.

— זי קוקט אפילע ניט אין מײַן זײַט, — האָט דער קאַרעוו זיך געקלאָגט.

— וואַרט צו נאָך א יאָר. זאָל דאָס קעלבל א ביסל אונטערוואַקסן.

— איך וויל, איר זאָלט וויסן... — דאָס האָט ער זיך שוין באַרימט סײַ פאַר קעסילן, סײַ פאַר צירלען. — זי וועט לעבן בא מיר, ווי אן עמעסע מאַלקע. און וואָס נאָר זי וועט וועלן. און א דינסט וועט בא איר זײַן. אייגנטלעך, זי איז שוין איצט אויך דאָ.

דערנאָך... דערנאָך האָט קעסיל אָנגעהויבן באַקומען ניט קיין גרויסע פּעקלעך. קליינינקע מאַ־טאָנעס פאַר אים, פאַר צירלען און פאַר מאַלקען. מאַלקען האָט מען אײַנגערעדט, אז דאָס זײַנען מאַ־טאָנעס פון דער אַדעסער מומע. זי ווייסט דען ניט, אז זי האָט אין אַדעס א רײַכע מומע? אָט, זאָל זי אומיסטן א קוק טאָן אפן אדרעס.

די מאַטאָנעס זײַנען מאַלקען גראָד געפעלן געוואָרן. א האַנטזייגערל, א פּאָר גרינגע שיכעלעך, א כאַלאַטל, אַלץ אזוינס, וואָס קיינער פון די שטעטלשע האָט ביז איצט ניט געזען. זי האָט אפילע אָנגעשריבן א בריוו דער אַדעסער מומע, געדאַנקט פאַר די שיינע און רײַכע מאַטאָנעס.

דעם דריטן זומער איז דער ראָסטאָווער קאַרעוו געקומען צו פאָרן, ווי צו זיך אהיים. געבראַכט מיט זיך א פולן טשעמאָדאַן מאַטאָנעס פאַר די קומענדיקע שווער־און־שוויגער, און, מערסטנטייל, פאַר דער קאַלע. אפילע א גאָלדן פינגערל. און שוין בא דער ערשטער וועטשערע האָט דער קאַרעוו אַרויסגענומען פון דער זשילעט־קעשענע דאָס פינגערל און זיך אָנגערופן צו מאַלקען:

— איז ווען זשע, קאַלע מײַנע, זאָל איך דיר אָנטאָן דאָס פינגערל?

— איר מיר? — האָט מאַלקע געפרעגט און איז גלײַך רויט געוואָרן. — וואָס פאַר א שײַכעס האָט איר צו מיר?

מאַלקע איז דאַן אַלט געווען זיבעצן יאָר.

פאַרשטאַנען, אז מיט דער קאַלע אליין איז ניטאָ וואָס צו רעדן, האָט דער קאַרעוו זיך געווענדט צום טאַטן:

— זאָלט איר וויסן, רעב קעסיל, אז זי וועט בא מיר גיין אָנגעטאָן אין גאָלד, און נאָר פויגל־מילך וועט איר פעלן. פאַראַן בא מיר א דירע פון דרײַ צימערן מיט סאַמע רײַכסטן מעבל. זי וועט גאָרנישט ניט דאַרפן טאָן. פאַראַן בא מיר א דינסט, וואָס קאָכט, באַקט, ראַמט אויף און ברענגט אַלץ אַרײַן אין שטוב. גיין וועט מײַן מאַלקע מיט מיר בלויז אין טעאַטער.

— איך וויל ניט גיין! — האָט מאַלקע אויסגעשריגן. — איך דאַרף ניט אײַער גאָלד, איך דאַרף ניט אײַערע טעאַטערס, איך דאַרף גאָרנישט ניט!

— פינדעסטוועגן האָסטו אַלע מײַנע מאַטאָנעס אויפגענומען?

— וועלכע מאַטאָנעס? איך ווייס ניט פון קיין שום מאַטאָנעס.

— און ווער האָט דיר צוגעשיקט דאָס זייגערל, וואָס אויף דײַן האַנט? און ווער האָט דיר צוגע־שיקט די שיכעלעך, וואָס אויף דײַנע פיס? און אָט דאָס כאַלאַטל?

ביז הײַנט, נאָך אזויפיל שווערע און שרעקלעכע יאָרן, פאַרשטייט זי ניט, וואָס איז דאַן מיט איר געשען. אין איין אויגנבליק האָט זי אַראָפּגעריסן פון דער האַנט דאָס זייגערל און א וואָרף געטאָן אים אין פּאָנעם אַרײַן. דערנאָך, אָן דער הילף פון די הענט, בלויז מיט די פיס אליין, טאַקע מיט די פיס א וואָרף געטאָן אים איין שיכעלע, דערנאָך א צווייט שיכעלע, דערנאָך, דערנאָך... בא איר הייבט שטענדיק אָן פלאַמען דאָס פּאָנעם, ווען זי דערמאָנט זיך, ווי זי האָט צעשפּיליעט דאָס כאַלאַטעלע, אַראָפּגעריסן דאָס פון זיך, א וואָרף געטאָן אים דאָס ווידער אין פּאָנעם אַרײַן און געבליבן שטיין אין איין העמדל, א ציטערנדיקע און א פלאַטערנדיקע, מיט אַלע קויכעס געשטיקט אין זיך דאָס געוויין, דעם גוואַלד. זי האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר אויף אַרויסלויפן אין דרויסן, טאַקע אזוי־אָ, א האַלבנאַקעטע, נאָר די מאַמע האָט זי א כאַפּ געטאָן, אַרומגענומען און צוגעדעקט איר נאַקעטקייט מיט איר לאַנגן פאַרטעך.

— קינד מײַנס! — בא צירלען אליין האָט שוין אויך אַלץ געוויינט. — באַרויִק זיך, קינד מײַנס, באַרויִק זיך.

ערשט דאַן האָט מאַלקע זיך צערעוועט.

— איך, איך ביידע! איר האָט מיך געוואָלט פאַרקויפן! וויפל האָט איר גענומען פאַר מיר? און וואָס בין איך פאַר דיר, טאַטע, א קאַלב צי אן עקסל?

אַרויסגעריסן זיך פון דער מאַמעס הענט און אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

— ווײ איז מיר! — איז צירל אוועק נאָך איר. געלאָפן און געשריגן: — מאלקעלע, וואָס טוסטו? אזא ביזאָיען! פארן גאנצן שטעטל!

און מאלקע, אוועקלויפנדיק אלץ ווײַטער און ווײַטער, האָט אָפגעענטפערט דער מאמען אפן פולן קאָל:

— פאר אײַך, פאר אײַך א ביזאָיען!

דער ווײַטער ראָסטאָווער קאָרעוו האָט צונויפגעקליבן פון דער ערד אלע מאטאָנעס, וואָס מאלקע האָט אים אָנגעוואָרפן, ארײַנגעלייגט אין טשעמאָדאן, אין וועלכן עס זײַנען געלעגן אלע איבעריקע ניט ארויסגעטיילטע מאטאָנעס, און טאקע דעם זעלבן אָוונט זיך אָפגעטראָגן פונעם שטעטל.

שפּעט אין אָוונט, ווען מאלקע, אן איבערגעמאטערטע, אינמיטן זומער אן איבערגעפרוירענע, האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט קעסיל א זאָג געטאָן צו זיך אליין אזוי, אז אויך מאלקע זאָל דערהערן:

— בארישע מויד... אזא פעטער טאַפּ! נעמען און ארויסוואַרפן אים מיט די אייגענע הענט. זיך פארליאפּעט!

„פארליאפּעט" הייסט — מיִעס זיך פארליבט.

שטעטלשע ליבעס און שטעטלשע שידוכים. מאלקע איז געווען פארליבט אין מײַלעכן. גאָר קעסיל דער קאצעוו האָט אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן זיך מעשאדעך זײַן מיט זעלדע דער טוקערן. עלעק איז געווען פארליבט אין מאלקען. נאָר זײַן טאטע, טאנכעם, דער גאבע פון דער שול, האָט אפילע ניט געוואָלט זיצן אף איין באנק מיט קעסיל דעם קאצעוו, וואָס האָט געהאט א שלעכטן שעם דערפאר, וואָס ער האָט אזוי ניט איידל ארײַנגענארט צירלען. נאָר וואָס עלטערן, ווער עלטערן? עס זײַנען שוין געווען אנדערע צײַטן. און מע האָט פריִער פון אלץ געדארפט פרעגן בא די יונגע אליין.

מאלקע איז געווען פארליבט אין מײַלעכן, און בייז אף אים דערפאר, וואָס ער באמערקט נישט ניט איר ליבע, ניט איר שיינקײַט. זי גייט דאָך אים נאָך פוסטריט! און וויינט דערנאָך גאנצע נעכט דערפאר, וואָס ער איז אזוי גלײַכגילטיק צו איר לאנגן צאָפּ, צו איר ראָזעוון פּאָנעם, צו אירע גרויסע, שײַנענדיקע אויגן. די גאנצע שיינקײַט אירע גייט ניט אָן דעם, מיט וועמען זי איז גרייט אוועק אין עק וועלט. און אויב ניט ער, ניט איר מײַלעך, צו וואָס זשע טויג איר איר שיינקײַט?

פון אלע צען יינגלעך, וואָס זײַנען געווען פארליבט אין מאלקען, האָט עלעק ארויסגעוויזן די סאמע פעסטע באשטענדיקײַט און אקשאָנעס. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון איר אפילע דאן, ווען קיינע שום אויסזיכטן אף מינדסטער קעגנזײַטיקײַט זײַנען ניט געווען.

און נאָך דעם... נאָך דעם, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אז מײַלעך, איר מײַלעך, האָט טאקע כאסענע געהאט פאר גיטלען, האָט זי זיך געדראפּעט דאָס פּאָנעם ביז בלוט, אָפּגעשוירן דעם צאָפּ און אוועקגעלאָפן צו עלעקן. זי האָט אים ניט פארגינט איר שיינקײַט, ניט פארגינט איר כיינעוודיקײַט, ניט פארגינט דאָס, וואָס זי האָט אזוי געצערטלט און געכאָוועט פאר מײַלעכן.

— דו קאָנסט מיך הײַנטיקע נאכט אוועקפירן קיין אָדעס? וועלן מיר דאָרטן שטעלן א כופּע, — האָט זי אים געמאָלדן.

— גוט, גוט, טאקע הײַנטיקע נאכט. איך וועל נאָר קריגן א ביסל געלט. איך ווייס, איך ווייס, ווו דער טאטע באהאלט דאָס.

מער ווי א יאָר האָט זי ניט אויסגעהאלטן. זי האָט ניט געקאָנט, זי האָט ניט געקאָנט אויסהאלטן זײַן גראָבקײַט, זײַן כוצפּע און אָפּטמאָל אויך זײַנע קלעפּ. און דאָס אלץ איבער דעם, וואָס אלעמאָל, ווען זי האָט געדארפט זאָגן עלעק, האָט זי ארויסגערעדט מײַלעך.

אמאָל איז געווען א מײַלעך,
דער מײַלעך האָט געהאט א מאלקע...

דאָס האָט זי שוין ארויסגעזונגען אין זיך איר באליבט לידל, געזונגען וויינענדיק, אויך אין זיך, באגיסנדיק מיט טרערן די קישן, אף וועלכער מײַלעך איז געשלאָפן. זי איז געזעסן און באקוקט זײַן אײַנגעפאלן פּאָנעם, זײַן פריִע גראָוקײַט, אלץ, וואָס איז שוין אזוי ווײַט פון יענעם אמאָליקן מײַלעכן. פונקט ווי זי אליין איז לאכלוטן ניט ענלעך אף יענער אמאָליקער מאלקע.

זי איז געזעסן, זיך אײַנגעקוקט אין זײַן פּאָנעם און זיך אײַנגעהערט אין זײַן שווערן אָטעם, מיט אומרו געטראכט וועגן זײַנע לונגען. שוין זשע זײַנען זיי דורכגעשאָסענע? זי וואָלט געטאָן אלץ אף אויסהיילן זײַנע לונגען. און ביכלאל... זי וואָלט אים געגומען אפילע, ווען ער איז אָן הענט און אָן פיס.

און אָט דעם וויטיקלעכן געמיש פון ליבע און ראַכמאָנעס, פון דעם געדאנק אליין, אז די ליבע, וואָס האָט אזוי געפלאקערט אין איר מיט צוואנציק יאָר צוריק, האָט נאָך ביז איצט פארהיט אזעלכע הייסע פונקען, איז זי באפאלן אן אומדערטרעגלעכע וואַרגעניש. באלד וועט זי זיך צעהוסטן מיט א

שטאַרקן הוסט, און דאָס קאָן נאָך אופוועקן מײַלעכן, איז זי אַפּגיך אַרויסגעלאָפן פֿון איר צימערל און צוגעמאַכט דאָס טירל הינטער זיך.

מײַלעך איז אָפּגעשלאָפן גוטע עטלעכע שעה. ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז שוין געווען פֿאַרנאַכטלעך. פֿאַר דער צײַט האָט מאַלקע באַוויזן צוראַמען דאָס צימערל, איבערטאָן זיך און פֿאַרקעמען זיך, און אַפֿילע עטלעכע מאָל אַ קוק געטאָן אין שפּיגל. זי האָט זייער געוואָלט, עס זאָל כאָטש אַף אַ ווײַלע אופקומען עפּעס פֿון יענער אַמאָליקער מאַלקע. זי איז געשטאַנען, פֿלײַסיק געריבן די אויסגעקנייטשטע באַקן, געפּרוּווט זיי אַ ביסל אויסגלעטן, אופלעבן אין זיי די אַמאָליקע פֿאַרב. פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אומעגלעך, אַז דאָס איז ביכלאַל אַ נאַרישקײַט, דאָס אַמאָליקע וועט קיינמאָל ניט אופלעבן, סײַדן מיט אַ פֿרישן ווייטיק, האָט זי ווידער, שוין אַ ביסעלע אײַנדערהייד, אויסגעזונגען דאָס לידל, וואָס איז, ווי איר האָט זיך געדוכט, געשאַפֿן געוואָרן וועגן איר און פֿאַר איר.

אַמאָל איז געווען אַ מײַלעך,
דער מײַלעך האָט געהאַט אַ מאַלקע...

אַפֿן טיש איז געשטאַנען אַ געפֿלאָכטן קוישעלע מיט אָנגעשניטן ברויט און אַ טעלער מיט אַ צעשניטענעם הערינג, אַרומגעלייגט מיט אָנגעבראָקטע ציבעלעס און גרינג באַגאָסן מיט בוימל און מיט עסיק. מײַלעך, נאָך אַלץ אַ פֿאַרשלאָפֿענער, האָט זיך אַרומגעקוקט, ניט קלאָר באַנעמענדיק, ווו ער איז און ווער איז די אויסגעפּוצטע פֿרוי, וואָס קוקט אַף אים אַזוי, ווי קיינער האָט קיינמאָל ניט געקוקט. אים האָט אַפֿילע אַ ביסל אָנגעשראָקן איר אומגעוויינלעכער בליק, דער אומגעוויינלעכער גלאַנץ פֿון אירע אָנגעטרערטע אויגן. מאַלקע, וואָס האָט פֿאַר די פֿאָר שעה אַפּסנײַ איבערגעלעבט דאָס גאַנצע שווערע לעבן אירס, פֿול מיט אומגלייבלעכע אומגעלומפּערטקײַטן, האָט זיך איצט געפֿילט מיט מײַלעכן פֿיל היימישער.

— וואָס זשע, דו דערקענסט מיך ניט? דאָס בין איך, די זעלבע מאַלקע.

— אַך, יאָ, מאַלקע, — האָט ער אַרויסגערעדט, פֿאַרטרײַבנדיק דעם שלאָף, — נאָר דו ביסט איצט... נו, אַן אַנדערע...

— אַ שענערע?

זי האָט געוואָלט, ער זאָל איבערכאַזערן אָט דאָס וואָרט, עס זאָל כאָטש אַף איין מינוט אַ בליץ טאָן יענע ווײַטע צײַט, וואָס איז געווען פֿאַר איר פֿול מיט טרוים, פֿול מיט האָפֿענונג. זאָל זײַן כאָטש אַף איין מינוט, איין גליקלעכע מינוט! ער זאָל אַ קוק טאָן אַף איר אַזוי, ווי זי האָט אַזויפֿיל אָוונטן, אַזויפֿיל נעכט געוואַרט! נאָר מײַלעך, נאָך דעם, ווי ער האָט אַ ביסל זיך געקווענקלט, האָט אַרויסגערעדט:

— ס'איז אוודע ניט צו פֿאַרגלײַכן.

— מיט וואָס, מיט וואָס ניט צו פֿאַרגלײַכן? — האָט זי קימאַט אויסגעשריגן.

— מיט דעם, ווי דו האָסט אויסגעזען אַפֿן מאַרק.

מאַלקע האָט געשטיקט אין זיך די פֿרעסנדיקע אַנטוישונג, געפּרוּווט זי אײַנגאַנצן פֿאַרטרײַבן און אַפֿילע זיך געטרייסט דערמיט, וואָס פֿונדעסטוועגן... כאָטש, וואָס פֿונדעסטוועגן, וואָס פֿונדעסטוועגן?

— ווילסטו זיך צוזעצן מיט מיר צום מיטיק?

— צום מיטיק? — האָט ער איבערגעפֿרעגט אַ צעשטרייטער. — מיר דוכט, אַז איך האָב שוין הײַנט געגעסן מיטיק.

— איז זאָלן דאָס זײַן פֿאַר דיר מײַנע פֿלאָדן.

— פֿלאָדן? — האָט ער איבערגעפֿרעגט און אַ קוק געטאָן אַפֿן טיש.

דער הערינג האָט געגלאַנצט מיט זײַן פֿעטן גלאַנץ, פֿאַרפּראַוועט אַזוי, ווי זײַן מאַמע פֿלעגט אים אַמאָל פֿאַרפּראַווען. און געשמעקט אויך אַזוי: מיט יענעם שאַרפֿן, רייצנדיקן רייעך, פֿון וועלכן עס הייבט אָן קיצלען אין האַלדז. נאָר... פֿלאָדן? דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אים גלײַך אויסגעניכטערט, דערמאָנט אים אין אַלץ, וואָס מיט אים איז געשען הײַנטיקן גאַנצפֿרי.

— געזאַלצענע פֿלאָדן, ביטערע פֿלאָדן, — האָט ער אַרויסגערעדט, דערמאָנט זיך זײַן שמועס, זײַן לעצטן שמועס מיטן דירעקטאָר.

מאַלקע האָט ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן, וואָס ער מיינט דערמיט, האָט זי דאָס אויסגעטײַטשט פֿאַר זיך מיט אירע אייגענע ביטערקײַטן, מיט אַלץ, וואָס פֿאַר איר אַליין זײַנען ביטער און איבערגעזאַלצן די סאַמע זיסטע זאַכן אין דער וועלט.

נאָך אַלעמען זײַנען זיי ביידע געווען הונגעריק, דער הערינג איז געווען אַ גאַנץ געשמאַקער, און קיין בעסערן מיטיק האָבן זיי ניט געדאַרפֿט. דערנאָך האָט זי דערלאַנגט די טיי, וואָס זי האָט אַפּסנײַ אָנגעוואָרעמט אַפֿן פּרימוס. מאַלקע איז אַלץ געווען דאָרטן, אין יענע ווײַטע צײַטן, מיט איר

פאַרדראָס, מיט איר פּיליאַריקער קריוודע. און זי האָט זיך דערליבט אַרויסרעדן פאַר מײַלעכן אַלץ, װעגן װאָס זי האָט איבערגעטראַכט און איבערגעלעבט פאַר די לעצטע פּאָר שאָ. מעגלעך, זי איז געװען זיכער, אַז איר פּיליאַריקע ניט־אױסגעלאָשענע און ניט־אָפּגעקילטע ליבע גיט איר רעכט אױף אַזאַ אָפֿנהאַרציקייט, אַפּילו אױף אַרויסשטעלן טײַנעס צו אים.

— אױ, װי איך האָב געװאַרט! יעדן טאָג, יעדן אָװנט, יעדע נאַכט! כ'האָב געטרױמט, זאָלסט מיך אױסכאַפּן אַזױ, װי מײַן טאַטע האָט אױסגעכאַפּט די מאַמע. און דו...

זי האָט געקוקט אױף אים און צוגעשמייכלט. ס'האָט געדאַרפֿט הייסן, אַז זי שפּאַסט, נאָר אינעם גלאַנץ פֿון אירע אָנגעװײנטע אױגן איז געװען צו זען, אַז יעדעס װאָרט אירס איז פֿול מיט פֿרישן װייטיק. האָט מײַלעך זיך געסטאַרעט אױך צושמייכלען. אָין זאָל זי אױך אַלץ אופֿנעמען װי אַ שפּאַס.

דער גאַנצפּרי באַם דירעקטאָר פֿון דער קאָנדיטער־פֿאַבריק, די מעלדונג װעגן באַפֿרײַען אים פֿון דער אַרבעט איז װי אײַנגאַנצן אַרויסגעשטױסן געװאָרן פֿון זײַן זיקאָרן. ער איז געזעסן און גע־קוקט אױף מאַלקען, גוטמוטיק צוגעשמייכלט צו איר אַמאָליקער שײנקייט, צו יענער װײַטער צײַט, װען אין אים איז געװען פֿאַרליבט דאָס שענסטע שטעטלשע מיידל, װאָס האָט נאָר געװאַרט, ער זאָל זי אױסכאַפּן. אים איז שװער געװען פֿאַרשטײן, װיאַזױ האָט אַזאַ שײן מיידל זיך געקאָנט פֿאַרליבן אין אַזאַ אױסגעדאַרטן באָכער מיט אײַנגעפֿאַלענע באַקן און מיט גראָװע פּאַסמעס אױף זײַן יונגן קאָפּ. נאָר אים איז געװען גוט און אָנגענעם דערװיסן זיך װעגן דעם. זײ האָבן ביידע געשמייכלט אײנער צום אַנדערן, ביידע אַריבערגעטראָגן זיך אין יענער, שױן לאַנג פֿאַרשװוּנדענער צײַט.

— אָבער זאָג דעם עמעס! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פֿולער הײמישקייט און צוטרױלעכ־קייט. — האָסט כאָטש אַמאָל אַ קוק געטאָן אױף מיר?

— געקוקט, און ניט אײן מאָל...

— פֿאַרװאָס זשע ביסטו קײן אײן מאָל ניט צוגעקומען צו מיר?

— איך האָב מוירע געהאַט.

— פֿאַרװאָס האָסטו מוירע געהאַט?

— פֿאַר דײַן שײנקייט.

— אױ, טיפּעש אײנער! — האָט זי אױסגעשריגן, גלײַך זײ זײַנען נאָך אַלץ געװען אין יענער װײַטער צײַט. — ס'האָט דאָך געקאָנט זײַן אַזױ גוט! אַזױ גליקלעך גוט!

— װער װײסט, װער װײסט... — האָט מײַלעך אַ זיפֿץ געטאָן.

— װאָס איז דאָ געװען צו װיסן? — האָט זי געפֿרעגט בײזלעך און באַרײַגעזלעך.

— איך מײן... װאָלסט עפּשער װי מײַן גיטל... אין יענע הלינישטשעס...

— אַפּילו אַזױ! — האָט זי אָפּגעענטפֿערט, און שױן ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן. — װאָס קומט אַרױס דערפֿון, װאָס איך לעב? קײן אײן גוטע שאָ! קײן אײן מינוט פֿון גליק!

װי דערפֿילט זיך שולדיק פֿאַר מאַלקען, גלײַך דאָס האָט ער טאַקע צוגערױבט באַ איר דאָס ביסל גליק, האָט ער זיך אױפֿגעהױבן פֿונעם טיש, דורכגעשפּאַנט איבערן צימערל אין, האָבנדיק באַ־מערקט, אַז די טיר העגנגט אַ ביסל קאָסעװאַטע, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— איך װעל מאָרגן קומען פֿאַריכטן די טיר.

— װעלכע טיר, װאָס פֿאַר אַ טיר?

מײַלעך האָט לאַנג געשװיגן, ער האָט געפּרוּװט אױסקלאָרן פֿאַר זיך דאָס, װאָס איז אָקאָרשט געשען און װאָס דערפֿון קאָן אַרױסקומען: פֿאַר אים, פֿאַר מאַלקען און פֿאַר זײַן סימען. עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז אַזאַ פֿאַרשפּעטיקטע דערקלערונג אין ליבע זאָל דורך גלאַט אַזױ. צו גאַרנישט ניט דערטראַכט זיך, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, איך װעל גײן.

— װוּהין װעסטו גײן? װוּהין האָסטו צו גײן?

— װאָס הייסט װוּהין? צו זיך אַהײם. מײַן סימע איז שױן געקומען פֿון דער אַרבעט און באַאומ־רויקט זיך געװיס.

— װעלכע סימע, װאָס פֿאַר אַ סימע? — האָט זי געפֿרעגט מיט אַ שטאַרקער האַרצקלאַפּעניש.

— װאָס הייסט װעלכע? מײַן פֿרױ.

— דײַן פֿרױ? האָסטו שױן באַװיזן כאַסענע האָבן נאָך דער מילכאָמע?

ס'איז געװען װי אַ טײַנע, װי אַ פֿאַרװוּרף. מײַלעך האָט געװאָלט איר דערקלערן, װיאַזױ דאָס איז געשען, נאָר פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס װאָלט געװען צו אַ לאַנגע דערקלערונג, האָט ער װידער גע־זאָגט ניט דאָס, װאָס ער האָט געדאַרפֿט זאָגן:

— קום, װעסטו זיך באַקענען מיט איר.

— אװאַדע, אװאַדע, — מאַלקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון איר אָרט און גענומען אַרופּצײַען אױף זיך דאָס מאַנטעלע. — איך װיל טאַקע באַקענען זיך מיט דײַן סימען.

ס'איז שוין טאַקע געווען שפּעטלעך. פּעדאָרע איז אַוועק צו זיך און זיך געלייגט שלאָפֿן. סימע האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימערל פֿול מיט אומרו. דערזען מיילעכן אין דער באַגלייטונג פֿון אַן אימבאַקאַנטער פֿרוי, איז זי דערציטערט געוואָרן.

— וווּ ביסטו געווען? איך האָב שוין געוואָלט לויפֿן ערגעץ אָנקלינגען.

— אַזאַ געשיכטע... — מיילעך האָט געהאַלטן, אַז דאָס וועט אים פֿאַרענטפֿערן. — איך האָב טאַקע געמוזט אַוועק פֿון דער אַרבעט.

— נו איז וואָס?

האָט מיילעך געענטפֿערט ווידער ניט צו דער זאַך:

— און דאָס איז מאַלקע. קעסיל דעם קאַצעוו געדענקסטו? דאָס איז זײַן טאָכטער.

ערשט דערנאָך, ווען זיי זײַנען אַלע באַם טיש געזעסן און געפּראַוועט אַן אומגעוויינלעכע וועטשערע, האָט אַלץ צוביסלעך זיך אויסגעקלאָרט. מאַלקע האָט דערציילט וועגן זיך, מיילעך וועגן זיך און סימע האָט אויך געהאַט וואָס צו דערציילן. און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז זיי אַלע זײַנען באַקאַנט פֿון פֿריִער קינדהייט. און אַז באַ אַלע זייערע פֿאַרשיידנקייטן זײַנען באַ אַלעמען געווען די זעלבע פֿאַרכאַפּונגען און אַנטוישונגען. און מערער פֿון אַלץ — די זעלבע מילכאָמע־אויסשטייענישן און די זעלבע פֿאַרלוסטן. איז געווען, ווען אַ שמייכל טאָן און אויך ווען לאָזן אַ טרער. מאַלקע האָט אַלץ געווישט די אויגן, כאָטש דאָס ביסל טרערן האָט זי אויסגעוויינט נאָך באַ זיך אין צימער. דערנאָך, שוין באַם געזעגענען זיך, האָט זי אַ זאָג געטאָן סימען שטאַרק שטיל, אַז מיילעך זאָל ניט הערן. אַ זאָג געטאָן אַזוינס, וואָס האָט סימען דערשיטערט:

— הער מיך אויס, סימעלע. אײַפֿערן דאַרפֿסטו ניט. דו זעסט דאָך, ניטאָ צו וועמען. נאָר זײַ וויסן, איך בין נאָך איצט גרייט אַוועקגעבן פֿאַר אונדזער מיילעכן דאָס לעבן.

נאָר מיילעך האָט דאָס אויך געהערט.

דערנאָך זײַנען זיי ביידע אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן, באַטראַכטנדיק דאָס, וואָס מאַלקע האָט אַרויסגערעדט אַזוי ווייטיקלעך און לײַדנשאַפֿטלעך. סימע האָט בלויז באַוויזן אויסקלאָרן, פֿאַרוואָס האָט ער געמוזט אַוועק פֿון דער אַרבעט, און דערבײַ אַ טראַכט געטאָן, אַז איר מיילעך איז געווען אין געבליבן דער זעלבער, וואָס געווען. אַ טראַכט געטאָן מיט שטאָלץ און מיט אומרו. מיילעכס טראַכטענישן זײַנען געווען פֿול מיט ראַכמאָנעס צו מאַלקען. ס'איז דערבײַ אויך געווען אַ ביסעלע... ניין, מע קאָן ניט זאָגן, שטאָלץ, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ ביסל כשיוועס צו זיך און צו זײַן איצטיקן צושטאַנד פֿון אַן אינוואַליד פֿון דער צווייטער גרופּע. פֿונדעסטוועגן, אַזאַ שיין מיידל... געווען און געבליבן ביז איצט אײַנגעליבט אין אים. ער האָט אַפֿילע אין זיך אַ שמייכל געטאָן, אָפּשפּעטנדיק פֿון זיך, פֿון זײַנע נאַרישע געדאַנקען. באַ סימען איז צום ראַכמאָנעס צוגעקומען אַזוינס, וואָס זי האָט דאָס גלײַך אָפּגעטריבן. אינדערעמעסן, וואָס פֿאַר אַן אײַפֿער קאָן דאָ זײַן? און דאָך... אַ צווייטע פֿרוי, אַ פֿרעמדע פֿרוי, פֿאַרליבט אין איר מאַן, פֿאַרליבט אָף מעקאַנע צו זײַן. זי אין אַלעקסאַנדערן איז ניט געווען אַזוי פֿאַרליבט. זי וואָלט ניט געקאָנט זאָגן דאָס זעלבע, וואָס מאַלקע האָט אַזוי לײַדנשאַפֿטלעך אַרויסגערעדט. וואָס זשע וועט ברענגען פֿאַר זיי די הײַנטיקע באַגעגעניש? גיטס צי ניט גוטס? נאַרישע ווײַבערשע געדאַנקען. און קעדיי אויסשליסן דאָס, וועגן וואָס אַפֿילע טראַכטן איז געווען אַ נאַרישקייט, האָט זי אינמיטן דער נאַכט אַ פֿרעג געטאָן:

— מיילעך, דו שלאָפֿסט?

— ניין. וואָסי דען?

— דו ווייסט? באַ אונדז וועט זײַן אַ מיידעלע.

— פֿונוואַנען ווייסטו דאָס? — האָט ער געפֿרעגט און האַסטיק זיך אויפֿגעהויבן.

— ווײַל אַזוי וויל איך! — האָט זי אָפּגעענטפֿערט אַרויסרופֿעריש.

## אַמאָל איז געווען אַ מיילעך

דעם מיידעלע האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן גינעלע. אַזוי האָט זיך באַ זיי באַקומען, ווען זיי האָבן געפּרוווט פֿון עטלעכע נעמען אויסקאָמבינירן איין נאָמען. איז דער אָנהייב געווען אַ נאָמען נאָך זײַן גיטעלען און דער סאָף — אַ נאָמען נאָך כאַנעלען. איז געקומען אָף דער וועלט גינעלע — אַ גרינג אין פּוכקע נעפּעשל — און אַרײַנגעבראַכט אין זייער דירעלע אַ נײַ ביסל ליכט, אַ נײַ ביסל פֿרייד, פֿיל נײַע דײַגעס און נאָך מערער שלאָפֿלאָזע נעכט. און גראָד דערפֿון האָבן מיילעכס קראַנקע לונגען אָנגעהויבן עטעמען וואָס אַ מאָל זיכערער. און אַפֿילע דער גאַנג זײַנער, ס'הייסט, דער לינקער פֿוס, וואָס האָט שטאַרק אונטערגעהונקען, האָט אַ ביסל זיך אויסגעגלײַכט.

מיילעך האָט שוין דאַן געאַרבעט אין א בוי־טרעסט, וואָס האָט אופגעשטעלט די האַלב־דרוי־ניוירטע און געבויט נייַע הייַזער. אַרבעט איז געווען א סאַך, מענטשן ווייניקלעך און אַזעלכע ערשטקלאַסיקע מייַסטערס און פלייַסיקע לייַט — נאָך ווייניקער. טירן און פענצטער, לוטקעס און דילן האָט מען געדאַרפט אַלץ מערער און מערער. איז געווען בא וואָס צו האָרעווען פון פריִען גאַנצפרי ביז שפּעט אין אָוונט. ער האָט געקאָנט אַרבעטן פאַר צווייַ, און פאַר א נויט — אַפילע פאַר צען. וויפל נאָר די קויכעס וועלן לאָזן, און א ביסעלע אויך — אַריבער די קויכעס. יעדן אָוונט איז ער געקומען אַהיים א שטאַרק פאַרמאַטערטער, קוים זיך געהאַלטן אַף די פיס. נאָר, גענומען אַף די הענט דאָס פּיצל, איז דאָס געוואָרן גאָר אַן אַנדער מיילעך. אַן אופגעלעבטער, א שמייכלענדיקער. ער האָט פרייליך געזשמורעט די אויגן און געסמאַצקעט מיט די ליפּן צום נעפּעשל, וואָס האָט דערווייַל נאָך גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. פעדאָרען האָט מער פון אַלץ געוווּנדערט און געפרייט דער אַפּעטיט, וואָס איז זיך צעוואַקסן בא מיילעכן, און יעדן טאָג געגרייט א גוטע און געשמאַקע וועטשערע. יעדן אָוונט איז א פאַרסאָפּעטע אַרייַנגעקומען מאַלקע. און דאָס איז פעדאָרען גראַד ניט געפעלן געוואָרן.

— איר האָט שוין געבאָדן גינעלען? און די וואַסער? ווי איז געווען די וואַסער? — האָט מאַלקע שטענדיק געפרעגט.

געמיינט האָט זי ניט די וואַסער בכלל, נאָר די וואַרעמקייַט. זי האָט פאַרזיכערט, אַז אירע פינגער פילן די טעמפּעראַטור בעסער, ווי וועלכער־ניט־איז גראַדצער.

סימע איז געווען פול מיט טרוים, פול מיט האָפענונג. ווער קאָן אויסמעסטן דאָס גליק פון א מאַמען, וואָס באַמערקט דאָס ערשטע שמייכעלע אַפן פּאָנעם פון איר קינד, וואָס הערט ווי דאָס קינד בעבטשעט עפּעס אַרויס אַזוינס, וואָס איז בכלל ניטאָ אין דער מענטשלעכער שפּראַך. האָט זי געהאָפט, אַז אַזוי וועט גיין פון וואָך צו וואָך, פון יאָר צו יאָר. פון איין ביסל נאָכעס צום צווייטן. נאָר מאַלקע...

מאַלקע איז ניט געווען שולדיק. נאָר פון מאַלקען האָט זיך עס אָנגעהויבן. אָנגעהויבן דעם צווייטן גאַנצפרי נאָך זייער ערשטער באַגעגעניש, ווען מיילעך האָט גלייַך נאָכן פריִען פרישטיק צו־נויפגענומען זייַן סטאָליאַרּיש געצייַג.

— וווּהין אַזוי פרי? האָסט שוין אַן אַנדער אַרבעט?

— דערווייַל ניט, — האָט ער דערקלערט. — נאָר איך האָב צוגעזאָגט מאַלקען פאַריכטן די טיר. זי האַלט זיך קוים אַף איין זאַוויסקעלע.

דאָס האָט זי אייגנטלעך ניט געוווּנדערט. זי האָט שוין געוווּסט וועגן זייַנע נייגונגען, וועגן זייַן דראַנג פאַריכטן יעדער טיר און פענצטער, אויפשטעלן ווו עפּעס א כורווע, דאָס, מיט וואָס ער איז געווען פאַרנומען א גאַנץ יאָר בא זיך אין שטעטל און וואָלט דאָס דאָרטן געטאָן ביז איצט. אָבער דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן קומען אַהיים א ביסל צו שפּעט, און שטענדיק אינאיינעם מיט מאַלקען, האָט סימען א ביסל געקימערט. זי האָט ניט איין מאָל זיך אויסגעמוסערט, ניט איין מאָל דערוויזן זיך, אַז ס'איז ניט ווירדיק, פּאַשעט אומדערלאָזבאַר כוישעד זייַן אין עפּעס מיילעכן, נאָר דאָך... און ווען זי האָט איינמאָל א פרעג געטאָן בא זיי:

— וואָס בלאָנדזשעט איר אַרום אַזוי שפּעט?
האָט מאַלקע ווי אין א שפּאַס געענטפערט:

— וואָס זאָל איך טאָן מיט אים? יעדן פאַרנאַכט, ווי נאָר איך קום פון דער אַרבעט, טוט ער זיך א יאַווע, און נאָך פון דער שוועל טוט ער א קאָמאַנדעווע: „קום זיך דורכשפּאַצירן". ווי זשע קאָן איך אים אָפּזאָגן?

ס'איז געווען קימאַט אַזוי, נאָר ניט אינגאַנצן אַזוי. אינדערעמעסן האָט זי יעדן פאַרנאַכט אַרויס־געקוקט אַף אים, יעדן פאַרנאַכט זיך צוגעפּוצט און צוגעקעמט, און, האַלעמייַ זאָל זי ליגן זאָגן, יעדן פאַרנאַכט האָט בא איר מיידלש געקלאַפּט דאָס האַרץ. און די פּאָר שאָ, וואָס זיי האָבן אַרומגע־שפּאַצירט, אַמאָל אַרויסגערעדט א פּאָר ווערטער, אַמאָל אינגאַנצן אָפּגעשוויגן, זייַנען געווען פאַר איר די סאַמע בעסטע, סאַמע גליקלעכסטע שאָען אין איר שווער, פאַרומערט לעבן. מע האָט בלויז גע־דאַרפט צולייגן דערצו א ביסל פאַנטאַזיע, א ביסעלע פאַרכאָלעמטקייַט, איר זאָל זיך אָנהייבן דוכטן, אַז דאָס שפּאַנען זיי אין פריִען אָוונט איבער די שטעטלשע גאַסן, און פון אַלע צעעפנטע טירן און פענצטער, פון אַלע פּידאַשקעס באַקוקט מען מיט קינע דאָס פאַרליבטע פּאָרל. אָפּטמאָל האָט זי געפילט, ווי עס זינגט זיך אויס עפּעס א ניגנדל, אַז אַלץ, אַלץ אין זייער לעבן איז ערשט פאָרויס, אינעם קומענדיקן מאָרגן. און אַפילע ווען זי האָט אָנגעהויבן זיך אויסניכטערן און באַנעמען דעם ביטערן עמעס, איז איר סייַווי געווען גוט. ס'איז איר געווען גוט דערפון, וואָס דאָס לעבן האָט איר געשענקט עטלעכע דריבנע אָפּשניצלעך פון איר ניט־אויסגעשפּילטער ליבע.

נאָר דער סאָד און דער טאָך פון זייערע שפּאַצירן איז באַשטאַנען אין גאָר עפּעס אַנדערש.

1—1247

יענעם טאָג, ווען מיילעך איז געקומען צו איר פאַריכטן די טיר, האָט ער זיך פאַריגטערעסירט מיט ריין שטייגערישע פראַגן. ווו קריגט זי די טוילקעס מיטן הערינג, וויפל צאָלט זי פאַר זיי, פאַר וויפל פאַרקויפט זי און וואָס האָט זי דערפון? האָט זי זיך אָנגעברויגעזט אויף אים.

— וואָס מיינסטו, מיילעך, איך בין אַ ספעקוליאַנטקע, צי אַ מאַרק־סעדעכע? איך בין אַ פאַר־קויפערן פון אַ גרויסן, צענטראַלן פיש־מאַגאַזין. און איך האָב אַ פּלאַן. פיל איך אויס דעם פּלאַן, באַקום איך אַ פולן געהאַלט, פיל איך איבער, באַקום איך דערצו נאָך אַ פּרעמיע.

— און אויב דו פילסט ניט אויס דעם פּלאַן? — האָט ער געפרעגט.

— דאַן, מיילעך, איז ביטער.

— און דאָ זייַנען פאַראַן נאָך אַזעלכע, ווי דו?

— וועלכע מיינסטו?

— איך מיין כאַשטשעוואַטער.

— אַ־האַ! — האָט זי אויסגערופן. — געווים מערער, ווי ס׳איז אין שטעטל געבליבן.

— און דו קענסט זיי?

— פאַרוואָס זאָל איך זיי ניט קענען? מיר קענען זיך גוט איינער מיטן אַנדערן.

— און דו ווייסט, ווו זיי וווינען?

— זע, פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן?

— וועסט מיר עפשער ווייַזן, ווו יעדערער וווינט?

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. וועל איך כאָטש אַ ביסל אַרומשפּאַצירן מיט דיר.

פונעם קאַגאַן צעטל כאַשטשעוואַטער, וואָס מאַלקע האָט אים אויסגערעכנט, האָט דער ערשטער שפּאַציר געזאָלט זייַן צו בראַכען. געדופן האָט מען זי בראָכע פונעם פאַראַם. זי אַליין, בראָכען, האָט ער קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, געוווינט האָבן זיי אינעם דאָרף קאַזאַפּטשין, פון יענער זייַט בוג, און דעם פאַראַם האָט געהאַלטן ניט זי, נאָר איר טאַטע. דערנאָך, ווען זי האָט כאַסענע געהאַט, האָט זי געוווינט שוין ניט באַם פאַראַם, נאָר אין שטעטל, נאָר דער פאַראַם אַליין... ער האָט אים געצויגן צו זיך, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ שנעק. אין איינעם אַ שאַבעס, ווען ער איז ניט געגאַנגען אין כיידער, איז ער אַוועק צום בוג, און עטלעכע מאָל דורכגעשווומען מיטן פאַראַם אַהין און צוריק, אַפילו געהאָלפן די דאָרפסלייַט ציִען דעם גראָבן שטריק, כאָטש זייַן ציִעניש האָט ווייניק וואָס געקאָנט מיטהעלפן. אינדערהיים האָט מען ניט געוווּסט, וווהין האָט ער פלוצלינג ניט געסטייַעט און אויסגעזוכט אים איבערן גאַנצן שטעטל. דערנאָך איז דער טאַטע אַוועק צום בוג און געטראָפן דאָס זונדעלע אויפן פאַראַם. נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק, ער האָט געמיינט, דער טאַטע, ווער ווייסט, וואָס מיט אים האָט געטראָפן, איז ער געווען זייער בייז, און גלייַך אים גאַנץ פיין אָנגעשמיסן. צום ערשטן מאָל אין לעבן. דערנאָך האָט דער טאַטע זיך אָנגערופן:

— נו, פאַראַמשטשיק מייַנער, קום אַהיים, וועט דיר די מאַמע אָפּגעבן אירס.

נאָר די מאַמע האָט שוין גאָרנישט ניט צוגעגעבן. זי האָט בלויז זיך צעוויינט, דערזעענדיק אים אַ לעבעדיקן. זי האָט בלויז, ווי אים האָט זיך דאַן געדוכט, גאַנץ ערנסט געוואָרנט:

— אויב ער איז שוין געוואָרן אַ פאַראַמשטשיק, וועט זי אים כאַסענע מאַכן פאַר בראָכען פונעם פאַראַם.

די עטלעכע שמיץ און דער צונאָמען „פאַראַמשטשיק", מיט וועלכן די כעוורע האָבן אָפט זיך געריצט מיט אים, האָבן אינגיכן זיך פאַרגעסן. נאָר בראָכע פונעם פאַראַם, וואָס האָט געקאָנט ווערן זייַן קאַלע, האָט אים פאַרפאָלגט ניט איין יאָר. איצט איז בראָכע פונעם פאַראַם אַרויסגעשוווּמען פאַר אים, ווי אַ קליין שפּיגעלע, אין וועלכן מע האָט געקאָנט דערזען זיך אַליין אין דער אייגענער, זייער ווייַטער קינדהייַט. האָט ער זיך געקליבן אין דער ערשטער ריי גיין צו איר. נאָר מאַלקע האָט אים אונטערגעשטעלט גאָר אַן אַנדער שפּיגל.

— און שמערלען ווילסטו ניט זען?

— וועלכן שמערלען? האָסט מיר גאָרנישט ניט דערציילט וועגן אים.

— דערפאַר האָב איך אים דערציילט וועגן דיר.

שמערל, שמערל... ער איז געגאַנגען און געטראַכט, אופשטעלנדיק אין זיקאָרן אַלע שטעטלשע שמערלס, מיט וועמען ער האָט אַמאָל געהאַט צו טאָן. שמערל דער בעדער און שמערל דער טאַנ־דייטניק, שמערל דער זיפנמאַכער און שמערל דער קוימענקערער. מע האָט אים אויך געדופן שמערל דער טויבער. זיי האָבן זיך אַ ווייַז געטאָן פאַר אים, זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי, יעדערער מיט זייַן כיין און מיט זייַן אומכיין, מיט עפּעס גוטן און ניט־גוטן, ער האָט געפּרוּווט אָפּקלייַבן פון זיי דעם, צו וועמען מאַלקע האָט אים געפירט. פרעגן בא מאַלקען האָט ער ניט געוואָלט. ער איז שוין געווען אַזוי פאַרכאַפּט מיט די אַלע שמערלס, אַז ער האָט פאַרגעסן, וווהין ער גייט און וווהין מע פירט אים. אַזוי זייַנען זיי אַרויפגעקומען אויפן פאַרנאַכטיקן פּריוואָז און צוגעגאַנגען צו איינעם אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען סאָלדאַטיש פון קאָפּ ביז די פיס, פינקטלעכער, ביזן רעכטן פוס, ווייַל דער רעכטער פוס

איז ניט געווען. ער איז געשטאַנען אונטערגעשפּאַרט מיט א פּאָר קוליעס אונטער די פּאַכוועס און געהאַלטן אונטער דער האַנט עטלעכע פּעקלעך פּאַפּיראָסן.

— אָט דאָס איז שמערל, — האָט מאַלקע זיך אָנגערופן.

ס׳איז געווען גראָד דער שמערל, מיט וועמען ער האָט אַמווייניקסטן געגאַרט זיך באַגעגענען.

א געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן ווער ווייסט ווען. מע קאָן אפילו ניט זאָגן, ווער ס׳איז געווען שולדיק. גיכער פאַר אַלץ איז בא יעדן געווען זײַן כיילעק שולד. נאָר אַלעמאָל, ווען מיילעך דערמאָנט זיך אין דער געשיכטע, באַשלאָגט אים א שווייס, און ער פילט, ווי דאָס פּאָנעם פלאַמט בא אים פון בושע. ווײַל נאָך אַלעמען, דערלאַנגען א צווייטן פּאַטש אין פּאָנעם, איז ניט געווען זײַן טעווע. נאָר יענץ פּאָנעם שמערלס, א פּרעכס און א כוצפּעדיקס, פול מיט גאַליקן און מיט דערני־דעריקנדיקן... ס׳האָט די ווערט געהאַט דעם פּאַטש.

ס׳איז געגאַנגען א רייד וועגן א מיידל, וועמען מיילעך האָט אפילו ניט געקענט. ער האָט בלויז זי געזען א פּאָר מאָל פונדערווײַטנס. נאָר דאָס, וויאַזוי שמערל האָט גערעדט וועגן איר, האָט אים טיף אופגעבראַכט.

— רעדן אַזוי וועגן מיידלעך קאָן נאָר א מענוול. — האָט ער זיך אָנגערופן.

— וואָסי? ווילסט זי עפּשער נעמען פאַר א קאַלע? קאָן איך דיר זי אָפּטרעטן אין קערן.

דאַן איז עס געקומען יענער פּאַטש. ס׳איז געווען, אַפּאָנעם, א פעסטער פּאַטש, לויט דער מאָס פון זײַן אופגעבראַכטקײַט. שמערל האָט אויסגעשפּיגן א שטיקל פאַרזאָטן בלוט און א כאַפּ געטאָן זיך מיט דער האַנט פאַר דער אופגעלאָפענער באַק.

— נו, מיילעך, — האָט ער אַרויסגערעדט, — דו וועסט נאָך אַמאָל כאַראָטע האָבן.

פיל יאָרן זײַנען אַוועק. און וועלכע יאָרן! פאַר דער צײַט האָבן זיי שוין אָנגעווירן זייער יינגלשע היציקײַט און לײַכטזיניקײַט, נאָר שמערל האָט אַפּאָנעם פאַרהיט אין זיך די רוגזע און געזוכט, מיט וואָס אים א שטאָך טאָן.

— אָ, מעלעך עוויען, — האָט שמערל אויסגערופן, דערלאַנגענדיק אים די פרײַע האַנט.

מיילעך האָט ניט דערפילט דעם שטאָך, פאַרקערט, דער „מעלעך עוויען" האָט א קלונג געטאָן פאַר אים, ווי א ליבער ווידערקאָל פון יענע ווײַטע צײַטן, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל פון שטוב צו שטוב, ווען ער איז געווען דער פאָרזיצער, וועמען אייניקע האָבן געאַכטעט און אַנדערע האָבן אָפּגעשפּעט פון אים. און איצט האָט ער געענטפערט מיט ווירדע:

— מײַן פאַמיליע איז אײַזמאַן.

— איך ווייס, איך ווייס... — און אין שמערלס שמייכעלע האָט א בליץ געטאָן דאָס אַמאָליקע, דאָס כוצפּעדיקע.

נאָר מיילעך האָט ניט געקליבן זיך פאַרפירן א נײַע קריג.

— און דאָס איז דײַן איצטיקע טועכץ? — האָט ער געפרעגט, אָנווײַזנדיק אויף די פּאַפּיראָסן.

— וואָס דען זאָל איך טאָן?

— ביסט דאָך א שנײַדער!

— וואָס טוצקעסטו מיר מײַן שנײַדערײַ? וואָס וועל איך האָבן פון דעם? און ביכלאַל, וואָס איז א שנײַדער אָן א פוס? ווייסטו וואָס? — איז שוין שמערל אַפּאָנעמסן בייז געוואָרן. — איך האָב מיר מײַנע דײַגעס און דו האָסט דיר דײַנע. גוט איז דיר, אַז דו האָסט אויף וואָס אונטערצוהינקען.

— און פאַרוואָס זאָלסטו ניט מאַכן פאַר זיך א פּראָטעז?

— גיי פרווו עפּעס דערשלאָגן זיך אין אונדזער סאָבעס.

— איך וועל פּרווון. אַוואַדע וועל איך פּרווון. נאָר סײַווי, קאָנסט דאָך קריגן א לײַטישע אַרבעט. ס׳איז פּאַשעט א ביזאָיען!

— וואָס איז א ביזאָיען? פאַרוואָס א ביזאָיען? איך באַגאַנווע עמעצן? צי איך בין ווי יענער בעטלער? אָט קום, וועל איך דיר ווײַזן א ביזאָיען! אונדזער פּעטראָ געדענקסטו?

— וועלכער פּעטראָ? — האָט מיילעך געפרעגט. פּעטראָס זײַנען געווען בא אים אין זיקאָרן ניט ווייניקער פון שמערלס. — אָט דער, פון דער אַנטאָנאָווקע?

— נו יאָ, וועלכער דען?

און ווידער, ווי עפּעס וואָלט א בליץ געטאָן אין מויעך. יענע פּראָסטיקע, ווינטערדיקע נעכט, דאָס ניט־געהייצטע לייענשטיבל, און צענדליקער פּיס, וואָס טופּען איבערן דיל אויף אָנוואַרעמען זיך. און איבער אַלעמען פּעטראָס פריילעכע ברומענדיקע שטים.

אַלע גאַליעס און טאַטיאַנעס, פּראָסיעס און מעלאַניעס האָבן זיך געטוליעט צו אים, ווי צו אַן אָנגעהייצטער הרובע, און ער האָט געדרייט אויף רעכטס און אויף לינקס מיט זײַנע געדיכטע קוטשערן, וואָס זײַנען אַראָפּגעהאַנגען איבערן שטערן. אַלעמאָל אונטערגעכאַפּט אַן אַנדער מיידל, זיך א דריי געטאָן מיט איר און געשענקט איר א גרויסאַרטיקן, הילכיקן קוש. די גאַליעס האָבן געקוויטשעט, די מעלאַניעס האָבן זיך געטרויטלט און א צענדליק אַנדערע מיידלעך האָבן געטרוימט וועגן אַזא אָפּ־

בריַענדיקער מאַטאַנע. דערנאָך האָט אים אַליין אָפּגעבריט איינע א גאַליע און זיי האָבן ביידע פּלוצליגג ניט געסטיַעט. מע האָט געזאָגט, אז זייער ליבע האָט זיי פאַריאָגט אפן דניעפּערבוי.

פּעטראָ איז געזעסן האַרט לעבן טראַטואַר, דער קאָפּ צעשויבערט, די אויגן בלישטשענדיק־שיקערלעך, דאָס היטל צווישן די פיס, די קוליעס פון ביידע זיַיטן, ווי א נידעריק פּלויטל. און ער אַליין, מיט א בראַנפנדיק־הייזעריקער שטים, האָט עפּעס אויסגעזונגען.

— פּעטראָ? — איז מיילעך געווען איבעראַשט.

— סטאַרשינא פּיאָטער גאַוורילאָוויטש באַוויזיוק! — האָט יענער אָפּראַפּאָרטירט.

— אופשטיין, סטאַרשינאַ! — האָט מיילעך אין א שפּאַס א קאָמאַנדעווע געטאָן. — העכערע נאַטשאַלסטווע דאַרף מען באַגריסן שטייענדיק.

פּעטראָ האָט א ביסל זיך געקווענקלט. ער האָט זייער ניט געוואָלט אופהייבן זיך, מעגלעך, ס'איז אים געווען ניט גרינג. פאַרן טאָג האָט ער באַוויזן אריַינכאַפּן ניט איין קויסע.

— אופשטיין! — האָט מיילעך שטרענג איבערגעכאַזערט.

פּעטראָ האָט אויסגעשאָטן פונעם היטל עטלעכע מאַטבייעס, אויסגעשאָטן פּאַשעט אף דער ערד, אַרופגערוקט דאָס היטל אפן קאָפּ איבער די אויערן, א נעם געטאָן זיך פאַר די קוליעס און א הייב געטאָן זיך פון דער ערד, דערביַי האָט ער א טאַנץ געטאָן אף זיַין אייַנציקן פוס.

— ווער ביסטו עס, וואָס דו קאָמאַנדעוועסט אזוי! — האָט ער אומצופרידן א בורטשע געטאָן. — עפּעס געדענק איך ניט אזא גענעראַל.

— קאַפּיטאַן איַיזמאַן! — האָט מיילעך זיך פאַרגעשטעלט.

— מיילעך! — פּעטראָ האָט א וואַרף געטאָן די קוליעס אף ביידע זיַיטן און צוגעפאַלן, מאַמעש זיך אָנגעוואַלגערט אף אים מיט זיַין שווערן קערפּער. — מיילעך! פונוואַנען האָסטו זיך גענומען?

מיילעך האָט א גלעט געטאָן פּעטראָס שיטערע קוטשערן, באַרויִקנדיק און איַינשטילנדיק.

— נעם די קוליעס אין די הענט און טו מיר א קוק אין די אויגן.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? — האָט פּעטראָ געכליפּעט, שוין שטייענדיק אף די קוליעס. -- דו ביסט ניט מיַין נאַטשאַלניק, און איך בין ניט דיַין אָרדינאַרעץ.

— וואָס זשע, דו ביסט געווינט בלויז ארומטאַנצן ארום גרויסע נאַטשאַלניקעס? — האָט מיילעך שוין געשפּעט. — נו, דערצייל, ברודערקע, וואָס האָט מיט דיר אזוינס געטראָפן?

— איז לאָמיר זיך צוזעצן, — האָט פּעטראָ געבעטן. — זעסט דאָך...

דריַי מענער אין אָפּגעבליאַקעוועטע גימנאַסטיאָרקעס האָבן זיך צוגעזעצט אפן טראַטואַר אין סאַמע צענטער פונעם אָדעסער פּריוואָז, און לעבן זיי איז געשטאַנען מאַלקע, וואָס האָט איַינגאַנצן פאַרגעסן אין איר שטעלעכל, אין אירע טיולקעס און אין איר פּלאַן. פּעטראָ איז געווען טאַקע שיקערלעך, נאָר די טרערן זיַינען געווען ניכטערע, און זיַין דערציילונג איז געווען פול מיט ביטערקייַט.

ביים דעם פרילינגדיקן אָנגריף אין פיר־און־פערציקסטן האָט זייער פּאָלק פאָרסירט דעם בוג אונטער סאַווראַן, פּופּצן קילאָמעטער פון דער היים, פונוואַנען ער איז אוועק אף דער מילכאָמע און וווּ ער האָט איבערגעלאָזט זיַין גאַלינען... האָט ער גענומען א דערלויבעניש בא זיַין קאָמאַנדיר און אין איינעם א נעפּלדיקן פאַרנאַכט זיך אופגעזעצט אף א פערדל און אוועקגעיאָגט לענגויס דעם בוג צו זיך קיין אַנטאָנאָווקע. נאָך פונדערוויַיטנס האָט ער דערזען זיַין אויסגעטרוימטע היים און אים האָט זיך געדוכט, אז ער זעט, ווי לעבן זייער שטוב שטייט זיַין גאַלינע און קוקט ארויס אף אים. ווען ער איז אריַינגעפאָרן אין דאָרף, האָט ער דערהערט א באַקאַנטע שטים:

— וווּהין יאָגסטו עס, סאָלדאַט?

— וואָס הייסט וווּהין? צו מיַין גאַלינען.

— צו איר האָסטו שוין ניט וואָס צו יאָגן.

— וואָס איז מיט איר געשען? — האָט ער געפרעגט און א דערשראָקענער אראָפּגעשפּרונגען פונעם פערד.

— מיט דיַין גאַלינען איז גאָרנישט ניט געשען, נאָר זי איז שוין ניט דיַינע.

— וועמעס דען?

— דאָס וועסטו שוין פרעגן בא איר אַליין. ווי רופט מען עס יענעם דיַיטשישן אָפיצער?

— ליַיגסטו! — האָט פּעטראָ אויסגעשריגן און א כאַפּ געטאָן דעם שאַכן פאַרן גאָרגל.

— עך, פּעטראָ! — האָט דער שאָכן ארויסגעזיפצט און גרינג אָפּגעפּירט זיַין האַנט. — האַלעוויַי וואָלט דאָס געווען א ליגן. נאָר אויב שוין נעמען עמעצן פאַרן גאָרגל...

ארופגעכאַפּט זיך אפן פערדל, האָט פּעטראָ אוועקגעיאָגט צו זיך אין פּאָלק. ער האָט שטאַרק מוירע געהאַט, אז דאָס פערדל אַליין זאָל ניט פאַרקערעווען צוריק. ער האָט שטאַרק מוירע געהאַט טאַקע דערפאַר, וויַיל אויב ער וועט נעמען גאַלינען פאַרן גאָרגל... א גאַנצן זומער האָט ער געזוכט דעם טויט פאַר זיך, און דער טויט, ווי אַפּצולאָכעס, האָט אים ניט געוואָלט נעמען... ערשט שפּעט אין האַרבסט, ווען זיי האָבן פאַרסירט דעם דוניַי, האָט עס אים געטראָפן. ער האָט געמיינט, אז ער

איז שוין א פּאַרטיקער, נאָר אין האָספּיטאַל האָט מען אים בלויז אַראָפּגענומען א פוס. אַריבער א יאָר האָט ער זיך אָפּגעוואַלגערט אין פאַרשיידענע האָספּיטאַלן, און ערשט נאָך אַלעמען... וועגן וואָס טראַכט ניט איבער א סאָלדאַט, ווען ער ליגט א צוגעשמידעטער צום בעט? די גאַנצע צייַט איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן זייַן גאַליציע. און די בענקעניש! ערגער ווי די ווייטיקן אינעם פוס. האָט ער איר אָנגעשריבן א בריוו: אַזוי און אַזוי. מע האָט אים אַראָפּגענומען א פוס, נאָר אינגיכן וועט ער קאָנען גיין אויף קוליעס, און ווען זי קומט נאָך אים, וואָלטן זיי געקאָנט אינייינעם פאָרן אהיים. האָט זי אים געענטפערט מיט א קורץ בריוול. עטלעכע געציילטע ווערטער, וואָס ווארגן אים די גאַנצע צייַט אין האַלדז. „ווי האָסטו געקאָנט זייַן עטלעכע שפּאַן פון אונדזער שטוב און ניט אַרייַנקומען? ווי האָסטו געקאָנט גלייבן דעם בילבל פון א מענוול? דאָס גאַנצע דאָרף קאָן אײדעס זאָגן!"

— נו, זאָג מיר, מײלעך, ווי קאָן מען נאָך דעם אַלעמען לעבן אויף דער וועלט.

— דערפאַר מוזסטו יעדן טאָג זיך אָנטרינקען? — האָט מײלעך אים געמוסערט.

— ער, מײלעך, — האָט פּעטראָ אַרויסגעזיפצט. — ווי קאָנסטו מיך פאַרשטיין?

— און פאַרוואָס האָסטו זיך ניט אייַנגעאָרדנט אויף אַן אַרבעט?

— ווער דאַרף אַזאַ? און וואָס וועל איך האָבן פון יענער אַרבעט?

מײלעכס בייזער בליק איז געווען געווענדט צו ביידן. און שמערל האָט פאַרשטאַנען, וואָס מײלעך האָט געמיינט דערמיט.

— מאַרעסיעוו... — דאָס האָט מײלעך אַרויסגערעדט גאַנץ געלאַסן און מערער צו זיך אַליין, און דער פאַרדראָס זייַנער איז אויך געווען אויף זיך אַליין. — מאַרעסיעוו האָט פאַרלוירן ביידע פיס, נאָר ער האָט זיך אויסגעלערנט ניט נאָר גיין, נאָר אויך פליִען, ווידער פליִען!

— וואָס גייט מיר אָן מאַרעסיעוו? — האָט פּעטראָ א מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — יענער איז אַן עמעסדיקער אָדלער.

— און דו וואָס ביסט? א צעקראַכענע קוואַטשקע? א לעמעשקע? א שוואַך בעפּעשל? — און ווידער שוין בייזלעך: — פּראָטעזן! איר מוזט ביידע קריגן פּראָטעזן! און פעסט זיך שטעלן אויף די פיס!

— אויף קריגן פּראָטעזן דאַרף מען אויך האָבן געזונטע פיס.

— און אויך עפּעס־וואָס אויף געבן אין דער האַנט אַרייַן, — האָט שמערל צוגעשמאָלצן.

— ניט עמעס! — האָט מײלעך אויסגעשריגן. — אָט וועט איר זען!

— אַדעראַבע, — האָט פּעטראָ אַפילו א שמייכל געטאָן, — לאָמיר טאַקע זען, וואָס פאַר א קנאַקער דו ביסט.

— דאָס וועלן מיר דערווייַזן, — האָט מײלעך פאַרזיכערט. — נאָר אייַך זאָל איך מער ניט זען אויפן מאַרק! א ביזע־ביזאַיען! סאָלדאַטן פון דער זיגרייַכער אַרמיי!

...איז אַוועק א גייעניש. פאַר בראַכע פונעם פּראַם האָט מען געדאַרפט קריגן רעפּועס, פאַר שימען דעם היטלמאַכער, וואָס האָט שוין לאַנג קיין היטלען ניט געמאַכט, זיך אויסטאַרען א פּענסיע, דעם איינזאַמען און קראַנקן שאַלעמען, וואָס איז אַמאָל געווען א זייגערמאַכער, אוועקלייגן אין שפּיטאָל. און פאַר זייַנע פּראָנט־כאַווירים זיך אויסטאַרען פּראָטעזן. איז ער יעדע פרייַע שאָ אַרומגעגאַנגען איבער פאַרשיידענע אַנשטאַלטן, איבער די פּאָליקליניקעס און אַפּטייקן. וווּהין צופוס און וווּהין זיך געשלעפּט מיטן גרילצנדיקן טראַמווייַ. אַזוי האָט ער ביסלעכווייַז זיך באַקאַנט מיט אַדעס, און אַדעס האָט זיך באַקאַנט מיט אים, מיט אָט דעם אונטערהינקעדיקן, אויסגעדאַרטן און אונטערהוסטנדיקן יונגנמאַן, וואָס האָט זיך אַלעמאָל באַוויזן אויף אַן אַנדער גאַס, אין אַן אַנדער אַנשטאַלט. און אומעטום מיט בייזע פאַרוואָסן.

— פאַרוואָס מוז מען אַזויפיל מאָל אַרומגיין אויף קריגן פאַר א קראַנקן א געוויינלעכע רעפּועס?

— פאַרוואָס איז אַזוי שווער א קראַנקן זאָקן זיך אויסטאַרען א פּענסיע?

— פאַרוואָס זאָלן מילכאָמע־אינוואַלידן ניט קאָנען אָן איבעריקע פּלאָגענישן זיך דערשלאָגן פּראָטעזן?

— פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָגן זיי, אַז מע מוז עמעצן געבן אין דער האַנט אַרייַן?

אין וואָיענקאָמאַט האָט מען אַלע זייַנע פראַגן אויפגענומען מיט דער גייטיקער ערנסטקייַט און אויפמערקזאַמקייַט, צוגעזאָגט אויספאָרשן און אָנעמען געהעריקע מיטלען. אין סאָבעס איז מען אָנגעפאַלן אויף אים:

— ווער זייַט איר, און ווער האָט אייַך דערלויבט טרייַבן רעכילעס אויף סאָוועטישע טוער? וואָס זייַט איר עס פאַר א שטאַדלער, און ווער זייַנען עס אייַערע כאַווירים? מע דאַרף נאָך א קוק טאָן, וואָס זייַנען דאָס פאַר אינוואַלידן און ווו האָבן זיי פאַרלוירן זייערע פיס?

— איר ווילט א קוק טאָן? מאָרגן וועל איך זיי ברענגען מיט זיך.

ער האָט זיי ביידע נאָך געטראָפן אויפן פּריוואָז. און ער האָט זיי ערשט געדאַרפט אייַנרעדן, זיי זאָלן גיין מיט אים אין סאָבעס. און ערשט גייענדיק אַהין, האָט ער זיך דערוווּסט פון פּעטראָ אַזוינס,

וואָס האָט אים נאָך מערער אויפגעבראַכט. ערעוו זײַן לעצטער שלאַכט האָט ער אָנגעגעבן אַ מעלדונג אין פּאַרטיי. מע האָט אים אויפגענומען, נאָר דעם בילעט האָט ער ניט באַוויזן באַקומען. ווייסט ער ניט...

— האָסט געפּרוווט אָנפרעגן?

— וווהין אָנפרעגן?

— וואָס הייסט וווהין? אין דײַן טייל. אין פּאָליט־אָפּטייל פֿון דער אַרמיי, פֿונעם פראָנט, אַפֿילע אין דער פּאָליטישער פאַרוואַלטונג פֿון דער אַרמיי.

— עט, — האָט פּעטראָ אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — אָנהייבן אָנפרעגן... און צוליב וואָס דאַרף איך דאָס איצט?

— טפֿו, — האָט מיילעך אויסגעשפּיגן און בייז אַ קוק געטאָן אויף זיי ביידע. — איך וועל שוין האָבן מיט אײַך צו זינגען און צו זאָגן...

נאָך וואָס האָט ער דאָס געדאַרפֿט, דאָס אַרומגיין איבער די הײַזער, פּונקט אַזוי, ווי ער איז אַרומגעגאַנגען, ווען ער איז געווען פֿאָרזיצער פֿון ישׁעוו־ראַט? וואָס האָט אים געצוווּנגען איבערנעמען אויף זיך די נויטן פֿון אַלע איינזאַמע און קראַנקע, פֿון אַלע קאַליקעס און נויטבאַדערפֿטיקע? וואָס האָט ער געדאַרפֿט צעקריגן זיך מיטן סאָבעס איבער די פּראָטעזן, ווען זײַן אייגענער הינקעדיקער פֿוס האָט אַזוי געבעטן זיך, מע זאָל אים אונטערהיילן? און דאָס סאַמע אומבאַגרײַפֿלעכסטע: צוליב וואָס האָט ער אײַנגעלייגט וועלטן, געשריבן אין פֿאַרשיידענע אינסטאַנצן אויף אָפּזוכן פּעטראָס פּאַרטיי־בילעט, אין דער צײַט, ווען ער האָט זייער נייטיק געדאַרפֿט עפּעס טאָן אויף לייזן זײַן אייגענע פּאַרטיייִשקײַט? נאָר וועגן זײַן פּאַרטיייִשקײַט האָט ער געהאַט מיט זיך אַליין אַן אייגענעם כעזשבן. ער האָט ביז איצט ניט געקאָנט זיך מויכל זײַן דערפֿאַר, וואָס ער האָט דאַן פֿאַרגראָבן דעם פּאַרטיי־בילעט אין שניי. בײַס דער מילכאָמע האָט דער פּאַרטאָרג ניט איינמאָל אים פֿאָרגעלייגט אָנשרײַבן אַ מעלדונג וועגן אויפשטעלן אין פּאַרטיי. נאָר ער האָט ניט געקאָנט. ווי וועט ער דערקלערן און באַרעכטיקן זײַן אומווירדיקן טאַט? איז אים געבליבן איין אויסוועג. אַלעמאָל ערעוו אַ שלאַכט האָט ער געמאָלדן: אויב איך וועל אומקומען, בעט איך מיך רעכענען פֿאַר אַ קאָמוניסט. איז בא אים אויסגעקומען, אַז ער קאָן נאָר שטאַרבן ווי אַ קאָמוניסט. נו, און אויב ער איז געבליבן לעבן? דאַרף ער לעבן ניט ווי אַ קאָמוניסט? ניין און ניין! ביז דער לעצטער מינוט וועט ער לעבן, ווי אַ קאָמוניסט! און זאָל מען טראַכטן וועגן אים, וואָס מע וויל. פּאַרטיייִשקײַט איז ניט קיין פֿאָרמעלער באַגריף, נאָר דריקט אויס דאָס סאַמע וועזנטלעכע פֿונעם מענטשן!

אַזוי האָט ער אויסגעטײַטשט פֿאַר זיך זײַן אומנאָרמאַלע, פֿאַרפּלאָנטערטע לאַגע, ווען ער האָט קיין איין טאָג ניט געקאָנט לעבן אָן וועלכער־ניט־איז פּאַרטיייִשער אָנלאָדונג און אַלעמאָל צוגעטראַכט פֿאַר זיך עפּעס אַנדערס: אָן אַנדער גייעניש און אָן אַנדער אומאָנגענעמלעכקײַט. נאָר דאָס איז ווידער געווען פֿאַר אים ניט קעדיי גלאַט אַזוי אָנלאָדן זיך. אַנדערש האָט ער פּאַשעט ניט געקאָנט. און עפּשער נאָך אַ זאַך. ער האָט געמוזט האָבן די אַלע גייענישן פֿאַר זיך אַליין. ער זאָל זיך פֿילן דאָ, אין דער נאָך פֿרעמדער פֿאַר אים שטאָט, ווי בא זיך אינדערהיים, אַרומגערינגלט מיט זײַנע שטעטלשע לײַט, מיט אַלע די, וואָס לעבן אין זײַן זיקאָרן, זײַנען זײַן בענקעניש און זײַן ווייטיק. ער האָט דאָס געמוזט האָבן, קעדיי דעקן זײַן כויוו און זײַן שולד פֿאַר די, וואָס זײַנען אומגעקומען, און פֿאַר די, וואָס זײַנען לעבעדיקע אַרויס פֿון דער סרייפֿע און נייטיקן זיך אין זײַן הילף. כאָטש — וואָס פֿאַר אַ שולד, מיט וואָס איז ער שולדיק, פֿאַר וועמען האָט ער זיך עס פֿאַרשולדיקט? דערמיט, וואָס ער איז געבליבן לעבן? ער האָט געמוזט אויסשפּאַנען איבער דער שטאָט, ווו אַ פֿאַרוואָרפֿן געסל און עפּעס אַ האַלב־אײַנגעוואַלגערט שטיבל, ווו עס וווינען זײַנע לאַנדסלײַט, ער זאָל זיך אָנהערן פֿון זיי און אָנעמען זיך מיט אַלע זייערע פּלאָגן און לײַדן, מיט אַלץ, וואָס יעדערער פֿון זיי איז אויסגעשטאַנען, עס זאָל אים דערפֿון ווערן אַ ביסל היימלעכער. יאָ, טאַקע אַ ביסל היימלעכער צווישן די אַלע צעקאַליעטשעטע גורלען און ווייטיקפֿולע לעבנס.

ווען אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז שוין אויסגעווען בא אַלע כאַשטשעוואַטער, האָט מאַלקע אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, ווי פֿירגעוואָרפֿן אים:

— און צו לייזער דעם פֿידלער ווילסטו ניט אַרײַנקומען?

מיילעך האָט אַ ציטער געטאָן.

— ער לעבט, ער איז דאָ, דער אַלטער פֿידלער? — האָט ער אויסגעשריגן.

אין דער מינוט, ווען סימע האָט מיר דערציילט וועגן דעם, האָב איך אויסגעשריגן דאָס זעלבע, וואָס מיילעך:

— ער לעבט, ער איז דאָ, דער אַלטער פֿידלער?

און דאָס, וואָס איך וועל איצט דערציילן, איז ניט סימעס, נאָר מײַן אייגענע דערציילונג. אַלנפֿאַלס דאָס, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן אים.

# אַ נאָוועלע וועגן אַלטן פֿידלער

אינדערעמעסן איז ער געווען גאָרניט אַזוי אַלט, נאָר איבער זײַן הויכן וווקס און אומגעווײַנלעכער מאָגערקײַט, מיט זײַן אַלטמאָדישן קאַרטוז אויפֿן קאָפּ, מיט זײַן שלעכטער ריִע, איבער וועלכער ער האָט זומער און ווינטער געטראָגן שוואַרצע ברילן, און מערער פֿון אַלץ איבער דעם, וואָס ער איז געווען שוין אַ באַווײַבטער, האָבן מיר אים גערופֿן — אַלטער, כאָטש אין דער שטעטלשער קלעזמער־קאַפּעליע, וואָס האָט געשפּילט אויף אַלע כאַסענעס און אויף אַלע פֿײַערלעכע פֿאַרזאַמלונגען, איז ער געווען דער ייִנגסטער. אָבער אין אונדזער דראַמקרײַז פֿון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געווען דער סאַמע עלטסטער און דער איינציקער מוזיקאַנט. די איבעריקע קלעזמער האָבן ניט געוואָלט שפּילן אומזיסט.

גערופֿן האָט מען אים לייזער.

געווען איז ער אַ פֿידלער — אַן אַרטיסט און אַ שטיקל רעזשיסער אויך. מעגלעך אויך אַ פּאָעט. כאָטש ער האָט וועגן די זאַכן קיין אָנונג ניט געהאַט, איז קיינמאָל אין קיין עמעסן טעאַטער ניט געווען. ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין רעפּעטיציע, און ס'האָט זיך געפֿילט, אַז אויף זיי לעבט ער מיט גאָר אַן אַנדער לעבן, אויסגעטאָן פֿון אַלץ דעם וואָכעדיקן, יאָמטעוודיק דערהויבן. פֿיל מערער, ווי אויף די כאַסענעס, אויף וועלכע ער האָט געשפּילט. אַלעמאָל האָט ער זיך אַרײַנגעמישט אין גאַנג פֿון דער רעפּעטיציע, אונטערגעזאָגט אַ נײַע סצענע און אָפּטמאָל צוגעקליבן אַזוינס, עס זאָל זײַן וואָס צו שפּילן און וואָס צו זינגען. און טאַקע אַליין אויך געשפּילט.

זײַן פֿרוי האָט געהייסן ציפּע, נאָר ער און אַלע איבעריקע האָבן זי גערופֿן ציפּעלע. אַ שוואַך נעפּעשל, מיט אַ בלייך פּנעם, ווײַסלעך ווי קרײַד. נאָר ס'איז געווען גוט אַרײַנקוקן אין אירע פֿאַרטראַכטע אויגן און אײַנהערן זיך אין איר שטילן אומעט, וואָס האָט געוויעט פֿון איר שוואַכן אָטעם. מיט איר, מיט זײַן ציפּעלען, איז ער געגאַנגען אויף אַלע רעפּעטיציעס, און אַלעמאָל געסטאַרעט זיך אונטערקלײַבן פֿאַר איר אַ פּאַסיקע ראָל — אַ ראָל פֿון אַן אָרעמער יעסוימע, פֿון אַן אויסגעשמאַכט דינסטמיידל. דאָס איז געווען פֿאַר איר ווי אָנגעמאָסטן.

קיין קינדער איז בײַ זיי ניט געווען.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז ציפּעלע געווען שטאַרק קראַנק. געלעגן אומבאַוועגלעך. אינגיכן האָט דער פֿראָנט זיך דערנעענטערט צום שטעטל, און ווער עס האָט געקאָנט, האָט געקראָגן אַ פֿורל און אָפּגעפֿאָרן וואָס ווײַטער. קיין פֿורל האָט לייזער ניט געקאָנט קריגן, האָט ער פֿון צוויי זעק אויפֿגענייט איין לאַנגן זאַק, פֿאַרפּאַקעוועט אין אים זײַן ציפּעלען, אַרומגעלייגט זי מיט אַ פּאָר קישעלעך, מיט אַ ביסל וואָרעמען אָנטאָן, אַרײַנגערוקט אין זאַק אויך דעם פֿידל, און איז אַוועק. ניט איין טאָג און ניט איין וואָך האָט ער זיך געשלעפּט מיט זײַן ציפּעלען אויף די פּלייצעס. ניט איין נאַכט געבליבן נעכטיקן אין פֿעלד, ווען דערקלײַבן זיך צו אַ ייִשעוו איז שוין קיין קויעך ניט געווען. נאָר אַלעמאָל, ווען ער האָט זיך דערקליבן צו אַ ייִשעוו, האָט ער אַראָפּגענומען זײַן ציפּעלען פֿון דער פּלייצע, אויסגעבעט פֿאַר איר אַ געלעגער אינמיטן דער גאַס, גענומען דעם פֿידל אין דער האַנט און אָנגעהויבן שפּילן. ניגונים האָט ער געוווּסט אַ סאַך, ייִדישע, רוסישע און אוקראַיִנישע. געקאָנט אויך שפּילן מאָלדאַווישע דאַינעס. און האָט געוווּסט, וואָס פֿאַר וועמען צו שפּילן. אַזוי האָט ער אַרומגעוואַנדערט מיט ציפּעלען אויף די פּלייצעס. דער פֿידל האָט זיי געשפּײַזט. דער פֿידל האָט זיי אָפּטמאָל געגעבן אַ נאַכטלעג בײַ גוטע מענטשן. דער פֿידל האָט אים אָפּטמאָל געהאָלפֿן קריגן די נייטיקע רעפֿועס פֿאַר זײַן ציפּעלען.

אַזוי האָט ער זיך דערקליבן צו אַן עשעלאָן מיט עוואַקויִרטע, אַרײַנגעקראָכן אַהין און ווידער גענומען שפּילן. זײַן ציפּעלע איז געלעגן אויפֿן דיל, אויף וועלכן ער האָט אויסגעבעט פֿאַר איר אַ געלעגער, און ער איז געזעסן לעבן איר, אַן אויסגעדאַרטער, אַ פֿאַרוואַקסענער, און געשפּילט.

מעגלעך, אַז ער האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס באַטײַט זײַן פֿידל און זײַן שפּיל פֿאַר די עוואַקויִרטע ייִדן, אַרויסגעריסענע פֿון זייערע פֿילדויִרעסדיקע נעסטן, פֿון זייער פֿילדויִרעסדיקן לעבנשטייגער, מיט זייערע פֿריידן און לײַדן, מיט זייערע כאַסענעס און בריסן, מיט זייערע קרענק און לעווײַעס. דאָס פֿידעלע האָט זיי דערמאָנט אין אַלץ דעם גוטן, וואָס זיי האָבן אַמאָל איבערגעלעבט. די לידעלעך, וואָס זיי האָבן אַמאָל געזונגען. אַרום אים איז שטענדיק געשטאַנען אָדער געזעסן אַן אוילעם מענער און ווײַבער, און אויב עמעצן האָט זיך אײַנגעגעבן עפּעס קריגן אויף אַ סטאַנציע, — אַ גלאָז מילך, אַ ביסל סמעטענע, איז דער ערשטער כיילעק געווען פֿאַר ציפּעלען.

דער עשעלאָן האָט פּאַמעלעך, זייער פּאַמעלעך זיך געשלעפּט אַלץ ווײַטער אויף מיזרעך. שוואַכע זקיינים האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם שווערן וועג. פּיצלעך קינדער אויך ניט. גאַנץ אָפֿט, הינטער אַ סטאַנציע, צי גאָר אינמיטן סטעפּ, ווען דער עשעלאָן האָט איבער פֿאַרשיידענע סיבעס זיך אָפּגעשטעלט,

האָט מען געדאַרפט ברענגען עמעצן צו קווורע. דאַן איז לייזער אַרויסגעגאַנגען מיט פיל אַנדערע און לעבן איינזאַמען קייווער גענומען דעם פידל אין דער האַנט און אָנגעהויבן:

— איל מאָליי ראַכמים...

און ס'איז געווען בא וואָס זיך אָניאָמערן און אָנוויינען.

צום סאָף זומער, ווען דער עשעלאָן האָט זיך פאַרשלעפּט אין טיפן סיביר און די קעלט האָט געלאָזט הערן וועגן זיך וואָס א מאָל שטאַרקער, איז איינער אַזאַ נאַכט איז ציפּעלע אויסגעגאַנגען.

דער עשעלאָן האָט אַלץ זיך געשלעפּט און געשלעפּט. אַלעמאָל האָט עמעצער אים צוגעטראָגן עפּעס איבערקייַען, נאָר ער האָט גאָרניט ניט גענומען אין מויל אַרייַן. ער איז אַלץ געזעסן לעבן זייַן ציפּעלען און געשפּילט.

אומגעריכט פאַר אַלעמען, און ווער ווייסט פאַרוואָס, האָט דער עשעלאָן פּלוצעם זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן סטעפּ. דאַן האָט מען אַרויסגעטראָגן ציפּעלען א ביסל ווייַטער פון דער אייַזנבאַן־ליניע, און דאָרטן, צווישן שוין פאַרגעלטן און פאַרטריקנטן קוריַי, אויסגעגראָבן א קייווער. זעט אויס, אַז לייזער איז געווען א ביסל געריכט. אַלע האָבן געשטיינט, ווי־אַזוי ער האָט איר אויסגעבעט דעם קייווער, אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ א קישעלע און צוגעדעקט זי מיט איר ווארעמער פּאַלטאָ.

— מע דאַרף שוין גיין, — האָט זיך אָנגערופן איינער אַן אַלטיטשקער, — דער עשעלאָן קאָן אוועק.

— גייט, גייט, — האָט ער זיי געבעטן, — איך וועל בלייַבן דאָ. איך וועל דאָ אָפּזיצן שיווע.

— נאַרישער ייִד, — האָט דער אַלטיטשקער געזאָגט, — האַלב שיווע ביסט שוין אָפּגעזעסן אין וואַגאָן, וועסטו די איבעריקע האַלב אויך אָפּזיצן דאָרטן.

— גייט, גייט, איך בעט אייַך, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

האָט מען אים אַרויסגעטראָגן זייַן זאַק, צונויפגענומען פאַר אים א טאָרבעלע עסנוואַרג און שטיל זיך אָפּגעזעגנט.

דער גאַנצער אַרום האָט אויסגעזען מידבערדיק־פּוסט, קיין איין ביימעלע דערנעבן, קיין איין שטיבל פונדערווייַטנס. די ערד איז געלעגן א גרויליקע און א פאַרטרויערטע. גרוילעך האָט אויסגעזען אויך דער הימל, פונוואַנען עס האָט פון מאָל צו מאָל א שיט געטאָן א שטעכיק שנייעלע. לייזער איז אַלץ געזעסן נעבן פרישן קייווער פון זייַן ציפּעלען און געשפּילט.

דער ווינט האָט געפּייַפט א קיילעכדיקן מעסלעס. ערגעץ ווייַט האָט הייזעריק געברומט א יאַגנדיקער עשעלאָן. גאָר נאָענט האָט זיך צעוואָיעט אַן אומבאַקאַנטע כייַע, און פון איר געיאָמער האָט געקלעמט באַם האַרצן. און דאָס פידעלע האָט ווי אונטערגעשפּילט אָט דעם ווילדן געיאָמער. דאָס האַרץ זייַנס איז געווען פול מיטן ביטערן געפיל פון איינזאַמקייַט.

ער איז געזעסן לעבן ציפּעלען און אויסגעשפּילט פאַר איר זייַן האַרצרייַסנדיקן „איל מאָליי ראַכמים" און זייַן ווייטיקפולן קאַדיש: אַזוי, זיצנדיק, איז ער אָפּטמאָל אַנשלאָפן געוואָרן, געזען זיסע כאַלוימעס, און אַלעמאָל זיך אויפגעכאַפּט מיט שרעק און מיט פּאַרדראָס. ער האָט זייער געוואָלט אַנשלאָפן ווערן דאָ און מער זיך ניט אויפכאַפּן.

דערנאָך, ווען אין טאָרבעלע איז קימאַט שוין גאָרניט ניט געבליבן און די פרעסט זייַנען געוואָרן אומדערטרעגלעך, האָט ער דערפילט, אַז ער קאָן אַזוי, זיצנדיק, פאַרפרוירן ווערן. האָט ער זיך אויפגעהויבן און געלאָזט זיך צו דער אייַזנבאַן־ליניע, אויך אַזאַ איינזאַמע אין אָט דער מידבערדיקער אומענדלעכקייַט. געמאַכט עטלעכע טריט און זיך אומגעקערט צוריק. אים האָט אונטערגעיאָגט א גרויליקער געדאַנק, אַז אָט וועט ער אוועק און קיינמאָל אַהער זיך ניט אומקערן, און ער וועט פאַרגעסן, ווו דער קייווער געפינט זיך. ס'וועט ניט זייַן קיין מינדסטער סימען. ער האָט געפּרווט צונויפנעמען א ביסל קוריַי אָפּ אַרומלייגן דעם קייווער, נאָר דער בייזער ווינט האָט דאָס גלייַך אַרויסגעריסן פון זייַנע הענט. אַזוי האָט ער זיך אָפּגעפּאַרעט אַרום קייווער היפּשע עטלעכע שאָ, ביז די קייכעס זייַנען אים אויסגעגאַנגען. פאַרשטאַנען די זינלאָזיקייַט פון דעם אַלעמען, האָט ער א נעם געטאָן דעם גרינג געוואָרענעם זאַק אָפּן רוקן און איז אוועק.

דער ערשטער עשעלאָן, אָפּ וועלכן ער האָט זיך אַרופגעכאַפּט, איז געגאַנגען, ווי ער האָט זיך דערנאָך דערוווּסט, ניט אָפּ מיזרעך נאָר אָפּ מייַרעוו. אַן עשעלאָן, אָנגעפּילט מיט מיליטערלייַט און אַמוניציע. אין א פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין א צווייטן עשעלאָן, וואָס האָט אים פאַרפירט אין א ווייַטער שטאָט פון מייַרעוו־סיביר, מיט א נאָמען, וואָס האָט א לאַנגע צייַט זיך ניט געלייגט אָפּן צונג. א שטאָט, פון אַלע זייַטן אַרומגערינגלט מיט דער סיבירער טייַגע.

אין סאַמע עק פון דער שטאָט, האַרט לעבן וואַלד, אין עפּעס א פאַרלאָזטער כורווע, ווו בלויז די הרובע איז געווען גאַנץ, האָבן זיך אַרייַנגעקליבן בא צוואַנציק מענטשן. דרייַ פאַמיליעס און עטלעכע איינזאַמע מאַנצבלען. דאָס איינציקע, וואָס האָט זיי געראַטעוועט און אונטערגעהאַלטן אין די מוירעדיקע פרעסט פונעם סיבירער ווינטער, איז געווען די הרובע און די נאָענטקייַט פונעם וואַלד. הייצן איז געווען מיט וואָס, ס'איז געווען, מיט וואָס אונטערהאַלטן די וואַרעמקייַט, אויפּדן א גלאַז

אַקרעפּ, אָפּקאָכן א זופּ. געשלאָפן איז מען אפן ערדענעם דיל, אויסגעבעט מיט דעם, וואָס יעדערער האָט געהאַט, אָדער פּאַשעט מיט שטרוי.

ווען לייזער האָט אין איינעם א גאַנצפרי גענומען דעם פידל אין די הענט און אָנגעהויבן אויס־שפּילן פאַרשיידענע כאַסענע־מעלאָדיעס, האָט מען ווידער געמיינט, אַז ער איז גערירט. מע האָט אפילע אָנגעהויבן שושקען זיך צווישן זיך און טראַכטן, וויאַזוי פּאָטער ווערן פון אים. נאָר איצט איז ער געווען בא זײַנע קלאָרע געדאַנקען און זײַן שפּילן איז געווען פולקום באַזיניקט. ער האָט געמוזט אויספּרוּוון זײַנע פינגער, צי וועט דער פידל אים קאָנען שפּײַזן. און דער פידל האָט שוין בעמיילע געטאָן זײַנס: צערודערט דאָס אָנגעווייטיקטע האַרץ, אַוועקגעפירט אים אין יענע ווײַטע צײַטן, ווען עס האָט זיך געלעבט און געשפּילט. און ס'האָט זיך שוין ניט געוואָלט אופהערן שפּילן, פּונקט ווי פריִער האָט ער ניט געוואָלט אופוועקן זיך פונעם שלאָף.

פאַריכט ווי־ניט־איז דעם אָפּגעריבענעם מאַנטל, צוגענייט א פּאָר פאַרשיידענע קנעפּלעך, עס זאָל ווי־ניט־איז זיך פאַרשפּיליען, איז ער אין א פּאָר טעג אַרום אַרויס אפן היגן מאַרק.

יענעם ווינטער איז דער שטאָטישער מאַרק געווען, ווי אַן אויסשטעלונג פון דעם גאַנצן בראָך, וואָס האָט געטראָפן די, וואָס האָבן זיך דערקליבן אהער פון פיל שטעט און שטעטלעך פון אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד, פון אַלע נויטן און אומבאַגרײַפלעכע ווייטיקן פון די עוואַקויִרטע און פון די היגע טוישווים. אַזוי האָבן אויסגעזען סײַ די קוינים, סײַ די פאַרקויפערס. ווער ס'האָט געהאַלטן אַף די הענט א פּאָר אַלטע הויזן, ווער אַן אָפּגעקראָכן העמדל, ווער בלויז עטלעכע קנעפּלעך, א פּעקעלע שוועבעלעך, עטלעכע נאָדלען, א פּאָר נײַע טופליעס און א פּאָר אַלטע שקראַבעס. און אַרום דעם מאַרק האָבן זיך אויסגעשטעלט די נידעריקע סיבירער שליטעלעך, אַף וועלכע די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן אַרויסגעלייגט ווער א ציבעלע, ווער א רעטעכל, ווער עטלעכע גלעזער פּאָפּ־שוי, שטיקלעך קעז, ווי שטיינדעלעך, און פאַרפרוירענע מילך, וואָס האָט אויסגעזען ווי גלאַנציקע שטיקער אײַז. געווען אויך בא אייניקע די באַוווסטע סיבירער פּעלמעניעס, פּיצינקע וואַרעניקלעך מיט פלייש, וואָס האָבן געקלונגען אין די הענט, ווי קופּערנע מאַטבייעס. און בא עמעצן סאַמע דאָס זעלטנסטע און סאַמע דאָס ווּיכטיקסטע, גאַנצע לעבלעך ברויט פאַר פאַנטאַסטישע פּרײַזן.

עס איז געגאַנגען אַן אַקשאָנעסדיקע דינגערײַ און א לעבעדיקער אויסטויש פון נאָדלען אַף ציבעלעס, און פון א קלעצעלע פּאָדעם אַף עטלעכע רעטעכלעך און בורעקלעך. איבערן מאַרק האָבן אַרומגעשפּאַנט די שוין אויסגעהיילטע, צי נאָך ניט דערהיילטע מילכאָמע־אינוואַלידן פון היגן האָס־פּיטאַל, ווער אַף קוליעס, ווער מיט א לײדיקן אַרבל, ווער מיט א פאַרבונדענעם אויג. ווער מיט א האַנט אין אונטערגעהאַנגענע אַף א לאַנגן און שוין קויטיקן בינט. די מילכאָמע האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן מאַרק מיט אַלע אירע גרוילן און מיט נאָך מערער אומבאַוווסטקײַטן פאַר די אַלע, וואָס האָבן פאַרפולט אָט די אויסטערלישע טאַרהאָוויצע פון דאַלעס און ווייטיקן.

לייזער האָט אָפּגעזוכט פאַר זיך א פרײַ ערטעלע און אָנגעהויבן שפּילן.

ער האָט געשפּילט אַלץ, וואָס דער זיכּאָרן האָט אים אונטערגעוואָרפן. א מעשונעדיקן געמיש פון פריילעכן און טראַגישן, פון כאַסענעס און לעווײַעס, פון זינגענדיקן און וויינענדיקן, פון ייִדישן און אוקראַיִנישן, פון אַלץ, מיט וואָס ס'איז געווען איבערגעפולט זײַן האַרץ און וואָס האָט גלײַך צוגויפגענומען אַרום אים א גרויסן אוילעם, פּונקט מיט אַזעלכע אָנגעווייטיקטע הערצער. ווער ס'האָט שוין באַוויזן פאַרלירן עמעצן אין די איבערגעפולטע עשעלאָנען, ווער ס'האָט באַקומען א פּאַכאָראָנקע און ווער ס'האָט יעדן טאָג מיט א ציטערנדיק האַרץ געוואַרט אַף איר... לייזער האָט געשפּילט, און דער אוילעם האָט געוויינט, אפילע דאַן, ווען ער האָט געשפּילט עפּעס פריילעכס. ס'האָט יעדערן דערמאָנט דאָס, וואָס ער האָט פאַרלוירן.

פאַרנאַכט איז ער אַוועק אַהיים מיט עטלעכע שטיקלעך ברויט, מיט א פּאָר ציבעלעס און מיט עטלעכע רובלען אין קעשענע.

און אַזוי פון טאָג צו טאָג. דער שטאָטישער מאַרק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גרויסן, אויס־טערלישן קאָנצערט־זאַל, און לייזער איז געוואָרן דער באַליבטער אַרטיסט. ער איז געוואָרן א באַ־שטענדיקער טייל פון אָט דעם שטאָטישן מאַרק, און אויב ער איז איבער וועלכע־ניט־איז סיבעס ניט געקומען, האָט דעם אוילעם עפּעס געפעלט, ס'האָט זיך ניט אַזוי פאַרקויפט און ניט אַזוי געקויפט.

אין איינעם א טאָג, ווען ער האָט זיך געפילט קראַנק און איז אפן מאַרק ניט אַרויס, איז ער א גאַנצן טאָג געזעסן אפן אייזנציקן טאַבורעטל אין זייער צוזאַמענוווינונג און געפּרוּווט אופשטעלן אין זיכּאָרן שוין לאַנג ניט געשפּילטע מעלאָדיעס. אַזוי האָט ער זיך דערקליבן צום ספּעקטאַקל פון די צוואַנציקער יאָרן, צום „אידיִאָט", ווען דער האַלב־מעשוגענער זינגט, אַז „ווען ער גייט אַרויס אפן מאַרק עפּעס קויפן, מעשוגענער ווערט א געשריי". אין דער מינוט האָט ער דערהערט, ווי דאָס מיידעלע, וואָס האָט „געוווינט" אפן פּערטן גלעגער פון אים, א צוועלפיאָריק מיידעלע, האָט מיט א שוואַך קעלעכל אָנגעהויבן אונטערזינגען די ווײַטערדיקע ווערטער:

# אַ נאָוועלע וועגן אַלטן פֿידלער

אינדערעמעסן איז ער געווען גאָרניט אַזוי אַלט, נאָר איבער זײַן הויכן וווּקס און אומגעווײנלעכער מאָגערקײַט, מיט זײַן אַלטמאָדישן קאַרטוז אויפֿן קאָפּ, מיט זײַן שלעכטער ריִע, איבער וועלכער ער האָט זומער און ווינטער געטראָגן שוואַרצע ברילן, און מערער פֿון אַלץ איבער דעם, וואָס ער איז געווען שוין אַ באַווײַבטער, האָבן מיר אים גערופֿן — אַלטער, כאָטש אין דער שטעטלשער קלעזמער־קאַפּעלע, וואָס האָט געשפּילט אויף אַלע חתונות און אויף אַלע פֿײַערלעכע פֿאַרזאַמלונגען, איז ער געווען דער ייִנגסטער. אָבער אין אונדזער דראַמקרײַז פֿון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געווען דער סאַמע עלטסטער און דער אײנציקער מוזיקאַנט. די איבעריקע קלעזמער האָבן ניט געוואָלט שפּילן אומזיסט.

גערופֿן האָט מען אים לייזער.

געווען איז ער אַ פֿידלער — אַן אַרטיסט און אַ שטיקל רעזשיסער אויך. מעגלעך אויך אַ פּאָעט. כאָטש ער האָט וועגן די זאַכן קיין אָנונג ניט געהאַט, איז קײנמאָל אין קיין עמעסן טעאַטער ניט געווען. ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין אײן רעפּעטיציע, און ס׳האָט זיך געפֿילט, אַז אויף זיי לעבט ער מיט גאָר אַן אַנדער לעבן, אויסגעטאָן פֿון אַלץ דעם וואָכעדיקן, יאָמטעוודיק דערהויבן, פֿיל מערער, ווי אויף די חתונות, אויף וועלכע ער האָט געשפּילט. אַלעמאָל האָט ער זיך אַרײַנגעמישט אין גאַנג פֿון דער רעפּעטיציע, אונטערגעזאָגט אַ נײַע סצענע און אָפּטמאָל צוגעקליבן אַזוינס, עס זאָל זײַן וואָס צו שפּילן און וואָס צו זינגען. און טאַקע אַלײן אויך געשפּילט.

זײַן פֿרוי האָט געהייסן ציפּע, נאָר ער און אַלע איבעריקע האָבן זי גערופֿן ציפּעלע. אַ שוואַך נעפּעשל, מיט אַ בלײך פּאָנעם, ווײַסלעך ווי קרײַד. נאָר ס׳איז געווען גוט אַרײַנקוקן אין אירע פֿאַרטראַכטע אויגן און אײַנהערן זיך אין איר שטילן אוטעם, וואָס האָט געווייעט פֿון איר שוואַכן אָטעם. מיט איר, מיט זײַן ציפּעלען, איז ער געגאַנגען אויף אַלע רעפּעטיציעס, און אַלעמאָל געסטאַרעט זיך אונטערקלײַבן פֿאַר איר אַ פּאַסיקע ראָל — אַ ראָל פֿון אַן אָרעמער יעסוימע, פֿון אַן אויסגעשמאַכט דינסטמיידל. דאָס איז געווען פֿאַר איר ווי אָנגעמאָסטן.

קיין קינדער איז בײַ זיי ניט געווען.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז ציפּעלע געווען שטאַרק קראַנק. געלעגן אומבאַוועגלעך. אינגיכן האָט דער פֿראָנט זיך דערנעענטערט צום שטעטל, און ווער עס האָט געקאָנט, האָט געקראָגן אַ פֿורל און אָפּגעפֿאָרן וואָס ווײַטער. קיין פֿורל האָט לייזער ניט געקאָנט קריגן, האָט ער פֿון צוויי זעק אויפֿגענייט אײן לאַנגן זאַק, פֿאַרפּאַקעוועט אין אים זײַן ציפּעלען, אַרומגעלייגט זי מיט אַ פּאָר קישעלעך, מיט אַ ביסל וואַרעמען אָנטאָן, אַרײַנגערוקט אין זאַק אויך דעם פֿידל, און איז אַוועק. ניט אײן טאָג און ניט אײן וואָך האָט ער זיך געשלעפּט מיט זײַן ציפּעלען אויף די פּלייצעס. ניט אײן נאַכט געבליבן נעכטיקן אין פֿעלד, ווען דערקלײַבן זיך צו אַ ייִשעוו איז שוין קיין קויעך ניט געווען. נאָר אַלעמאָל, ווען ער האָט זיך דערקליבן צו אַ ייִשעוו, האָט ער אַראָפּגענומען זײַן ציפּעלען פֿון דער פּלייצע, אויסגעבעט פֿאַר איר אַ געלעגער אינמיטן דער גאַס, גענומען דעם פֿידל אין דער האַנט און אָנגעהויבן שפּילן. ניגונים האָט ער געוווּסט אַ סאַך, ייִדישע, רוסישע און אוקראַיִנישע. געקאָנט אויך שפּילן מאָלדאַווישע דאָיִנעס. און האָט געוווּסט, וואָס פֿאַר וועמען צו שפּילן. אַזוי האָט ער אַרומגעוואַנדערט מיט ציפּעלען אויף די פּלייצעס. דער פֿידל האָט זיי געשפּײַזט. דער פֿידל האָט זיי אָפּטמאָל געגעבן אַ נאַכטלעג בײַ גוטע מענטשן. דער פֿידל האָט אים אָפּטמאָל געהאָלפֿן קריגן די נייטיקע רפֿואות פֿאַר זײַן ציפּעלען.

אַזוי האָט ער זיך דערקליבן צו אַן עשעלאָן מיט עוואַקויִרטע, אַרײַנגעקראָכן אַהין און ווידער גענומען שפּילן. זײַן ציפּעלע איז געלעגן אויפֿן דיל, אויף וועלכן ער האָט אויסגעבעט פֿאַר איר אַ געלעגער, און ער איז געזעסן לעבן איר, אַן אויסגעדאַרטער, אַ פֿאַרוואַקסענער, און געשפּילט.

מעגלעך, אַז ער האָט אַלײן ניט געוווּסט, וואָס באַטײַט זײַן פֿידל און זײַן שפּיל פֿאַר די עוואַקויִרטע ייִדן, אַרויסגעריסענע פֿון זייערע פֿילדורעסדיקע נעסטן, פֿון זייער פֿילדורעסדיקן לעבנשטייגער, מיט זייערע פֿריידן און לײדן, מיט זייערע חתונות און בריסן, מיט זייערע קרענק און לעווײַעס. דאָס פֿידעלע האָט זיי דערמאָנט אין אַלץ דעם גוטן, וואָס זיי האָבן אַמאָל איבערגעלעבט. די לידעלעך, וואָס זיי האָבן אַמאָל געזונגען. אַרום אים איז שטענדיק געשטאַנען אָדער געזעסן אַן אוילעם מענער און ווײַבער, און אויב עמעצן האָט זיך אײַנגעגעבן עפּעס קריגן אויף אַ סטאַנציע, — אַ גלאָז מילך, אַ ביסל סמעטענע, איז דער ערשטער כײלעק געווען פֿאַר ציפּעלען.

דער עשעלאָן האָט פּאַמעלעך, זייער פּאַמעלעך זיך געשלעפּט אַלץ ווײַטער אויף מיזרעך. שוואַכע זקיינים האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם שווערן וועג. פּיצלעך קינדער אויך ניט. גאַנץ אָפֿט, הינטער אַ סטאַנציע, צי גאָר אינמיטן סטעפּ, ווען דער עשעלאָן האָט איבער פֿאַרשיידענע סיבעס זיך אָפּגעשטעלט,

Пусть ярость благородная
Вскипает, как волна...

ס׳האָבן געזונגען יונגע כעוורע, וואָס האָבן ערשט זיך געקליבן אפן פראָנט, ס׳האָבן געזונגען די אַנפּיסיקע און אַנהעגעטיקע פון היגן האָספּיטאַל. און פרויען — סאָלדאטקעס, און פרויען — אַלמאָנעס האָבן מיט א געוויין און מיט א גוואַלד אויך געזונגען די זעלבע ליד. דערנאָך איז צו זיי צוגעהונקען אײנער א סאָלדאט און זיך אָנגערופן:

— איך בעט אײַך אין נאָמען פון אַלע. קומט מיט אונדז אין אונדזער האָספּיטאַל.

— ווען? — האָט לייזער געפרעגט.

— טאקע שוין.

— ניין, ניין, — האָט כאנע זיך דערשראָקן, — איך קאָן ניט. איך מוז זיך צוגרייטן.

— גוט. מאָרגן גאנצפרי וואַרטן מיר אף אײַך אף דעם זעלבן אָרט.

אין כאנען האָט ווידער אופגעלעבט די ארטיסטקע, די זינגערן. א גאנצע נאכט האָט זי אין זיך רעפעטירט די מאָרגנדיקע ארויסטרעטונג: איר שטעל, איר שמייכל, איר פארנייגן זיך, אַלץ, וואָס גיט צו דער ארויסטרעטונג פון יעדן ארטיסט א באַזונדערן כיין. און ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער, האָט זי צום ערשטן מאָל, זינט זי איז אנטלאָפן פון מינסק, גענומען פארקעמען זיך אף איר באַזונדערן אויפן, אונטערגעפּודערט דאָס פּאָנעם און א ביסל אונטערגעפארבט די פארבלאָוועטע ליפּן. דערנאָך האָט זי ארויסבאַקומען פון איר רענצעלע איר איינציק שטיקל פארמעגן — א שימערירנדיקן־ווײַס קאָפּטעלע, באַצירט מיט פארשיידענע פליטערלעך און א ראָזעווען האַלדזטוך פון ריינעם זײַד.

ווען כאנע האָט אראָפּגענומען פון זיך דאָס אַלטע קאָפּטיכל, אויסגעטאָן די וואַטיאַנקע און ארײַנגעקומען אין דער גרויסער פאַלאַטע פון די ליגנדיקע פארוווּנדעטע, וווּ ס׳איז געווען פול מיט זיצנדיקע און שטייענדיקע, ווען זי האָט א שײַן געטאָן פאר אַלעמען מיט איר אַמאָליקער שיינקײַט און כיינעוודיקײַט, האָט לייזער אַליין געשטוינט פון איר פארקישעפנדיקער פארוואַנדלונג. די הענט האָבן בא אים געציטערט, ווען ער האָט א נעם געטאָן דעם פידל. און ס׳איז ווידער געשען אַזוי, ווי אפן מארק. די רעגעוודיקע, צאַרנדיקע און רופנדיקע ליד האָבן אונטערגעכאַפּט צענדליקער שטימען.

דערנאָך האָבן זיי ביידע, די מאַמע מיטן טעכטערל, אויסגעזונגען פארשיידענע לידלעך — יידישע און רוסישע, און אַלעמאָל, נאָך יעדער ליד און נאָך די אַפּלאָדיסמענטן — די זעלבע הייסע ביטע:

— זינגט נאָך, זינגט נאָך.

און בא אַלעמען זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

א גאַנצן ווינטער האָט דער דאָזיקער אויסטערלישער אנסאַמבל גאַסטראָלירט אפן שטאָטישן מארק, אין היגן האָספּיטאַל און אין די ארומיקע דערפער. זייערע „האָנאָראַרן" האָבן געסטײַעט ניט נאָר אפן עסן, נאָר אויך אף קויפן א מאַטאָנע פאר טינעלען: א פּאָר וואָלענע פּוישטלעך און א קינדערש פּעלעצעלע. נאָר סיּווי, ווען עס זײַנען געשטאַנען גאָר גרויסע פרעסט, האָבן זיי טינעלען איבערגעלאָזט אינדערהיים און ארויסגעטראָטן בלויז אינצווייען.

אין אײנעם אַן אָוונט האָבן זיי זיך אומגעקערט פון זייער קאָנצערט, ווען אַלע זײַנען שוין געשלאָפן. אײנער א שאָכן פון זייער צוזאַמענוווינונג, שטארק אומצופרידן, וואָס מע האָט אים אופגעוועקט פונעם שלאָף, האָט בייז א בּורטשע געטאָן:

— ווי געפעלט אײַך דער אַלטער בעטלער? ער האָט אָנגעהויבן שפּילן א ליבע!

פאר לייזערן איז דאָס געווען, ווי מיט א מעסער אין הארצן. ווי האָט ער געקאָנט אַזוי זאָגן? יענער ווייסט דאָך וועגן זײַן ציפּעלען! אינמיטן דער נאכט האָט לייזער צונויפגענומען זײַנע בעבעכעס, פארוואָרפן דעם האַלב־פּוסטן זאַק אף די פּלייצעס און ניט געסטײַעט.

מע האָט דערציילט, אַז אף פיל סטאַנציעס, מערק און האָספּיטאַלן האָט מען געזען אַן אַלטן, אויסגעדאַרטן פידלער אין שוואַרצע ברילן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ער לעבט, דער אַלטער פידלער, און ער איז דאָ, אין אָדעס? — האָט מײַלעך אויסגעשריגן.

— ער לעבט און ער איז דאָ, אין אָדעס, — האָט מאַלקע געענטפערט. — נאָר ער איז שוין קימאַט אינגאַנצן בלינד.

— פארוואָס זשע האָט עס אים פאריאָגט אַהער?

— מוניען געדענקט איר? דער, וואָס האָט כאַסענע געהאַט פאר ראָכלען. איר מאַמע איז געווען א סאַרוועריך. דערנאָך, אין אָנהייב פון די דרײַסיקער זײַנען זיי ארויסגעפאָרן קיין אָדעס.

— וואָס זשע פאר א שײַכעס האָט דערצו מוניע?

— ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, איז מוניע אוועק אין וואָיענקאָמאַט. דאָרטן האָט מען אים פאַרבראַקעוועט. ער איז געווען שטאַרק א קורצזיכטיקער. נאָר מוניע איז געווען אַן אַקשן. וואָס הייסט, ער, א קאָמוניסט, זאָל זיך עוואַקויִרן? האָט ער אָפּגעשיקט די פרוי מיטן קינד קיין קוס־טאַניַי, דוכט זיך, און אומבאַמערקט זיך צוגעשאַרט צו איינעם א טייל. און אומגעקומען אונטער אַדעס. לייזער האָט בייס זײַנע וואַנדערונגען אָנגעטראָפן אויף מוניעס אַלמאָנע, אויף ראַכלען, און שוין געבליבן אין קוסטאַניַי. דאַך, אין איין שטאָט מיט א כאַשטשעוואַטער, איז אים געווען היימלעכער. און ווי זי האָט דערנאָך אַליין דערציילט, האָט לייזער מיט זײַן פידל געראַטעוועט זי מיטן קינד פון הונגער. האָט ער שוין איינעם מיט איר זיך אומגעקערט קיין אַדעס. נאָר ווײַנען וווינט ער באַזונדער.

איצט איז לייזער שוין אַפּענעמעסן געווען אַן אַלטער. אין דער קאָנורקע, ווו ער האָט געוווינט, איז געווען פינצטערער, ווי אין א קעלער. די פּיַכטקייט א פאַרלעגערטע און א פּיליאַריקע. און דאָך האָט לייזער אים גלײַך דערקענט, מײַלעכן. מעגלעך דערפאַר, וואָס מאַלקע האָט נאָך פריִער דערציילט וועגן אים.

— א, אונדזער פּאַרזיצער! — האָט לייזער אויסגעשריגן א דערפרייטער, דערלאַנגענדיק אים די האַנט.

— וואָס זשע טוט איר איצט, ליבער פידלער אונדזערער, — האָט מײַלעך געפרעגט. — איר שפּילט נאָך?

— איך שפּיל, ווען עס שפּילט זיך. נאָר זייער זעלטן. אויף דער גאַס גיי איך ניט אַרויס. איך בין שוין קימאַט אינגאַנצן בלינד.

— וואָס איז מיט אײַערע אויגן?

— א שרעקלעכע קרענק. די דאָקטוירים זאָגן — קאַטאַראַקטע.

— און פאַרוואָס ניט אָפּערירן?

— וואָס הייסט אָפּערירן? ווער, ווען, ווו?

— וואָס הייסט ווו? דאָ בא אונדז, אין פילאַטאָוו־אינסטיטוט.

— ווי זשע קומט מען אַהין?

— וואָס הייסט ווי? מאָרגן וועלן מיר אײַך אײַך אַהין אוועקפירן.

ווען זיי זײַנען אַרויס אין דרויסן, האָט מײַלעך זיך אָנגערופן צו מאַלקען:

— איך וווּנדער זיך פּאַשעט. איר ווייסט פון אַלע שווערע הערצער. אוי, ווי עס האָט מיר געפעלט אין ישעוו־ראַט אַזאַ סעקרעטאַר!

— ווען איך זאָל געווען וויסן! פאַר אַן אופּראַמערן וואָלט איך צו אײַך געגאַנגען, פאַר א וועכטערן, פאַר א קוריערשע... פאַר וואָס נאָר איר וואָלט מיך געשטעלט.

און ווידער מיט איר שטענדיקן זיפץ, וואָס האָט געדעגט מײַלעכן, און פון וואָס ס׳האָט אים אַלעמאָל פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

## ראַכמיִעל גאָזלען, וועלוועלע מעשומעד און עלייאָהו האַנאָווי

— איך מיש אײַך די גאַנצע צײַט קאַשע מיט באָרשטש. נאָר איך דערצייל אײַך דאָס אַלץ, איר זאָלט פאַרשטיין מײַן מײַלעכן. ראַכמיִעל גאָזלען האָט איר געקענט?

— אוואַדע.

— נו, און וועלוועלע מעשומעד?

— וואָס פאַר א פראַגע?

מיר האָט זיך געדוכט, אַז סימע שפּילט מיט מיר אין בלינדעניש און פאַרגיט מיר אַלעמאָל אַן אַנדער רעטעניש. מיט יעדן נײַעם נאָמען, וואָס זי האָט דערמאָנט, איז מיר געוואָרן אַלץ ענגער אין קאָפּ פון אָט די לײַט, וואָס זײַנען איינער נאָכן אַנדערן אויפגעשווומען אין מײַן זיקאָרן.

ראַכמיִעל גאָזלען. איך וואָלט ניט געזאָגט, אַז מיר האָבן פאַר אים מוירע געהאַט, נאָר מיר האָבן זיך באַצויגן מיט שטומער אַכטונג צו אָט דעם ריז: פאַר זײַן הויכן וווּקס, פאַר זײַן פּרעכטיקער שטאַלטנקייט און פאַר זײַן זעלטענער גווורע. מעגלעך דערפאַר האָט מען אים גערופן ראַכמיִעל גאָזלען, כאָטש ער האָט קיינעם ניט געמיימעסט און קיינעם ניט באַראַבעוועט. געווען איז ער א פּאַשעטער וואַסערפירער, נאָר ס׳איז געווען א וווּנדער צו קוקן, ווי ער שפּרינגט גרינג אַראָפּ פון

זײַן פּעסל. נעמט אַן צװײ פֿולע עמערס װאַסער און טראָגט זײ, װי א גרינג שפּילכל. און אַלעמאָל, װען ער שפּרינגט װידער אַרויף אַפֿן פּעסל און טוט א װאַקע צו זײַן פֿערדל, הײבט ער אָן זינגען:

אוי, א רעבעצן, אוי, איז דאָס א רעבעצן,
איז זי שײן, מאָלע כײן,
פֿון דער מיקווע ביז אַהײם.

מוירע געהאַט האָבן מיר פֿאַר װעלװעלע מעשומעד. פֿאַרװאָס האָט מען אים געקרױנט מיט אַזאַ צונאָמען, האָבן מיר ניט געװוּסט. געװען איז ער א מוליער, א קױמענקערער און אַזאַ גיבער, װי ראַכמיעל. שטענדיק, װען ער האָט בײַ עמעצן אױסגעקערט דעם קױמען, פֿאַריכט די הרובע, האָט ער אונטערגעזונגען אַן אוקראַיִניש לידעלע. זאָל זײַן, אַז דערפֿאַר האָט מען אים גערופֿן מעשומעד? איך האָב מוירע געהאַט, ער זאָל מיך אַזױ־אַ אײנמיטן פֿלוצלינג א כאַפּ טאָן, אַװעקטאַסקען אין קלױסטער און אָפּשמאַדן. שמאַד איז פֿאַר מיר געװען ערגער פֿון טױט.

סימע האָט מיר געגעבן א פֿאַר מינוט, איך זאָל װעגן בײדע זיך דערמאָנען, און מיר אונטער־געװאָרפֿן א שטיקעלע פּאַרזעצונג.

— א פֿאַר יאָר פֿאַר דער מילכאָמע איז זײ בײדן נימעס געװאָרן דאָס שטעטל, זײערע שטעטלשע פּאַרנאָסעס, און אין אײנעם א באַגינען זײַנען זײ אַװעק קײן אַדעס, געװאָרן טרעגער אין אַדעסער האַפֿן. ראַכמיעל האָט דערקלערט זײַן אומדערװאַרטן אופּטו מיט אַזאַ װיץ:

— װאָס דאַרף איך טאַסקען װאַסער פֿון א פֿלאַכער קרענעצע, אַז מיר האָבן אין אַדעס אַזאַ טיפֿן יאַם.

װעלװעלע האָט געשװיגן. ער האָט געהאַלטן, אַז ער דאַרף ניט פֿאַרענטפֿערן זיך.

ראַכמיעל האָט באַװיזן אַרױסנעמען זײַן פֿאַמיליע, און אין אָנהײב פֿון דער מילכאָמע באַצײַטנס זי עװאַקוירט. װעלװעלעס פֿאַמיליע איז געבליבן אין שטעטל, און װי אַלע שטעטלשע אומגעקומען בײַס יענער שרעקלעכער אַקציע אין פֿעװראַל צװײ־און־פֿערציקסטן. די גאַנצע מילכאָמע זײַנען זײ בײדע געװען מאַטראָסן אױף א מיליטערישער שיף, בײַ בײדן זײַנען די ברוסטן באַהאַנגען מיט אָרדענס און מעדאַלן. ברוסטן אױף מעקאַנע צו זײַן, ס׳איז דאָ װוּ אױפֿצוהענגען.

אין אײנעם א זומערדיקן פֿאַרנאַכט האָבן זײ בײדע זיך א יאַװע געטאָן און א פֿרעג געטאָן בײַ פֿעדאָרען:

— דאָ װױנט אונדזער פּאָרזיצער?

דערנאָך האָט פֿעדאָרע אין א שפּאַס דערצײלט:

— איך האָב א קוק געטאָן אױף די דאָזיקע צװײ בריִעס, און דאָס האַרץ איז מיר שיִר ניט אַרױס־געפֿאַלן. אַזעלכע צװײ ריזן מיט אַזעלכע בערד, מיט אַזעלכע דראָאַנדיקע בליקן, טאַקע נאָר װי א פֿאָר פֿאָליציײַען, ניט הײַנט געדאַכט, װען די דײַטשן האָבן דאָ געבושעװעט.

געװיס איז דאָס געװען מאַלקעס אַרבעט. דאָס האָט זי צעפּױקט איבער גאַנץ אַדעס װעגן מײַ־לעכן. און ער האָט שױן פֿאַרשפּאַרט אַרומגײן איבער דער שטאָט זוכן זײַנע לאַנדסלײַט. זײ האָבן אים אַלײן געזוכט.

אַרײַן אין שטוב, האָבן זײ זיך אַװעקגעזעצט, װוּ ס׳האָט זיך געלאָזט, און פֿאַרנומען מיט זיך א האַלבן צימער. זײ האָבן אַפֿילע זיך ניט אָנגערופֿן, געװען זיכער, אַז מײלעך האָט זײ פֿאַרגעדענקט, זײ זײַנען ביכלאַל געװען זיכער, אַז די גאַנצע װעלט מוז זײ קענען.

ראַכמיעלס שטים איז געװאָרן נאָך מער ברומענדיק, װי אַמאָל. דערצו האָט אין איר זיך אַרײַנ־געכאַפּט א טיפֿע הײזעריקײַט, װאָס איז אים צוגעקומען בײַס די מילכאָמע־יאָרן אַפֿן יאַם. ער האָט אַפֿילע פֿאַרגעסן אײנעם „גוטן־אָװנט", טײקעף אַרױסגעלײגט זײַן ביטע, ריכטיקער, זײַן פֿאַדערונג. ער װיל, אַז מײלעך זאָל זיך אױסטאַרען, מע זאָל אים פֿאַרעכענען אין זײַן אַרבעט־סטאַזש די יאָרן, װען ער איז געװען דער שטעטלשער װאַסערפֿירער. ער מוז דאָס האָבן צוליב דער פּענסיע.

װעלװעלע מעשומעד האָט אים גראָבלעך א שטורכע געטאָן און איבערגעשלאָגן:

— װאָס ביסטו גלײַך אַרײַנגעקראָכן מיט דײַן פּענסיע? מײַן פֿלימעניק דאַרף אָנקומען אין אינסטיטוט, זאָגט מען מיר, אַז מע דאַרף עמעצן געבן א פֿאָר טױזנטער. אין א טעכניקום קאָסט װײניקער, נאָר פֿאַרװאָס זאָל מײַן פֿלימעניק ניט אָנקומען אין אינסטיטוט? װאָסי, איך האָב ניט פֿאַרדינט?

און דערבײַ א קלאַפּ געטאָן מיטן פֿױסט אין דער ברוסט, און אַלע זײַנע אָרדענס האָבן זיך צעקלונגען מיט א שאַרפֿלעכן קלונג.

מײלעך האָט אױסגעהערט זײערע ביטעס און זײערע טײַנעס גאַנץ רויִק. צו אַזעלכע זאַכן איז ער געװען געװױנט, און שטיל אָפּגעענטפֿערט:

— וואָס זשע זײַט איר געקומען צו מיר? פאַראַן א סאַבעס, פאַראַן א שטאָטראַט. אין אויב איר ווייסט עפּעס וועגן כאבאר, איז פאַראַן א פּראָקוראָר.

— ווער רעדט וועגן כאבאר? ווער האָט עס אײַך געזאָגט וועגן כאבאר? — האָט וועלוועלע זיך דערשראָקן, און ראכמיִעל האָט אים א צי געטאָן פאַרן ארבל:

— שטענדיק קריכסטו ארײַן מיט דײַן לאַנגער צונג. מיר זײַנען געקומען צו אײַך, ווײַל איר... איר זײַט אונדזער סאַבעס. אונדזער דעפּוטאַט. און אויב איר ווילט וויסן, אויך אונדזער פּראָקוראָר!

— איר זײַט בא אונדז... — בא וועלוועלע מעשומעד איז שוין ניט געווען, וואָס צוצוגעבן, האָט ער בײַזלעך א קוק געטאָן אױף זײַן פרײַנט און אויסגעשאָסן:

— איר זײַט בא אונדז וואָס אין דער קאָרט!

און כאַטש מײַלעך האָט געהאַט די רעכט באַליידיקן זיך פאַר אזא גראָבקײַט, האָט ער בלויז א שמייכל געטאָן:

— מײַלע, איך וועל אַלץ אויסקלאָרן. איך וועל מיך סטאַרען.

אים זײַנען פּאַשעט געפעלן געוואָרן די דאָזיקע צוויי גיבוירים מיט זייערע בייזע שטימען, מיט זייערע גראָבקײַטן, מיט אַלץ דעם שטעטלשן, וואָס זיי האָבן ארײַנגעבראַכט מיט זיך, וואָס האָט א ווייע געטאָן אױף אים, ווי א פרישע ווינטעלע. באַזונדערס די בערד. די געדיכטע, פּאַרקוטשעראַוועטע בערד, וואָס האָבן געמאַכט זייערע פּענעמער קײַלעכדיקער און ברייטער, בערד, אין וועלכע עס האָט מערער ווי אין אַלץ זיך פאַרהיט דאָס אמאָליקע.

באַקומען דעם צוזאָג, אױף וועלכן זיי האָבן געוואַרט, האָט ראכמיִעל ארויסגעשלעפּט פון זײַן טיפער הויזן־קעשענע א פלעשל בראַנפן און ארויסגעשטעלט אפן טיש. וועלוועלע האָט אים א כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט און אויסגעזידלט:

— אַ, ער איז שוין דאָ, דער שיקאַרניק. געפונען אַן אָרט!

— ווי געפעלט ער אײַך, דער פּרומאַק? מע קאָן מיינען, אז ער האָט קיינמאָל אין מויל ניט געהאַלטן דעם ביטערן טראָפּן. — און א ביסעלע ווייכער, מערער צו מײַלעכן: — צו קויסעלעך. נאָך אזא מילכאָמע זיך באַגעגנט! סימע, וואָס האָסטו עפּעס צו פאַרבײַסן?

— א נײַער בעטלער זיך געפונען! — איז וועלוועלע אױף אים אָנגעפאַלן. — וואָסי, מיר גייען ארום מיט ליידיקע קעשענעס?

און טאַקע פון די קעשענעס, פון ביידע קעשענעס ארויסבאַקומען עטלעכע גרויסע פרישע בייגל.

— קוקט אים אָן, אָט דעם פרעסער! — האָט ראכמיִעל גענומען אָפּשפּעטן פון אים. — א גאַנצן טאָג גייט ער ארום און קאָן זיך אַלץ ניט אָנעסן.

אין עטלעכע טעג ארום האָט זיך א יאָווע געטאָן דאָס בעזודעטנע פּאָרל יאַנקעלע נעמלעך און שייווע די סאָציִאַל־דעמאָקראַטקע. איר האָט זיי פאַרגעדענקט, צי זאָל איך אײַך זיי אויסמאָלן? ס׳איז מאַמעש געווען צו באַוווּנדערן, וואָס נאָך אַזויפיל יאָרן, נאָך די אַלע אויסקומענישן בײַם דער מיל־כאָמע, האָבן זיי זיך קימאַט ניט געענדערט, ניט געעלטערט. יאַנקעלע האָט אויסגעזען בלויז א ביסל העכער, דאָס פּאָנעם א ביסל אויסגעצויגן, און זי, שייווע, נאָך נידעריקער ווי פריִער, האָט געהאַלטן אין איין אונטערשפּרינגען. יאַנקעלע האָט, ווי פריִער, געשאָטן מיט זײַנע דײַטשמערישע ווערטער, מיט זײַן „נעמלעך" און מיט זײַן „ביטע שיין". און זי, שייווע, האָט בא יעדער געלעגנהײַט ארײַנגע־בראַקט איר אמאָליק ווערטל:

— כאָטש איך בין א סאָציִאַל־דעמאָקראַטקע...

(בא א געלעגנהײַט וועל איך דערציילן א ביסל ברייטער, פאַרוואָס רופט מען אים יאַנקעלע נעמ־לעך און זי — שייווע די סאָציִאַל־דעמאָקראַטקע).

געקומען זײַנען זיי אָן שום ביטעס און אָן שום טײַנעס. פּאַשעט, זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז מײַלעך איז אין אָדעס, האָבן זיי זיך דערמאָנט יענע ווײַטע און גוטע צײַטן, ווען מײַלעך איז געווען פאָרזיצער פון יישעוו־ראַט, זײַנען זיי געקומען אים אויסדריקן זייער אכטונג און אָפּשײַ. אזוי האָט ער טאַקע געזאָגט, יאַנקעלע נעמלעך, לויט זײַן שטענדיקן, שטאַרק איידעלן און א ביסל טרוקענעם נוסעך. און זי, שייווע, האָט דערבײַ צוגעגעבן:

— כאָטש איך בין א סאָציִאַל־דעמאָקראַטקע...

אזוי האָבן אָנגעהויבן ארײַנקומען צו אונדז אונדזערע לאַנדסלײַט, איינער נאָכן אנדערן. יעדערער מיט זײַן בינטל צאָרעס, יעדערער מיט זײַן ביטע, מיט זײַן אָנקלאָגע. און ווען איך זאָל נעמען איבער־דערציילן וועגן זיי אַלעמען, וואָלט איך ניט געהאַט קיין צײַט דערציילן וועגן מײַן מײַלעכן.

און מײַן מײַלעך, גלײַך ער וואָלט אפּאַנעמעסן געווען זייער פאָרזיצער, זייער דעפּוטאַט און זייער סאַבעס, אָדער, ווי וועלוועלע מעשומעד האָט געזאָגט, זייער „וואָס אין דער קאָרט", האָט פאַרוואַנדלט אונדזער צימער אין א מין קאַנצעלאַריע. ער האָט ערגעץ געקראָגן זייער א גראָבן העפט און פאַר־פירט אױף יעדערן אַן איניען, אזוי צו זאָגן. יעדער ביטע, יעדער אָנקלאָגע פאַרצייכנט אױף א באַזונדער זײַטל, פאַרשריבן ווען, ווו, אין וועלכן אנשטאַלט איז ער געווען, וואָס מע האָט אים צוגעזאָגט אָדער

אָפּגעזאָגט און וועלכע שריט האָט ער פּירגענומען דערנאָך. ער האָט אויך פּאַרצייכנט אין העפט, וויאַזוי ער האָט זיך דורכגעווערטלט מיט עפּעס א ביוראָקראַט. און אויך וועמען, וועלכע רעפּיעס האָט ער געקראָגן, אָדער ניט געקאָנט קריגן.

אין איינעם אַן אָוונט האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר און עס האָט זיך געגעבן א שטעל אַרייַן... אנו, טרעפט ווער. עליִיאָהו האַנאָווי!

וואָס האָט איר אַזוי א קוק געטאָן אַף מיר, גלייַך איך האָב אָנגעהויבן רעדן פון היץ? וואָס זשע, איר געדענקט ניט עלעקל גאַנעוו? נאָר ער האָט געטייַנעט, אַז ער איז קיינמאָל קיין גאַנעוו ניט געווען. ער איז ניט מערער ווי א נאָווי. פרעגט מיך, פונוואַנען ווייס איך דאָס, אַז איך האָב אים קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען? די מאַמע האָט מיר דערציילט וועגן אים און וועגן די אַמאָליקע שטעטלשע גאַנאָווים. וואָס האָבן זיי געקאָנט אַרויסגאַנווענען? לאָזן זיך אין דאַרף אַרויסגאַנווענען א פערד, צי אפילע א שאָף האָבן זיי מוירע געהאַט. זיי האָבן געוווסט, אויב זיי וועלן זיך פּאַקן, וועט מען זיי מיימעסן. האָבן זיי געקאָנט בלויז שטיל עפענען בא עמעצן א פענצטער און אַרויסגאַבווענען א סלאָיִקל ווארעניע אָדער א קריגל גענדזענע שמאַלץ. דאָס זייַנען געווען זייערע זומערדיקע, צי אָסיענדיקע גנייוועס. ווינטער האָבן זיי געגאַנוועט גענדז. יענע געגנדז, וואָס מע האָט געהאָרעוועט, קעדיי באַזאָרגן זיך מיט געגנדזענער שמאַלץ אַף פּייסעך. בא אייַך האָט מען קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנוועט די געגנדז?

— אַרויסגעגאַנוועט, — האָב איך זיך דערמאָנט. — נו, יאָ, איך געדענק עס ווי הייַנט. זיי זייַנען שוין גוט אויסגעהאָדעוועט. דער טאַטע האָט זיי געשטאָפּט מיט געקאָכטן פּאַפּשוי. און אין איינער א נאַכט האָבן זיי ניט געסטייַעט. די מאַמע איז קראַנק געוואָרן פאַר ווייטיק. זי האָט ניט אויפגעהערט טייַנען צום טאַטן:

— מע דאַרף גיין צו אים, צום נאָווי.

— צו וועלכן נאָווי?

— צו אים. צו עליִיאָהו האַנאָווי.

— צו עלעקל גאַנעוו? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

— צו וועמען דען? ער ווייסט פון אַלע שווערע הערצער.

— נו, און מע האָט זיי געפונען, די געגנדז? — האָט סימע געפרעגט, גלייַך עס גייט וועגן א הייַנטיקן איניען.

— אַוואַדע געפונען. מע האָט געגעבן עלעקן עפּעס אין דער האַנט אַרייַן, און די צווייטע נאַכט זייַנען די געגנדז ווידער געווען אין זייער שטייַג.

— איר זעט? — איצט האָט סימע אַליין זיך אויך דערפרייט. — און איר האָט א קוק געטאָן אַף מיר אַזוי, גלייַך איך רעד פון היץ.

בלייַבט ער שטיין אַף דער שוועל, עליִיאָהו האַנאָווי, און באַקוקט אונדז ביידע מיט זייַנע רויטלעכע אויגן. דער בליק זייַנער — א ביסל א שמייכלענדיקער און א ביסל אַן אונטערהעצנדיקער. ס'איז געווען זייַן אויסגעאַרבעטער פאַר פיל יאָרן גנייווישער בליק.

— וואָס זשע, איר דערקענט מיך ניט? — האָט ער ווי אויסגעמוסערט אונדז. — איך בין דאָך עליִיאָהו האַנאָווי.

מייַן מיילעך איז עטלעכע זמאַנים געגאַנגען אין כיידער, און ניט שלעכט פאַרגעדענקט דאָס ביסל איווריע און דאָס ביסל כומעש. די יידישע מינהאָגים האָט ער אויך פאַרגעדענקט. האָט ער געוווסט, וויאַזוי אָפּענטפערן אַף אַזא שפּאַס.

— באָרעכהאַבאָ, באָרעכהאַבאָ! — האָט מיילעך אים אָפּגעענטפערט. — וואָס זשע שטייט איר אַף דער שוועל, קומט אַרייַן אין שטוב אַרייַן.

אויסגעזען האָט דער גאַסט גאַנץ זשוואַווע און רירעוודיק, נאָר לויט זייַן קויטיק העמדל און לויט זייַן פאַרשמאָלצעוועטן רעקל האָט מען געקאָנט אָנשטויסן זיך, אַז ער איז אַן אַלמען. אָבער ניט מיט זייַן אויסערלעכער אומריינקייַט האָט ער אַרויסגערופן צו זיך אומכיין... דעריקער — מיט זייַן כיטרע קוקעלע, אין וועלכן ס'איז ניט געווען קיין סימען פון נעוויִישקייַט.

— וואָס זשע פרעגט איר ניט בא מיר, צוליב וואָס בין איך געקומען?

— אַדעראַבע, דערציילט, — מיילעך האָט אים דערלאַנגט א בענקל.

— איך בין געקומען צו אייַך מיט א דין-טוירע, — האָט ער אַרויסגערעדט א ביסל ביי־זלעך.

— וואָס זשע, מע האָט מיך שוין געקרוינט פאַר א ראָוו אויך? — האָט מיילעך א שפּאַס געטאָן.

— צו וועמען דען זאָל איך גיין? צו אָט די גאַזלאָנים און גאַנאָווים, וואָס רייַסן אַרויס איינער באַם אַנדערן דעם ביסן פונעם מויל?

לאָזט זיך אויס, אַז דער אַמאָליקער שטעטלשער נאָווי איז אַף דער עלטער געוואָרן א הייסער אַרייַנטוער אין דער היגער כעווורע-קאַדישע. ער לאָזט ניט דורך קיין איין לעוויִע. ער זאָל ניט אָפּזאָגן א קאַדיש לעבן פרישן קייווער. אפילע אויסגעלערנט זיך אויסזינגען דעם „אייל מאָליי ראַכמים”. און

ציט דערפון זײַן כאיונע. ער פאַרדינט ניט שלעכט, און אויב פאַרגלײַכן דאָס מיט זײַן אמאָליקער נעווײַשקײַט, איז דאָס א מערער לײַטישע און אָנשטענדיקע פּאַרנאָסע. האָבן זיך אָבער געפונען נאָך באַלאָנים אף דעם אייסעק, און לעבן איינעם אָן אָפּענעם קיװער איז פאַרגעקומען אָן עמעסדיק געשלעג צווישן צוויי קאַדיש־זאָגער. ווי נאָר עליִאָהו איז צוגעקומען צו די קרויווים פונעם פאַרשטאָרבענעם און פאַרגעלייגט זײַן קאַדיש, איז צוגעשפּרונגען צו אים א צווייטער, א שלעפּ געטאָן פאַרן רעקל און צעשריגן זיך:

— פאַרנעם זיך פונדאַנען און דײַן פּוס זאָל דאָ מער ניט זײַן!

און צום גאַנצן אוילעם, וואָס איז געווען אף דער לעוויִע:

— קוקט אים נאָר אָן, אָט דעם אויסוווּרף. מע רופט אים עליִאָהו האַנאָווי. אינדערעמעסן איז ער א פּאָשעטער גאַנעוו. עלעקל גאַנעוו.

— איך בין א גאַנעוו? איך בין עלעקל גאַנעוו? — און ער האָט א כאַפּ געטאָן זײַן קאָנקורענט שוין ניט פאַרן רעקל, נאָר פאַרן גאָרגל, — אָט וועל איך דיר באַלד דערלאַנגען אזוי, אז מע וועט דיך אליין דאַרפן אראָפּלאָזן אין קיווער. איך וועל שוין אָן א קאָפּיקע געלט אָפּזאָגן א קאַדיש נאָך דיר! — און טאַקע א טרייסל געטאָן אים אזוי, אז יענער האָט זיך א וואַקל געטאָן און אומגעפאַלן אפן ראַנד פון דער פרישער גרוב.

אופגעהויבן זיך א פּאַרסאָפּעטער, האָט ער גענומען אראָפּטרייסלען פון זיך די ליים, דערנאָך א טײַטל געטאָן צו אים מיטן פינגער:

— מאָרגן וועט גאַנץ אָדעס וויסן וועגן עלעקל גאַנעוו און עלעקל כוליגאַן!

איך האָב אַלעמאָל געכאַפּט א קוק אף מײַן מײַלעכן און באַמערקט, ווי עס וואַקסט אין אים דער ווידערגעפיל צו אונדזער אמאָליקן שאָכן. איך האָב זייער מוירע געהאַט, ער זאָל אים ניט ארײַנזאָגן עפּעס זייער ניט קיין איידלס. נאָר מײַלעך האָט אים אויסגעהערט גאַנץ רויִק און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר?

— איך וויל, איר זאָלט מיר געבן א ספּראַווקע!

— וועלכע ספּראַווקע?

— איר זײַט דאָך אונדזער פּאָרזיצער, וויל איך א ספּראַווקע, אז איך בין קיינמאָל קיין גאַנעוו ניט געווען, בלויז א נאָווי. וואָסי, עפּשער ניט אזוי?

געוויס האָט מײַלעך דערבײַ זיך דערמאָנט עפּעס זייער גוטס, און דאָס האָט ארויסגערופן בא אים א ווייכן שמייכל. צו יענעם, צום אמאָליקן.

— וואָס האָט איר זיך פּלוצלינג צעשמייכלט? — האָט עלעקל זיך אָנגעברויגעזט. — וואָסי, איך שטיי אײַך עפּשער ניט אָן?

— פאַרקערט, — האָט מײַלעך אים באַרויִקט. — אנטשולדיקט מיר, איך האָב זיך דערמאָנט אין עפּעס...

— וועט איר מיר געבן א ספּראַווקע?

מיר איז שווער געווען פאַרשטיין מײַן מײַלעכן, פאַרוואָס באַציט ער זיך צו אַלעמען ווי צו קליינע קינדער, וועלכע נייטיקן זיך אין זײַן שטיצע, און האָט שטאַרק מוירע עמעצן באַליידיקן. צי איז דאָס געווען דאָס געפיל פון אמאָליקער שכיינעשאַפט אָדער עפּעס אַנדערש?

— איר פאַרשטייט, — האָט ער אים איידל אָפּגעענטפערט, — מײַן ספּראַווקע וועט זײַן ניט קיין גילטיקע. איך האָב דאָך ניט קיין שטעמפּל...

## די זיבן גוטע יאָר

אויב דערציילן אײַך א ביסל וועגן אונדזער אייגענעם לעבן, זײַנען דאָס געווען, ווי עס זינגט זיך אינעם לידל, אונדזערע זיבן גוטע יאָר. אונדזער מיידעלע גינעלע האָט פאַרפולט מיט זיך דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס, יעדע פרײַע מינוט, און איך קאָן איצט ניט זאָגן, ווער האָט מערער זיך געביאַנטשעט מיט דעם, ווער האָט זי אויסגעניאַנטשעט, איך, מאַלקע, וואָס איז יעדן אָוונט געקומען דאָס אויסבאָדן, צי פעדאָרע, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם א גאַנצן טאָג. נאָך דעם ווי גינעלע איז געבוירן געוואָרן, זײַנען מיר שוין געווען ניט בלויז גוטע שכיינים, מיר זײַנען געווען איין פאַמיליע. געקאָכט אינײנעם, געגעסן אינײנעם, און די גלאַוונע באַלעבאָסטע אין שטוב איז געווען טאַקע זי, די מומע פעדאָרע. מיר האָבן איר איבערגעגעבן אונדזער געהאַלט, און זי האָט געדאַרפט אײַנקויפן אַלץ אין קלייט און אפן מאַרק, און יעדן כוידעש אָפּשפּאָרן פון אונדזערע ניט גרויסע פאַרדינסטן אף

א העמדל פאר מיילעכן, א פּאָר שיכעלעך פאר גינעלען און עפּעס פאר מיר אויך. אזוי איז גינעלע געוואַקסן אונטערן אופזיכט פון דרײַ מאַמעס. פינקטלעכער, פון צוויי מאַמעס און איין באָבע. איינינעם האָבן מיר זי אוועקגעפירט אין קינדער־גאָרטן, דערנאָך אין ערשטן קלאַס. און דאָס זײַנען געווען פאר אונדז אַלעמען די סאַמע גליקלעכסטע, סאַמע יאָמטעוודיקע טעג.

מיילעך אליין האָט אָנגעהויבן פילן זיך קרעפטיקער. צי די צײַט אליין האָט ביסלעכווײַז געלינדערט די ווייטיקן, צי דאָס, וואָס ער איז געווען שטארק פארנומען מיט זײַן ארבעט אין בוי־טרעסט און מיט זײַנע געזעלשאפטלעכע איניאַנים. פריִער איז ער געווען א פּאַשעטער סטאָליער. דערנאָך, ווען מע האָט באמערקט זײַן מײַסטערשאפט און פלײַסיקייט, האָט מען אים באַשטימט פאר א בריגאַדיר. דערצו איז דער דירעקטאָר אויך געווען א פראָנטאָוויק, א מילכאָמע־אינוואַליד. זיי האָבן זיך באַפרײַנדעט, גוט פארשטאַנען איינער דעם אַנדערן, געהאַט א סאַך וואָס צו דערמאָנען. און דערנאָך, ווען מע האָט מיילעכן אויסגעקליבן אלס פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פון פאַלקס־קאָנטראָל, האָט אַנדריי וואַסיליעוויטש, אזוי האָט מען גערופן דעם דירעקטאָר, ביכלאַל פארעכנט מיילעכן אלס זײַן ערשטן געהילף און אײַנגעלאַדן אים אויף אַלע באַראַטונגען. מיט איין וואָרט, מיילעך האָט אָנגעהויבן פילן, אז זײַן לעבן איז פארפולט פון אַלע זײַטן, אז ער האָט צו וואָס אָנווענדן זײַן ענערגיע, און אז מענטשן שאַצן ווי געהעריק אָפּ זײַן מי, זײַן אָרנטלעכקייט און איבערגעגעבנקייט. אָפּטמאָל האָט ער אַפילע אײַנגאַנצן פארגעסן, אז ער איז אַן אומפּאַרטייִשער. מעגלעך, אז אין דעם איז אויך געווען אַנדריי וואַסיליעוויטשעס טאַקט. ער האָט געטאָן אַלץ, אז מיילעך זאָל זיך פילן אויף דער ארבעט, אין דער בריגאַדע, ווי אַן עכטער באַלעבאָס. פאראַן אויף דער וועלט קלוגע אָנפירער.

און איך אליין... נו, וואָס זאָל איך דערציילן וועגן זיך? א מאַמע, ווי אַלע מאַמעס. עפּשער אַפילע א ביסל אַן ערגערע. אײַנגיכן האָט מען מיך אויסגעקליבן פאר סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון דער פאַבריק, און איך האָב ניט געהאַט קיין פרײַע מינוט. אונדזער פאַבריק איז ביכלאַל א פרויען־מעלוכע. דער דירעקטאָר — א פרוי, דער הויפּט־אינזשעניער — א פרוי, דער פאָרזיצער פון פּראָפקאָם — אויך א פרוי. אין אַלע צעכן, כּמעט א פּאָר שלאָסער, בלויז פרויען. און דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע... א גאַנצע וואָך, באַטאָג און באַנאַכט, קיין איין רויִקע שאָ. דערפאַר אָבער זונטיק. אוי, אונדזערע דעמאָלטיקע זונטיקס! אונדזער שטוב איז טאַקע געווען אויף אַזאַ אָרט, וואָס האָט געקאָנט פאַרבײַטן א קוראָרט. שיטערע הײַזער, ניט קיין גרויסע גרינע לאָנקעס, א סאַךביימער, און דער נאָענטער יאַם, וואָס האָט געלאָזט הערן וועגן זיך מיטן רויש פון זײַנע כוואַליעס און מיט דער אָפּפרישנדיקער קילקייט. נאָר ניט דאָס איז געווען דער איקער, וואָס האָט געצויגן צו אונדז אונדזערע לאַנדסלײַט. ניט געווען דער זונטיק, עס זאָלן ניט קומען צו אונדז צוגאַסט אַלעמאָל עמעצער און אַנדערער און אָפּטמאָל אַלע אינאיינעם. ראַכמיִעל גאַזלען און וועלוועלע מעשומעד, יאַנקעלע נעמלעך און שייוועס די סאָציאַל־דעמאָקראַטקע, בראָכע פונעם פאַראַם, און, פאַרשטייט זיך, מאַלקע. גאַנץ אָפט, ווען ער האָט זיך געפילט א ביסל בעסער. איז אינאיינעם מיט מאַלקען געקומען אויך לייזער דער פידלער, ווען, ווי ער האָט אַלעמאָל איבערגעכאַזערט, מיילעך האָט ווידער געעפנט די לעבעדיקע וועלט. א באַשטענדיקער באַזוכער פון אונדזער זונטיקדיקן „קלוב“ איז געווען פּעטראַ, וואָס איז שוין געגאַנגען ניט אויף קוליעס, געטראָגן זייער א גוטן פּראָטעז. בלויז צוגעהונקען א ביסל און געגאַנגען מיט א שטעקעלע. ער האָט געאַרבעט אין א בוי־טרעסט לויט זײַן פאַך און זייער ליב געהאַט סוידען זיך מיט פעדאָרען, אויסדערציילן איר זײַן ביטער האַרץ. פעדאָרע אליין האָט שוין געקאָנט אַלעמען, געוווּסט, וואָס יעדערער האָט ליב, וואָס יעדערן דערלאַנגען און פון וואָס יעדערן וואָרענען. באַזונדערס וועגן אַן איבעריקער קויסע. דאָס האָט פעדאָרע פײַנט געהאַט ביז גאָר, און געקאָנט אַרײַנזאָגן יעדערן אַלץ, וואָס זי האָט געטראַכט, ניט אונטערקלײַבנדיק קיין איידעלע ווערטער.

א ביסל איידלקייט האָט אויך אויסגעפּעלט ביידע גיבוירים, ראַכמיִעל גאַזלען און וועלוועלע מעשומעד. בא זיי איז שטענדיק געווען א פּאַרלאַנג אויסטוישן זיך מיט שטעכווערטלעך. זיי האָבן געהאַט א באַזונדערע האַנאָע פון די גראָבלעכע וויצן, מיט וועלכע זיי האָבן באַשטעקט איינער דעם אַנדערן, אָפּטמאָל אין דער דריטער פּערזאָן.

— ווי געפעלט ער אײַך, — טוט ראַכמיִעל א טײַטל מיטן פינגער אויף וועלוועלען. — ער שמײַסט מיט דער בײַטש...

— איך? איך האָב קיינמאָל קיין בײַטש אין דער האַנט ניט געהאַלטן. — טײַנעט וועלוועלע צו מיילעכן. — דאָס איז ער! הערט א מײַסע. אָנגעטאָן דאָס טויבע היטל און רופט מיך קאָנאַקניסל.

וואָס מיינען זיי דערמיט, ווייסט קיינער ניט, עפּשער זיי אליין אויך ניט. נאָר ראַכמיִעל ווערט אָנגעצונדן, און מע קאָן מיינען, אז עס האַלט שוין בא פּעטש. נאָר ראַכמיִעל ווערט גלײַך אָפּגעקילט און ברומט בלויז אַרויס:

— אוך, א הונט מיט אויערן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס בא וועלוועלען האָט שטענדיק פון דער קעשענע אַרויסגעשטעקט א בייגל און פאַרוואָס האָט ראַכמיִעל שטענדיק געטריבן לעצאָנעס איבער דעם. זיי זיינען ביידע אף איין מיסט אויסגעוואַקסן, און אין די קינדער־יאָרן איז א בייגל געווען זייער גרעסטער טרוים. נאָר ראַכמיִעל איז פון אָט דעם טרוים אַרויסגעוואַקסן, און בא וועלוועלען איז דאָס פאַרבליבן אף שטענדיק. האָט ראַכמיִעל אין איינעם א זונטיק ווידער א טאַפּ געטאָן בא וועלוועלען די אויפגעבלאָזענע קעשענע, און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן א גרויסן בייגל.

— איך האָב אָבער געוווּסט, — האָט ער אָנגעהויבן כאָכמענען זיך, — שטענדיק קייַט ער א בייגל.

— דאָס איז ניט אף צו קייַען. — האָט וועלוועלע קלוימערשט זיך אָנגעברויגעזט. — דאָס איז מייַן ענזע. מע זאָל ניט באַדאַרפן.

— וואָס פאַר אַן ענזע? — פרעגט ראַכמיִעל.

— טאָמער גיט עס מיך א כאַפּ אינמיטן דער גאַס און איך גיב א שטאַרב? בא מיר אין די קעשענעס — קיינע שום דאָקומענטן, איך קום אף יענער־וועלט אַן א מינדסטער ספּראַווקע און עס הייבט זיך אָן א וואָלאָקיטע. איר ווייסט ניט, ווי בא אונדז טוט זיך עס? דער הימל פרעגט אַן וועגן איינס, און די ערד ענטפערט גאָר וועגן עפּעס אַנדערס. און ביז וואָס־ווען, ביז מע וועט מיר דאָרטן נעמען אַפן דיסקאָנט און צופעסטיקן צו עפּעס א סטאָלאָווע, קאָן מען דאָך נאָכאַמאָל שטאַרבן פון הונגער. איז זאָלן בא מיר אין די קעשענעס ליגן עטלעכע בייגל.

— וואָס הערט איר אים? — וואַרפט ראַכמיִעל זייַן בייזן בליק אף אונדז אַלעמען. — וואָס מאַראַטשעט ער אייַך דעם קאָפּ מיט די בייגל? אָט נעמט מיך. איך האָב קיינמאָל ניט מוירע געהאַט און האָב איצט אויך ניט מוירע פאַרן טויט. איך האָב מוירע פאַר די דאָרטיקע ביוראָקראַטן. זיי וועלן זיך צוטשעפּען צו מייַן צונאָמען, און גיי דערווייַז זיי, אַז איך בין קיינמאָל קיין גאַזלען ניט געווען, אַז איך האָב אף מייַן לעבן קיין פליג ניט געטשעפּעט. מע וועט מיר צושטעלן א טויבן מאַלעך, און רעד צום דאַשעק. און דו קאָנסט אַזוי אומזיסט און אומגישט אַרייַנפאַלן אין גענעם.

— און דו ווילסט דאַפקע טרעפן גלייַך אין גאַניידן אַרייַן? — שפּאַסט שוין וועלוועלע.

— פאַרוואָס טאַקע ניט? וואָסי, איך האָב ניט פאַרדינט? טוט אומיסטן א קוק אף מייַנע אָרדענס!

— און איך וויל ניט זייַן אין גאַניידן, — ענטפערט אים וועלוועלע. — איך וועל דאָרטן ניט אויסהאַלטן. וועסט טרעפן צווישן סאַמע צאַדיקים און סאַמע כסידים, און האַלט דאָס מויל אף א שלאָס. און בא מיר איז אַזאַ קרענק. איך קאָן ניט אָנשלאָפן ווערן, ביז איך זאָל ניט אַרייַנזאָגן עמעצן אין טאַטנס טאַטן אַרייַן.

— האָסט ניט וואָס מוירע צו האָבן, וועלוועלע, קיין מעשומאָדים לאָזט מען אין גאַניידן ניט אַרייַן.

— כאַפּט אים דער רוּעך, דעם גאַניידן. גיי דיר אַהין געזונטערהייט. אָבער איך וועל דאָך מוזן אַרייַנקומען צו דיר אַמאָל אין א זונטיק?

— סייַדן וועסט פאַרכאַפּן מיט זיך א פּאָר בייגל.

יאַנקעלע נעמלעך איז אָפּטמאָל געקומען צוגאַסט מיט זייַן קליין רענצעלע, אין וועלכן ס'זייַנען געווען אַלע מעגלעכע שערערישע אינסטרומענטן און אויך א ווייַסער כאַלאַט. געשוירן האָט ער אַלע געסט אומזיסט, נאָר דערבייַ האָט ער ליב געהאַט א שמועס טאָן וועגן פּאָליטיק. וועלכע פּאָליטיק, איז פאַר אים געווען ניט וויכטיק, אַבי ער זאָל קאָנען א ביסל פילאָסאָפירן. געקומען אין סאַמע ברעג פון די שפּאַרענישן צווישן ראַכמיִעלן און וועלוועלען, ווען אַלע שמייכלען פריילעך אונטער, האָט ער ווי געוואָלט געבן צו וויסן, אַז די אַלע נארישקייַטן זייַנען ניט פאַר אים, גלייַך אָנגעטאָן זייַן ווייַסן כאַלאַט און מיט דער פולער ערנסטקייַט געמאָלדן:

— ווער וויל זיך אונטערשערן אָדער אָפּגאָלן?

א פּאָר מאָל האָט אומגעריכט און אומגעבעטן, ווי מע זאָגט, זיך א יאַווע געטאָן אף אונדזערע זונטיקס דער נאָווי. נאָר איינמאָל, ווען ער האָט אָנגעהויבן ווידער זיך באַקלאָגן אף זייַנע קאָנקורענטן, די גאַנאָווים, וואָס רייַסן אַרויס בא אים דעם ביסן פונעם מויל, איז שייווע אָנגעפאַלן אף אים:

— ווי געפעלט ער אייַך, דער נאָווי אונדזערער? מע קאָן מיינען, גאָט די נעשאָמע שולדיק. נאָר איר זאָלט אים געווען זען בייס דער עוואַקואַציע. מיר האָבן געאַרבעט איניינעם אף א צוקער־זאַוואָד. ער אינזווייניק, אינעם זאַוואָד, סאַמע אין די „פּערעבעלקעס”, ווו דער צוקער איז שוין קימאַט פאַרטיק, און איך בא דער טיר, א וועכטער. איך האָב געדאַרפט קאָנטראָלירן, צי מע טראָגט ניט אַרויס קיין צוקער. האָב איך ניט איין מאָל באַמערקט, ווי בא אים אף דער ברוסט איז עפּעס אויפגעבלאָזן. איך טו א טאַפּ — א טאָרבעלע צוקער. האָב איך אים דעמלט אַרייַנגעזאָגט: „כאָטש איך בין א סאָציִאַל־דעמאָקראַטקע, האָב איך אים געזאָגט, נאָר איך וואָרן דיך. דאָס לעצטע מאָל וואָרן איך דיך! אף מייַן דעזשורסטווע זאָלסטו ניט גאַנווענען קיין צוקער!”

פון דאַן אָן איז ער מער צו אונדז ניט געקומען. און שמערל אויך ניט, כאָטש מיילעך האָט זיך אויסגעסטאַרעט פאַר אים א גוטן פּראַטצע, אים אייַנגעאָרדנט אין א שנייַדער־אַטעליע, נאָר ער

איז קיין איין מאָל מער צו אונדז ניט אריינגעקומען. מיילעכן האָט דאָס א ביסל געקימערט, נאָר רעדן וועגן דעם האָט ער ניט געוואָלט. פאַראַן א ווערטל — א פּאַטש פאַרהיילט זיך און א וואָרט געדענקט זיך. נאָר א פּאַטש פאַרגעדענקט זיך אויך. און אמאָל זייער אַף לאַנג. און שמערל האָט פאַרגעדענקט. און עפשער זײַנען דאָ געווען אנדערע סיבעס?

וואָס האָט אלעמען אזוי געצויגן איינער צום אנדערן, אזעלכע פאַרשיידענע מענטשן? צי דען בלויז דאָס, וואָס פון איין שטעטל? מעגלעך, אז טאַקע דאָס אויך. נאָר מער פון אלץ — די שוטפעסדיקע צאָרעס און דער שוטפעסדיקער קיוויער, די שוטפעסדיקע זיכרוינעס, פריילעכע און טרויעריקע. און עפשער מער פון אלץ — די שוטפעסדיקע בענקעניש נאָכן אייגענעם שטעטל, וואָס איז שוין אַף דער וועלט ניטאָ און וואָס מע קאָן ניט פאַרבײַטן מיט די סאַמע שענסטע אָדעסן. האָט מען זיך געטוליעט איינער צום אנדערן, קעדיי זיך פילן א ביסל היימלעכער, געמיטלעכער, לינדערן די בענקעניש, עס זאָל זײַן פאַר וועמען אויסרעדן א ביסל דאָס האַרץ, א ביסל דורכלופטערן די שפּראַך, און אפילע דאָן, ווען די שפּראַך איז געווען א ביסל צו שטאַרק אונטערגעפעפערט, אפילע דאָס ביסל לאַשנהאָרע, צי דאָס ביסעלע קינע, וואָס האָט אמאָל זיך דורכגעריסן, האָט אויך געהאַט א באַזונדערן טאַם. ווײַל דאָס האָט געקלונגען, ווי א לעבעדיקער ווידערקאָל פון די אמאָליקע צײַטן. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס געטוליעט האָבן זיך אלע ארום זייער אמאָליקן פאַרזיצער, וועמען זיי האָבן געהאַלטן אויך פאַר זייער איצטיקן פאַרזיצער.

און מײַן מיילעך אליין? ווי זאָל איך דאָס אײַך דערקלערן? פאַר אים איז דאָס געווען די אייגענע לופט, מיט וועלכער ער האָט געאָטעמט, ער האָט מאַמעש אופגעלעבט און מיט פאַרגעניגן צוגעשמייכלט, אויסהערנדיק, ווי אַט דער פאַרשיידענער אוילעם ווערטלט זיך דורך. אפילע דאָן, ווען זיי האָבן ארײַנגעזאָגט איינער דעם אנדערן אין טאַטנס טאַטן ארײַן.

ביסלעכווייז איז אונדזער דירע טאַקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א שטיקל קלוב, ווו יעדערער האָט זיך געפילט, ווי בא זיך אינדערהיים, אַף זײַן אייגענעם געסל.

אין אונדזער „קלוב" איז מאַלקע געווען מערער באַלעבאָסטע פון מיר אליין. זי האָט עס צוגענומען בא יעדערן דאָס ביסל צובײַסעכץ, וואָס יעדערער האָט געבראַכט, אינײַנעם מיט פעדאָרען געגרייט צום טיש און געמאַכט פון אלע באַזונדערע צובײַסעכצן איין גרויסן און שיינעם צובײַסעכץ.

מיר זײַנען אזוי געוווינט געוואָרן צו די דאַזיקע באַגעגענישן, אז ווען ס'האָט זיך געטראָפן א זונטיק אָן געסט, איז דער זונטיק קיין זונטיק ניט געווען. און דער בעסטער זונטיק איז געווען, ווען צווישן די געסט האָט זיך א יאָווע געטאָן לייזער דער פידלער. דאָן האָט יעדערער געהאַט וואָס נאָכצוזינגען און נאָכצובאָמקען. און אָפּטמאָל איז אונדזער זונטיק געווען ענלעך אַף א כאַסענע. און מאַלקע... נאָך אלעמען, ווען אלץ איז שוין געווען אויסגעזונגען, האָט זי געבעטן בא לייזערן, ער זאָל איר שפּילן אירס. לייזער האָט געשפּילט, און זי האָט נאָכגעזונגען איר באַליבט לידעלע. געזונגען שטיל, מיט א טרויעריקער שטים און מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן.

ווו זײַנען מײַנע זיבן גוטע יאָר?..
אויב ניט זיבן, גיט מיר כאָטש א פּאָר,
איין גוט האַלב יאָר גיט מיר כאָטשע,
צי איז דען מײַן נעשאָמע פון קלאָטשע,
ווו זײַנען מײַנע זיבן גוטע יאָר?..

איך מיש אײַך קאַשע מיט באָרשטש, נאָר איך דערציייל דאָס צוליב דעם, איר זאָלט פאַרשטיין, וואָס איז פאָרגעקומען אין יענער שרעקלעכער נאַכט. געשען איז דאָס, ווען גינעלען האָט מען אופגענומען אין פּיאָנערן, און פעדאָרע האָט פאַרקויפט די ציג. כאָטש גינעלע און די ציג האָבן דערצו קיין שום שײַכעס ניט. פּאַשעט, עס קומען אמאָל אוף אין זיקאָרן ביז גאָר פאַרשיידענע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט אין מויער אַף איין ערטעלע און ליגן ארומגענומען איינס מיטן אנדערן. איר פאַרשטייט, ארום אונדזער מויערל האָבן אָנגעהיבן אופקומען אלץ נײַע און נײַע דאַטשעס, און פּאַשען די ציג איז שוין ניט געווען ווו. און ביכלאַל, מילכיקס איז געווען אין די קלייטן און אַף די מערק וויפל איר ווילט, און עס האָט שוין ניט געלוינט האַלטן די ציג. כאָטש גינעלע... זי האָט ניט אופגעהערט צו וויינען. זי האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט פאַרשטיין: ווי פאַרקויפט מען עס פרעמדע מענטשן איר אייגענע ציג?

נאָר דאָס איז א שטיקעלע צולאָג, ווי מײַן מאמע פלעגט זאָגן, קלאָגנדיק זיך אַף לייב דעם קאַצעוו, ווען ער האָט איר צוגעוואָרפן אַן איבעריק ביינדל צום פונט פלייש, וואָס זי האָט געקויפט אַף שאבעס. „וואָס זשע ווילט איר? — האָט איר לייב אָפּגעענטפערט. — ניטאָ אַף דער וועלט קיין פלייש אָן ביינער".

אין אייבעם א וואָכעדיקן אָוונט, ווען איך מיט מײלעכן זײַנען געקומען פון דער ארבעט, האָבן מיר געטראָפן אינדערהיים א שטיקעלע יאָמטעוו. מאלקע מיט פעדאָרען האָבן באוויזן צוגרייטן א גאַנץ פײַנעם טיש פון אלדאָס גוטן, וואָס איז געווען אין די קלייטן און אַף די מערק: עפּל און בארן, ווײַנטרויבן און פלוימען. אַף איין ברעג טיש א צעשניטענער קאַוון, וואָס האָט געפלאַמט מיט זײַנע רויטע ריפּטלעך. און אפן צווייטן ברעג א פרישער טאָרט. אלץ האָט געשמעקט, ס'האָט מאמעש גע־קיצלט אין האלדז, און גינעלע איז געזעסן לעבן טיש צום ערשטן מאָל אין א פּיאָנערישן האלדזטוך אין האָט נאָך אלץ באַווײַנט די ציג. מיך האָט דאָס אופגערעגט ביז הארצפלאַטערניש, פון פרייד און פון נאכעס. מײלעכן האָט דאָס אזוי צערודערט, אז ער האָט ניט געקאָנט ארויסרעדן קיין וואָרט. געוויס דערמאָנט זיך אזוינס, איבער וואָס עס האָט אים אָנגעהויבן ווארגן אין האלדז. די ערשטע האָט דאָס באמערקט פעדאָרע און אים א ביסל אויסגעמוסערט:

— פאַטער אונדז ניט אוועק דעם יאָמטעוו! — האָט זי אָנגעשריגן אַף אים. — טרינק אויס א ביסל ווארעמע מילך און באַרויִק זיך.

פעדאָרע האָט געהאלטן, אז די בעסטע רעפוּע פון אלע קרענק איז א גלאָז ווארעמע מילך.

גינעלע האָט א ביסל זיך באַרויִקט. און ווען מיר האָבן איינער נאָכן אנדערן זי באגריסט, ארומ־גענומען און אויסגעקושט, האָט איר פּנעמל זיך צעשײַנט און די אויגן האָבן זיך צעבלישטשעט מיט די פארבליבענע טרערן.

אין עטלעכע מינוט ארום איז אונדזער יאָמטעוו צעשטערט געוואָרן. אומגעריכט האָט זיך ארײַנ־געריסן פּעטראָ, א צעכראַסטעטער, א צעשויבערטער, און, זעט אויס, א ביסל שיקערלעך. ניט ארויס־גערעדט קיין וואָרט, האָט ער ארויסגענומען פון א קעשענע א פלעשל בראַנפן און דאָס א שטעל געטאָן אפן טיש. פעדאָרע, וואָס האָט שטענדיק ארויסגעוויזן צו אים טיפן מיטלײַד, האָט בייז אים אויסגעזידלט:

— אָ, זיך געיאָוועט! איך האָב דיר דאָך טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, זאָלסט ניט וואגן ארײַנקומען צו אונדז מיט א פלעשל. דו ווייסט כאָטש, וואָס פאר א יאָמטעוו איז הײַנט בא אונדז? נעם צו דײַן פלעשל און זעץ זיך צום טיש.

— שרײַ ניט אזוי, פעדאָרע, — האָט ער איר אָפּגעענטפערט. — איך בין געקומען ניט צו דיר. איך בין געקומען צו אָט דעם־אָ, צו מײלעכן.

די גאַנצע אופירונג זײַנע האָט אונדז אלעמען איבעראַשט. באזונדערס דאָס, וואָס ער האָט מיט אזא ביטל א טײַטל געטאָן מיטן פינגער אַף מײלעכן.

— וואָס האָסטו צו אים? — האָט מאלקע געפּרוּווט אָנעמען זיך פאר מײלעכן.

— דו, מאלקע, שווײַג! — האָט פּעטראָ איר געענטפערט. — דו האָסט אויך א כײלעק אין דעם. צי וואָס האָט עס אײַך געטויגט?

האָט שוין מײלעך ניט געקאָנט אויסהאלטן:

— האָסט הײַנט, אפּאָנעם, געגומען אַן איבעריקע קויסע. אָבער דו קאָנסט רעדן ווי א מענטש? שיקערלעך כליפּענדיק, פול מיט טײַנעס צו מײלעכן, האָט פּעטראָ זיך צערעדט:

— נאָך וואָס האָסטו עס געדארפט? נאָך וואָס האָסטו מיך אוועקגעשלעפּט פונעם פּריוואָז, אויסגעסטארעט זיך א פּראָטעז און ארויסגעפּאָדערט מײַן פּארטיי־בילעט? כײַ וואָלט איך שוין אזוי אָפּגעזעסן א פּאָר יאָר אפן פּריוואָז, געבעטלט און געשיקערט, און געפּייגערט דאָרטן אַף די שטיינער, וואָלטן מײַנע אויגן ניט געזען דאָס, וואָס איך זע איצט.

— אָבער וואָס איז געשען? — האָט מײלעך אויסגעשריגן.

— מע גאַנוועט!

— ווער גאַנוועט? וואָס גאַנוועט מען? ווו גאַנוועט מען?

— בא אונדז. בא אונדז אַף דער בויונג גאַנוועט מען! וואָס דו ווילסט און ווער עס קאָן נאָר. מע גאַנוועט צעמענט, מע גאַנוועט פארב, מע גאַנוועט ציגל, מע גאַנוועט געהילץ. איך האָב געפּרוּווט עמעצן א זאָג טאָן, האָט מען מיך פארטיוקעט.

— איז וואָס? ניטאָ וווּהין צו מעלדן? פאַראַן א ראַיקאָם, פאַראַן א שטאָטקאָם. ביסט דאָך א פּארטייער!

— וואָס פאר א פּארטייער ביז איך? אָט, אינווייניק ברענט אלץ אין מיר, און ארויסזאָגן דאָס ווי עס דארף צו זײַן, קאָן איך ניט. ס'ײַדן אויסזידלען אין טאַטנס טאַטן ארײַן. אָט, ווען דו גייסט ארײַן אין שטאָטקאָם!

— ווי קאָן איך גיין אין שטאָטקאָם? — האָט מײַלעך אים דערקלערט גאַנץ רויִק. — ערשטנס, האָב איך ניט קיין שום באַווײַז, צווייטנס, בין איך אַן אומפּאַרטייִשער.

— דו? דו אַן אומפּאַרטייִשער?

ס'איז געווען אַרויסגעזאָגט ניט מיט שטוינונג, נאָר מיט בייזקייט, מיט אַפּענער רוגזע פון א מענטש, וואָס מיינט, אַז מע פּרווּט אים אָפּנאַרן אָדער מע שפּאַסט איבער אים.

— דו? אַן אומפּאַרטייִשער? — האָט ער איבערגעפרעגט א ביסל שטילער. — דריי מיר ניט קיין קאָפּ. איך בין טאַקע א ביסל שיקערלעך, נאָר איך בין נאָך בײַ די געדאַנקען.

— אָבער דאָס איז ריינער עמעס, פּעטראַ.

ערשט איצט האָט פּעטראַ זיך צוגעזעצט, מיטאַמאָל ווי אויסגעניכטערט זיך, בלויז די אויגן האָבן שיקערלעך געגלאַנצט.

— איך ווייס ניט, — האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין. — איך פאַרשטיי שוין גאָרנישט ניט. יאָ, מיר איז טאַקע שווער צו פאַרשטיין. נאָר פרעג מענע, וואָלט איך אַוועקגעגעבן צען אַנדערע פּאַר־טייער פאַר איינעם אַזאַ אומפּאַרטייִשן. און מיך אַליין אויך צווישן יענעם צענדליק. נאָר סיִּווּי, דו ביסט דאָך בײַ זיך אין קאָמבינאַט דער גלאַוונער אינעם פאָלקס־קאָנטראָל. מעגסטו אויך א קוק טאָן, וואָס בײַ אונדז טוט זיך.

— ווי־אַזוי?

— דאָס איז שוין דײַן זאַך. האָסט דאָך א קאָפּ אויף די פּלייצעס. קום, קום מאָרגן צו גיין, טו א קוק מיט די אייגענע אויגן. דערנאָך טו ווי דו פאַרשטייסט. נאָר מע טאָר ניט, מע טאָר ניט שווײַגן!

וואָס איז געשען דעם צווייטן פאַרנאַכט, ווען ער איז איינציינעם מיט פּעטראַן געווען אויף אייבער א בויונג, מיט וועמען האָט ער דערנאָך גערעדט און פון וואָס איז באַשטאַנען זייער שמועס, ווייס איך ניט... נאָר צום סאָף איז, אַפּאָנעם, געשען אַזוינס: ווען ער איז, א ביסל א צעקריגטער, אַרויס פון יענער קאַנטאָר, האָט ער דערהערט, ווי איינער, האַלבנדיק באַמערקט, ווי ער שפּאַנט אַזוי אונטער־הינקעדיק, א זאָג געטאָן צום צווייטן:

— טו אומיסטן א קוק, אַוואַד. נו, פּינקטלעך, אַוואַד מיטן שטעקעלע. אַזאַ, ווי מיר האָבן אים די טעג געזען אין קינאָ.

— אויך מיר אַן אַוואַד, — האָט דער צווייטער אַרויסגערעדט מיט ביטל. — דאָן קיכאָט, א נאַ־רישער דאָן קיכאָט.

— פונדעסטוועגן, — האָט זיך אָנגערופן דער ערשטער, — מע וואָלט געדאַרפט אים אָנלייגן די זײַטן. ער זאָל ניט קריכן אַהין, וווּ מע דאַרף ניט.

צי פון דעם, וואָס ער האָט געזען אויף דער בויונג, און געוויס אויך דערפון, וואָס ער האָט געהערט, ווי זײַנע צוויי מיטשמועסער האָבן גערעדט וועגן אים, נאָר געקומען איז ער אַהיים א שטאַרק דער־צאָרנטער. דאָס פּאָנעם זײַנס האָט געפלאַמט מיט יענעם פאַרדעכטיקן פלאַם, פון וועלכן עס פלעגט בײַ אים שטענדיק זיך צעפלאַמערן דאָס האַרץ. איך האָב געוווּסט, אַז מיט גוטן וועט זיך דאָס ניט ענדיקן.

— וואָס איז געשען? — האָב איך געפרעגט א ציטערנדיקע.

— דאָרטן. — האָט ער אָפּגעענטפערט.

— ווו דאָרטן?

— אויף דער בויונג.

איך ווייס ניט. ווי־אַזוי דאָס אײַך דערקלערן. איך בין שוין עטלעכע יאָר געווען סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אויף אונדזער פאַבריק, און ניט פון די שלעכטע סעקרעטאַרן. שטענדיק בין איך געגאַנגען אויף א ראַיאָנישער באַראַטונג, אפילו פלעגנום פון ראַיקאָם מיט א גרינג האַרץ. בײַ מיר איז געווען אין אָרדענונג מיטן פּלאַן, מיטן סאָצגעוועט, מיט דער הינטער־אויגיקער אַגיטאַציע, מיט די פּאָליט־שמועסן און מיט אַלע איבעריקע זאַכן. נאָר פאַר מײַלעכן... איך קאָן ניט זאָגן, אַז איך האָב פאַר אים מוירע געהאַט, נאָר ווען איך האָב אַמאָל געפּרווּט צומעסטן מײַן פּאַרטייִשקייט צו זײַן אומפּאַרטייִשקייט, פלעגט מיר ווערן קאַלעמוטנע אפילו האַרצן. איך האָב ניט געקאָנט צוגלײַכן זיך צו אים. מיר האָבן געפעלט יענע הייכן, די דערהויבנקייט, די מעסירעסנעפעשקייט. מיר האָט געפעלט דאָס, וואָס ער, מײַן כאַנע און פיל אַנדערע, האָבן זיך אָנגעגנומען אין יענעם אָרעמען לייענשטיבל, ווען זיי האָבן, אונטערטאַנצנדיק פון קעלט, אײַנגעכאַזערט און דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט אַזעלכס, וואָס האָט זיי צוגעגעבן יענע גרויסע עמעסדיקייט, אומבעשאָלעמדיקייט, דאָס, וואָס פעלט ניט נאָר מיר, נאָר א סאַך אַנדערע, ווי איך, די פרישגעבאַקענע, אַפּטמאָל נאָך גאַנץ רויִע אין דעם סאַמע

איקערדיקן, דאָס, וואָס מיר אַלע ווילן זען אין אַן עכטן קאָמוניסט. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען און אין דער פולער מאָס באַנומען פּיל שפּעטער.

באַמערקט, ווי דאָס פּאָנעם צעפּלאַמט זיך בא אים וואָס אַ מאָל שטאַרקער, האָב איך מיט טיפן אומרו, ווי בעטנדיק זיך, אַ זאָג געטאָן:

— וואָס האָט דאָס דיר געטויגט?

איך האָב געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, געוואָלט דערמאָנען אים וועגן זײַן געזונט, אַז מע דאַרף זײַן געהיט, אַז יעדע מינדסטע ערגערונג קאָן אים שאַטן, נאָר ער האָט מיך ניט געלאָזט ענדיקן.

— וואָס הייסט געטויגט צי ניט געטויגט? אויב ניט איך, און ניט דו, און ניט ער, און ניט זיי!..

ס'איז געווען ווי אויסדעקלאַמירט. און ניט נאָר פאַר מיר, פאַר דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיך צערעדט אַזוי בייז, ווי ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט.

— ווי אַנדערש? ווי אַנדערש? זײַן, ווי איר, וואָס זעען אַלץ און מאַכן זיך ניט זעענדיק? אויך מיר פּאַרטיי־טוער! פּאַפּירענע נאַטשאַלניקעס! וואָס אַרום אײַך טוט זיך, ווילט איר ניט זען. זאָל מען נאָר טיפער אַ גראָב טאָן בא אײַך אין דער פאַבריק... מיינסט, אַז בא אײַך איז אַלץ אין אָרדענונג?

דערפילט, אַז ער האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, באַליידיקט מיך, מעגלעך אָן שום גרונט, האָט ער מיך אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט און אַוועקגעזעצט לעבן זיך.

— ווי פאַרשטייסטו דאָס ניט? זיי קאָנען דאָך אונדז פאַרפּאַסקודיען דעם גאַנצן סאָציאַליזם!

און איך, קוקנדיק, ווי זײַן פּאָנעם צעפּלאַמט זיך אַלץ מער, האָב אַלץ געבעטן:

— אָבער דו, דו ריזיקירסט דאָך מיטן לעבן!

— און ער, טשע געוואַראַ?

מיר איז אַ ביזאַיען אײַך דערציילן, אַז איך, דער פּאַרטיי־טוער, האָב דאַן געהערט דעם דאָזיקן נאָמען צום ערשטן מאָל, און מיר איז אַ ביזאַיען געווען איבערפרעגן. ערשט דערנאָך, דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, ווער איז געווען אָט דער עכטער רעוואָליוציאָנער, וואָס האָט די גאַנצע צײַט אײַנגעשטעלט און טאַקע אַוועקגעגעבן דאָס לעבן פאַר דער רעוואָליוציע. און איך האָב זיך דערפילט נאָך מערער שולדיק פאַר מײַן מיילעכן.

באַנאַכט איז אים געוואָרן געפערלעך שלעכט. ס'האָט אים מאַמעש ווי געוואָרגן. איך בין געזעסן לעבן אים, געפּרוּווט מיט עפּעס מיטהעלפן. מע האָט געמוזט אַרויסרופן די גיכע הילף און אַוועקפירן אים אין האָספּיטאַל פון די מילכאָמע־אינוואַלידן...



# די שײַן פון צעבלויטע פּאַרטאָגן

## מײַן וועלט

ס'איז מײַן וועלט אַן אָפּגרונט פון אַ קלאָרן טײַך,
און דעם עמעס זאָג איך אין די אויגן גלײַך.
אין מײַן האַרץ דעם לויטערן קאָנסטו זען דעם דנאָ,
אין זײַן קלאָרן אָפּגרונט איז קיין שלאַנג ניטאָ.
איך באַהאַלט ניט גאָרניט פאַר זײַן העלער פּלאַך,
ווײַל דאָס גאַנצע לעבן איז אַ ווײַטער שליאַך.
כאָטש מיר גייען ביידע אויף אַ שווערן וועג,
נאָר דאָס לעבן ברענגט אונדז צו איין שיינעם ברעג.
ווײַל אײן גלויבן פירט אונדז צו דער שענסטער וואָר,
ס'איז די ערד אַ גרויסע, נאָר מײַן וועג איז קלאָר.

## דער שוים פאַרגייט

איך ווייס, אַז פאַר מיר איז אויך טרייסט דאָ פאַראַן,
אין יאַמיקן רוישן איז ליבשאַפט מיר אויכעס געגעבן.
ווען כוואַליעס צעבויטען די שטילקײַט פון יאַם,
דוכט זיך מיר אויס, אַז עס זינגען די ברעגן.
עס פליִען די מעווס מיט פליגלען צעשפּרייט,
אויף ווײַסינקע פליגלען דעם שטורעם זיי טראָגן.
אויך איך האָב איצט פליגלען פאַר שטורעמס פאַרגרייט,
כ'זאָל קאָנען די כוואַליעס דעריאָגן.
דעם יאַם האָב איך ליב פאַר זײַן גרויזאַמער ברייט,
פאַר ווינטן, וואָס בויטען זײַן שווײַגן.
כ'הער רעדן די כוואַליעס אין יאַם שטילערהייט,
דער שוים וועט פאַרגיין, און די קלאָרקײַט וועט בלײַבן.

## ניט אַלץ, וואָס בלישטשעט

כ'האָב ליב דעם אָוונט אין מײַן הויז,
די העלע נאַכטיקע געוועבן,
ווען די לעוואָנע גייט אַרויס
מיט איר פּיל־ליכטיקײַט אין לעבן.
און איך גיי אום זיך אַזוי שטאָלץ,
באַטראַכט די שאָטנדיקע ווינקלען,
און כ'זע די פּוילע שטיקלעך האָלץ,
ווי קליינע שטערנדלעך, וואָס פינקלען.

זיי לויכטן שטענדיק אין דער נאַכט,
זיי פינקלען בלויליך פונדערווײַטנס,
דאָס האָלץ פון נאָענט איך באַטראַכט,
איך זע, ווי ס'פּוילט פון אַלע זײַטן.
נאָר שטענדיק בלישטשעט עס ווי גאָלד,
אין אָוונט פינקלט עס ווי פײַער,
ניט אַלץ, וואָס בלישטשעט, האָב איך האָלט,
ניט אַלץ, וואָס פינקלט, איז מיר טײַער.



די רעדאקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק דעם דיכטער יוסעף בוכבינדער מיט זײַן 80־טן געבורטסטאָג און ווינטשן אים געזונט, אריכאס־יאָמים און נײַע שעפערישע דערפאָלגן.

## כ'וועל ניט אַנבייגן מײַן קאָפּ

כ'וועל ניט אַנבייגן מײַן קאָפּ פאַר דיר,
דאָס אַלץ געזעצלעכע איך דאַרף ניט בעטן,
פאַר די, וואָס כאַפּנען, פאַרשליס די טיר,
זיי זאָלן קיינמאָל אױף דײַן שוועל ניט טרעטן.
דורך טירן פאַדערשטע איך קום צו דיר,
מײַן האַרץ אַנטפּלעקט פאַר דיר גערעכטע טײַנע,
נאָר כ'זע, מע רוקט זיך דורך דײַן הינטער־טיר
מיט דינע שמייכעלעך,מיט בליקן פײַנע.
דאַן זאָג איך נאָכאַמאָל פאַר דיר אַליין,
און זאָל די ערלעכקייט פון דעם איצט וויסן:
פאַראַן אַ פאָדער־טיר דורכוואָגן גיין,
און כ'וועל די הינטער־טיר פאַר זיי פאַרשליסן.

* * *

שטייען ביימער אױף בערגלעך מיט ליפּן פאַרשמאַכטע,
גלײַך ווי בא זיי איז אַ טאַנעס,
און פייגל אױף צווײַגן מיט אויגן פאַרמאַכטע
פאַרבייגן די קעפּ מיט ראַכמאָנעס.
פרעג איך די וועגן, די בערגלעך פאַרטראַכטע:
זאָגט מיר, וואָס מורמלט איר דאָרטן מיט ליפּן פאַרשמאַכטע
אױף די קוואַרים פון אָוועס?
ענטפערן אַלע: בא אונדז איז אַ טאַנעס.
מיר זײַנען איצט מאַזקיר, מאַזקיר נעשאָמעס,
נאָך ברידער און שוועסטער, נאָך אומזיסטע קאָרבאָנעס.

## שטער ניט דער ערד

שטער ניט דער ערד, זאָל זי זינגען וויפל זי וויל
און וויפל זי קען נאַר,
זאָלן פייגל פון וועלדער איר מיטהעלפן שטיל
מיט צאַרטע פּילשטימיקע טענער.
פאַרקלעמסטו מיט צוואַנגען אַ פרייַען געפיל,
קאַרטשעט ער איַין זיך, ווי טרוקענע שפענער,
פאַרשפּאַרסטו אין האַרצן אַ ליכטיקן ציל,
ווערט די בענקשאַפט נאָך פרייַהייַט
אַלץ שטאַרקער און שענער.
בלויז אַ קליינינקער פונק קומט צו גיין אין דער שטיל,
צינדט ער אָן מייַן באַגער און צעפלאַקערט אים העלער,
איז שטער ניט דער ערד, איר געזאַנג אינדערפרי
ווען זי זינגען אין אָוונט נאָך טויזנט מאָל שענער.

## פאַרבליבענע

פאַרבליבענע וועלן דערמאָנען,
פאַרבליבענע וועלן געפינען
אַלץ, וואָס פון לאַנג איז אַנטרונען,
סיַי די שיינקייַט פון קינדהייַט,
סיַי די דרייסטקייַט פון יוגנט,
וואָס איך האָב געזוכט
און ביז איצט ניט געפונען.
געפינען דאָס אַלץ וועלן פאַרבליבענע פרייַנט,
בלויז זיי וועלן ברענגען מיט טרייַשאַפט צו טראָגן
צו אַלעמענס שוועלן פון דעם זיכערן הייַנט,
יענע שיַין פון צעבליטע פאַרטאָגן.

## איך דערמאָן זיך

צו דיר, מייַן פרייַנט, איז איצט
מייַן ליד געווענדט,
מייַן שטיל געזאַנג פון אַ פאַרלאָשן לעבן,
מיר האָט אַ בענקשאַפט הייַנט
דאָס האַרץ פאַרקלעמט,
דערמאָנונג האָט מיך אָנגעהויבן וועקן.
איך האָב דערזען מייַן היים, דערזען מייַן הויז,
וואָס האָט געסטאַרטשעט,
ווי אַ שטענגל אָן אַ רויז.
צעטראָגן האָט אַ ווינט די בלעטער בייזן וואַקסן.
די קינדהייַט פון מייַן פאָטער
איז פאַרשווונדן שווער,
זיַין לעבן, ווי אַ רעדל,
אַ פאַרלוירנס פון די אַקסן,
געבליבן אין זיקאָרן, ווי אַ קייַלעכדיקע טרער.
פונדאַנען הייבט זיך אָן דאָס שטיל געזאַנג:
אַ לעבן איז פאַרלאָשן, ווי אַ זוניקער פאַרגאַנג...
פונדאַנען הייבט זיך אָן איצט די געשיכטע
פון מייַן פאָטער, וואָס האָט אָפּגעהאַר'וועט שווער,
אין די וועלדער אין וואַלינער אין געדיכטע.
דעמבעס אָנגעהאַקט ער האָט וואָס מער:
וועגענער פאַר פּויערים פאַרגרייטן,
אַרייַנצופירן זאַטקייַט אין די טויקן.
געהאָרעוועט האָט מייַן טאַטע טאָג ווי נאַכט,
אָנגעטעסעט גאַנצע בערג מיט שפענער,
זיַינע יאַגנדיקע רעדער אָפן שליאַך
האָבן אויסגעקלונגען וווּנדערלעכע טענער.
פרעגן איצט די וועגן אינעם קאַנט:
ווו זיַינען זיי, די אויסגעשניצטע רעדער?
פרייַנט מייַנער פון היימלאַנד, הער מיך אויס,
טרערן גיסן ווען איצט ניט מייַן אויג,
כ'בין אַ יאַם מיט ניט קיין אויסגעשעפּטן ברויז,
פאַר אַ שטורעם כ'האָב זיך קיינמאָל
ניט פאַרנויגט.
מיך האָט אויסגעכאָוועט מאַטערניש און מי,
פאַרן צאַרן כ'וועל ניט פאַלן אָף די קני.
אָף די פעלדער אָף וואָלינער שפּאַן איך אום,
און איך זאָג אַזוי צום וווּנדערלעכן קאַנט:
ווי אַ זינגער אַ געטרייַער וועט דייַן זון
צוזיפשאַרן די טרערן אינעם זאַמד.
אויסשניצן די ספּיצעס וועל איך שיין,
אַלע רעדער כ'וועל פאַריכטן, פרייַנט, אַליין.

---

ט ע ו י ע  ג ע ן

# מאַנאַלאַגן אין וואלד

## א פושקעלע אש

די טעג אין אָפּרו־הויז גייען, די שפּאצירן און מאַנאַלאַגן אין וואלד ווערן פאַרגעזעצט. באָריס איסאקאָוויטש דערציילט, און שאדאָווער הערט און פארשרײַבט.

— אזויווי איר קוקט מיך אָן, דעם אלטן שוסטער, — האָט באָריס איסאקאָוויטש אָנגעהויבן א נײַעם מאָנאָלאָג, — אײַך מעג איך דערציילן, איר זײַט א שרײַבער, און א שרײַבער איז אזוי־ווי א דאָקטער — פאר אים דארפן קיין סוידעס ניט זײַן. כ׳וועל נאָר אײַך נאָכאמאָל בעטן, איר זאָלט ניט אָנרופן מײַן פאמיליע־נאָמען, ס׳זײַנען פאראן זאכן, וואָס ניט פאר אלעמען פלוידערט מען ארויס, אפילע פאר דעם אייגענעם ווײַב...

הערט זשע. איר וועט לאכן, אלע מײַנע יאָרן בין איך געווען שטארק א וואָליובטשיוועער, כ׳מיין א פארליבטער, אזא כאראקטער איז בא מיר. איך פארליב זיך. אפילע דאָ אין אָפּרו־הויז... האָב איך זיך שוין אויך פארליבט, עס זיצט בא א טישל אנטקעגן מיר א שיינע פרוי, האָב איך האנאָע צו קוקן, ווי זי עסט; אז זי טאנצט, קוק איך ווי זי טאנצט; אז איך זע זי ניט — טראכט איך, ווו איז זי? אין מײַן זײַט קוקט זי ניט, זי האָט יינגערע, שענערע פון מיר. העלפט גאָט, ס׳רײַסט זיך בא איר אָפּ א רימענדל פון א טופעלקע, א טאנקעטקע, ווײַזט מען איר אָן אף מיר: „טוט דעם אלטן א בעט, ער וועט אײַך דאָס רימענדל צונייען!״ און אז איך האָב צוגענייט, און זי האָט א שמייכל געטאָן צו מיר, בין איך געווען אפן זיבעטן הימל!

בא אונדז אין שטעטעלע ריבינעץ האָב איך קיינמאָל ניט געהערט, אז א מאן זאָל... כ׳האָב פארגעסן, ווי ס׳איז אף יידיש איזמעניע, איזמעניאיען.

— פאראט, פאראטן, — האָט שאדאָווער דערקלערט.

— יאָ, פאראט... פאראטן... מע האָט ניט געהערט אין ריבינעץ, אז א מאן זאָל פאראטן זײַן ווײַב, ס׳וואָלט זיך געטאָן כוישעך. און אין דער שטאָט, ווו איך האָב דערנאָך געוווינט, האָט זיך יאָ געמאכט, אז א שוסטער פון דער לעקערט־פאבריק זאָל זיך שטארק באפרײַנדן מיט א זאָלאָ־טאָשווייע, כ׳מיין א גאָלד־אויסנייטערן. די לעקערטאָווצעס זײַנען געגאנגען אין טיובעטייקעלעך, וואָס עס האָבן אויסגענייט די גאָלד־נייטערקעס, און די מיידלעך און ווײַבלעך האָבן געטראָגן שיך און סאפּאָזשקעס, וואָס עס האָבן געמאכט די באלמעלאָכעס פון דער שוסטער־פאבריק. איצט זעט מען שוין ניט, אז אפילע א קליין יינגעלע אָדער א מיידעלע זאָל גיין מיט א לאטקע אף א שוך, מע קויפט גלײַך נײַע. יעדן מאָל — א נײַ גארניטערל, א נײַ היטעלע, נײַע שיכעלעך. אז איך קוק, ווי די קינדער גייען אָנגעטאָן אין די טײַערע שטיוועלעך אף די פיס, מיט די דיפּלאָמאטן אין די הענט, טראכט איך: ריבוינעשעלוילעם, באם גרעסטן נאָגיד איז דאָך זײַן טעכטערל ניט געגאנגען

פ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד״ נומ. 2, 1986.

אזוי שײן אָנגעטאָן, ווי ס'גײט די צוועלפיאָריקע וואַליעטשקע פון אונדזער הויז. איר מאַמע איז... פאַרגעסן, ווי ס'איז אױף ייִדיש אובאַרשטשיצע.

— אופּראַמערן.

— יאָ, אופּראַמערן. נו, פאַר דער מילכאָמע איז מען שוין אויך געגאַנגען ניט שלעכט אָנגע־טאָן, אָבער אין די מילכאָמע־יאָרן איז מען געוואָרן אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, און נאָך דער מיל־כאָמע... בא מיר אין שטוב נאָך דער אַרבעט אױף דער פאַבריק האָט זיך ניט צוגעמאַכט די טיר: לײגן א לאַטקע, מאַכן א נאַבאַיקע, אויסגלײַכן א קנאָפּל, דאָס קינד האָט ניט אין וואָס אַרויסצוגײן און אַלײן איז מען אויך באָרוועס, ס'וועט בא אײַך געדויערן איין מינוט. — האָט מען געבעטן מיט ראַכמים בא מיר.

טו איך דאָס, וואָס מע דאַרף, און דאָס ווײַבל, צי דאָס מײדל, נעמט אַרויס צו באַצאָלן א פּינ־פערל, דאַן זײַנען נאָך געווען די אַלטע גרויסע געלטן.

— צופּיל, — זאָג איך, — פאַר איין לאַטקעלע.

— איז א דרײַערל, — דערלאַנגט מען א קלענער פּאַפּירל.

— אויך צופּיל. לויטן פּרייסקוראַנט איז פופציק קאָפּיקעס, וועל איך זיך ניט נאַריש מאַכן, — אזוי ענטפער איך.

— וואָס זשע ווילט איר? — פרעגט מען בא מיר.

און כ'דאַרף אײַך זאָגן, אז די זאַלאַטאָשוויקעס אונדזערע און די קרושעווניצעס, כ'מיין גאָלדנײַטערקעס און די שפּיצנמאַכערקעס, די ווײַבלעך, ווי די מײדלעך, זײַנען אַלע זייער שיינע, אײנע אין איינע. כ'וויס גאַרניט, אױף וועלכע הייוון זיי וואַקסן, אױף וועלכע גראָזן זיי פּיטערן זיך. ס'איז בא אונדז ניעטשערנאָזעמיע, ניט שוואַרצערד, נאָר די ערד איז א זאַמדיקע און ס'וואַקסט גוט קאַרטאָפל, איז ווײַזט אויס, פון די קאַרטאָפליעס, וואָס זיי עסן, זײַנען זיי אַזעלכע געראָטענע. די באַקן זײַנען רויטע, די ברוסטן — פולע, די הענט — כאַטש זיי האָבן צו טאָן מיט אײדעלער מע־לאַכע גאָלדענע פּעדעם, דינע שפּיצן, זײַנען האַרטע, ווי בא מאַנצבלען. איך שטעל אונטער מײַן באַק, און א זאַלאַטאָשוויקע טוט אין איר א טשמאָקע מיט די זאַפטיקע ליפּן, איז דאָס ווערט הונ־דערט לאַטקעס און נאַבאַיקעס. איך וויש אָפּגיך אָפּ די באַק, קאַלזמאַן מײַן קרײנדל איז ניט אַרײַן און ניט דערזען, זי איז א ביסל א... פאַרגעסן, ווי ס'איז אױף ייִדיש רעווניווע.

— אײפערזיכטיקע.

— יאָ, אײפערזיכטיקע... ס'איז א פּאַסקודנע זאַך. אויב איך האָב אַמאָל קעגן מײַן ווײַב געזינ־דיקט, איז נאָר אין געדאַנק. וואָס הייסט איזמעניאַיען, פאַראַטן? קאָן זי אָבער אפילו ניט איבערטראָגן, אז איך טו זיך אַמאָל א כאַכמע מיט א פרעמד ווײַבל. איך האָב אופגענייט קרײנדלען א פּאָר סאַ־פּאָזשקעס, בעט מיך די שוועגערן, קרײנדלס שוועסטער, כ'זאָל איר אויך אופנייען. איך ניי אוף, און יעדן מאָל לויפט די שוועגערן אַרײַן מיט א נײַס: דאָ קוועטשט, דאָרטן איז צו פרײַ. פּוסטע ריידן! ווו קוועטשט? ווו איז פרײַ? „דאָס סאַפּאָזשקעלע, — זאָג איך, — זיצט דאָך אױף דײַן פוס, ווי בא א באַלערינע" שמעלצט זי זיך, די שוועגערן, פונעם קאָמפּלימענט, צוליב דעם איז זי גע־לאָפן, קעדיי דאָס צו הערן פון מיר.

— שפּיגלסט זיך אין אירע פיס, ווי אין א סקולפּטורע, — וואַרפט מיר דערנאָך אויס מײַן קרײנדל.

— ס'איז מיר געפעלן מײַן שטיקל אַרבעט, — פאַרענטפער איך זיך.

— ניט די אַרבעט...

— וואָס זשע דען?

— זי, מײַן שוועסטער, איז דיר געפעלן! — און דאָס פּאָנעם איז רויט, די אויגן וועלן באַלד זיך אָנגיסן מיט טרערן. אזא מענטש, א רעווניווע, כ'מיין, אן אײפערזיכטיקע.

פאַר מײַן גאַנצן לעבן בין איך כוץ אין מײַן ווײַב, קרײנדלען, געווען אױף אן עמעס פאַרליבט נאָר אין נאָך איין פרוי. איך דערצײל אײַך אַלץ, ווי דאָס איז. מיט די איבעריקע האָב איך נאָר געשפּאַסט און זיך געוועוטלט. אז איך זע זייער א שיינע פרוי, ווער איך אַזויווי קראַנק אױף א גריפּ — א פּאָר טעג האַלט א הויכע טעמפּעראַטור, דערנאָך פאַלט די היץ אַראָפּ און מע פאַר־געסט, אז מע איז געווען קראַנק, אָבער יענע פרוי... איר וועט מיר גלייבן? — שטענדיק שטייט זי מיר פאַר די אויגן. איר ווייסט דאָך, בא אונדז האָט מען ליב פאַרשײדענע... פאַרגעסן, ווי ס'איז אױף ייִדיש סאָרעווגאָוואַניעס...

— פאַרמעסטונגען.

— יאָ, פאַרמעסטונגען. האָט מען מיט יאָרן צוריק, ווען כ'האָב נאָך געאַרבעט אױף דער לעקערט־פאַבריק, דורכגעפירט אין דער שטאָט סורדזשעווסק א פאַרמעסטונג צווישן די בעסטע שוסטערס: ווער פון זיי וועט מאַכן אזא און אזא אָפּעראַציע — גיכער, בעסער, עקאָנאָמנער? נו, די וויכטיקסטע אָפּעראַציע בא א שוסטער, ווי בא א שנײַדער, איז צושנײַדן, מאַכן די זאַגאָטאָווקע. כ'האָב אײַך,

דוכט מיר, שוין געזאָגט, אַז אױף דעם בין איך אַ מײַסטער. איך האָב זיך גוט אױסגעלערנט די מעלאָכע, װען כ'בין געװען נאָך אַ יונגער באָכער, איך באַרים זיך ניט... אין סורדזשעװסק איז פֿאַראַן אַ שוך־פֿאַבריק, און אַהין איז מען זיך צונױפֿגעפֿאָרן פֿון די פֿאַבריקן — פֿון מאָסקװע, לענינגראַד, כאַרקאָװ — פֿון אומעטום. שטעלט זיך פֿאָר, איך האָב געגומען דעם צװײטן פּריז. לעקאָװעד אונדז, שוסטערס, האָט מען געמאַכט אַן אָװנט אין לאָקאָמאָטיװ־דעפּאָ, דעם גרעסטן קלוב אין שטאָט מיט זײער אַ שײנעם זאַל. מיר, די פּריזיאָרן, זײַנען געזעסן אין פּרעזידיום, איך האָב קײנמאָל זיך ניט געפֿילט אַזױ געהױבן, אַזױ יאָמטעװדיק, אַזאַ באַלסימכע, װי דעמלט. און װײסט איר, פֿאַרװאָס? לעבן מיר, בײַ דער רעכטער האַנט, איז געזעסן זײער אַ כײנעװדיקע פֿרױ. און יעדן מאָל האָט מען אונדז סנימײַעט, כ'מײן אַראָפּגענומען פֿאַר דער טעלעװיזיע, און יעדן מאָל, װען די פּראָזשעקטאָרס האָבן זיך אָנגעצונדן און זיך אָנגעשטעלט אױפֿן פּרעזידיום, האָט מײַן שכײנע אױסגעקערעװעט צו מיר דאָס פּאָנעם, קעדײ צו פֿאַרשטעלן זיך פֿון דער פֿאַרבלענדנדיקער שײַן, און דערבײַ אַ שמײכל געטאָן צו מיר מיט אַזאַ גוטן פֿרײַנטלעכן שמײכל, אַז ס'האָט מיר אַרײַנגעלויכטן אין דער נעשאָמע. דער פֿאַרזיצער פֿונעם אָװנט האָט אױסגערופֿן איר פֿאַמיליע — בוגעל ליובאָװ װאַסיליעװנאַ. זי האָט זיך אױפֿגעהױבן, מיט אַ גרינגן טראָט, װי אַ יונג מײדל, צוגעגאַנגען צו דער טריבונע און מיט אַ קאָל, אױך אַ יונגן, קלינגענדיקן, גענומען רײדן. זי האָט באַגריסט די אָנטײלנעמער פֿונעם קאָנקורס. דערנאָך, װען זי האָט זיך צוריק אַװעקגעזעצט אױף איר אָרט, האָט זי זיך אָנגעבױגן צו מיר און שטיל געפֿרעגט: „איך האָב גערעדט נישקאָשעו?" „אױסגעצײכנט! אַ דאַנק!" — האָב איך געענטפֿערט און אַ דריק איר געטאָן די האַנט. נאָכן אָװנט איז די פֿרױ בײַ מיר ניט אַרױס פֿונעם קאָפּ, כ'האָב געפֿילט איר האַנט אין מײַנער, כ'האָב געזען, װי ס'לױכטן אין שײַן פֿונעם פּראָזשעקטאָר אירע אױגן, אַזױװי מע װאָלט זײ מיט אַ רעגנטען דורכגעלויכטן אױף דורך און דורך.

איך האָב זיך דערװוּסט, אַז פֿריִער איז זי געװען דירעקטאָר פֿון דער היגער שוך־פֿאַבריק, איר מאַן יעפֿים בוגעל איז געװען אַ מאַשיניסט. צװישן די ערשטע אין לאַנד האָבן די מאַשיניסטן פֿון סורדזשעװסקער דעפּאָ אָנגעהױבן פֿירן שװערסטע... פֿאַרגעסן, װי ס'איז אױף ייִדיש טאָװאַרני פּאָיעזדן.

— פֿראַכט־צוגן.

— יאָ. פֿראַכט־צוגן. מילכאָמע־צײַט האָט בוגעל געפֿירט עשעלאָנען צום פֿראָנט. ער איז אומגעקומען, פֿאַרברענט געװאָרן אין דער קאַבינע פֿונעם לאָקאָמאָטיװ בײַס אַן אָנפֿאַל פֿון דײַטשישע באָמבאַרדיראָװשטשיקעס. מע האָט מיר געזאָגט, אַז אױפֿן הױז, װוּ ער האָט געװױנט, איז צוגעקלאַפּט אַ טאָװל אין זײַן אָנדענק. איך האָב זיך פֿאַרינטערעסירט און אױף מאָרגן אַװעק אַהין. דעם מידמלנעם טאָװל האָב איך געפֿונען אױף אַ װאַנט פֿון אַ קלײן הילצערן שטיבל, װאָס שטײט עפּעס אַזױװי אַ יעסוימעלע צװישן צװײ גרױסע ציגלנע מױערן, אײן גאָט װײסט, װיאַזױ בײַסן בױען די פּילעטאָזשנע געבײַדעס האָט מען זיך אױסגעקליגערט און דאָס דאָזיקע שטיבעלע פֿאַרהיט. אינעם מאָנטשינקן הױפֿל האָב איך דערזען ליובאָװ װאַסיליעװנען. זי האָט צוזאַמענגענומען שטיקלעך ציגל, העלצלעך, פֿאַרטריקנטע לײם און האָט אַלץ געװאָרפֿן אין אַ גרױסן זאַק. װײַזט אױס, אין שטוב איז געװען אַ רעמאָנט, אָדער מע האָט איבערגעלײגט אַן אױװן. דער זאַק איז שוין געװען פֿול, האָט זי יעדן מאָל, װען זי האָט געדאַרפֿט אַרײַנװאַרפֿן אַהין אַ ביסל מיסט, געגעבן דעם זאַק אַ שטאַרקן טרײסל, עס זאָל אַרײַן נאָך. זי איז געװען אַזױ פֿאַרטאָן אין דער אַרבעט, אַז זי האָט צוערשט מיך ניט באַמערקט. איך בין געשטאַנען און האָב געקוקט, װי פֿלינק און פֿלײַסיק זי האָרעװעט, נאָר װען זי האָט אױפֿגעהױבן דעם זאַק אַרױפֿצװאַרפֿן אים צו זיך אױף דער פּלײצע, בין איך אונטערגעלאָפֿן און אים אַ כאַפּ געטאָן פֿון אירע הענט. זי האָט פֿון אומגעריכטקײט אַפֿילע זיך איבערגעשראָקן, װי כ'װאָלט געװאָלט אַװעקרױבן דעם אוצער. דערנאָך האָט זי מיך דערקענט. „אַך, דאָס זײַט איר?" — און די זעלבע אױגן מיט די בלױע קײַקעלעך אין דער טיף, װאָס כ'האָב נעכטן געזען אין דער ליכט פֿון די פּראָזשעקטאָרס, האָבן איצט װידער אַ לױכט געטאָן — בײַ דער זוניקער שײַן. ס'איז געװען אַ זוניקער טאָג.

— װוּהין דאַרף מען אים טראָגן? — האָב איך קורץ געפֿרעגט, האָבנדיק שוין אַרױפֿגעװאָרפֿן דעם זאַק אױף מײַן פּלײצע.

— אינדערנאָענט שטײען קאָנטײנערס, אָבער זײ װעלן גיך פֿול װערן, אױב מע װעט אין זײ שיטן אַזעלכע זעק, — האָט זי געענטפֿערט, — איך טראָג װײַט פֿונדאַנען. אָבער לאָזט... איר װעט זיך אױסשמירן, — זי האָט אױסגעצױגן די האַנט צום זאַק, נאָר איך האָב שוין אַװעקגעשפּאַנט מיט אים צו דער קאַליטקע, ליובאָװ װאַסיליעװנאַ איז נאָכגעגאַנגען פֿון הינטן, דערנאָך איז זי אַװעק פֿאָרױס — װײַזן דעם װעג, װוּהין מע דאַרף טראָגן.

— אַזאַ אומגעריכטער באַהעלפֿער, — האָט זי זיך געװוּנדערט.

אױף צוריקװעגס האָט זי מיך אײַנגעלאַדן אַרײַנגײן צו איר אין שטוב, געפֿירט דאָרטן אין צװײ ניט גרױסע צימערן, װי מע פֿירט אין אַ מוזײ, פֿון װאַנט צו װאַנט. אינעם ערשטן צימער אױף אַ װאַנט, אין סאַמע צענטער, הענגט יעפֿים בוגעלס אַ גרױסער פּאָרטרעט — אַ מאַנצבל אין אַ לע־

דערנער קעפּקע מיט אַ לאַקירטן דאַשעק, אין אַ בלויער קורטקע, אַלט אַ יאָר דרײַסיק. אויף אַ צווייטער פֿאָטאָגראַפֿיע שטייט ער בײַ דער פּאָדערשטער ראָד פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו, אויף אַנדערע פֿאָטאָגראַפֿיעס איז ער אין פֿאַרשיידענע צעכן פֿון דער דעפּאָ, צווישן מאַשיניסטן. אויף אַ טישל ליגט אַ בוך, וואָס איז אויפֿגעמישט אויפֿן זײַטל, ווו עס ווערט דערציילט וועגן בוגעלס אויפֿטוען.

נאָך דעם, ווי זי האָט מיר אַלץ באַוויזן, ווי אַן עקסקורסאַנט, האָט זי מיך פֿאַרבעטן אין קיך, אַוועקגעזעצט בײַ אַ טישל, און מיר האָבן צוזאַמען געטרונקען טיי.

— מײַן מיידלשע פֿאַמיליע איז סטראַדאַיעווא... ס'איז נעקראַסאָווישע פֿאַמיליע, — האָט זי געזאָגט. — איך האָב זיך גענוג אָנגעליטן, נאָר מיט אים בין איך געווען גליקלעך, — זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו דער אָפֿענער טיר, וואָס פֿירט אין „מוזיי".

די טיי האָב איך שוין אויסגעטרונקען, וועגן בוגעלן ווייס איך שוין אויך אַלץ, כ'דאַרף זיך אויפֿהייבן און אַוועקגיין, נאָר איך זיץ. ס'ווילט זיך מיר ווײַטער ציִען די באַקאַנטשאַפֿט, און ס'פֿאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק אויפֿנייען איר אַ פּאָר טופֿליעס, זי זאָל האַנאַע האָבן. כ'האָב זיך ניט אײַנגעהאַלטן און איר געזאָגט וועגן דעם. זי האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס אַן עמעס איז אַן עמעס, איר ווייסט דאָך — אַלע שוסטערס גייען באָרוועס, און איך, די געוועזענע דירעקטאָרשע פֿון אַ שוך־פֿאַבריק, אויך. אין אונדזער מאַגאַזין „קאַבלוטשאָק" קאָן איך טאַקע ניט קריגן אַ פּאָר מענטשלעכע טופֿליעס, וואָס איך דאַרף, נאָר אויף שפּילקעס און אויף פּלאַטפֿאָרמעס, די פֿיס ניט אויפֿצוהייבן.

— זעט איר, האָב איך דאָך צוגעטראָפֿן, — האָב איך זיך דערפֿרייט, און זי האָט ווידער זיך צעלאַכט.

— צוליב דעם זײַט איר געקומען אַהער — נייען מיר טופֿליעס? איך האָב דאָ גענוג באַקאַנטע שוסטערס, וואָס וועלן אויפֿנייען, נאָר כ'לייג אַלץ אָפּ, ביזוואַנען ס'האַלט זיך נאָך דאָס אַלטע שוכוואַרג.

— איר דאַרפֿט ניט אָפּלייגן, איך נעם שוין אַראָפּ אַ מאָס, — האָב איך געזאָגט.

— איר פֿאָרט דאָך אַוועק...

— יאָ, איך פֿאָר אַוועק, נאָר אין צען טעג אַרום נאָך מײַן אַוועקפֿאָרן קריגט איר אַ קעסטעלע מיט טופֿליעס, אַזעלכע, ווי איר דאַרפֿט, און טראָגט זיי געזונטערהייט.

— איר זײַט זייער אַ מאָדנער. כ'ווייס ניט, צוליב וואָס איר דאַרפֿט דאָס.

— איך דאַרף! וואָס אַרט אײַך?

און איך האָב טאַקע גלײַך אַראָפּגענומען אַ מאָס. און ווען כ'האָב זיך אומגעקערט אַהיים, טייקעף זיך גענומען צו דער אַרבעט. קיין גרעסערן פֿאַרגעניגן האָב איך מער קיינמאָל ניט געהאַט. אַ מעשוגענער, האַ? ס'האָט עפּעס אַלץ געזונגען אין מיר! כ'האָב אינעם שטיקל לעדער, אין די רימענדלעך, אין די טשוועקלעך אַרײַנגעלייגט אַ שטיק האַרץ. כ'האָב אַוועקגעשיקט די באַנדעראָל און געציילט די טעג, ווען זי וועט עס קריגן. כ'האָב איבערגעלעבט — טאָמער האָב איך געהאַט אַ טאָעס און ערגעץ־ווו וועט זײַן ענג אָדער ס'וועט איר בּיכלל ניט געפֿעלן. ס'האָט מיך פֿאַרדראָסן, וואָס כ'האָב ניט געבעטן שיקן אַ טעלעגראַם, ווען זי וועט דאָס פּעקעלע קריגן, כ'האָב געדאַרפֿט נאָר הערן דרײַ ווערטער: אַלץ איז צו דער מאָס.

קיין טעלעגראַם האָט זי ניט געשיקט, נאָר אָנגעשריבן אַ בריוו אויף צוויי זײַטלעך און געדאַנקט. יעדעס וואָרט פֿונעם בריוול האָב איך אויסגעלערנט אויף אויסווייניק.

די עטלעכע טעג, וואָס איך בין געווען אין סורדזשעווסק, די אַנדערהאַלבן־צוויי שאָ, וואָס איך בין געזעסן אין קלוב אין פּרעזידיום, די פּאָר שאָ, וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין בוגעלס „מוזיי", זײַנען בײַ מיר געוואָרן די גליקלעכסטע טעג, די גליקלעכסטע שאָען און מינוטן. ס'האָט מיר געדוכט — זאָל זי זאָגן, מיר אָנשרײַבן, כ'זאָל זיך אויפֿהייבן פֿון מײַן אָרט און קומען צו פֿאָרן, וועל איך טייקעף אַזוי טאָן.

איצט הערט ווײַטער. אין מאָסקווע האָט זי געהאַט קרובֿים, און איין מאָל אין צוויי אָדער דרײַ יאָר פֿלעגט זי צו זיי קומען צוגאַסט. דאַן האָט זי צו מיר אָנגעקלונגען, און איך, אונטער פֿאַרשיידענע טערוצים, וואָס כ'האָב געזאָגט דעם ווײַב, שאָענלאַנג פֿאַרבראַכט מיטן ליבן גאַסט. מיר האָבן שפּאַצירט איבער דער גאָרקי־גאַס, געזעסן לעבן פֿאָנטאַן באַם גרויסן טעאַטער, גאָר עפּעס ווי יונגיטשקע פֿאַרליבטע. כ'שווער אײַך, ס'איז געווען אַ ריינע, קרישטאָל־ריינע ליבע. מײַן סאָוועסט, כ'מיין געוויסן, איז בײַ מיר פֿאַרן ווײַב געווען ריין און כ'האָב איר געקאָנט קוקן אין די אויגן.

באָריס איסאַקאָוויטש האָט פּלוצעם אַ הויכן זיפֿץ געטאָן, אויף לאַנג אַנשוויגן געוואָרן. שווײַגנדיק זײַנען מיר דערגאַנגען ביזן סאַמע סוף פֿון דער סטעזשקע, און ווען מיר האָבן פֿאַרקערעוועט אויף צוריק, האָט ער פֿאַרגעזעצט דערציילן מיט אַן אומעט אין קאָל:

— מײַן ליבער פֿרײַנט, ס'איז אײַך ניט אויסגעקומען צו זײַן אויף דער מאָסקווער מעטראָסטאַנציע „קאַשירסקאַיאַ"? ווען איר גייט אַרויס דאָרטן פֿון מעטראָ, דערזעט איר פֿון דער רעכטער

זײַט, אנטקעגן דעם קאַשירער שאָסיי־וועג, אַן אָפּגעזונדערט און דערווײַטערט פון די אַנדערע געבײַען זייער אַ שיינעם מויער, אין דער פאָרם פון אַ קרײַז, צי אַ האַלבקרײַז, אַזוי ווי אַ צירק. ברייטע שטיינערנע טרעפּ פירן צו די פּאַראַדנע ארײַנגענג. אַ גיכער ליפט הייבט אײַך אוף אַף אַוועלכן שטאָק איר באַדאַרפט, און איר גייט אין אַ לאַבירינט פון קאָרידאָרן, וועסטיבולן, פּאַלאַטעס. אַף אַ סאַך טירן איז אָנגעשריבן „פּראָפעסאָר", „דאָצענט", ניט אַזוי ווי אין אַ שפּיטאָל אָדער פּאָליקליניק מיט שילדלעך „דאָקטער". די דאָקטוירים זײַנען דאָ הויכע געלערנטע, און דער גאַנצער מויער הייסט אָנקאָלאָגישער צענטער, מע האָט אים אויסגעבויט אַף די געלטן, וועלכע מע האָט פאַרדינט פון איינעם אַ סובאָטניק, כ'מיין שאַבעסניק, וואָס מע האָט דורכגעפירט אין לאַנד. מע זאָל אַהער ניט דאַרפן אָנקומען, נאָר נייטיק איז ער זייער.

שטעלט זיך פאָר, אין איינעם אַ שיינעם... ניין, גאָרניט קיין שיינעם, נאָר אין זייער אַ וויסטן פינצטערן טאָג קלינגט מיר אָן ליובאָוו וואַסיליעוונאַ אין טעלעפאָן. זי איז געקומען קיין מאָסקווע, דערפרייט איך זיך, מיר וועלן זיך ווידער זען, מיר וועלן ווידער שפּאַצירן צוזאַמען.

— פונוואַנען קלינגט איר, ליובאָוו וואַסיליעוונאַ? — וויל איך וויסן. — צו וועמען פון די קרויווים זײַט איר איצטיקס מאָל ארײַנגעפאָרן?

און מיט יעדן וואָרט, וואָס זי ענטפערט מיר, פיל איך, ווי ס'ווערט בײַ מיר אַלץ מער צונויפגעפרעסט דאָס האַרץ: זי איז אינעם אָנקאָלאָגישן צענטער.

אין צוויי שאָ אַרום, — אַזויפיל האָט פאַרנומען דער וועג, בין איך געווען בײַ איר. זי איז געשטאַנען אין דרויסן, בײַם ארײַנגאַנג און געוואַרט. זי האָט אויסגעזען שיין און ליב, אַזוי ווי פריִער, קיין ענדערונגען האָב איך ניט באַמערקט. ס'איז געווען פרילינג, און זי איז געווען אָנגעטאָן אין איר גרינעם דעמיסעזאָנעם מאַנטל, וואָס כ'האָב ניט איין מאָל געזען אַף איר, אויפן קאָפּ — דאָס אַנדאַטרעווע שיין היטעלע, אַף די פיס — די טופליעס, וואָס איך האָב אויפגענייט, זיי זײַנען געווען אַזויווי נײַע. ווײַזט אויס, זי טראָגט זיי ניט אָפט. אַף אַ ווײַלע האָב איך פאַרגעסן, ווו איך געפין זיך, און ס'האָט מיך זייער געפרייט, וואָס אָט האָבן מיר ווידער זיך געטראָפן, מיר זײַנען ווידער זאַלבענאַנד. מיר זײַנען ניט גלײַך ארײַן אין קאָרפּוס, אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום דעם מויער, אַוועקגעזעצט זיך אַף דער זון אַף אַ באַנק אָנצוּוואַרעמען זיך, דערנאָך איז זי אַוועק צו זיך אין פּאַלאַטע, און איך בין ארײַן צו „איר" פּראָפעסאָר, וואָס, ווי זי האָט מיר געזאָגט, ער וועט מאַכן די אָפּעראַציע. נאָך אַ גאַנץ יונגער מענטש, זעט גאָר אויס ווי אַ סטודענט.

— איר זײַט איר מאַן? — האָט ער געפרעגט בײַ מיר.

— ניין.

— אַ ברודער?

— ניין.

ער האָט אַ כמיקע געטאָן: „פּאָניאַטנאָ", „פאַרשטענדלעך".
איך האָב גענומען זיך נאָכפרעגן וועגן איר צושטאַנד.

— אַלע וועלן מיר שטאַרבן, — האָט ער געענטפערט. — די אָפּעראַציע וועלן מיר מאַכן נאָך די מײַ־יאָמטויווים.

— אַזוי לאַנג וועט איר אויסקומען וואַרטן? — האָב איך זיך פאַרוווּנדערט, — ס'איז דאָך נאָך קימאַט אַ גאַנצער כוידעש.

— ניטאָ וואָס צו אײַלן... — ער האָט מיר דערלאַנגט זײַן האַנט צום געזעגענען זיך.
פאַר דער אָפּעראַציע איז מען אַ מענטש, ווי אַ מענטש. ס'מאַכט זיך, אַז ס'טוט גאָרניט וויי און ס'גיט אפילע אַ שפּיל די פאַרב אין די באַקן. אָבער דערנאָך... אין וועסטיבול לעבן די פּאַלאַטעס שטייען ווייכע שטולן מיט אויסגעבויגענע הויכע ספּינקעס, מע קאָן אַף זיי בײַנאַכט כאַפּן אַ דרעמל. איך בין אָפּגעזעסן נאָך דער אָפּעראַציע ניט איין נאַכט אַף אַזאַ שטול. נו, און אין שטוב האָט דאָס ווײַב ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, איך בין געוואָרן פינצטער, ווי די ערד.

אין ניקאָלסקאָ־אַרכאַנגעלסקער קרעמאַטאָרי, אין איינער פון די ווענט, ווו עס זײַנען אײַנגעמויערט די פּושקעלעך אַש, איז פאַראַן אויך אַ פּושקעלע מיט אַן אויפשריפט: „בוגעל ליובאָוו וואַסיליעוונאַ". איך קום, שטעל זיך אַוועק אַנטקעגן, קוק אַף דער פאָטאָגראַפיע אינעם רעמעלע און קאָן ניט אָפּרײַסן די אויגן. הא, וואָס זאָגט איר? עפּעס גייען הײַנט ניט די פיס, לאָמיר זיך צוזעצן אַף אַ פּניאַקל...

# דער טאַקסיסט

דער פרימאָרגנדיקער טוי איז נאָך געלעגן אַף די בלעטער און אַף דער קאָרע פון די ביימער, פײַכט און ווייך איז געווען די וואַלד־סטעזשקע, איבער וועלכער באָריס איסאַקאָוויטש און הירשל שאַדאָווער האָבן, אַזױוױ אין יעדן פרימאָרגן, שפּאַצירט נאָכן פרישטיק. די גרעזלעך בא די ראַנדן פון דער סטעזשקע האָבן אַלעמאָל אָנגערירט און אַ פּוץ געטאָן באָריס איסאַקאָוויטשעס פּילפּאַרביקע קראָסאָווקעס, אַ לעק געטאָן און אַרײַנגעטריפט אַ פּאָר טוי־טראָפּנס אין די לעכלעך פון שאַדאָווערס סאַנדאַליעטן.

— הײַנט וועל איך אײַך דערציילן אַ געשיכטע נאָר אַף צו באַשרײַבן, איר וועט מעגן זי אַרײַנשטעלן צווישן אײַערע אַנדערע מײַסעס, נו, און אויב ניט, וועל איך אויך ניט האָבן קיין פאַריבל. — אַזוי האָט באָריס איסאַקאָוויטש אָנגעהויבן אַ נײַעם, שוין דעם זעקסטן אָדער זיבעטן מאָנאָלאָג זײַנעם. — וועגן מײַן אייניקל, אַנטאָשען, ווייסט איר שוין אַ ביסל, נאָר איך האָב נאָך אַן אייניקל, ער הייסט אורי, ס'איז אַ נאָמען נאָך זײַן זיידן פון דער מאַמעס צאַד. אורי און יורי איז דאָך קימאַט אַלצײנס, רופט מען אים יורי. ער איז עלטער פון אַנטאָשען אַף דרײַ יאָר, שוין גאָר אַ דערוואַקסענער באָכער. און וואָס, מיינט איר, איז זײַן טועכץ? ער איז אַ טאַקסיסט, פירט אַ „וואָלגע". אין דער שאָפערסקע קאַבינע הענגט זײַן פאָטאָקאַרטעטשקע מיטן נאָמען, פאָטערס נאָמען און פאַמיליע — אורי מיכײַלאָוויטש גלוזמאַן, די פּאַסאַזשירן זאָלן וויסן, מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן. אַ יונג איז ער אַ שיינער. אַ פּאַסאַזשירקע, אַ יונגע פרוי אָדער אַ מיידל פאַרקוקט זיך אַפן קאַרטעלע און אַפן שאָפער. אָבער כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, כאָטש ס'איז אייגן בלוט, אַן אייגן אייניקל, און ער האָט אַ גוט האַרץ, נאָר אַ קלוגער איז ער ניט. ער זאָל זײַן קלוג, וואָלט ער זיך צוגעהערט, וואָס מע רעדט צו אים. די עלטערן האָבן גענוג אײַנגעטײַנעט מיט אים, איך, דער זיידע, אויך, און די באָבע זײַנע, כ'מיין מײַן ווײַב, האָט זיך געבעטן בא אים — זי וועט ניט האָבן קיין רויִקע מינוט, אויב ער וועט אַרומטראָגן זיך אין דער טאַקסי איבער די מאָסקווער גאַסן, וואָס זײַנען שטענדיק פאַרפלייצט מיט מאַשינען און מיט מענטשן, און אַוואַריעס קומען פאָר איינע נאָך דער אַנדערער. קיינעמס רייד, קיינעמס אײַנבעטענישן האָבן ניט געהאָלפן. צו די צאָרעס האָט ער נאָך ליב צו סמאַקעווען די געשעענישן, וואָס טרעפן מיט אים בײַסן פאָרן. ס'איז ניטאָ דער טאָג, אַז ער זאָל קומען אַהיים און ניט האָבן, וואָס צו דערציילן. דאָ האָט אַפן וועג פּלוצעם זיך אַרויסגעקײַקלט אַ מיאַטשיק, כ'מיין אַ פּילקע, און צוויי ייִנגעלעך זײַנען געלאָפן עס כאַפּן, נאָך איין רעגע — און ביידע קינדער זײַנען אונטער דער ראָד; אַ צווייטע געשעעניש: ס'האָט געפעלט אַ האָר, אַז די „וואָלגע" זאָל זיך ניט צוזאַמענשטויסן מיט אַ „קאַמאַז", און אַז פון אים, יוריקן, צוזאַמען מיט דער מאַשין זאָל ניט ווערן אַ קניידל. אַ דריטע געשעעניש: ס'האָט זיך צו אים, אין טאַקסי, אַרײַנגעזעצט אַ פריילעכע קאָמפּאַניע הוליאַקעס, געהייסן פאָרן אין אויסערײַסעניש און געוואָרנט, ער זאָל אַ פּיפּס ניט טאָן, אויב ער וויל בלײַבן אַ לעבעדיקער.

— צוליב וואָס דערציילסטו דאָס אונדז? — פרעגן מיר אים.

— איר זאָלט וויסן, וואָס פאַר אַ מאַזלדיקער איך בין בא אײַך, — ענטפערט ער און לאַכט. — אַהיים קום איך שטענדיק גאַנץ און געזונט.

איצט הערט די געשיכטע, וואָס איך וויל אײַך דערציילן.

אין איינעם אַ טאָג, ווען יורי איז עטלעכע מינוט געפאָרן אַ ליידיקער, האָט אַן פּאַסאַזשירן, האָט אַן עלטערע פרוי מיט קלומעקעס, וואָס זײַנען געשטאַנען בא אירע פיס, אויפגעהויבן די האַנט און... כ'האָב פאַרגעסן, ווי מע זאָגט אַף ייִדיש „גאָלאָסויעט".

— „געשטימט".

— יאָ, „געשטימט". יוריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, די אַלטע איז אַרײַנגעקראָכן אין דער מאַשין, אַוועקגעזעצט זיך אין דער שאָפערסקע קאַבינע מיט אַ קלומעק אַפן שויס, אַ צווייט בינטל האָט זי אַוועקגעלייגט אַפן הינטערשטן דיוואַן. יורי האָט אַרײַנגעשטעלט אין באַגאַזשניק אײרן אַ טשעמאָדאַן, און מע פאָרט. זי בעט פאָרן וואָס גיכער, זי פאַרשפּעטיקט צו דער עלעקטריטשקע, וועלכע גייט אַף קיין טולע, ס'איז פון די ווײַטע עלעקטריטשקעס, וועלכע גייען ניט אָפט, דערנאָך וועט אויסקומען וואַרטן צוויי שאָ ביז דער אַנדערער.

נו, מײַן טאַקסיסט טוט איר צוליב און יאָגט ווי נאָר ס'איז מעגלעך.

אַ גאַנצן טאָג האָט גערעגנט, די „דוואָרניקעס" האָבן ניט אויפגעהערט רייניקן אוןווישן די פאָדערשטע שויב פון דער קאַבינע, נאָר מיטאַמאָל האָבן זיי זיך פאַרהאַקט און רירן זיך ניט פון אָרט. און דער רעגן כליופּעט, ס'גיסט אַף דער שויב, מע זעט ניט דעם וועג אַף אַ שפּאַן. צ׳ערשט האָט יורי זיך געפּאָרקעט מיט זיי אינוויניק, אין דער קאַבינע, דערנאָך אונטערן גוסרעגן אין

דרויסן. די צײַט גייט, די אלטע קרעכצט און קלאָגט. אין טולע, אפֿן פּעראָן, דאַרף מען זי באַגעגענען. זי האָט ספּעציעל געקלאַפּט א טעלעגראַם און אָנגעוויזן דעם פּאָיעזד. זי זאָל געוועזן וויסן, וואָלט זי זיך געזעצט בא אן אנדערן טאַקסיסט, ניט בא אזא שלימאזל. סאַפּקאַלסאָף, גאָט צו דאַנקען, די „דוואָרניקעס" ווישן שוין, די „וואָלגע" לויפֿט. אָט איז מען שוין אפֿן קורסקער וואָקזאַל. די פּאסאזשירקע שטופּט אים, דעם שאָפֿער, אפֿגיך אַרײַן אין דער האַנט דאָס ביסל מינץ, וואָס עס האָט אָנגעקלאַפּט אפֿן שטשאָטשיק, כ'מיין ציילער, זי כאַפּט דעם קלומעק, וואָס זי האָט געהאַלטן אױף די קני, יורי דערלאַנגט איר דעם טשעמאָדאַן פֿונעם באַגאַזשניק, און זי טראָגט זיך אָפּ, אָן אָנגעלאָדענע אין ביידע הענט. יורי פֿאָרט אוועק צום אָרט, וווּ עס שטעלן זיך אָפּ די טאַקסי, באַלאַנים אױף א טאַקסי זײַנען שטענדיק פֿאַראַן איבערגענוג, און ער האָט נאָך געדאַרפֿט „אויסשלאָגן" דעם פּלאַן. און דאָ ערשט האָט ער דערזען, אז אפֿן הינטערשטן דיוואַן איז געבליבן ליגן דער אַלטערס א בינטעלע. די שטריקלעך, מיט וועלכע דאָס בינטל איז געווען איבערגעבונדן, זײַנען זיך א ביסל צעפֿאָרן, און מע האָט געקאָנט זען, וואָס דאָרט ליגט. ס'איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט פֿאַרשריבענע בלעטלעך, צונויפֿגעדרייטע אין א האַרטן רעדל. יורי האָט אויסגעקערעוועט די מאַשין אױף צוריק, ווידער צוגעפֿאָרן צום אַרײַנגאַנג אין וואָקזאַל, אַרײַן אין איין זאַל, אין א צווייטן, אַרויס אפֿן פּעראָן, נאָר גיי זוך, עס שווינדלט און גריבלט מיט מענטשן, און פֿון יענער אַלטיטשקער איז קיין זייכער ניטאָ.

א פֿאַרמאַטערטער פֿון א גאַנצן טאָג אַרומפֿאָרן אין רעגן און אין ווינט, האָט יורי אָפּגעפֿירט די מאַשין אין גאַראַזש, דאָס בינטל האָט ער איבערגעלאָזט אין דיספּעטשערסקע. ער האָט א טראַכט געטאָן, אז עפּשער האָט די צעפּלאָכעטע און צעטומלטע אַלטע דאָך פֿאַרגעדענקט דעם נומער פֿונעם טאַקסאָמאָטאָרנע פּאַרק — דער נומער איז דײַטלעך אָנגעצייכנט אין דער שאָפֿערסקע קאַבינע, ער וואַרפֿט זיך אין די אויגן. און עפּשער איז בא איר פֿאַרבליבן אין זיקאָרן דער נאָמען פֿונעם שאָפֿער — אורי מיכײַלאָוויטש גלוזמאַן — אויב אזוי, וועט זי איר פּעקל גרינג געפֿינען, זי דאַרף נאָר אָנשרײַבן און זיך אָנפֿרעגן אױף דעם.

איך בין גראָד אין יענעם אָוונט געווען צוגאַסט באַם זון און כ'האָב געוואָלט זען דאָס אייניקל, א גאַנצע וואָך בין איך בא זיי ניט געווען אין שטוב. שטעלט ער זיך אַרײַן, יוריק, זאָגט „גוטן-אָוונט", וואַשט זיך אײַן, זעצט זיך עסן. ער איז גאַנץ פֿײַן הונגעריק, שלינגט דאָס עסנוואַרג און דערציילט לויט זײַן טעווע די געשעענישן, וואָס האָבן אין מעשעך פֿונעם טאָג מיט אים פּאַסירט. אַן אווטאָ־אינספּעקטאָר האָט בא אים געוואָלט אָפּנעמען די „קאָרעטשקעס", די „פּראַווא", כ'מיין די רעכט צו זײַן א שאָפֿער, ווײַל ער איז מיט דער מאַשין דורכגעשפּרונגען א פּאָר שפּאַן ווײַטער פֿון א רויטן סוועטאָפֿאָר. דער אינספּעקטאָר האָט אים געהייסן קומען אין גאַי[1] הערן לעקציעס, וויאַזוי מע דאַרף ריכטיק פֿאָרן. „איך בין נאָך גוט אָפּגעקומען, — זאָגט יורי, —א ווייכער גאַישניק, אַנדערע זײַנען ביטער, ווי כריין". נאָך א פּאָר געשעענישן שיט ער פֿאַר אונדז אויס און צולעצט דערציילט ער וועגן דער אַלטער פֿרוי, וואָס האָט פֿאַרגעסן אין דער מאַשין איר פּעקל.

— גוט האָסטו געטאָן, — זאָגן מיר צו יוריקן, — וואָס דו האָסט עס ניט געבראַכט אַהיים. א פֿרעמדע זאַך דאַרף אין שטוב ניט איבערנעכטיקן.

נו, ליגט דאָס בינטל דאָרטן, אין דיספּעטשערסקע. ס'גייט דורך א וואָך, און צוויי, ניט די אַלטע, ניט עמעצער פֿון אירע קרויווים פֿרעגט זיך אױף דעם ניט נאָך און מע נעמט עס ניט אָפּ.

עס איז פֿאַראַן א קלאַל, אז פֿאַרלוירענע, פֿאַרגעסענע זאַכן דאַרף מען איבערגעבן אין דער ביוראָ... פֿאַרגעסן, ווי ס'איז אױף ייִדיש נאַכאָדקאַ...

— געפֿינס.

— יאָ, געפֿינס. אָבער וואָס וועט זײַן די פּולע, אויב מע וועט דאָס פּעקעלע איבערגעבן אין געפֿינס־ביוראָ, ס'וועט ליגן, און וואָס וועט עס אויסליגן, אויב קיינער קומט ניט? איז מײַן דײַגע, האַ? וואָס גייט דאָס מיך אָן? וויפֿל מאָל איך זאָג זיך ניט, וויפֿל איך גיב זיך ניט דאָס וואָרט, די שוווּע, אז אין פֿרעמדע אייסאָקים מיש איך זיך ניט, קריך ניט אין קלאָפּאָטעס און זאָרגן, וועלכע האָבן ניט קיין שײַכעס צו מיר, מיש איך זיך און קריך יאָ. יעדן טאָג האָב איך גענומען נאָכפֿרעגן זיך בא יוריקן, צי דאָס בינטל ליגט נאָך, צי איז עס גאַנץ, מע האָט עס ניט צעשאָטן, ניט געמאַכט א טעל? און איין מאָל טו איך א פֿרעג: „עפּשער מעג מען אַרײַנקוקן אין די בלעטלעך און זען, וואָס עס איז דאָרטן אין זיי אָנגעשריבן, עפּשער איז ערגעץ אָנגעוויזן אַן אַדרעס?" ענטפֿערט מיר יוריק: „פּאָזשאַלוסטע, קום אַרײַן צו אונדז און קוק, מע וועט דיר אָנטרויען די אַרבעט".

וואָס זשע מיינט איר? אין א פֿרײַער שאָ בין איך אַהין אוועק, כעוורע־שאָפֿערן, צווישן זיי אין צענטער מײַן יוריק, האָבן מיך אַרומגערינגלט, אזוי ווי אײדעס בא א גרויסער עקספּערטיזע, דערנאָך האָט מען מיך איבערגעלאָזט אין א צימער אַליין, און איך האָב גענומען דורכקוקן די

[1] מעלוכישע אווטאָ־אינספּעקציע.

זײַטעלעך. דאָס פּאַפּיר — שוין גאָר פאַרגעלט, א סאַך אויסיִעס אויסגעריבן, נאָר אז מע שטרענגט אָן די אויגן, קאָן מען וואָס־עס־איז איבערלייענען. דאָס זײַנען געווען אַלטע בריוו, „טרעוגאַלניקעס", כ'מיין „דרײַעקן", אזעלכע, ווי מע פלעגט מילכאָמע־צײַט שיקן פונעם פראָנט. איצט זײַנען די בלעטלעך געווען אויסגעגלײַכט, אָבער די סימאָנים פונעם צונויפגעלייגטן דרײַעק, די אײַנגעקארבטע ליניעס זײַנען פארבליבן.

יעדעס בריוול האָט זיך אָנגעהויבן: „טײַערע אסיע".

ס'איז ניט גוט צו לייענען פרעמדע בריוו, נאָר אז עס קומט אויס... איך האָב געלייענט און בין מעקאַנע געווען דער פרוי, צו וועמען זיי זײַנען געווען געשריבן. איך האָב אויך געשריבן בריוו פונעם פראָנט צו מײַן קריינדלען, איך האָב זי אויך זייער ליב, נאָר אזעלכע ווערטער האָב איך ניט געפונען, און אויף פּאַפּיר האָב איך זיי ניט אויסגעלייגט. אזוי ווי איך וואָלט געלייענט א נײַעם שיר־האשירים! א שיר־האשירים פון אָן אָקאָפּ, פון נאַסן פעלד, איבער וועלכן מע קריכט „פּאָ־פּלאַסטונסקי", פון א נאָרע אין א סאַניטאַרנעם פּאַיעזד, פון א בעטל אין האָספּיטאַל פאַר און נאָך אן אָפּעראַציע, און דערנאָך ווידער בריוו פונעם פראָנט, פון „ערשטן עשעלאָן". און פונוואַנען דער באַכער זאָל ניט האָבן געשריבן, אין א וועלכער לאַגע ער זאָל זיך ניט געפינען — איז וועגן זיך זייער ווינציק, נאָר צוויי־דרײַ שורעס, דאָס איבעריקע איז וועגן איר, זײַן געליבטער פרוי. ס'איז מיר זייער געפעלן געוואָרן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין איינעם א בריוו: „סאָלדאַטן, — שרײַבט ער, — ווען זיי האָבן א מעגלעכקײַט אײַנצושלאָפן, שלאָפן זיי, ווי געהאַרגעטע, הערן ניט, ווי ס'דונערן האַרמאַטן, אָבער דיך הער איך שטענדיק, איך הער און פיל דײַן אָטעם. מיט מיר וועט גאָרניט טרעפן, מאַקסים גאָרקי האָט נאָך אַמאָל געזאָגט, אז ליבע איז שטאַרקער פון טויט, דער־פאַר וועט מיך אויסמײַדן יעטווידע קויל".

ווען איך וואָלט געהאַט איבערגעשריבן די בריוו, וואָלט איך אײַך זיי איצט געגעבן, איר זאָלט אָפּדרוקן אין א ביכל. זייער שיינע ליבע־בריוו. ס'ביײַטן זיך די יאָרן אויף די בלעטלעך — 41, 42, 43. אפן דרײַ־און־פערציקסטן יאָר ווערט אַלץ אָפּגעהאַקט, מער זײַנען קיין בריוו ניטאָ. דער אדרעס איז: טולע, אזא און אזא גאַס, אזא און אזא נומער פונעם הויז.

— ווייסטו גאָר וואָס? — האָב איך זיך אָנגערופן צו יורען. — פאָר זיך דורך אין א פרײַען טאָג קיין טולע, וועסט פאַרדינען א מיצווע.

— וואָס איז דאָס אזוינס — מיצווע? — פרעגט ער מיך, און איך פאַרטײַטש אים אויף רו־סיש, אזוי ווי איר פאַרטײַטשט מיר אייניקע רוסישע ווערטער אויף יידיש.

— „בלאַגאָדעיאַניע", זאָג איך אים, און פון „בלאַגאָדעיאַניעס", מיצוועס, טאָר מען זיך ניט אָפּזאָגן.

שפּאַרט ער זיך ניט מיט מיר. צו מײַנע אייניקלעך האָב איך מאַזל, זיי הערן מיך אָפּטמאָל גיכער, איידער זייערע עלטערן.

— לאָמיר פאָרן צוזאַמען, — האָט אורי פאַרגעלייגט, און איך בין מאַסקים געווען.

— אדרעבע, — האָב איך געענטפערט. — פאַרײנוועגס וועלן מיר אויך שוין זײַן אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, ווו ס'האָט געלעבט לעוו טאָלסטאָי, ס'איז נאָענט פון טולע.

עס איז דורך א שטיקל צײַט, ביז מיר האָבן זיך אויסגעקליבן אין וועג אַרײַן. דאָ האָט יורי ניט געהאַט קיין פרײַען טאָג, דאָ האָב איך ניט געקאָנט פאָרן, ביז מיר האָבן זיך סאָפּקאָל־סאָף אַרײַנגעזעצט אין דער עלעקטריטשקע, וואָס גייט אַהין, ווו מיר באַדאַרפן.

געקומען קיין טולע, געפונען דעם אדרעס, אָנגעקלונגען אין דער דירע. יוריק האַלט דאָס פּעקעלע אונטערן אָרעם. מע לאָזט אונדז אַרײַן. מיר האָבן, דוכט זיך, אַרײַנגעשטעלט זיך ניט אײַנ־געאַנצן צו דער צײַט. עס זײַנען פאַראַן מענטשן, בא וועמען ס'איז, גאָט באַהיט, איבערצושלאָגן דעם אַפּעטיט בײַס זיי עסן. א יונגערמאַן איז געזעסן באַם טיש בא דער אכילע, און מע האָט געזען, אז דער געשמאַקער ביסן איז אין דער מינוט בא אים טײַערער פון אַלץ אין דער וועלט. ער האָט אומצופרידן א קוק געטאָן אויף די אומגעריכטע געסט און פאַרגעזעצט קײַען. דאָס ווײַבל זײַנס איז א פּײַנינקע, אַן איידעלע.

— מיר זוכן איינע אַן עלטערע פרוי, — האָב איך אָנגעהויבן, און יוריק האָט אוועקגעלייגט דאָס פּעקעלע אויף א שטול און ווײַטער דערקלערט: — זי האָט דאָס איבערגעלאָזט אין מײַן מאַשין, ווען זי איז געווען אין מאָסקווע. איך בין א טאַקסיסט.

דער יונגערמאַן באַם טיש האָט געכאַפּט א קוק אפן בינטל און געגעבן א לאַך:

— צוליב דעם זײַט איר געפאָרן? כ'ווייס, וואָס דאָרטן ליגט. אַלטע בריוולעך.

און דאָ באַווײַזט זיך די פרוי, וואָס מיר זוכן. זי האָט, ווײַזט אויס, אין איר צימערל געכאַפּט א דרעמל און מיט אונדזער אַרײַנקומען האָבן מיר זי אויפגעוועקט. די אויגן זײַנען פאַרזשמורעט פון דער ליכטיקער שײַן אינעם עסצימער, אָבער זיי דערזעען גלײַך דאָס בינטעלע אפן שטול. זי

כאַפּט עס, דריקט צו צום האַרצן, דערנאָך שטעלט זי זיך אויף די ציפּקעס און גיט יוריקן א קוש אין איין באַק און אין דער אַנדערער.

— ליבינקער מײַנער, — האָט זי געמורמלט, — כ'האָב אַזוי איבערגעלעבט. דאָס בינטעלע איז בײַ מיר דאָס טײַערסטע אויף דער וועלט. מײַן מאַן איז געווען אין דײַן עלטער, דיר צו לאַנגע יאָר, ווען ער האָט מיר געשיקט אָט די אַלע בריוו. ווען איך פאָר ערגעץ, נעם איך זיי מיט. אָן זיי איז מיר אומעטיק אין וועג און אומעטום, וווהין נאָר איך קום ניט. איך היט זיי, ווי דאָס אויג אין קאָפּ — און נאָ דיר גאָר — פאַרלוירן. כ'האָב געפּרוּווט אָנפרעגן אין א פּאָר ערטער, נאָר קיין ענטפער ניט באַקומען, עפּשער וועט נאָך זײַן, אָבער איצט דאַרף איך אים שוין ניט. איך דאַנק דיר, טײַערער, כ'וועל דיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן... און איר זײַט געווי"ס זײַן זיידע? — האָט זי זיך געווענדט צו מיר. — א ווויל אייניקל, א טײַער קינד...

איז דאָך גוט, האַ? מײַן יוריק און איך פילן זיך דערהויבן, מיר זײַנען ניט געווען פויל און געטאָן א גוטע זאַך, געבראַכט דאָס טײַערע בינטעלע בריוו אין שטוב אַרײַן, דערפרייט אַן אַלטן מענטשן... נאָר אָן א לעפל זעגעכץ קאָן מען דאָך אַמאָל ניט אויסקומען, מישט זיך אַרײַן דער יונגערמאַן און פרעגט:

— באָבע, עפּשער האָסטו נאָך עפּעס־וואָס פאַרגעסן אין זײַן מאַשין? עפּעס גאָלדענס, זילבערנס... נו, נו, שרעקט זיך ניט, — באַרויִקט ער מיך מיט יוריקן. — איך בין אײַך אין גאָרניט ניט כוישעד.

דאָס ווײַב זײַנס, זעט מען, איז פאַרשעמט פון איר מאַנס אופירונג. זי בעט אונדז זיצן, לייגט פאָר צובײַסן, אויסטרינקען א גלאָז טיי, נאָר מיר מוזן זיך אָפּזאָגן. מיר האָבן ניט קיין צײַט, מיר אײַלן.

מיר זײַנען אוועקגעפאָרן אויף אַן אויטאָבוס קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, שפּאַצירט דאָרטן אינעם גרויסן פּאַרק, געשטאַנען בײַ לעוו טאָלסטאָיס קייווער — דאָס איינציקע גלעלע בערגעלע אין דער אַרומיקער גרינקײַט. אין טאָלסטאָיס הויז זײַנען מיר ניט אַרײַן, ס'איז שוין געווען שפּעט, דער מוזיי איז געווען פאַרמאַכט. אויף דער עלעקטריטשקע האָבן מיר אויך פאַרשפּעטיקט. איך מיט מײַן טאַקסיסט האָבן איבערגענעכטיקט אין טולע אויפן וואָקזאַל...

# אין דער שוסטערשער אַטעליע

עס זײַנען געשטאַנען שיינע טרוקענע ליכטיקע טעג, אַזוי ווי זיי וואָלטן אויך געהאַט א פאַרטיאַוועקע אין אַפּרו־הויז אָפּצורוען זיך נאָך די רעגנס און רעגנדלעך און קאַלטע ווינטן, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט פון סאַמע אַפּריל ביז איצטיקער צײַט. דורכזיכטיק בלוי איז געווען דער הימל, העלגרין דאָס יונגע גראָז אויף דער ערד. אין א זײַט פון די וואַלד־סטעזשקעס וואַלגערן זיך אָפּגעבראָכענע צווײַגן, אַמאָל אויך א גאַנצער בוים — א קאָרבן פונעם שטורעם, וואָס איז דאָ פריִער פאָרגעקומען.

הירשל שאַדאָווער האָט שוין אין וואַלד, כּוֹץ זײַן אַלטן „קאַבינעט" מיט די צוויי באַליבטע זײַנע בענקעלעך — פּניאַקלעך, א פּאָר נײַע „קאַבינעטן", ניט קיין ערגערע פון יענע. ער זעצט זיך צו מיט זײַן פרײַנט באַריס איסאַקאָוויטשן אויף אַן אומגעוואַלגערטן בוים, וואָס האָט שוין אויך באַוויזן צו ווערן גאַנץ פײַן אָפּגעפּאָלירט פון דער צײַט. אומגעפאַלן איז דער בוים, ווײַזט אויס, נאָך א לאַנגער שווערער קרענק. דער שטאַם זײַנער איז אויסגעבױסן, אויסגעהוילט, ער לויכט ערטערווײַז דורך, ווי א ליידיקע טרויב. די וואָרצלען, אַרויסגעריסענע פון דער ערד־שויס, זײַנען אַרומגעקלעפּט און באַהאַנגען מיט שטיקער פאַרדאַרטער ערד, און איבערן געשטאָרבענעם בוים שאָקלט זיך שטיל און זאָגט קאַדיש א שורע יונגע ביימלעך.

— צוליבן וואַלד ווילט זיך ניט אוועקפאָרן פון אָפּרו־הויז. ס'איז אין אים אַזוי גוט, — זאָגט באַרים איסאַקאָוויטש.

— אַז איר זאָלט אפילע וועלן אוועקפאָרן, וועל איך אײַך סײַווי ניט לאָזן, — רופט זיך אָן שאַדאָווער. — איר האָט מיר נאָך ניט אויסדערציילט אַלע אײַערע געשיכטעס.

— איר עקספּלואַטירט מיך, טײַערער שרײַבער מײַנער, איר לאָזט ניט אָפּרוען זיך. נאָר דערציילן און דערציילן, איר האָט שוין אַוודאי פאַרשריבן א גאַנצן העפט פון מיר. כ'וועל בעטן... פאַרגעסן, ווי דאָס הייסט בײַ אײַך...

— האָנאָראַר...

— יאָ, האָנאָראַר. נאָר דעם עמעס געזאָגט, מעקאַנע בין איך אײַך ניט. אז איר רוט גאָר קיינמאָל ניט.

— ווען כ'וואָלט געשריבן נאָר צוליבן האָנאָראַר, וואָלט איך דאָ געדוט באַגלײַך מיט אלעמען, ניט צוגערירט זיך צום הענטל־פען, — האָט ערנסט געענטפערט שאַדאָווער. — עס ציט, מײַן פרײַנט, צום ווײַס בלעטעלע פּאַפּיר. ס'וואָלט מיר געווען זייער אומעטיק, ס'דוכט מיר אפילע, אַז איך וואָלט דאַן ביכלאַל ניט געדאַרפט לעבן אויף דער וועלט, ס'וואָלט געווען אַן איבעריק לעבן.

— איר זײַט א גליקלעכער מענטש, אויב איר האָט אַזוי ליב אײַער מלאָכע.

— צי איך בין א גליקלעכער, ווייס איך ניט. גיכער פון אַלץ — ניט. נאָר מײַן ארבעט האָב איך ליב און... איך וויל טאַקע הערן פון אײַך נאָך א פּאָר מאָנאָלאָגן, כ'זאָל דאָ ניט זיצן אין אַפּרו־הויז אפילע איין טאָג ליידיק, אָן מאַטעריאַל.

— וואָס זשע זאָל איך אײַך דערציילן נאָך? כ'האָב אײַך, דוכט מיר, צוגעזאָגט צו דערציילן וועגן קאָמבינאַט ביטאָוואָיע אָבסלוזשיוואַניע, כ'מיין שטייגערישע באַדינונג.

— אדעראבע דערציילט. אָבער לאָמיר בעסער גיין איידער זיצן...

שאַדאָווער און באָריס איסאַקאָוויטש האָבן זיך אופגעהויבן פון אָרט און מיט א פּאַמעלעכן טראָט אוועק איבער דער סטעזשקע, וואָס איז זיי שוין אַזוי גוט באַקאַנט.

— כ'איז א קאָמבינאַט, ווי אַלע קאָמבינאַטן פון דעם מין, — האָט באָריס איסאַקאָוויטש אָנגעהויבן זײַן נײַע געשיכטע. — א קאָמבינאַט מיט שוסטערס, שנײַדערס, זייגערמאַכערס, פּאַריקמאַכערס. איך ארבעט אין דער שוסטערשער אַטעליע, פּאַשעטער געדעט, מאַסטערסקאַיאַ, כ'מיין וואָרשטאַט, שוין דאָס זעקסטע יאָר, זינט איך מיטן ווײַב האָבן זיך אריבערגעקליבן און זיך באַזעצט הינטער מאָסקווע, קעדיי זײַן נעענטער צו די קינדער. א האַלבע שאָ פאָרן מיט דער עלעקטרישקע, און די קינדער זײַנען בא אונדז אין שטוב, אָדער מיר זײַנען צוגאַסט בא זיי. די פריערדיקע שטוב מיטן אוטשאַסטאָק, כ'מיין באַצירק, מיטן סעדל, מיטן פאַרטיקן גאַראַזש האָבן מיר אויסגעביטן אויף א קליינער דירע אין דער בײַמאָסקווער גרינער זאָנע. די שטאָט איז ניט קיין גרויסע, א שטילע און ריינע. אַז איך קום צו פאָרן קיין מאָסקווע, ווער איך פאַרטשאַדעט פונעם הו־האַ, עס שווינדלט אין די אויגן: עסקאַלאַטאָר — אַרויף, עסקאַלאַטאָר — אַראָפּ, אווטאָבוס, טראָלייבוס — אַהין, אווטאָבוס, טראָלייבוס — אַהער... איך האָב געוואָלט אָנקומען ארבעטן אויף דער פאַבריק „פּאַריזשסקאַיאַ קאָמונאַ", איז אַהין ווײַט צו פאָרן, שוין ניט פאַר מײַנע קויכעס. נו, און דאָ איז דער קאָמבינאַט, צען טריט פון שטוב. בין איך אָנגעקומען אַהער. כ'וועל זיך ניט בארימען, נאָר אומעטום, ווו איך ארבעט, האַלט מען פון מיר. פאַרוואָס זאָל מען ניט האַלטן? די מלאָכע קען איך, א מענטש בין איך... איר האָט מיר שוין איין מאָל, דוכט זיך, אונטערגעזאָגט דאָס וואָרט און כ'האָב ווידער פאַרגעסן, ווי ס'איז אויף ייִדיש סאָוועסטליוועך.

— א געוויסנהאַפטער, אַן ערלעכער.

— יאָ, געוויסנהאַפטער, ערלעכער. איך וויל ניט, אז מע זאָל יענעם באַאוולען און לאָזן ניט, אז מע זאָל באַאוולען מיך. ווען איך טרעט ארויס אויף א פאַרזאַמלונג און קריטיקיר עמעצן, איז דאָ פאַר וואָס. דער, וועגן וועמען איך האָב גערעדט, באַליידיקט זיך, בלאָזט זיך אויף מיר, אָבער ער ווייסט דאָך, אַז איך בין גערעכט. אין אונדזער מאַסטערסקאַיאַ, כ'מיין וואַרשטאַט, איז פאַראַן א קוזמיטש, א פאָמיטש, א ניקיטיטש, א מאַקעיטש, איז צוגעקומען אַן איסאַקיטש. פונעם ערשטן טאָג האָט מען מיך אַזוי גענומען רופן — איסאַקיטש. „עפּשער וועסטו מיט אונדז, איסאַקיטש, אויסטרינקען?" א מאַלעך בין איך ניט. מײַן טאַטע, ייִצכאָק, אָלעווהאַשאָלעם, איז אויך קיין מאַלעך ניט געווען, אָבער מײַן נאָרמע ווייס איך, און דאָ — „איסאַקיטש, נאָך א גלעזל!" „פאַר דײַן געזונט, איסאַקיטש!" „פאַרן געזונט פון דײַן ווײַב מיט די קינדער!" „פאַר אַלעמענס געזונט!" האָב איך איינמאָל די נאָרמע פאַרלוירן, און ווען איך בין געקומען אַהיים, האָט קריינדל מיך געמוזט אויסטאָן און אַרײַנלייגן אין בעט. אויף מאָרגן אינדערפרי, כ'האָב זיך אויסגעטשוכעט, פרעגט זי בא מיר: וואָס פאַר א סימכע איז נעכטן געווען, וואָס דו האָסט זיך אַזוי אָנגעזשליאָקעט? ווען ס'זאָל דיך טרעפן א מיליציאָנער, וואָלט ער דיך אוועקגעפירט... פאַרגעסן, ווי ס'איז אויף ייִדיש ווייטרעזוויטעל...

— אויסניכטער־קאַמער.

— יאָ. אויסניכטער־קאַמער. א שכיינע האָט קריינדלען אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „אײַער מאַן האָב איך נעכטן ניט דערקענט. ווען איך וואָלט אים אויף די טרעפּ ניט אונטערגעהאַלטן און אונטערגעפירט צו אײַער שוועל, וואָלט ער ניט געטראָפן די טיר".

— איך שווער דיר, קריינדעלע־קרוין, — האָב איך געגעבן א שוווּע, — אַז מער וועל איך די מאָס ניט איבערכאַפּן. אין א פּאַלוטשקע וועל איך אויסטרינקען הונדערט גראַם, א טראָפּן ניט מער, איך דאַרף דאָס אויף קאַפּאָרעס.

טרעפט זיך אַזאַ זאַך, וואָס כ'מוז אײַך דערציילן. צו אונדז אין וואַרשטאַט איז אָנגעקומען א נײַער ארבעטער, זײַן פאַמיליע איז זודאָוו. שיין איז ער — נאָר אויסצומאָלן אויף א בילד. די

באקן, ווי בא א באַרישניע, — איידל־ראַזעווע, א פייַנע טשופּרינע אפן קאָפּ. און הענט האָט ער גוטע, ער וואָלט געקאָנט זייַן א רעכטער באַלמעלאָכע, אָבער ארבעטן וויל ער ניט. דער פאַרשוין האָט זיך אוועקגעזעצט אף א בענקעלע, און פון לינקס זיצט א כעוורעמאַן, וואָס הייסט קאָליע, ניקאָלייַ. ער האָט געלערנט זיבן קלאַסן און אָנגעקומען פאר א לערן־ייִנגל אין וואַרשטאַט. א גאַנץ ווויל יאטל, ער קוקט זיך צו, וויאַזוי א באַלמעלאָכע ארבעט, האָט ליב צו פרעגן און הערן, וואָס מע רעדט צו אים. מיך רופט ער ניט איסאַקיטש, אזוי ווי אלע רופן, נאָר „דעד". איך דאַרף אייַך זאָגן, אז ווען כ'גיי אין גאַס, אָדער קום אריַין אין א מאַגאַזין, אָדער ערגעץ אנדערש־ווּו און מע זאָגט מיר „דעד", „דעדוליא", קאָן איך דאָס ניט איבערטראָגן. עלקע־שמעלקע! נאָך מער פאַרלייַד איך ניט, ווען א מענטש מיט א באָרד און מיט א פּליך איבערן גאַנצן קאָפּ רופט מיך „אָטיעצ". וואָס פאר אן „אָטיעץ" בין איך אים? איך האָב פייַנט, אז מע קלאַפּט מיך איבער דער פּלייצע. איצט איז געוואָרן א נייַע מאָדע: אויב ניט „דעד" און „דעדוליא" און ניט „אָטיעץ" איז „מוזשטשי־נא", מע זאָל ניט מיינען, אז כ'בין א זשענשטשינע, א יידענע. ס'איז עפּעס פאַרשווונדן אפן גאַס דער נאָמען „טאָוואַרישטש" — אזא גוט וואָרט!

— נו, אז דאָס לערן־ייִנגל קאָליע רופט מיך „דעד", זאָג איך אים גאָרניט. איך וויל, אז ער זאָל זייַן מיט מיר היימיש. ווען ער לייגט אוועק א לאַטקע אף א שוך און זי וואַרפט זיך ניט שטאַרק אין די אויגן, זי איז גוט אריַינגעצויגן אין ראַנט, איז פאַרגלעט, פאַרפּוצט, זאָג איך אים „מאָלאָדיעץ, ניקאָלייַ, לייגן א לאַטקעלע דאַרף מען קענען!" מייַן ווייַב גיט מיר מיטאָמאָל צום אָנבייַסן א געשמאַקע זאַך, גיב איך קאָליען פאַרזוכן. דערלאַנגט ער מיר אויך פון דעם, וואָס די מאַמע זייַנע האָט אויסגעבאַקן און אים מיטגעגעבן: „פּאַרזוך, דעד, ס'צעגייט זיך אין מויל".

דער פאַרשוין זודאָוו הייסט דעם ייִנגל לויפן נאָך פּאַפּיראָסן, מע וועט באַלד פאַרמאַכן אף מיטיק דעם מאַגאַזין. רוף איך זיך אָן צו קאָליען: לויף ניט, זיץ אף אן אָרט. ער האָט אלייַן פּיס און קאָן גיין.

איך זאָג דאָס הויך, עס זאָל הערן דער גאַנצער וואַרשטאַט. ס'הערן אוף אף א ווייַלע צו קלאַפּן די העמערלעך. „פּאָלג דעם דעד", — האַלט מען מיך אונטער, און זודאָוו קאָכט, צישעט צו מיר:

— וואָס מישסטו זיך, אַלטער? אז דו וועסט זייַן א נאַטשאַלניק, וועסטו דאַן זיך מישן!

— צי כ'וועל זייַן אָדער כ'וועל ניט זייַן, אָבער קאָליע וועט סיַווי ניט גיין, — זאָג איך רויִק, און דער כעווריעמאַן גייט טאַקע ניט.

אין וואַרשטאַט בין איך עלטער פון אלע איבעריקע, און פּראַקטיקע האָב איך אויך מער, ווי בא אַלעמען. הערט זשע ווייַטער.

דער שיינער פאַרשוין, זודאָוו, האָט אָנגעהויבן זיך לאָנטשען צו אונדזער פּרייאָמשטשיצע, וואָס נעמט בא די קלייַענטן באַשטעלונגען, מע רופט זי וואַליע. אז ס'מאַכט זיך א שווערע באַשטעלונג, מיט א סאַך אָפּעראַציעס, וואָס זי ווייסט ניט, וויאַזוי זיי אויסצוקאַלקולירן און צי וועט מען ביכלאַל קאָנען די ארבעט אויספירן, פרעגט זי בא מיר. אָדער אז ס'קומט אריַין איינוואַליד... עס זייַנען פאַראַן ספּעציעלע אָטעליעס, ווו מע נייט אָרטאָפּעדישע שוכוואַרג, נאָר גיי זוך זיי מיט קראַנקע פּיס און פאַרשרייַב זיך אין אָטשערעד, כ'מיין ריי. דאַן גייט וואַליע פון איר זאַלעכל אריַין צו מיר און פרעגט, צי כ'נעם זיך אונטער מאַכן אזא שוך אָדער א פּאָר שיך. אמאָל נעם איך זיך אונטער און כ'ניי אוף ניט ערגער פון א ספּעציאַליסט־אָרטאָפּעדיסט. וועגן דער אָרטאָפּעדיע, אויב איר וועט פאַרלאַנגען, וועל איך אייַך נאָך דערציילן.

נו, אונדזער וואַליע איז א גאַנץ כיינעוודיקע, נאָר א באַרישעוואַטע, מע קאָן איר גרינג פאַר־דרייען דעם קאָפּ. באַמערק איך איינמאָל, ווי דער פאַרשוין זודאָוו בעט בא וואַליען געלט. זי קנייטשט זיך, נאָר זי נעמט ארויס פון דער קאַסע און גיט. אן אנדערס מאָל — דאָס זעלבע. דער־נאָך טרעף איך זיי ביידן שפּאַצירן, און אין א פּאָר טעג ארום רופט וואַליע זיך אָן צו מיר:

— פּאָזדראַווטיע מעניא, איך האָב כאַסענע!

— מיט מאַזל און מיט גליק, — ענטפער איך, און פרעג, ווער איז דער כאָסן? — כאָטש איך שטעל זיך שוין פאָר, ווער דאָס איז, און אזוי איז דאָס טאַקע.

— הער נאָר, — זאָג איך, — וואַליע, טו ווי דו פאַרשטייסט, דו ביסט א דערוואַקסענער מענטש, נאָר ווען דו וואָלסט בא מיר געבעטן אן אייצע, וואָלט איך געזאָגט: זאָלסט ניט סמייען, ניט וואַגן עס טאָן, האָסט, דוכט זיך, א קינד...

— דאָס קינד איז ס'איינציקע, וואָס עס איז בא מיר פאַרבליבן, — און אין אירע אויגן האָבן זיך געשטעלט טרערן.

— איז אָט. אויב דו האָסט ליב דייַן קינד און טראַכסט נאָך אויך עטוואָס וועגן זיך, איז האָב ניט כאַסענע פאַר אים. ער וועט זיך אויסנאָגן און אוועקוואַרפן!

איך האָב געגרעדט אזוי הארב, ווײַל איך האָב שטארק ראכמאָנעס געהאַט אױף איר. איינמאָל האָט זי זיך שוין אָפּגעבריט, קריכט זי ווידער אין אן אומגליק. בעקיצער, אין איינעם א שיינעם אָפּדערנאַכט, נאָך וועטשערע, בין איך פאַרן לייגן זיך שלאָפן, ארויס א ביסל זיך דורכשפּאַצירן אױף דער לופט. איך האָב מיר מײַן שטענדיקן מאַרשרוט — די צענטראַלע גאַס פּערוואַמײַסקע, און פון דאָרט הייבט זיך אָן דער שטאָטישער פּאַרק. איך לאָז מיך גיין איבער דער אַלייע, צו וועלכער איך בין שוין צוגעוווינט, אזוי ווי דאָ, אין וואַלד, צו דער סטעזשקע, אױף וועלכער מיר שפּאַצירן מיט אײַך יעדן טאָג. דער אָוונט איז געווען א וואַרעמער, א שטילער. כ׳האָב זיך ניט געײַלט אומצוקערן זיך אױף צוריק און געגאַנגען ווײַטער, אַרוף אױף א צווייטער אַלייע. פון איין זײַט וואַקסן קוסטעס... פאַרגעסן, ווי ס׳איז אױף ייִדיש סירען...

— בעז.

— יאָ, יאָ, בעז. די אַנדערע זײַט איז פאַרזעצט מיט קליאָמען, די ברייטע בלעטער פאַר־שטעלן דאָס טײַכל, וואָס פליסט אונטן און מע זעט עס ניט, מע פילט נאָר די קילקײַט און פריש־קײַט פונעם וואַסער. איך גיי פאַוואָליע, אָטעם מיט דער פרישער לופט און האָב האַנאָע.

— א גוטן־אָוונט, סטאַרינאַ, שפּאַצירסט? — דערהער איך פלוצעם זייער א באַקאַנט קאָל. דאָס איז מיר אָנגעקומען אַנטקעגן דער ליבער כאַסן־באָכער, זודאָוו. ער נעמט ארויס פון קעשענע א פּעקל פּאַפּיראָסן, טוט א שנאָל מיט א פינגער דאָס פּעקל פון אונטן, עס זאָל זיך ארויסציִען א פּאַפּיראָס. אזא איידלמאַן איז ער, אז ער וויל ניט אָנרירן דעם ציגאַרעט מיט דער האַנט.

— א דאַנק, — זאָג איך. — נאָר דו ווייסט דאָך, אז איך רייכער ניט.

ראַגלאַים האָט ער גרויסע, שיך טראָגט ער פינף־און־פערציקסטן נומער, איז ער ארופגע־טראָטן מיט זײַן קאַמאַש מיר אױף א פוס און א דריק געטאָן. — פאַררייכער! — פּאָדערט ער און שטופּט מיר דעם פּאַפּיראָס אין מויל. איך האָב אים געגעבן א שטויס אָפּ, האָט ער מיר דערלאַנגט א זעץ אין ברוסט, אז ס׳איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. כ׳האָב קוים זיך אײַנגעהאַלטן ניט אַנידערצופאַלן, צוזאַמענגענומען אַלע קויכעס און אים א פּלאַם געטאָן אין צורע. ס׳איז אַוועק א געשלעג ניט אױף א קאַטאָוועס. ער — מיך, איך — אים. מיר האָבן ביידע זיך צוזאַמענגעפּלאָנטן און אַראָפּגעקײַקלט זיך פון דער אַלייע צו די ביימער אין דער נידער. דער סאָף איז געווען, אז איך בין געבליבן ליגן אונטער אים, ער איז געזונטער, ייִנגער, ער האָט מיך צוזאַמענגעפּרעסט מיט זײַן לײַב, מיט זײַנע הענט און פיס און געברומט צו מיר:

— ליגסט? וועסט ליגן א טויטער, אויב דו וועסט ניט אויפהערן אומעטום ארײַנמישן זיך. מיט מיר שפּילט מען זיך ניט! זאָלסט זײַן שטיל, ווי א טײַבעלע, וועסטו נאָר איין פּיפּטשע טאָן אױף מיר — איז געזעגן זיך מיטן לעבן!

ער האָט מיך איבערגעלאָזט אָפן גראָז צווישן די ביימער און איז פאַרשוווּנדן. איך האָב מיט מאַטערניש אויפגעהויבן זיך און געגומען שלעפּן זיך אהיים. אינמיטן וועג האָבן די לעצטע קויכעס מיך פאַרלאָזט. פאַרבײַגייער האָבן ארויסגערופן די „גיכע הילף". קורץ גערעדט, א כודעש צײַט בין איך אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל. צו מיר אין פּאַלאַטע איז געגאַנגען דער... פאַרגעסן, ווי ס׳איז אױף ייִדיש סלעדאָוואַטעל.

— אויספאָרשער.

— יאָ, אויספאָרשער. איך האָב געהאַט וועגן וואָס איבערצוטראַכטן, און צום אָנהייב האָב איך אפילו געפּרוּווט זאָגן, אז איך געדענק גאָרניט, איך ווייס ניט, ווער ס׳איז אױף מיר אָנגעפאַלן, א הויכער, א געזונטער, און מער קיין סימאָנים קאָן איך, קלוימערשט, ניט אָנווײַזן, ס׳איז געווען פינצטער. דערנאָך האָב איך א קלאָר געטאָן: ציטערן פאַרן אייגענעם לעבן, ס׳זאָל פראַנק און פרײַ ארומגיין אזא פינצטערער נעפעש? וואָס זשע איז דאָן דאָס לעבן ביכלאָל ווערט? א מענטש דאַרף מען זײַן ביז דער לעצטער מינוט. איך האַלט זיך בא אזא קלאָל: אויב דו ביסט גערעכט, מוז די גערעכטיקײַט נעמען די איבערהאַנט, וויפל דאָס זאָל ניט קאָסטן. איך האָב דעם אויספאָרשער דער־ציילט אַלץ, ווי ס׳איז געווען. מע האָט זודאָוון געמישפּעט. מײַן קריינדל לעבט שוין איצט איבער: ער וועט זיך אומקערן און וועט זיך אָפּרעכענען.

— ביז ער וועט זיך אומקערן... — באַרויִק איך זי, — אז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר דאַן זען...

איך וויל זיך ניט באַרימען, נאָר נאָך אָט דער גאַנצער מײַסע האָב איך אין אונדזער מאַס־טערסקאַיאַ, כ׳מיין וואַרשטאַט, און אין גאַנצן קאָמבינאַט געקראָגן נאָך מער אוטאָריטעט. מע אײַלט זיך מיט מיר, און דער, וואָס וויל, הערט זיך צו.

די פּרײַאַמשטשיצע וואָליע האָט מיט ביטערע טרערן געבעטן, איך זאָל איר מויכל זײַן. זי האָט זיך ניט אײַנגעהאַלטן און דערציילט איר געוועזענעם שיינעם כאַסן, אז איך האָב איר געזאָגט מײַן מיינונג, אז זי טאָר פאַר אים ניט כאַסענע האָבן, דערפאַר האָט ער מיך אזוי צעמיימעסט.

— גייז, ניט נאַר דערפאַר, — האָב איך איר געענטפערט, — און איך האָב דען דיר געזאָגט, אז דו זאָלסט מײַנע רייד האַלטן בעסאָד? איך וואָלט דאָס אים אליין אויך געזאָגט, נאָר ניט באַוויזן.

קוקט זי אויף מיר, וואַליע, מיט די פֿײַכטע אויגן, וואָס אַז זיי לאַכן אַ ביסל, איז זיי זײַנען גאַנץ ערנסטע.

— אין אַזאַ, ווי איר, איסאַקיטש, — זאָגט זי, — קאָן מען זיך פֿאַרליבן!

ווי געפֿעלט אײַך אַזאַ קאָמפּלימענט אויף דער עלטער? פֿערעצעס „שטרײַמל" האָט איר דאָך געלייענט, און אויב איך געדענק, געדענקט איר אוודאי און אוודאי. דער שטרײַמלמאַכער... כ׳האָב פֿאַרגעסן, ווי ער הייסט בײַ פּערעצן...

— בערל קאַלבאַס, — האָט שאַדאָווער אונטערגעזאָגט.

— יאָ, בערל קאַלבאַס. ער האָט געהאַט האַנאָע, ווען ער האָט אויפֿגענייט אַ שטרײַמל, אַ יאַרמעלקע. איך האָב האַנאָע, ווען איך ניי אויף אַ שוך פֿאַר אַ קראַנקן פֿוס, און מע דאַנקט מיך און מע זאָגט, אַז מע האָט מיט מײַן שוך דערזען די ליכטיקע וועלט. נו, און אַז אַ יונגע פֿרוי זאָגט, אַז מע קאָן זיך נאָך אין מיר פֿאַרליבן, איז דאָך אוודאי גוט, נאָר מײַן ווײַב זאָל דאָס ניט הערן, זי איז, כ׳האָב אײַך שוין געזאָגט, אַ רעוונזיווע, כ׳מיין אַן אײַפֿערזיכטיקע...

## הינטער דער וואַנט

צוויי יאָר האָבן הירשל שאַדאָווער און באָריס איסאַקאָוויטש זיך ניט געזען, און גרויס איז געווען ביידנס שׂימחה, ווען זיי האָבן אַפּסנײַ זיך געטראָפֿן אינעם זעלבן אָפּרו־הויז, וווּ זיי האָבן פֿאַרצוויייאָרן אַזוי גוט פֿאַרבראַכט.

— איר וואָלט געדאַרפֿט צאָלן אַרענדע־געלט פֿאַרן פּניאַק. איר האָט אים שוין ווידער אַרענדירט, — מיט די ווערטער האָט באָריס איסאַקאָוויטש זיך אַוועקגעזעצט בישכיינעס מיט שאַדאָווערן אויפֿן אַנדערן פּניאַקל. — צײַטן בײַטן זיך, נאָר איר, מײַן ליבער שרײַבער, בײַט זיך ניט, אַלץ מיטן העפֿט און מיטן הענטל־פֿען אין דער האַנט. מיר דוכט אַפֿילע, אַז דאָס הענטל־פֿען איז בײַ אײַך דאָס זעלבע, וואָס מיט צוויי יאָר צוריק.

— דאָס הענטל איז דאָס זעלבע, נאָר דאָס שטיפֿטיקל, דער „שאַריק" איז אַן אַנדערער, — האָט מיט אַ שמייכל זיך אָפּגערופֿן שאַדאָווער.

— איצט האָט איר, רעב הירשל, וועגן וואָס צו שרײַבן. כ׳האָב פֿאַרגעסן, ווי ס׳איז אויף ייִדיש גלאַסנאָסט...

— איר האָט ניט געהאַט וואָס צו פֿאַרגעסן, ווײַל גלאַסנאָסט איז אַזאַ וואָרט, וואָס מע האָט פֿריִער זעלטן־ווען געניצט, — האָט שאַדאָווער באַמערקט, — אויף ייִדיש קאָן דאָס הייסן עפֿנטלעכקײַט, אָפֿנקײַט, אין דער הויך, אָפֿענע דיבורים, מע קאָן אויך געברויכן דאָס העברעיִשע בעקול ראָם, אָבער גלאַסנאָסט איז געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַל וואָרט, אַזוי ווי פּערעסטראָיקאַ, און איז גילטיק אויף אַלע שפּראַכן.

— עס גליטשט זיך טאַקע גרינג אַראָפּ פֿון דער צונג, — גלאַסנאָסט! — איז מסכּים געווען באָריס איסאַקאָוויטש. — מע האָט אויפֿגעהערט זיך שושקען, מע רעדט הויך. די לעצטע צײַט גייען בײַ מיר אַוועק גאַנצע שעהען אויף לייענען צײַטונגען. פֿריִער פֿלעג איך אויסשרײַבן נאָר די „פּראַוודאַ", הײַנטיקס יאָר האָב איך זיך צעבײַטלט און נאָך אויסגעשריבן „איזוועסטיאַ", „טרוד", די „קאָמסאָמאָלקע". שאַבעס גאַנצפֿרי לויף איך צום קיִאָסק כאַפּן אַן „אָגאָניאָק", ביז מע האָט אים אין איין מינוט ניט פֿאַרצוקערט... אויב איר ווילט, וועל איך אײַך דערציילן אַ מײַסע, וואָס האָט אויך אַ שטיקל שײַכעס צו גלאַסנאָסט.

— אַדעראַבע, — האָט זיך דערפֿרייט דער שרײַבער. — איך האָב שוין לאַנג אײַערע מאַנאָלאָגן ניט געהערט, ביפֿראַט נאָך אויף אַזאַ הײַנטצײַטיקער טעמע, מע וועט עס גלײַך אָפּדרוקן, נאָר דעם עמעס געזאָגט, האָב איך פֿײַנט צו כאַפּן הייסע לאָקשן...

—פֿון מײַנע לאָקשן וועט איר זיך ניט אָפּבריִען, אָבער לאָמיר ניט זיצן, לאָמיר בעסער זיך דורכגיין, — האָט פֿאָרגעלייגט באָריס איסאַקאָוויטש.

די ביידע פֿרײַנט האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון די פּניאַקלעך און געלאָזט זיך גיין לויט זייער באַשטענדיקן מאַרשרוט, איבער דער אַלטבאַקאַנטער סטעזשקע. דער טאָג איז געווען אַ ווינטיקער. אינדערנאָענט פֿונעם וואַלד, אויפֿן פֿעלד, האָט דער ווינט געדרייט און ס׳איז געווען קאַלטלעך, אָבער

קוים איז דער ווינט צוגעקומען צו די וואלד־סטעזשקעס, איז ער געוואָרן איינגעהאלטענער, ניט געוואגט לויפן ווייטער, די אונטערשטע צווייגן אף די ביימער זיינען געווען קימאט איגגאנצן אומ־באוועגלעך, און די אייבערשטע מיט די קרוינען האָבן קוים זיך געשאָקלט. דער וואלד איז געווען איינגעהילט אין א גרינער שטילער ווארעמקייט, און אין דער שטילקייט האָט מען נאָר געהערט באָריס איסאקאָוויטשעס ניט־געיילטע רייד.

— צוערשט וועל איך אייך א ביסל דערציילן וועגן הויז, וווּ איך ווין איצט. מע מעג עס אויך באשרייבן. ס'איז א גייגעטאזשנע... פארגעסן, ווי ס'איז אף יידיש „באשניע".

— טורעם, — האָט אונטערגעזאָגט שאדאָוער.

— יאָ, טורעם. מיטן טורעם, וואָס מע האָט געבויט אין באָוול, וועל איך אים ניט פארגלייכן. אלע ריידן אף איין לאָשן, נאָר סיוווי, איינער הערט ניט, וואָס עס רעדט דער אנדערער, מע הערט נאָר זיך. דאָס הויז איז א קאָאָפעראטיווס און מע קלייבט אויס, ווידער פארגעסן א וואָרט, וואָס כ'האָב זייער גוט געוווסט... פראוולעניע.

— פארוואלטונג, — האָט פארטייטשט שאדאָווער.

— יאָ, פארוואלטונג. פריער האָט מען מיך דאָרטן אויסגעקליבן פאר א טשלען, כ'מיין מיט־גליד, נאָר מע דארף דאָך האָבן א פרעדסעדאטעל, כ'מיין פאָרזיצער. דער פריערדיקער פאָרזיצער האָט אויסגעביטן זיין דירע אין קאָאָפעראטיוו אף א בעסערער, און מיט די הענט און פיס גענומען זיך אָפטרייסלען פון פאָרזיצעריי, געבעטן ראכמים, מע זאָל אים באפרייען. דארף מען אויסקלייבן אַן אנדער פאָרזיצער, נאָר קיין באלאָנים אף דער בעקאָוועדיקער שטעלע זיינען עפּעס ניט געווען. איין טשלען, כ'מיין מיטגליד, פון דער פארוואלטונג טייטלט אפן צווייטן מיטגליד און יעדערער זאָגט זיך אָפּ. איינער טייַנעט, אז ער זעט ניט די ליכטיקע שיין, שטייט אוף פארטאָג, לויפט צו דער ארבעט, קומט שפּעט אהיים נאָר איבערצונעכטיקן; דער צווייטער טשלען, כ'מיין מיטגליד, איז ביכלאל קיינמאָל ניטאָ אין שטוב, נאָכאנאנד אין קאָמאנדיראָווקעס, וואלגערט זיך אין די גאָסטיני־צעס, און קומט ער יאָ אמאָל צו פאָרן אהיים, דארף ער זיך דאָך עטוואָס אָפּרוען, אָנעמען זיך מיט קויכעס צו ווייַטערדיקע וואָגלענישן; דער דריטער מיטגליד קריכט ניט ארויס פון אינפארקטן; דער פערטער זאָגט זיך דאפקע ניט אָפּ, ער וויל זיין פאָרזיצער, וויל מען אָבער אים ניט, מע קען דעם פויגל, א שווינדלער און... פארגעסן, ווי ס'איז אף יידיש כאם.

— ס'איז א נאָמען פון דער ביבל, — האָט דערקלערט שאדאָוער.

— איך בין שוין געוואָרן גאָר אַן אמאָרעץ, אלץ פארגעסן, איך האָב דאָך געלערנט אין כייזער... נויעך האָט געהאט דריי זין — שיים, כאם און יעפעט... אין שלאָף האָט נויעך זיך אָפּ־געדעקט, און כאם האָט געקוקט אפן נאקעטן פאָטער און דערנאָך דערציילט וועגן דעם די ברידער זיינע, וועלכע האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן, ניט צו זען דעם פאָטערס נאקעטקייט און איינ־געדעקט נויעכן... אונדזער איצטיקער כאם פארמאָגט שוין, הייסט עס, א סטאזש פון כומעש... הערט זשע ווייטער. — האָט באָריס איסאקאָוויטש פאָרגעזעצט. — אויב דריי זאָגן זיך אָפּ, דער פערטער טויג ניט, דארף מען זוכן ווייטער. האָט מען זיך אומגעקוקט אפן פינפטן מיטגליד, דאָס הייסט אף מיר. פון דער ארבעט בין איך אוועק, זיץ אין שטוב און שלאָג ביידעקעס, א יונגער פענסיאָנער... „באָריס איסאקאָוויטש, איר זייט די איינציקע קאנדידאטור... איר וועט גאָרניט טאָן אליין, נאָר איין שאָ אין טאָג זיצן אינעם כיידערל אפן נייַנטן עטאזש, ווו ס'איז אונדזער פראוולעניע, און אז מע וועט אָנקלינגען, וועט איר אראָפּנעמען דאָס טרייבל און ענטפערן. סאָף יאָר וועט איר קריגן א גוטע פרעמיע..." בין איך דאָך אויך ניט הייַנט געבוירן געוואָרן אף דער וועלט, און איך ווייס, וואָס פאר א פעקל מע וויל ארופוארפן אף מיר, נאָר א נאָר בלייבט א נאָר. האקיצער, איך האָב זיך געלאָזט איינריידן און געוואָרן פרעדסעדאטעל, כ'מיין פאָרזיצער. איך באוויַז ניט ארויסגיין פון שטוב און זיך אומקערן צוריק, ווי דאָס ווייב זאָגט מיר שוין, אז מע האָט געקלונגען. ווער האָט געקלונגען, פרעג איך ניט, ס'קלינגען אלע, און אלע האָבן טייַנעס. בא איינעם האָט מען אוועק־געשטעלט דעם מיסטקאסטן אונטערן פענצטער, בא א צווייטער וויל די שכיינע ניט ראמען דעם קאָרידאָר, בא א דריטער האָבן זיך באוויזן פלעקן אף דער סטעליע. עס נעמט רינען דער דאָך אַז ס'זאָל זיך ניט איבערכאזערן די פאראיאָריקע געשיכטע, ווען מע האָט געמוזט אונטערשטעלן עמערס און שיסלען פון דער פארפלייצונג.

אין די קאָמונאלע דירעס איז געווען פריילעך, מע האָט זיך פייַן געקריגט, איצט, אין די באזונדערע, איזאָלירטע, זיצט מען, ווי אין א פעסטונג. קיינער וויל גאָרנישט ניט טאָן. ס'איז פאראַן א פרעדסעדאטעל, זאָל אים דארן דער קאָפּ. אף א פארזאמלונג אין קאָאָפעראטיוו שטעלט מען זיך אויס בא די פאָרענטשעס פון די אייבערשטע טרעפּ ביז די אונטערשטע, און מע שטורעמט, און מע שרייַט, דערנאָך צעגייט מען זיך, מע פארשליסט הינטער זיך די טיר, און מע זאָל קוילענען א מענטשן, וועט קיינער ניט ארויסגיין, מע וועט קלינגען צום פרעדסעדאטעל, אז אף די טרעפּ טומלט זיך. איצט הערט אזא מייַסע.

אין א הויז, א קאָאָפּעראַטיוו, ווען ס'קומט אָן די גליקלעכע שאָ, דער מויער איז פאַרטיק און מע קאָן אין אים זיך אַרײַנקלײַבן, ציט מען קניפּלעך, מע וואַרפט גורל. דעם ערשטן עטאַזש וויל קיינער ניט, — ס'קלאַפּט נאָכאַנאַנד די טיר — אַרײַן און אַרויס, מע זיצט בא דיר אונטערן פענצטער, באַנאַכט קאָן מען ניט עפענען די פאָרטקע — ס'וועט אַרײַנקריכן א גאַנעוו... אפן אייבערשטן, נײַנטן עטאַזש, זײַנען אויך קיין באַלאָנים ניטאָ — גלײַך אונטערן דאַך, אז ס'נעמט רינען, איז דער ערשטער קאָרבן דער נײַנטער. ווער דאַרף דאָס? א דירע מיטן נומער דרײַצן וויל מען אויך ניט, מע גלייבט ניט אין גאָט און אין טײַוול, נאָר אז מע קאָן זיך באַגיין אָן א דרײַצן, איז רויִקער אף דער נעשאָמע. ס'זײַנען דאָ נאָך זאַכן, וועלכע געפעלן ניט — דער ליפט איז הינטער דער וואַנט און מע הערט, ווי ער קלימפּערט נאָכאַנאַנד — אוף און אָפּ, אויך א קנאַפּער פאַרגעניגן. נו, און דער אוילעם ווייסט שוין אויך, ווו עס וועלן שטיין די מיסט־קאָנטיינערס, און יעדערער וויל, אז זיי זאָלן זיך געפינען ווײַטער פון זײַן לאָדזשיִע...

אַלזאָ, האָט מען געוואָרפן גורל — און וועמען וואָס עס איז געווען באַשערט, דאָס האָט ער געקראָגן. ווילסטו ניט — זאָג זיך אָפּ, וואַרט, ביז מע וועט אויסבויען א נײַעם קאָאָפּעראַטיוו און ס'וועט דיר מער אָפּגליקן.

אַזויווי אומעטום, זײַנען בא אונדז אין הויז פאַראַן שרײַערס, טומלערס, און עס זײַנען דאָ שטילע מענטשן, מע הערט פון זיי ניט א פּיפּס. ווען ס'איז א סובאָטניק, כ'מיין שאַבעסניק, גייען זיי אַרויס מיט דער לאָפּעטע די ערשטע און די לעצטע גייען זיי אַוועק, ביז אַלץ איז ניט אויפגעראַמט, זעלטן־ווען טרעטן זיי אַרויס אף א פאַרזאַמלונג, טײַנעס האָבן זיי מער צו זיך, ווי צו יענעם. איינע אַזאַ שטילע פרוי, אָן עלטערע שוין, מע רופט זי מילקאַ ביטועלעוונאַ — ווו מע זוכט אויס אַזעלכע נעמען ווייס איך ניט...

— איך וועל אײַך דערמאָנען, אויב איר האָט פאַרגעסן, דאָס זײַנען אויך נעמען פון כומעש, ביטועל און מילקאַ זײַנען אַוורהאָם אָווינוס נאָענטע קרויווים.

— די פאַמיליע אירע איז טאַקע אַבראַמאָוויטש, — האָט אונטערגעכאַפּט באָריס איסאַקאָוויטש. — איך האָב פון גאַנצן האַרצן איר אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו, ווען זי האָט מיר באַוויזן דאָס צעטעלע, וואָס זי האָט אַרויסגעצויגן. א דירע מיט אַלע מײַלעס. א גוטער עטאַזש, — דער דריטער, מע רופט אים בא אונדז „דער ייִדישער". די טיר איז אין עקסטן ווינקל פון קאָרידאָר, ווו ס'איז שטיל. די פענצטער גייען ניט אַרויס צו דער גאַס, עס טאַראַכקעט ניט דער טראַנספּאָרט. אין אָנגעליטענעם מענטשן דערקענט מען מער פון אַלץ דעמלט, ווען ס'טוט אים מיטאַמאָל א גלאַנץ דאָס מאַזל פון דער ליכטיקערער זײַט. אין די גליקלעכע מינוטן טרעטן נאָך דײַטלעכער אַרויס די טונקעלע קישעלעך אונטער די אויגן און די קנייטשן אפן פּאָנעם, וועלכע גלעטן זיך ניט אויס, אַזויווי ס'וואַשן זיך ניט אַראָפּ די גרײַפּעלעך קוילן־שטויב פון די באַקן בא א שאַכטיאָר. מילקאַ ביטועלעוונאַ האָט געשײַנט, וואָס איר איז אויסגעפאַלן אַזאַ גליק. ס'זאָל אָבער אַלץ זײַן גוט, איז דאָך אומעגלעך. הערט זשע ווײַטער. אין איין „קאַרמאַן", כ'מיין „קעשענע", זײַנען פאַראַן פיר דירעס מיט אָן אַלגעמיינעם קאָרידאָרל. צוויי שכיינים פון דער מילקעס „קעשענע" זײַנען א יונג פּאָרפאָלק און אָן אַלט פּאָרפאָלק. בא די יונגע טומלט זיך, בא די עלטערע איז דאָ אָן אייניקל, וואָס אז ער גיט א געשריי „באַבושקאַ", הערט מען דורך אַלע ווענט, נאָר ס'איז פונדעסטוועגן צו דערלײַדן. נאָך דער טראַנסליאַציע „ספּאָקאָינאַי נאָטשי, מאַלישי" לייגט מען אײַן דאָס קינד שלאָפן און ס'ווערט שטיל. דער דריטער, נאָענטסטער שאָכן, א טיר בא א טיר — האָט זיך אַרײַנגעקליבן אין זײַן דירע א ביסל שפּעטער, און ווען אונדזער מילקאַ ביטועלעוונאַ, האָט אים דערזען, איז איר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. הערט נאָר א מײַסע, וואָס קאָן זיך פאַרלויפן. איך וועל אײַך דערציילן פּאָדראָבנע, כ'מיין גענויער, איר זײַט א שרײַבער, האָט איר דאָך ליב, אז עס זאָל זײַן גענויער.

זי האָט זיך געפּאָרקעט בא איר טיר מיטן שליסל — ס'האָט זיך פאַרהאַקט דער שלאָס, ווען עס איז אַרײַן אין קאָרידאָר דער שאָכן, וועמען זי האָט נאָך ביז איצט ניט געהאַט געזען. „עפשער וועל איך?" — האָט ער אויסגעדריקט א פאַרלאַנג צו העלפן און שוין גרייט געווען איבערנעמען פון איר האַנט דעם שליסל. זי האָט צו אים אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געוואָלט זאָגן אַדאַנק, נאָר דער צונג איז בא איר צוגעוואַקסן צום גומען. בא דער שײַן פון קאָרידאָר־לעמפּעלע האָט זי געזען אָן אַלטן מענטשן מיט גרויע וואָנצעס און סוטולעוואַטער פּלייצע, אָבער זי האָט אים דערקענט, כאָטש ס'איז דורך ניט מער און ניט ווייניקער, ווי א פיר צענדליק יאָר. זי האָט אים דערקענט לויט זײַן קאָל, לויט די געציילטע ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט. ווײַזט אויס, א מענטשנס קאָל בײַט זיך ניט שטאַרק אין מעשעך פון פיל יאָרן. און דאָס קאָל פון איר שאָכן האָט זי גוט פאַרגעדענקט — ער האָט ביז איצט געקלונגען בא איר אין די אויערן און געמאַכט גליווערן אַלע אייוורים, א קאָל א לאַשטשענדיקער, גלעטנדיקער, וואָס גייט דערנאָך מיטאַמאָל אַריבער אין אויסגעשרייען און גראָבער זידלערײַ, און אַלס צוגאָב — א קלאַפּערײַ מיטן פויסט איבערן טיש, אָפּטמאָל

אויך מיט א פּאטש אין פּאָנעם, א שטויס אין ברוסט אומצופאלן. צי האָט ער זי אויך דערקענט? געוויס ניט. אזויפיל קאָרבאָנעס זײַנען דורך פאר זײַנע אויגן. גיי געדענק אלעמען, די גרעסטע מערהײַט איז ביכלאל לאנג שוין ניטאָ.

מילקא ביטועלעוונא האָט דאן געארבעט אין יאלטע, אין א סאנאטאָרי, געווען דאָרטן א דיִעט־שוועסטער, געהאָלפן צונויפשטעלן די מעניו — ערשטע דיִעטע, צווייטע דיִעטע, דריטע דיִעטע... בא איינעם פון די כאלאָים אין סאנאטאָרי האָט געגומען, איר זאָלט מיר אנטשולדיקן, דרייען אין בויך. אף מאָרגן האָט די דרייענישׂ אופגעהערט, דער כוילע, א שאכטיאָר פון דאָנבאס, האָט שוין געפּאקט אף ביידע באקן פאר צווייען און געבעטן נאָך, אָבער די דיִעט־שוועסטער איז ארויסגערופן געוואָרן צום הויפּט־דאָקטער, אגעזו, אויך א ייִד. וואָס ער האָט דערבײַ געטראכט און וואָס עס איז געווען בא אים אפן הארצן קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אָבער מיט דער מילקען האָט ער גערעדט שטרענג און מיט א קאס, אז זי באציט זיך גלײַכגילטיק, פּילט ניט אויס, קוקט ניט נאָך... האקלאל, ער נעמט זי אראָפּ פון דער ארבעט. אינגיכן האָט מען אים אויך אראָפּגענומען. איר ווייסט דאָך, אז ס'הייבט זיך אָן א קאמפּאניע, איז דערלאנג וואָס מער! געווען איז דאָס אין יענער צײַט, ווען מע האָט פארשפּרייט די בילבולים אף דאָקטוירים, אז זיי ווילן מיט זייערע רעפּועס אלעמען אָפּסאמען, און נאָך איז דעמלט געווען אין רעכטן ברען די מײַסע מיט די... פארגעסן, ווי מע רופט זיי... נו, די, וואָס זײַנען ניט קיין פּאטריאָטן און האָבן געוואָלט אומברענגען די גאנצע מעלוכע...

— איר מיינט געוויס די קאָסמאָפּאָליטן, — האָט אונטערגעזאָגט שאדאָווער.

— יאָ, יאָ, ווער זשע דען? אײַך, ייִדישע שרײַבער, האָט מען געוויס געהאלטן פאר גאָר פײַערדיקע קאָסמאָפּאָליטן.

— איר האָט געטראָפן, — האָט שאדאָווער טרויעריק צוגעשטימט, — דערציילט זשע ווײַטער.

— די דיִעט־שוועסטער מיטן נאָמען פון כומעש איז א פּאָר טעג געזעסן אין שטוב, מוירע געהאט ארויסגיין אין גאס און דערהערן, אז אָט שפּאצירט זי, די אָפּסאמערן... קינדערלעך, היט זיך פאר איר, טאָמער וועט זי וועלן אײַך ארײַנרוקן אין הענטל א נאשערײַ, איז שמיצט די גיפטיקע צוקערקע צוריק אין צורע דער מעכאשייפע!

אינגיכן האָט מען אָנגעקלאפּט צו איר אין צימערל, וואָס זי האָט געהאט אינעם הויז פאַרן פּערסאָנאל פון סאנאטאָרי, און מע האָט זי אוועקגעפירט. נאָך צוויי וואָכן זיצן אין א קאמער, אָן אָנגעפּראָפּטע מיט אזעלכע אָפּסאמערקעס, ווי זי, האָט מען זי ארויסגערופן צו אים, דעם זעלבן, וואָס איז איצט געוואָרן איר נאָענטסטער שאָכן אין אונדזער הויז. ער איז געווען איר אויספאָרשער. ס'קאָן זײַן, אז ער איז ניט געווען פון די ערגסטע פאָרשער, גרעסטע סאדיסטן, געווען מיסטאָמע נאָך גרעסערע ספּעציִאליסטן פון אים, נאָר ער האָט אויך גוט געקאָנט די מעלאָכע.

אופגענומען האָט ער זי זייער ליבלעך, מאמעש צו קושן זיך מיט איר.

— אזא שיינע פרוי, — האָט ער אָנגעהויבן פון א קאָמפּלימענט. — ווען עס זאָלן ניט זײַן די פארדריסלעכע אומשטאנדן, וואָס צעשיידן אונדז, וואָלטן מיר זייער זיך באפרײַנדעט, נאָר מיר וועלן אזוי אויך געפינען דעם נייטיקן קאָנטאקט. — איר דארפט זײַן גליקלעך, — האָט ער ווײַטער גערעדט, — וואָס איר זײַט דאָ בא מיר אין טפּיסע, ווײַל פאר די, וואָס זיצן ניט, שטייען שוין גרייט טעפּלושקעס, וועלכע וועלן אוועקפירן אײַערס גלײַכן ניט אין קרים, נאָר אין נארים, צו די ווײַסע בערן, כא־כא...

זי האָט אויך א לאָך געטאָן, ווען זי האָט דערהערט, אין וואָס מע באשולדיקט זי. ניט מער און ניט ווייניקער, אז זי האָט געוואָלט אָפּסאמען די בעסטע מענטשן פון סאנאטאָרי, די שאכטיאָרן־סטאכאנאָווצעס.

— ווערסט לאכן שפּעטער, — האָט ער פּלוצעם זיך אָנגעצונדן און איז ארויס מיט אזעלכע מישעביירעכס, אין דער מאמען ארײַן, אז פּונעם ערגסטן שיקער וועט מען אזעלכס ניט הערן. ער האָט געטײַטלט מיט דער האנט אפן פּאפּיר, וואָס איז געלעגן בא אים אפן טיש אונטערן גלאָז, און געשריִען: לייען!

און זי האָט געלייענט: Если враг не сдается, его уничтожают[1]

נאָך דעם ערשטן ארויסרוף צו אים, ווען זי האָט זיך אומגעקערט אין דער קאמער, האָט זי זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן און נאָר געטראכט, ווי‍אזוי טוט מען דאָס אָפּ. מיט א גרויל האָט זי געקלערט וועגן צווייטן ארויסרוף צום אויספאָרשער. פינף מאָל איז זי געווען בא אים, און ער האָט זיך דערשלאָגן זײַנס. איזדיעקעוועט זיך און געפּײַניקט, ביז זי איז זיך „מוידע" געווען און אונטערגעשריבן אלץ, וואָס ער האָט פארלאנגט.

---

[1] אויב דער פײַנט גיט זיך ניט אונטער, פארניכטעט מען אים.

מע האָט זי פאַרמישפּעט אויף פופצן יאָר. געזעסן איז זי אין לאַגער ניט קיין צײַט, ס׳איז אָנגעקומען די אויסלייזונג נאָך סטאַלינס טויט...

איצט, אין אַזויפיל יאָרן אַרום, האָט זי זיך געטראָפן ווידער מיט אים, איר געוועזענעם אויספאָרשער. זיי זײַנען שכנים, א טיר באַ א טיר.

— אונדז האָט אַפּגעגליקט, א גוטער עטאַזש, — האָט ער, שטייענדיק אין קאָרידאָר, א צופרידענער, געזאָגט צו איר.

— יאָ, יאָ, א גוטער... — האָט זי אַרויסגעמורמלט.

זי איז אַרײַן אין איר דירע, און די דירע ניט דערקענט. די ווענט, די סטעליע, די שאַפע, דער טיש זײַנען די זעלבע, נאָר הינטער אָט דער וואַנט האָט זי שוין דערהערט יענעמס טריט. אָט האָט ער זיך אוועקגעזעצט, דער פאַרשוין, אויפן דיוואַן, די פּרוזשינעס האָבן א סקריפּע געטאָן אונטער דער מאַסע פון זײַן שווערן גוף, אָט גייט ער שוין ווידער אַרום, עס קוויטשעט אונטער זײַנע פיס דער נײַער פאַרקעט. די אַקוסטיק דורך די ווענט אין הויז איז אַן אידעאַלע.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז קיין רו וועט זי שוין דאָ ניט האָבן. די דירע, מיט וועלכער זי האָט זיך אַזוי געפרייט און וואָס האָט איר אַזוי געשמײַכלט אין אַלע ווינקעלעך, איז ווי מיטאַמאָל גרוי געוואָרן, און גופא דאָס הויז, די „באַשניע", — דער טורעם האָט איר דערמאָנט די טורמע.

אַן אויפגערודערטע, איז זי אַרויס אין דרויסן, אַרומגעגאַנגען אַרום דעם מויער, ווו זי וווינט. דער שכן אירער איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן, א מאַך געטאָן פרײַנטלעך צו איר מיט דער האַנט:

— מיר כאַפּן לופט? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, ס׳פעלט לופט, — האָט זי געענטפערט.

באַנאַכט האָט זי געהערט, ווי ער כראָפּעט. זי אַליין האָט ניט צוגעמאַכט אַן אויג. די ביטערע דערמאָנונגען האָבן זיך געשטויסן אין מויער. זי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם געלעגער און געגומען אַרומגיין הין און צוריק איבערן צימער. „אַזאַ פינצטערע נעשאָמע, אַזויפיל נידערטרעכטיקײַט, אַזויפיל מערדערײַען אָפּגעטאָן, און פּאָפּעט, ווי א געהאַרגעטער, — האָט זי מיט דערצאָרענונג געטראַכט. ס׳האָט זיך זייער געוואָלט אָנקלאַפּן אין דער וואַנט, ווי זי האָט געקלאַפּט, „איבערגעקלאַפּט" זיך דורך דער וואַנט מיט דער שכיינעסדיקער קאַמער, און זי האָט אָנגעהויבן קלאַפּן, צוערשט שטיל, דערנאָך העכער... „וועסט רויִק ניט שלאָפן, א רויִקע נאַכט ניט האָבן!" — האָט זי ווי א וואַנזיניקע געשעפּטשעט. פון הינטער דער וואַנט האָט זיך דערהערט א הוסטעניש, א קרעכצעניש, דערנאָך א הויכער בייזער געשריי:

— קיין אַנדערע צײַט ניט געפונען צו טאַראַכקען, ווי אינמיטן דער נאַכט? עס שפּאַלט זיך דער קאָפּ!

— איך בין אויך ניט געשלאָפן דורך די נעכט, — האָט זי צוריק אַרײַנגעשריִען אין דער וואַנט און געגומען איבערוקן דעם אַלטן פאָטעל, מיט וועלכן זי האָט זיך ניט צעשיידט, אַריבערפאָרנדיק אין דער נײַער דירע. גערוקט, א ביסל זיך אָפּגערוט און ווידער גערוקט. די איבערגעטריקנטע פיסלעך פון דעם פאָטעל האָבן געיאָמערט, ווי א מינוט פאַרן טויט.

— וואָס טוט זיך עס דאָרטן באַ אײַך? — איז דער שכן געווען אויסער זיך.

— שוין, שוין ענדיק איך, — האָט זי אים באַרויִקט. — איך האָב מער געליטן.

אויף מאָרגן באַנאַכט איז זי אומגעגאַנגען איבער איר צימער מיט אַזאַ האַרטן טופּעדיקן טראָט, אַז דער פאַרקעט האָט נאָך העכער געקלאָגט, איידער נעכטן דער פאָטעל. מיטאַמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אין אַלט־אַלט לידל, וואָס עס האָט געזונגען דער זיידע, א לידל פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, און אינמיטן דער נאַכט האָט זי זיך צעזונגען:

אַז וויי איז צו דעם טאַטן,
אַז וויי איז צו דער מאַמען,
וואָס האָבן א זון א זאַפּאַסנאָי.
מע טוט אים אָן אין סאָלדאַטסקע קליידער
און מע שיקט אים גלײַך אַוועק אין באָי.

ווי ער איז צום באָי געקומען,
טויב איז ער געוואָרן, ווי די וואַנט.
א גערמאַנסקע פּוליע האָט אים געטראָפן,
אַראָפּגעשאָסן די רעכטע האַנט...

די אַלטע איז גאָר פון זינען אַראָפּ. די רודערײַ, די רוקעניש, די זינגערײַ האָט זי ניט אויפגעהערט אויך אין דער דריטער נאַכט, און דער שיינער שאָכן, זײַן פאַמיליע איז פּושקאַריאָוו, האָט

אָנגעשריבן אױף זײַן שכײנע א פּײַערדיקע מעלדונג, אַז זי היט ניט אָפּ די עלעמענטאַרסטע קלאַלים, און אויב זי איז מעשוגע, דאַרף זי זײַן ניט אין א קאַאָפּעראַטיװ, נאָר אין א מעשוגאַים־הויז.

די מעלדונג האָט מען באַהאַנדלט אױף א פאַרזאַמלונג.

װי שטענדיק אױף א פאַרזאַמלונג אין הויז, האָט מען זיך אויסגעשטעלט אױף די טרעפּ, בײַ די פּאַרענטשעס. צוערשט איז אַרויסגעטראָטן דער באַשולדיקער, דערנאָך די שולדיקע. מע האָט געהערט איר שטיל קאָל אױף אַלע טרעפּ, פון אונטן ביז אויבן.

— איצט, — האָט זי געזאָגט, — איז בײַ אונדז גלאַסנאָסט, װעל איך דערציילן װעגן דעם, װעגן װאָס איך װאָלט פריִער אױף א פאַרזאַמלונג ניט דערציילט. איך שטער אים שלאָפן! — זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום באַשולדיקער, װאָס איז געשטאַנען צוויי טריט פון איר. — ער האָט פאַרגעסן, װי אײנמיטן דער נאַכט פלעגט ער מיך אַרויסרופן, געשטעלט נאָך דער פינצטערניש אין דער טורמע־קאַמער אונטער א גרויסן לאָמפּ, בלינד צו װערן, געצװוּנגען שטײן לאַנגע שעהן נאַכאַנאַנד, ביז די פיס האָבן זיך ניט אײַנגעבראָכן, און איך בין אומגעפאַלן. ער האָט מיך געפּײַניקט, װײַל ער איז געװען זיכער, אַז קײן לעבעדיקע װעל איך ניט אַרויס, און זײַנע װילדסטע איזדיעקעניִשן װעלן קײנמאָל ניט װערן באַװוּסט. איר דערקענט מיך ניט? — זי האָט געמאַכט א טראָט צו אים. — איך בין דאַן געװען יונג. איך בין די דיִעט־שװעסטער פון יאַלטע די שרעקלעכע אָפּסאַמערן...

מיט א פּראָפּעסיאָנעלן דורכדרינגלעכן בליק, װאָס פיקסירט און פאַרהיט אַלץ אין זיקאָרן, לאָזט ניט דורך קײן קלײניקײטן — א זשעסט, א טנוע, א קנײטשל, האָט דער געװעזענער אויספאָרשער פּושקאַריאָװ אײַנגעקוקט זיך אין דער זקײנע, װאָס שטײט אַנטקעגן אים, און דורך די פיל פאַרגאַנגענע יאָרן, צװישן די הונדערטער מענטשן, װעלכע ער האָט געפאָרשט, איז גפעל־האַפט אַרויסגעשװוּמען פאַר זײַנע אויגן די „אָפּסאַמערקע" פון יאַלטע. יאָ, געװען, דוכט זיך, אַזא איינע.

מילקאַ ביטועלעװנאַ האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און װידער זיך אויסגעקערעװעט מיטן פּאָנעם צו די בײַװוּינדע.

— איך װײס, — האָט זי געזאָגט, — אַז מײַן טומלען בײַ אים הינטער דער װאַנט, איז נאַריש, ס'איז א נאַרישע נעקאָמע, נאָר איך קאָן גאָרניט טאָן מיט זיך, איך קאָן ניט אַריבערטראָגן זײַן רויִקן שלאָף, א שלאָף פון א מענטשן מיט א רײנעם געװיסן. איך בעט מיר העלפן אומבײַטן מײַן דירע אױף אַן אַנדערער, קעדײ זײַן אָפּגעשײדט פונעם העסלעכן פּאַרשוין!

— װאָס דאַרפט איר זיך אַריבערקלײַבן, זאָל ער! — האָט עמעצער פון די טרעפּ געװאָרפן א רעפּליקע.

— װעט ער דאָך ניט װעלן!

— אַװאַדע װעל איך ניט װעלן, — האָט פּושקאַריאָװ באַשטעטיקט. — זאָל אַװעקגײן דער, װעמען איך געפעל ניט. און די באַשולדיקונגען װאַרף איך אָפּ. איך האָב דאַן אויסגעפילט מײַן כװיװ.

— דעם כװיװ אומצוברענגען אומשולדיקע מענטשן? — האָט זיך װידער געטראָגן פון די טרעפּ א רעפּליקע.

— קײנע פאַרברעכנס בין איך ניט באַגאַנגען. אַן אַנדער אויספאָרשער װאָלט אױך אַזױ זי געפאָרשט. מעגלעך נאָך האַרבער. איך האָב ערלעך געדינט און אויסגעפילט די העכערע אָנװײַזונגען. איך בין א פּערסאָנעלער פּענסיאָנער! — ער האָט א טײַטל געטאָן מיט די אויגן אױפן לאַץ פון פּידזשאַק, װו ס'איז געהאַנגען אַן אָרדן און מעדאַלן.

— מע װעט זײ בײַ אײַך אַראָפּנעמען! — האָט זיך אָפּגעזײַ דערהערט אַן אויסרוף פון צװישן אוילעם.

א סאַך אײַנװוינער פונעם הויז האָבן נאָך דער פאַרזאַמלונג אױפגעהערט גריסן זיך מיטן פּאַרשוין, אַז מע באַגעגנט זיך מיט אים אױף די טרעפּ אָדער אין ליפט, האַלט מען עס פאַר א שלעכטן סימען, װי ס'װאָלט איבערגעלאָפן דעם װעג א שװאַרצע קאַץ. ער איז פון דעם ניט ניספּאָעל. און אײניקע אײַנװוינער זײַנען דאַפקע געװאָרן פרײַנטלעך מיט אים, טראָגן אים דעם גוט־מאָרגן אַנטקעגן.

באַלאַנים צו בײַטן זיך מיט מילקאַ ביטועלעװנען זײַנען געװען ניט װײניק, די דירע איז זײער א גוטע, אָבער זי האָט איבערגעקלערט און מיט קײנעם זיך ניט געביטן. ס'האָט זיך באַזעצט בײַ איר דער שװעסטערס אַן אײניקל, א יונג מײדל, װאָס לערנט אין א מוזיק־שול. זײער גערן האָט מילקאַ ביטועלעװנאַ געקויפט א פּיאַנינאָ. דאָס מײדל שפּילט א סאַך שאָען אין טאָג, און די באָבע מילקאַ בעט אָפטמאָל:

— שפּיל א ביסל העכער, זאָל דער שאַכן אויך האָנאָע האָבן!...

# אן אומגעריכטער פאַרשלאָג

אלץ אָפטער האָט עמעצער פון די, וואָס שפּאַצירן אין וואַלד, פאַרקערעוועט אין שאַדאָווערס ווינקל, צום פּניאַקל, אַף וועלכן ער זיצט, אין דער ארומרינגלונג פון צוויי סאָסנעס און איין דעמב. מע האָט דעם שרײַבער אפילע שוין געייצעט אופהענגען אפן בוים א טאַבליטשקע, אז ער נעמט אוף פון אזויפיל ביז אזויפיל אזייגער, ווײַל אויב יעדערער וועט אים דרייען דעם קאָפּ, ווען כ׳פּאַרווילט זיך, וועט ער דאָך ניט האָבן קיין פרײַע מינוט צו שרײַבן, די לײדיקגייערס וועלן ניט לאָזן צורו צוואַנציק שאָ אין מעסלעס.

— זאָל מען ניט לאָזן, זאָל מען דרייען... — האָט שאַדאָווער זיך אָפּגערופן. — ס׳איז בא מיר די בעסטע צײַט, ווען מע זיצט לעבן מיר און מע דערציילט מײַסעס, געשיכטעס. א נײַע מײַסע, א נײַע געשיכטע, א נײַער מאָנאָלאָג איז מײַן בעסטער פרישטיק, דער שענסטער מיטיק, דער ליבסטער אָפּרו. כ׳בעט נאָר, מע זאָל קומען אײַנציקווײַז, און ווען עמעצער זיצט בא מיר אין „קאַבינעט“, זאָל דער אַנדערער זײַן אזוי גוט און אויסוואַרטן, ביז יענער וועט זיך ארפהייבן פון פּניאַקל.

און דער אוילעם פונעם אָפּרו־הויז גייט צום שרײַבער אין וואַלד, ווי אמאָל אין שטעטל פלעגט מען גיין צו א גוטן־ייִדן. א שרײַבער איז ניט קיין באַלמויפעס, דאָס ווייסט מען, א צאַדיק איז ער אויך ניט, אָבער ער שרײַבט דאָך ניט אבי גלאַט אזוי, נאָר קעדיי מענטשן זאָלן עפּעס אראָפּלערנען, ווערן עטוואָס קליגער, אַף א מיליגראַם בעסער.

א דאַמע, אַלט א יאָר פופציק, דרײַ מאָל אין טאָג בײַט זי די קליידער און די קליפּסן, זייער א פעטע און זייער א נײַגעריקע, פּרוווט זיך אוועקזעצן אפן אַנדערן פּניאַקל אַנטקעגן שאַדאָווערן, נאָר דער פּניאַק איז צו שמאָל פאַר איר, און ס׳איז איר אומבאַקוועם. שאַדאָווער לייגט איר פאָר איבערזעצן זיך אַף זײַן ברייטערן „שטול“. זי זעצט זיך איבער, טוט א קוק אַף זיך אין שפּיגעלע, וויאַזוי זי זעט אויס אפן שרײַבערישן „טראָן“, לייגט ארײַן דאָס שפּיגעלע צוריק אינעם סאַמעטענעם בײַטעלע, און פונעם זעלבן בײַטעלע נעמט זי, דוכט זיך, אויך ארויס די ערשטע פראַגע אירע:

— סקאַזשיטיע, פּאַזשאַלוסטאַ, וויפל ייִדן זײַנען אין סאָוועטסקי סאָיוז? — דערבײַ קוקט זי זיך ארום, צי קיינער אין וואַלד הערט ניט, אז זי רעדט אַף ייִדיש. — מע זאָגט, אז איר זײַט א נאַסטאָיאַשטשע פּיסאַטעל, — דאַבערט זי ווײַטער. — קטאָ זשע וואַס טשיטאַיעט?

בא איר זײַנען שיינע שוואַרצע אויגן, די נאָז מיטן פּיצינקן הויקערל איז כיינעוודיק, די הויכע ברוסט רופט אפילע ארויס א יעיִצערהאָרעדיקן געדאַנק, אָבער די קאַשעס, וואָס זי פּאַרגיט, זײַנען אזוי פול מיט מיטלײַד צום „סאָטשיניטעל“, וועלכן קיינער טשיטאַיעט ניט, אז ער איז שטאַרק צופרידן, ווען די גרויסאַרטיקע דאַמע דערמאָנט זיך, אז זי טאָר לאַנג ניט זיצן, ווײַל פון זיצן ווערט מען פעט. זי הייבט זיך אוף מיט א דאַנקבאַרן שמייכל, וואָס זי האָט בעסעדעוועט מיט א פּיסאַטעל און טראָגט זיך אָפּ, ווי א שיף, אין אָנגעלאָדענע מיט קאָלטווו.

ס׳גייט אראָפּ פון דער גוט אײַנגעטרעמבעוועטער „צענטראַלער“ וואַלד־סטעזשקע און פאַרקערעוועט צום שמאָלינקן סטעזשקעלע, וואָס פירט צו שאַדאָווערס „קאַבינעט“, א מיטליאָרי־קער מאַנספאַרשוין מיט א שטענדיקן איראָנישן שמייכל אַף די ליפּן. אין אָפּרו־הויז איז ער באַוווּסט אלס א מענטש, וואָס האָט ליב צו דערציילן אַנעקדאָטן. ארום אים, דעם אַנעקדאָטשיק, איז שטענדיק א רעדל און ס׳הערט זיך א געלעכטער. איצטיקס מאָל האָט ער באַשלאָסן מעסאַמייעך זײַן דעם פאַרטיפטן אין ערנסטע געדאַנקען שאַדאָווערן.

— איך ווייס, אז אַנעקדאָטן האָט איר פײַנט, וועל איך אײַך זיי ניט דערציילן, אָבער נאָר האָדעווען דעם אוילעם מיט שווערע מײַכאָלים איז אויך ניט גוט, מע דאַרף אויך געבן א ביסל קאָמפּאָט, א שטיקל מאָראָזשענע, עס זאָל ניט דאָרשטן... אויב איר ווילט, וועל איך אײַך דערציילן א צוויי־דרײַ קלייניניקע געשיכטעלעך, און איר וועט זיי פאַרשרײַבן, עפּשער א ביסל אויסבעסערן, ווי איר פאַרשטייט, דערנאָך וועל איך מיט זיי ארויסטרעטן אַף א קאָנצערט, די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס איך וועל קריגן, וועלן מיר צעטיילן אַף דער העלפט.

— אַלע אַפּלאָדיסמענטן וועלן זײַן אײַערע, אָבער מיט וואָס איך וועל קאָנען, וועל איך אײַך העלפן, — האָט שאַדאָווער פרײַנטלעך צוגעזאָגט, דערבײַ צוגעגעבן, — דאָס וויכטיקסטע, ס׳זאָל זײַן אין אינהאַלט, עטוואָס זאַלץ און פעפער איז דערנאָך שוין ניט אזוי שווער ארײַנצושיטן.

דער אַנעקדאָטשיק האָט זיך ניט אוועקגעזעצט אפן פּניאַקל, נאָר אוועקגעשטעלט אַף אים א פוס, און זשעסטיקולירנדיק, ווי אן ארטיסט, אָנגעהויבן דערציילן זײַנע מײַסעס, איינע נאָך דער אַנדערער, יעדן מאָל אויסגעשאָסן א געלעכטער, באַלעקט זיך פון דער אייגענער כאָכמע, און שאַדאָווערן איז געוואָרן אַלץ אומעטיקער. „א דערוואַקסענער מענטש, — האָט ער מיט א ווידערגע־

פיל געטראכט וועגן דעם באַלדאַרשן, — און אַזוי פּוסט... צו מײַן פּניאַקל וועל איך אים מער ניט צולאָזן...״

א יאַמטעוו איז געווען באַם שרײַבער, ווען עס האָט פּאַרקערעוועט צו זײַן סטעזשקעלע איינער א יונגער באַכער, וואָס איז אים זייער סימפּאַטיש. א לענגערע צײַט האָט ער זיך שוין געהאַט צוגעקוקט צו אים. אין עס־זאָל זיצט ער, דער כעוורעמאַן, בײַ א טישל עטוואָס אין א זײַט פון דער טיר, און יעדערער, ווער ס׳קומט אַרײַן, טוט פריִער פון אַלץ א קוק, ווי א סגולע צו א גוטן אַפּעטיט, אויף זײַנע רויטע באַקן, וואָס קײַען זייער געשמאַק. ווי דער באַכער איז ניט פאַרטאָן מיטן גאָפּל און לעפל, פאַרגעסט ער ניט ענטפערן מיט זייער א גוטמוטיקן שמייכל אויף די באַגריסונגען פון די אַרײַנגעקומענע. דערבײַ אַפּילע אויף א רעגע אונטערהייבן זיך פונעם בענקל און זיך א נייג טאָן. בײַ אים זײַנען אַרופגעקעמטע אַרוף־צו שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ מיט א קוים באַמערקבאַרן שמאָלינקן אויסשניט בײַ די שלייפן, שוואַרצע פײַערדיקע אויגן און א גריבעלע, זייער א כיינעוודיקס אונטער דער אונטערשטער ליפּ.

דער באַכער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן אַנדערן פּניאַקל לעבן שאַדאָווערן:

— איר ווילט, איך זאָל אײַך זאָגן, וועגן וואָס איר קלערט איצט?

— איר לייענט יענעמס געדאַנקען? — האָט שאַדאָווער א שמייכל געטאָן.

— ניט אַלעמענס, נאָר די געדאַנקען, וועלכע קימערן און באַמרויִקן אײַך, זײַנען מיר באַוווּסט.

דער באַכער האָט פאַרוווּנדערט דעם שרײַבער מיט דרײַ זאַכן מיטאַמאָל. ערשטנס, מיטן רייִנעם ייִדישן לאָשן, וואָס מע הערט שוין איצט אַלץ זעלטענער אַפּילע בײַ עלטערע ייִדן, ווײַל דאָס, וואָס זיי האָבן אַמאָל געוווּסט, האָבן זיי שוין באַוויזן צו פאַרגעסן; צווייטנס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאַנץ גוט באַהאַוונט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין דער ליטעראַטור אויף ייִדיש און אויף העברעיִש. אין די יונגע יאָרן, ווען שאַדאָווער האָט געלערנט אין א ייִדישער שול, אין א ייִדישן טעכניקום, אויפן ייִדישן אָפּטייל אין א פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, איז לערנען העברעיִש געווען שטרענג פאַרבאָטן, אויף א מענטש, וואָס קען לאָשנקוידעש, האָט מען געקוקט, ווי אויף א פאַרטיקן ציִעניסט, אַן אַגענט פון ערעץ־ייִסראָעל און פון ענגלישן אימפּעריִאַליזם; דריטנס, האָט דער יונגערמאַן טאַקע פאַשעט געפּלעפּט מיט דעם, וואָס ער האָט פּינקטלעך געטראָפן די געדאַנקען און די זאָרגן, מיט וועלכע עס טראָגט זיך אַרום אַן אַלטער ייִדישער שרײַבער.

— איבערטראַכטונגען און זאָרגן פעלן אײַך ניט, — האָט ער באַמערקט. — נאָר די לעצטע צײַט באַמרויִקט אײַך אָפּט אַזאַ געדאַנק...

— דערהײַנע און אַדרעבע, זאָגט א וועלכער, — האָט אים שאַדאָווער אונטערגעיאָגט.

— ווען איר האָט אָנגעהויבן שרײַבן, האָט אײַך געעגבערט דער געדאַנק, צי מע וועט דאָס אָנגעשריבענע אָפּדרוקן; דערנאָך, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אין 1948־טן יאָר און אין די ווײַטערדיקע יאָרן די מײַסעס מיט די קאָסמאָפּאָליטן, דאָקטוירים, אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט, פאַרשיקונג, לאַגער, האָט איר, ווי ס׳איז צו זען פון די דאַטעס, וועלכע שטייען אונטער אײַערע ווערק, בישטיקע אויך דאַן פונדעסטוועגן געשריבן, ניט ווייסנדיק צוליב וואָס און צוליב וועמען.

מײַן מאַמע איז געווען א ייִדישע זעצערן. זי האָט געאַרבעט באַם האַנט־זאַץ אין דער מאָסקווער ייִדישער דרוקערײַ אויף פּאָקראָווקע. אין יאָרן אַרום האָבן בײַ דער מאַמען נאָך אַלץ געציטערט די הענט, ווען זי פלעגט זיך דערמאָנען, ווי א האַלב צענדליק מאַנספּאַרשוינען, ציוויל געקליידט, האָבן זיך אויסגעשטעלט הינטערן רוקן פון די זעצערס, נאָכגעקוקט, ווי מע נעמט צונויף פון די קאַסעס דעם שריפט, צי לייגט מען ניט אַרײַן די אויסיִעס אין די קעשענעס פונעם פאַרטעך, צי פאַרשטופּט מען ניט דעם בלײַ אין בוזעם. באַם אַרויסגיין פון דרוקערײַ, האָט מען יעדן אַרבעטער אונטערזוכט, געניִשטערט די טרייפע ליטערעס, עס זאָל ניט פאַרהיט ווערן א ייִדישער אָס. דאָס בלײַ האָט מען אַוועקגעפירט איבערצושמעלצן, די טיראַזשן פון די ביכער אַוועקגעיאָגט צום פאַרברענען, פּונקט ווי מע האָט פאַרניכטעט זייערע אויטאָרס.

— איך באַשולדיק אײַך ניט, — האָט דער יונגערמאַן פאָרגעזעצט, — וואָס איר האָט דערנאָך וועגן דעם קיין וואָרט ניט אָנגעשריבן, איר האָט געדאַרפט בענטשן גוימל, וואָס איר זײַט געבליבן לעבן.

— זאָגט זשע, וואָס קימערט מיך איצט מער ווי עפּעס אַנדערס? — האָט אומגעדולדיק אים איבערגעשלאָגן דער שרײַבער.

— שוין וועל איך אײַך זאָגן. אײַך קימערט אײַער אַרכיוו.

— איר האָט געטראָפן. איך האָב אַן אַרכיוו, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין מעשעך פון יאָרן, און ווייס ניט, ווו אים אַהינטאָן. יעדן מאָל, ווען איך נעם זיך צו די צענדליקער פּאַפּקעס מיט די אַלטע מאַנוסקריפּטן, וואַריִאַנטן פון אַזאַ ווערק און אַזאַ ווערק, איבערקוקן די בריוו, די טאָגביכער, די צענדליקער בלאָקנאָטן — און די האַנט ציט זיך שוין צו צערײַסן זיי און וואַרפן אין א גרויסן זאַק, קעדיי דערנאָך אַרויסוואַרפן אין די מיסט־קאָנטיינערס, וועלכע שטייען לעבן

הויז, טוט די אַנדערע האַנט אַ שטעל אָפּ, אַזויווי געזאָגט: וואַרט נאָר אויס, געדענקסט, ווי גראָד אויף אַט די שורעס האָסטו זיך געמאַטערט, איין אָנגעהויבן זײַטעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס... און די טו נאָר אַ קוק, וויפל נעמען דו האָסט געהאַט פאַר איין און דער זעלבער דערציילונג? אַזאַ נאָמען, און אַזאַ נאָמען, און אַ דריטער, און אַ פערטער נאָמען... אָבער ווער דאַרף דאָס וויסן, וועמען קאָן דאָס אינטערעסירן? און ווער דאַרף דעם אָנגעפּאַקטן טשעמאָדאַן מיט בריוו און קאַרטלעך? אַז איך האַלט זיי אין די הענט, דוכט זיך מיר, אַז ס'האָבן זיך צוריקגעקערט מײַנע פאַרגאַנגענע יאָרן. אָבער זיי דאַרפן אַוועקגיין צוזאַמען מיט מיר. ווער דאַרף זיי, די אַלטע שיימעס? אַ לאַורעאַט בין איך ניט, איך בין ניט באַרימט, איך באָד זיך ניט אין די שטראַלן פון גרויסער פּאָפּולערקײַט, — און דעם ריינעם עמעס געזאָגט, האָט עס מיר ניט געאַרט, אָפּגעהאַרעוועט שטיל און ערלעך אַ האַלבן יאָרהונדערט אין אונדזער ליטעראַטור, בין איך דאָך ניט דער איינציקער. אַ שרײַבער, וואָס פאַר אַן אָרט ער זאָל אין דער ליטעראַטור ניט פאַרנעמען, לאָזט צומאָל איבער אַ גײַסטלעכע ירושה, וואָס איז מער ווערטפול פון דעם, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט באַם לעבן. ביפּראַט אַ שרײַבער פון די אַלטע לעצטע ייִדישע מאָהיקאַנער. ווו זײַנען די אַרכיוון פון די פריערדיקע? זיי זײַנען צעזייט און צעשפּרייט, פאַרניכטעט, פאַרברענט. איינער אַן אַלטער ייִדישער שריפטשטעלער האָט זיך געווענדט מיט אַ פאָרשלאָג, אַז אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זאָל מען צונויפזאַמלען די אַרכיוון פון ייִדישע שרײַבער, האָט מען פון דאָרטן אויף דעם זיך ניט אָפּגערופן...

— איר דאַרפט מיר ניט דערקלערן, — האָט זיך אָפּגערופן דער יונגערמאַן, — אַלץ איז פאַר מיר קלאָר. עס זײַנען קלאָר דער היסטאָרישער, און הומאַנישער, און עמאָציאָנעלער אַספּעקטן... איך האָב אויך אַ קאָנקרעטן פאָרשלאָג. — ער איז אויף אַ לענגערער ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן. אַ וואָרט האָט אויך ניט אויסגערעדט דער שרײַבער, געוואַרט, וואָס יענער האָט פאָרצולייגן.

— גיט אָפּ אײַער אַרכיוו מיר, — האָט דער באָכער געזאָגט.

— אײַך? צוליב וואָס דאַרפט איר אים? און ווו וועט איר אים האַלטן?

— וועגן דעם זאָרגט ניט, — האָט יענער געענטפערט. — איך וווין אין אַ דרײַצימערדיקער דירע צוזאַמען מיט די עלטערן, איין צימער איז אין מײַן רעשוס. דאָרטן וועט אַרײַן ניט נאָר אײַער אַרכיוו.

— איר ווילט שאַפן אַ פּריוואַטן מעמאָריאַל?

— פּריוואַט — ניט פּריוואַט... איך זע, אַז איר האָט שוין אַ ביסל מוירע, צי וועט מען ניט זאָגן, אַז ס'איז קעגנגעזעצלעך. אָבער פאַרוואָס קאָן איצט, אין אונדזער צײַט, ווען עס ווערט סטימולירט אינדיווידועלע איניציאַטיוו, איך ניט אויפקומען אַזאַ איניציאַטיוו?

— מיטן גרעסטן קאָוועד וועל איך אײַך אָנפאַרטרויען מײַן גאַנצן ליטעראַרישן פאַרמעגן, — האָט שאַדאָווער געזאָגט. — איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן אַ ביסל גענויער וועגן אײַך.

— איך האָב פאַרענדיקט דעם מאָסקווער אַרכיוו־אינסטיטוט.

— אַזוי גאָר, זײַט איר דאָך אַ באַהאַוונטער מענטש, און איר נעמט אַראָפּ אַ יאָך פון מײַן קאָפּ. אַדאַנק, צי מעג איך וועגן דעם דערציילן די כאַווײרים מײַנע, די עטלעכע עלטערע ייִדישע שרײַבער, וועלכע אינטערעסירן זיך אויך גאַנץ שטאַרק מיט אָט דעם איניען?

— איר מעגט, פאַרוואָס ניט? אָבער ניט אַלעמענס אַרכיוון וועל איך קאָנען גלײַך אָפּפירן צו זיך. איך האָב אײַך דערציילט וועגן מײַן מאַמען, וואָס איז געווען אַן אײדעס, ווי מע האָט געוואָלט פאַרניכטן יעדן ייִדישן שריפטצייכן, און איך, איר זען, וויל אים פאַרהיטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געווען אַ הייסער טאָג. אפילע אין וואַלד איז אויך געווען הייס, דושנע. שאַדאָווער איז געזעסן אויף זײַן פּניאָקל, געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און די פּלייצע צוגעשפּאַרט צום בוים. די צעפּנטע העפט צוזאַמען מיטן ברעטעלע, אויף וועלכן ס'איז געלעגן, האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון די קני און צעעפנטערהייט געבליבן ליגן אויפן גראָז באַ די פיס. אַן אָראַנזשעווע פלאַטערל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ברעג פונעם פאַרשריבענעם בלעטל, אין אַ רעגע אַרום אַ פּאָכע געטאָן מיט די פליגעלעך, ווי ס'וואָלט שוין געהאַט איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע, און אַוועקגעפלאַטערט ווײַטער, געמאַכט פרײַ דאָס אָרט פאַר די אַנדערע גאָטס באַשעפענישלעך, וואָס זײַנען אויך באַלאַנים צו לייענען. אָט קריכט שוין צום העפט אַ גרין פעט זשוקל, הינטער אים אַ רויטינק מוישע ראַביינו־קיעלע. זיי ווילן אויך עפּעס געניסן פון ליטעראַטור.

שאַדאָווער האָט זיך אויפגעכאַפּט פונעם קורצווײַליקן דרעמל. ער האָט מיט פאַרשלאָפענע אויגן געזוכט דעם באָכער, וועלכער איז אַקאָרשט לעבן אים געשטאַנען. וואָס עס קאָן זיך נאָר אָנפּלאָנטערן אין אַ הייסן טאָג באַ אַ מענטשן מיט אַ ביסל פאַנטאַזיע. ווו ביסטו, ליבער באָכער מײַנער?..





שאָלעם-עליכעם

# דער בלוטיקער שפּאַס

אַן אויסגעוויילטער ראָמאַן

דאָס זיבן־און־פערציקסטע קאַפּיטל

## גוטע־פרײַנט קריגן זיך — טײַבעלעך קושן זיך

קריגן זיך, אמפּערן זיך, זאָגן זיך שטעכווערטער — דאָס איז בא אונדזערע יונגעלײַט שוין לאנג געוואָרן א געווײנלעכע זאך. עס פלעגט זיך מאכן אָפט, אז די מוטער האָט זיך געמוזט ארײַנמישן און מאכן א שאָלעם צווישן זיי:

— קינדער, — פלעגט זי זאָגן, — זאָלן אײַך האָבן א טעווע טאָג ווי נאכט רײַסן זיך ווי קעץ!

אָדער:

— בעטי! דו וועסט אמאָל נאָכגעבן, וואָס יענער זאָגט, צי ניין?

אָדער:

— וואָס הערט איר זי, פאני ראבינאָוויטש? איר ווייסט דען ניט, אז זי איז א שאפּיראָ? אלע שאפּיראָס האָבן ליב זאָגן קאפּויר, מיטן קאָפּ אראָפּ, טאקע נאָר אף צעזעצעניש.

---

פּאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 7, 8, 9, 10, 11, 1988.

סאַרע איז געווען גערעכט. וואָס ראַבינאָוויטש זאָל ניט זאָגן, האָט בעטי געמוזט זאָגן פאַרקערט. דערפאַר האָט ער איר אָבער אויך ליב געהאַט זאָגן פאַרקערט. ער האָט געמעגט וויסן, אַז זי איז גערעכט ווי גאָט אליין, האָט ער געדרונגען קאַפּויר נאָר מיט איין צוועק — ביכדיי זי זאָל זיך אָנצינדן, ארויסווײַזן איר הייסן טעמפּעראַמענט און אירע שיינע שאַרפע ציין...

עס איז אינטערעסאַנט זיך אָפּשטעלן אויף א פּאָר קלייניקייטן, וואָס זײַנען גלײַך כאַראַקטעריסטיש פאַר זיי ביידן.

געוואָרן בא די שאַפּיראָס א היימישער מענטש און באַמערקט, אַז די מוטער און די טאָכטער האָבן נישט ליב, אַז דער פאָטער, דאָוויד שאַפּיראָ, באַרימט זיך מיט זײַנע עלטערזיידעס, די עמעסע, די סלאָוויטער שאַפּיראָס, האָט ער איינמאָל אויף א טשיקאַווע א פרעג געגעבן באַם באַלעבאָס: וואָס איז אייגנטלעך דער מער מיט די דאָזיקע סלאָוויטער שאַפּיראָס? דאָוויד האָט אוועקגעשטעלט אויף זײַן קוואַרטיראַנט אַזעלכע אויגן, גלײַך ווי יענער וואָלט אים פרעגן: וואָס איז דער מער מיט אוראָם אָווינו אָדער מיט מוישע ראַביינו?

— וואָס? איר האָט קיינמאָל ניט געהערט די געשיכטע מיט די סלאָוויטער שאַפּיראָס, די, וואָס מע האָט אין וואָסילטשיקאָווס צײַטן געגניאָטעוועט, געטריבן „סקוואָז סטראָי” איבער א בילבל? ווי איז דאָס מעגלעך?

אַזוי האָט אים געזאָגט דאָוויד און גענומען אים דערציילן אַן אַלטע, א טרויעריקע געשיכטע פון צוויי ברידער, אשירים מופלאָגים בעטוירע, איינער האָט געהייסן ר׳ שמועל־אבע שאַפּיראָ און דער אַנדערער ר׳ פּינכעסל שאַפּיראָ, און ביידע זײַנען געזעסן אין סלאָוויטע, געהאַלטן א דרוק. האָט זיך געטראָפן א מײַסע איבער א פאַלשן „דאָנאָס”, איבער א מעסירעלע, איז אַרויס א באַפעל פונעם גובערנאַטאָר וואָסילטשיקאָוו, מע זאָל זיי גניאָטעווען, טרײַבן „סקוואָז סטראָי”, אויף אַמאָליקן אַלטן שטייגער. איז בייס מע האָט זיי גענומען קאַטעווען און די סאָלדאַטן מיט די ריטער האָבן געטאָן זייער אַרבעט, איז באַם עלטערן ברודער אַראָפּגעפאַלן די יאַרמעלקע פונעם קאָפּ, האָט ער, נישט קוקנדיק אויף די ריטער, זיך אָנגעבויגן, אופגעהויבן און אָנגעטאָן די יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, גלײַך ווי ניט אים מיינט מען...

— אָט דאָס איז גאָר? — האָט זיך ניט־ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט באַם קוואַרטיראַנט, און בעטי איז שוין געוואָרן אָנגעצונדן ווי א שוועבעלע:

— וואָס נאָך האָט איר געוואָלט?

וועלנדיק פאַרענטפערן זײַן פּאָזיציע, האָט ראַבינאָוויטש אַרויסגעזאָגט א געדאַנק, אַז ער זעט ניט אַרויס אין דעם קיין באַזונדערע גוורע און אַז ער פאַרשטייט ניט, וואָס איז פאַראַן זיך צו באַרימען מיט א געשמיסענעם אין דער מישפּאָכע?..

נו־נו, ראַבינאָוויטש האָט מער נישט באַדאַרפט. ער איז אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט פײַער פון ביידע זײַטן. פון איין זײַט, האָט אים דאָוויד שאַפּיראָ גענומען פײַלן אויף זײַן שטייגער, אַז אָט דער ראַבינאָוויטש, הערט איר, האָט אין זיך טנועס און אָפּשניצלעך פון אַן עמעסן גאָי; אַז ער האָט ניט אין זיך קיין ייִדישן אָדער און אַזוי ווײַטער... און בעטי, פון איר זײַט, האָט געוואָלט הערן פון אים, וואָס איז לויט זײַן מיינונג מער ביזאָיען — זײַן א געשמיסענער, צי זײַן א שמײַסער? וואָס איז מער קאָוועד — האָבן א געהאַנגענעם אין דער מישפּאָכע, אָדער האָבן א טאַליען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין הענגען מענטשן?..

— אָבער גענוג. נו גענוג שוין! זעט נאָר, ווי מיט א וואָגן האָט מען זיי פאַרטשעפּעט, דעם טאַטן מיט דער טאָכטער! — מישט זיך אַרײַן סאָרע און עס נעמט א סאָף.

דאָס אַנדערע מאָל האָט זיך געטראָפן א מײַסע: בעטי און דער קוואַרטיראַנט זײַנען געזעסן אינדערפרי בא דער טיי און געלייענט א בלאַט־צײַטונג. האָט זיך ראַבינאָוויטש אָפּגעשטעלט אויף א נאַרישן, נאָר א טרויעריקן עפּיזאָד, וועלכער איז גאָר קיין נײַס נישט פאַר א ייִדן, און וועלכער איז אין דער „טשערטאַ” אייגנטלעך מײַסים בעקאָל יוים.

דער עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט אין א ייִדישער שטאָט, אין א גימנאַזיע, צווישן קליינע קינדער, וואָס האָבן געשפּילט מיטן לערער אין „סאָלדאַטלעך” („פּאָלק פּאַטיעשניך”).

צונויפגעזאַמלט זיך אויפן שטאָט־פּלאַץ — דערציילט זיך דער קאָרעספּאָנדענט א מײַסע ווי א מעסיכע לעפּי טאָמאָ — האָבן העכער הונדערט קינדער אויסגעשטעלט זיך אין דער ריי און גרייט געווען צו מאַרשירן. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנט בילד, וואָס האָט צונויפגעקליבן אַרום זיך א מאַסע מענטשן. די גאַנצע שטאָט איז אַרויסגעקומען אָנקוקן די קליינע סאָלדאַטלעך. קינד און קייט האָבן זיי מעקאַנע געווען. פּלוצעם האָט זיך דערהערט א קאָמאַנדע פונעם אָפיצער:

— ייִדישע קינדער אויף צו פריער („יעווריעי ווּפּעריאָד”!)!

זײַנען אַרויסגעטראָטן די קליינע סאָלדאַטלעך מיט ייִדישע פּענעמלעך פון מלאַדשי פּריגאָטאָוויטעלני קלאַס און ווי די עמעסע סאָלדאַטן אוועקגעשטעלט זיך און אויסגעצויגן פאַרן אָפיצער, מיט גליקלעכע אויגן געוואַרט אויף דער ווײַטערער קאָמאַנדע.

— סטופײַטיע דאַמאַי! (גייט אײַך אהיים!) — האָט זיך געלאָזט הערן דעם אַפּיצערס קאָמאַנ־דע, און די דרײַ קינדער זײַנען געבליבן שטיין ווי פארגליווערט, ניט פארשטאַנען נאָך, וואָס דאָס הייסט.

— סטופײַטיע דאַמאַי! — האָט דער שטרענגער אַפּיצער אויסגעקאָמאַנדעוועט נאָכאַמאָל. און כּדי זיי זאָלן אים מער פארשטיין, אפּאָנעם, האָט דער אַפּיצער צוגעלייגט: „הערשקאָ, יאַנקעל, באַראַך, טאַטעלע, מאַמעלע, גייט אהיים!" און בייסמײַסע האָט ער געמאַכט אזא מאַמזערישע מינע, אז דער גאַנצער אוילעם, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין גאַס, האָט אויסגעשאָסן א פריילעכן געלעכטער און גענומען פּאַטשן בראַוואָ, און די דרײַ יידישע סאָלדאַטלעך זײַנען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּלעך אונטער הילכנדיקע אַפּלאָדיסמענטן אוועק אהיים.

— טשאָרט זנאַיעט טשטאָ! — האָט אויסגערופן ראַבינאָוויטש, א וואָרף געגעבן פון זיך די בלאַט, זיך אופגעכאַפּט, גענומען ארומשפּאַנען איבער דער שטוב און שאַרן די האָר ארוף, און פײַערן אף דעם אכזער דעם אַפּיצער, וואָס האָט ניט אין זיך קיין טראָפּן מענטשלעכקײַט, און אפן נאַרישן פובליקום, וואָס איז גרייט צו אַפּלאָדירן יעדער נידערטרעכטיקײַט, און אפן קאָרעספּאָנ־דענט דעם אידיאָט, וואָס באַשרײַבט אין אזא אידיאָטישן טאָן אזא אומגעהערטע רעציכע, וואָס מע דאַרף דערוף רײַסן זיך בא די האָר, דונערן און בליצן!

— שטילער א ביסעלע! — רײַסט אים איבער בעטי. — מיר האָבן געזען ערגערע זאַכן...

ראַבינאָוויטש בלײַבט שטיין.

— ערגערע זאַכן? ערגער דערפון קאָן שוין גאָר ניט זײַן, בערטאַ דאַווידאָוונאַ. איר שטעלט אײַך נאָר פאָר, בערטאַ דאַווידאָוונאַ, די טיפע באַליידיקונג, דעם גרויסן ראַכמאָנעס פון די דרײַ אומשולדיקע טאַלמידימלעך פון „מלאַדשי פריגאָטאָוויטעלני" קלאַס, וואָס האָבן געטראַכט זייערע קעפּלעך? און דעם סאַם האַמאָועס, וואָס איז אַרײַנגעגאָסן אין די ריינע הערצלעך פון די איבערי־קע, די קריסטלעכע קינדער, — וואָס האָבן זיי זיך געקלערט? און דאָס פּובליקום, וואָס האָט גע־פּאַטשט בראַוואָ, די סטאַדע שעפּסן...

— די סטאַדע שעפּסן, — שלאָגט אים איבער בעטי, — האָבן שוין געזען ערגערע זאַכן און האָבן אויך געפּאַטשט בראַוואָ. זיי האָבן געזען קליינע ברעקלעך קינדער פליִען פון די אייבער־שטע עטאַזשן צעריסענע אף דער האלב און מיט צוועקלעך אין די קעפּלעך אײַנגעם מיט די צעבראָכענע פאַרטעפּיאַנעס און מיט די צעטרעטענע יידישע קישנס...

— אַך, בערטאַ דאַווידאָוונאַ, וואָס גלײַבט איר? דאָס איז געווען א פּאָגראָם, און דאָס איז שוין ווידער עפּעס אנדערש...

— דער אייגענער פּאָגראָם, גריגאָרי מאָיסייעוויטש, נאָר אָן פּאַראַד, אָן מוזיק און אָן פּע־דערן.

— מײַנע ווערטער, נאָר בא אײַך קומען זיי אויס פארקערט. אַך, בערטאַ דאַווידאָוונאַ! בערטאַ דאַווידאָוונאַ!

— וואָס בערטאַ דאַווידאָוונאַ? בערטאַ דאַווידאָוונאַ? — קרימט אים איבער בעטי, און ער מאַכט א קרום פּאָנעם און בעט זיך בא איר:

— נו, בערטאַ דאַווידאָוונאַ!..

דערהערט סאָרע אין קיך, מיינט זי, אז דאָס רײַסן זיך די קינדער אף דער רעכטער עמעס: זי ווייסט ניט, אז גוטע־פרײַנט קריגן זיך, איז ווי טײַבעלעך קושן זיך... לויפט זי אַרײַן אין א שרעק:

— שאַ! וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז דאָ געשען?

— גאָרניט טוט זיך דאָ, — באַרויִקט מען זי, — גאָרניט איז דאָ געשען.

— וואָס זשע הער איך בערטאַ דאַווידאָוונאַ און בערטאַ דאַווידאָוונאַ? וואָס זשע האָט ער זיך אזוי צובערטעדאַווידאָוונעט וואָלט איך געוואָלט וויסן?

עס לאָזט זיך אויס מיט א פריילעכן געלעכטער, ווי אלעמאָל. נאָר עס געדויערט נישט קיין סאך און די „קינדער" האָבן זיך שוין ווידער צעאַמפּערט — הימל עפן זיך!

איצטיקס מאָל, אין דער ערשטער נאַכט פּייסעך נאָכן סיידער, אז מע איז אופגעשטאַנען פונעם טיש, האָבן זיך אונדזערע יונגעלײַט צעאַמפּערט איבער א פּרינציפּיעלער פראַגע: פארוואָס וויל דאָוויד שאַפּיראָ ניט לײַדן, אז מע רעדט פון „ריטואַל"? פארוואָס פאַרוואַרפט ער מיט הענט און מיט פיס, אז ער דערהערט דאָס וואָרט „אלילאָס־דאָם"? ראַבינאָוויטש האָט דערבײַ ארויסגעזאָגט א געדאַנק, אז ער פארשטייט ניט, פארוואָס די יידן שווײַגן? נאָך זײַן מיינונג, וואָלטן אלע יידן פון דער גאַנצער וועלט געדאַרפט זיך פאַרייניקן און אָנווענדן זייער גאַנצע ענערגיע אף צו פּראָטעסטירן קעגן אזא שרעקלעכער באַשולדיקונג...

— פּונקט פאַרקערט! — האָט אים אָפּגעהאַקט בעטי גלײַך און שאַרף ווי אלעמאָל. — פּונקט קאַפּויר! פּראָטעסטירן באַדאַרפן ניט מיר, נאָר די ערלעכע לײַטישע קריסטן... וואָרעם פאַר זיי דאַרף

דאָס אייגנטלעך זײַן מער ביזאָיען ווי פאַר אונדז, אויב איר ווילט וויסן... און איר זאָגט פּראָטעסטירן! פּראָטעסטירן האָט דען אַ שיר? אַף איטלעכס ניס קאָן מען ניט זאָגן: „צו געזונט"... לעמאָשל, אָט איצט באַשולדיקט מען אונדז, אַז מיר באַניצן קריסטלעך בלוט אין אונדזער מאַצע אַף פּייסעך. מאָרגן וועט מען אויסטראַכטן, אַז מיר שלינגען לעבעדיקערהייט קריסטלעכע קינדער אַפן ניכטערן האַרצן, און מיר וועלן אַף יעדער ווילדער נאַרישקײַט גיין פּראָטעסטירן? מיר וועלן זיך אַוועקשטעלן אַפּלייקענען, אַז ניין, מיר שלינגען ניט קיין לעבעדיקע קינדער אַפן ניכטערן האַרצן? פּו! דער פּאַפּאַ איז זייער גערעכט, וואָס ער וויל דערפון נישט רעדן אַפילע, דאָס באַווײַזט, אַז ער איז אַן אַריסטאָקראַט...

— אַן אַריסטאָקראַט?

— וואָס שמייכלט איר אַזוי? געוויס אַן אַריסטאָקראַט! און יעדנפאַלס מער אַריסטאָקראַט פון יענעם גענעראַל, וואָס האָט דערזען אין גאַס אַ ציגײַנער אָדער אַ גרעק מיט אַ וויינענדיק קינד, האָט זיך אים, כאַ־כאַ, פאַרשטעלט, ווי מע זאָגט בא אונדז, אַ קורצע קו פאַר אַ באַרנבוים און ער האָט באַלד דערשמעקט בלוט, וואָרעם עס כאָלעמט זיך זיי בלוט. מענטשלעך בלוט... אין כאָלעם און אַף דער וואָר זעען זיי נאָר בלוט און בלוט... אָ! נישט קיין פּראָטעסטן דאַרפן מיר שרײַבן, נישט פאַרענטפערן דאַרפן מיר זיך, מיר דאַרפן, מיר וואָלטן באַדאַרפט — מע זאָל מיך פאָלגן — אַרויסטרעטן מיט אַ קאָנטער־באַשולדיקונג קעגן אַנדערע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די יונגעלײַט האָבן זיך אַזוי פאַרעדט, אַז זיי האָבן גאָר ניט באַמערקט, אַז דאָוויד שאַפּיראָ האָט שוין געענדיקט דעם שיר־האַשירים אויך, אופגעשטאַנען פון טיש אין דער בעסטער שטימונג און צוגעגאַנגען מיט אַ ניט געוויינלעך שמייכעלע צו די „קינדער" הערן, פון וואָס רעדן זיי, און אָנגעקומען אַקוראַט אַף דעם איניען „ריטואַל", וואָס ער קאָן עס ניט הערן.

— איר אויך פון „ריטואַל"? אַלע, אַלע פון „ריטואַל", ניט געדאַכט זאָלט איר ווערן!

בעטי זעט, אַז דער פאָטער איז זייער אופגעלייגט, וואָס איז זייער זעלטן.

— פּאַפּאָטשקאַ, מיר האָבן דאָ געאַמפּערט זיך מיט אונדזער קוואַרטיראַנט איבער דיר.

— איבער מיר? וואָס איז דאָ איבער מיר צו אַמפּערן זיך?

— ער פאַרשטייט ניט דעם סייכל, פאַרוואָס דו האָסט פײַנט, אַז מע רעדט פון „ריטואַל".

דאָוויד בייגט אָן דעם קאָפּ און מאַכט צו די אויגן, זעט אויס, האָרכנדיק:

— נו, און דו פאַרשטייסט דעם סייכל?

— געוויס פאַרשטיי איך. איך וויל אים דערקלערן, אַז דו שטייסט העכער פון אַזעלכע מיִעסקײַטן. אַז דו האַלטסט עס פאַר אַ באַליידיקונג... אַז דו...

— טע־טע־טע! — מאַכט דאָוויד שאַפּיראָ און פאַרשטעלט זיך ביידע אויערן. ער האָט פײַנט, אַז יענער רעדט, ער האָט ליב בעסער אַליין צו רעדן, — צו וואָס אַזויפיל ווערטער? אויב דו ווילסט וויסן אַקוראַט, וועל איך דיר זאָגן דעם סייכל. אָט דער „ריטואַל", ווי איר רופט עס אָן, אָדער „אַלילאַס־דאַם", ווי עס האָט אַמאָל געהייסן, קאָסט אונדז, איך מיין אונדזער מישפּאָכע, צו טײַער. איך, אַז איך דערהער דאָס וואָרט „אַלילאַס־דאַם", ווערן מיר פאַרקילט אַלע געבליטן. איך דערמאָן מיך, וואָס מײַן טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, האָט מיר דערציילט, וואָס ער האָט דאָס געהערט פון זײַן טאַטנס טאַטן, פון די סלאַוויטער שאַפּיראָס, וואָס בא זיי אין דער מישפּאָכע האָט זיך געטראָפן, וויִאַזוי ס'איז שיר ניט כאָרעוו געוואָרן אַ שטאָט מיט ייִדן, האָט זיך גאָט אַרײַנגעמישט, באַוויזן אַ נעס. אַ שיינע מײַסע איז דאָס געווען. אַ שיינע מײַסע, נאָר אַ קורצע.

— דערצייל, פּאַפּאָטשקאַ, דערצייל אונדז פון די עמעסע, פון די סלאַוויטער שאַפּיראָס... — האָט זיך בעטי געלאַשטשעט צום פאָטער, אַרופגעלייגט איר האַנט אַף זײַן ווײַסן קיטל און שעלמיש פאַרקוקט אים אין די אויגן אַרײַן.

אין דעם דאָזיקן שעלמישן קוק, ווי אויך אין די ווערטער „סלאַוויטער שאַפּיראָס", האָט זיך געהערט ווי אַן איראָניע, וואָס האָט באַדאַרפט באַטײַטן, אַז די מײַסע, וואָס ער וועט דערציילן, קאָן זײַן, אַז זי וועט זײַן זייער אינטערעסאַנט, נאָר אַז זי האָט זיך געטראָפן מיט די סלאַוויטער שאַפּיראָס — דאָס איז ניט וויכטיק... און אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַרום דאָווידן, בעטי מיטן קוואַרטיראַנט פון איין זײַט, סאָרע מיטן מיזיניק פון דער אַנדערער זײַט (סיאָמקעס אייגעלעך האָבן זיך אָנגעצונדן, ער וועט אײַך פאַר אַ מײַסע אַוועקגעבן, וואָס איר ווילט, אויסער, פאַרשטייט זיך, די נײַע שטיוועלעך), און דאָוויד שאַפּיראָ האָט גענומען דערציילן זײַן מײַסע, וואָס האָט זיך געטראָפן „טאַקע בא זיי אין זייער מישפּאָכע".

# אַן עפּיזאָד פון פאַרצײַטן

די מײַסע, וואָס דאָוויד שאַפּיראָ האָט גענומען דערציילן, איז טאַקע געווען זייער אַ שיינע מײַסע און ער האָט זי זייער שיין דערציילט. איין כיסאָרן נאָר איז געווען, וואָס צוליבן קוואַרטיראַנט, וואָס פאַרשטייט ייִדיש אַ ביסל מער פון אַ גאַי, האָט דאָוויד געמוזט זי איבערגעבן אין אַ פרעמדער שפּראַך, אין אַ שפּראַך, מיט וועלכער ער איז עפּעס ניט שאָווע בעשאָווע. דאָרט, ווו עס האָבן אים אויסגעפעלט ווערטער, האָט ער געמוזט טאָן דאָס, וואָס זײַן טאַטע האָט געטאָן: דערמאַכן דאָס איבעריקע מיט די הענט. איז אַפילע געהאַט געבליבן טכילעס, אַז בעטי זאָל אים קומען צו הילף, דאָס הייסט, אַז זי זאָל זײַן זייער דאָלמאַטש. דאָס איז אָבער געווען גאַנץ איבעריק, וואָרעם ווי קאָן דאָוויד שאַפּיראָ לײַדן, אַז יענער זאָל פאַר אים רעדן? וואָס איז ער, כאָלילע, אַ שטומער? דעריבער איז ער אַלעמאָל, ווען דער קוואַרטיראַנט האָט זיך געווענדט צו בעטין, זי זאָל אים געבן צו פאַרשטיין, אָנגעפאַלן אָף אים מיט הענט.

— וואָס פרעגט איר בא איר? וואָס ווייסט זי? זי ווייסט אַזויווי איר און איר אַזויווי זי. אין די זאַכן לאָזט מיך, וועל איך אײַך קלאָר מאַכן אַקוראַט.

דאָס רופט אַרויס אַ פריילעך געלעכטער בא יונגוואַרג, צווישן וועלכע מע דאַרף רעכענען אויך דעם קליינעם סיאָמקע, וואָס הערט זיך צו צום טאַטנס מײַסע מיט קאָפּ, ווי אַן אַלטער. „מיר זאָל זײַן פאַר זײַן קאָפּ!" טראַכט זיך סאָרע, וואָס די אַרבע־קוויטעס האָבן זי געמאַכט שמייכלענדיק, די באַקן רויט און די אויגן האַלב שלעפעריק.

— מײַן זיידע, דאָס הייסט ניט דער זיידע, נאָר דעם זיידנס זיידע, — אַזוי האָט שאַפּיראָ אָנגעהויבן זײַן געשיכטע, שוין מאַכנדיק מיט הענט און שוין אין קאַס, טאָמער וועט מען אים איבערשלאָגן אינמיטן, און דאָס איז בא אים ערגער פון אַלצדינג, — אַלזאָ, מײַן זיידנס זיידע האָט דערציילט, אַז זײַן זיידע, רעב שמועל־אַבע, וואָס נאָך אים האָט געהייסן דער סלאָוויטער ראָוו שמועל־אַבע, האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער. דעם זון האָט מען גערופן פּינכעס, וואָס נאָך אים האָט געהייסן דער סלאָוויטער ר' פּינכעסל, און די טאָכטער האָט געהייסן האָדל, אַ נאָמען נאָך רעב ייִסראָעל באַלשעמטאָווס טאָכטער האָדעלע. און געווען זײַנען די קינדער געראָטענע קינדער. פּינכעס איז געזעסן און האָט געלערנט, און האָדל...

— איז געווען אַ קראַסאַוויצע איינע אין דער וועלט! — כאַפּט אונטער בעטי און נאַרט זיך ניט פון דער מוטער, לעמײַ זי איז אַן אַזעספּאָנעם און שלאָגט איבער אַ טאַטן, און דאָוויד ווערט באַרויגעז און זאָגט, אַז וויבאַלד מע וועט אים איבערשלאָגן, אַזוי וואַרפט ער אַוועק אינמיטן, און דער קליינער סיאָמקע האָט יעסורים, טאָמער הערט טאַקע דער טאַטע אויף צו דערציילן.

— מער וועט עס שוין ניט זײַן, פּאַפּאַטשקאַ! — בעט זיך בא אים בעטי, און דאָוויד, וואָס איז הײַנט ווייכער ווי אַלעמאָל, איז גיך מויכל און דערציילט ווײַטער.

— אַלזאָ, האָט דער זיידע רעב שמועל־אַבע געהאַט אַ זון מיט אַ טאָכטער, געווען אַן אוישער און אַ גרויסער כאָשעוו באַם פּאָרעץ אין הויף, נישט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געהאַלטן בא אים די אַרענדע, נאָר ער איז גלאַט געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער באַם אַלטן פּאָרעץ, וואָס האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען מיטן זיידן אין פאַרשיידענע איניאָנים, אַמאָל שפּילן מיט אים אין שאָך — די סלאָוויטער זײַנען געווען באַרימטע שאָך־שפּילער — און אַמאָל גלאַט אַזוי פאַרברענגען, וואָרעם דער אַלטער פּאָרעץ איז געווען אַן אויהעוו־ייִסראָעל און געהאַלטן פון די שאַפּיראָס אַן אוילעם אומלאָע. וואָס טוט גאָט? האָט דער אַלטער פּאָרעץ געהאַט אַ זונדל אַן אויסוווּרף, אַ גאָרניט שעבעגאָרניט, אַ טשאָרט זנאַיעט טשטאָ, ווי עס טרעפט זיך אָף דער וועלט. ווייסט נישט מער ווי פּאָרן רײַטנדיק, שפּילן זיך מיט הינט, שיסן פייגעלעך און האָט פײַנט אַ ייִדן, ווי אַ קאָשערער ייִד כאַזער.

וואַיעהי האַיוים — באַדאַרף זיך טרעפן אַ מײַסע, דעם זיידנס טעכטערל, אָט די קראַסאַוויצע האָדל, איז געגאַנגען מיט מיידלעך שפּאַצירן — שאַבעס באַטאָג איז דאָס געווען, — האָט זי דער יונגער פּאָרעץ דערזען און איז געוואָרן נאָך איר די קאַפּאָרע, שיר ניט אײַנגענומען אַ מיסע מעשונע אָפּן אָרט — אַזוי שטאַרק איז זי אים געפעלן געוואָרן. פון דעמלט אָן האָט זי נישט געקאָנט מער אין גאַס באַווײַזן זיך. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז זי האָט עס געמוזט דערציילן דעם זיידן, איז דער זיידע באַלד אַוועק צום פּאָרעץ, אַזוי און אַזוי, האָט אַ זון אַ לײדיקגייער, וואָס ווייסט נאָר פּאָרן רײַטנדיק, שפּילן זיך מיט הינט און שיסן פייגעלעך, לאָזט ער זיך פאַרנעמען מיט זײַנע פערדלעך, מיט זײַנע הינט און מיט די פייגעלעך, אָבער וואָס האָט ער צו מײַן קינד?.. אויס־

געהערט דעם זיידן, האָט אים דער אַלטער פֿאַרעץ באַרויִקט, צוגעזאָגט, אַז מער וועט דאָס שוין ניט זײַן, און דער זיידע איז אַוועק אַהיים. וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען צווישן אַלטן פֿאַרעץ און צווישן יונגן פֿאַרעץ, ווייסט מען ניט, נאָר מע האָט שוין דעם ליידיקגייער מער נישט געזען אַרומ־דרייען זיך באַם זיידנס שטוב, קנאַקן מיטן בײַטשל, מאַכן מיט די אויגן, פֿײַפֿן און נאָך אַזעלכע זאַכן. וואָס טוט גאָט? שטאַרבט אַוועק דער אַלטער פֿאַרעץ און — וועיאַקאָם מעלעך האַדאָש, ווי אין פּאָסעק שטייט. ס'איז געוואָרן אַן אַנדער הויז מיט אַנדערע פּאָריאַדקעס און מער פֿון אַלע האָבן עס דערפֿילט די ייִדן פֿון שטעטל, ווי מיר האָבן עס געזאָגט הײַנט אין דער האַגאָדע: וועיאַנכוּ בניי ייִסראָעל — אַנו, בעטי, זעץ עס נאָר איבער אויף גאָיִש. וואָס? אונדזערע סאָנים זאָלן אַזוי זײַן מיט דער נאָז, ווי מע קאָן עס גאָר אָנהייבן איבערזעצן אין אַן אַנדער לאָשן. גיי נעם זעץ איבער, אַשטייגער, וועיאַקאָם מעלעך האַדאָש... כאַ־כאַ־כאַ! ניין, טאָכטער, פֿאָלג מיך, פּרוּוו גאָר אַפֿילע ניט, עס וועט האָבן אַ פּאָנעם פֿון כאַלאָשעס! לאָז שוין בעסער מיך אַליין דערציילן, וועט זײַן אַ סאַך בעסער.

דאָוויד שאַפּיראָ הוסט זיך אויס, מאַכט צורעכט די ווײַסע יאַרמעלקע, וואָס איז אים פֿאַר־בליבן אויפֿן קאָפּ פֿונעם סיידער און וואָס פּאַסט זיך אַזוי צו זײַן מאַט פּאָנעם מיטן שוואַרצן בערדל, אַז די טאָכטער קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן און טוט אַ זאָג צום קוואַרטיראַנט:

— איאָ, מײַן פּאַפּאַ איז נאָך גאָר אַ קראַסאַוועץ?

פֿון די דאָזיקע ווערטער ווערט סאָרעס שײַנענדיק פּאָנעם נאָך שײַנענדיקער און זי קוקט זיך איבער מיט דאָווידן און ווי אַ סיגנאַל, אַז זי איז צופֿרידן מיטן קאָמפּלימענט, וואָס די טאָכטער האָט געמאַכט דעם טאַטן, כאַפּט זי אַרום סיאָמקען קושן אין ביידע בעקלעך, וואָס זײַנען נאָך רויט פֿון די אויסגעטרונקענע אַרבע־קויסעס, און דאָוויד דערציילט ווײַטער:

— האַקיצער האַמײַסע, געווען איז עס פֿאַר פּייסעך. ייִדן האָבן געבאַקן מאַצעס און געגרייט זיך צום יאָמטעוו. ווער עס האָט געהאַט מיט וואָס, דעם איז געווען גוט, און ווער עס האָט ניט געהאַט, דער איז געווען אויף צאָרעס. ווי דער מינהעג איז. און ווי דער שטייגער איז באַ ייִדן, אַז עס קומט ערעוו־פּייסעך, דאַרף מען אין זיבעטן האָבן די אָרעמעלײַט, זיי באַזאָרגן מיט מאַצע, מאָעס־כיטן... און ווער באַדאַרף זאָרגן פֿאַר די אָרעמעלײַט, זיי זאָלן האָבן מאָעסכיטן?..

— טשטאָ זאַ מאָסקיטי? — רופֿט זיך אָן דער קוואַרטיראַנט, קוקנדיק אויף בעטין, וועלכע שיסט אויס אַזאַ געלעכטער, אַז אַלע טוען זיך אַ הייב פֿון די ערטער.

— אוי! שטאַרבן פֿון אים, שטאַרבן! — שרײַט אויס בעטי און ווערט שיִער ניט צעגאַנגען. — פֿון מאָעסכיטן איז באַ אים אויסגעקומען „מאָסקיטן", כאַ־כאַ, פֿליגעלעך אַזעלכע, וואָס בײַסן זיך, כאַ־כאַ־כאַ!

אויף בעטין קוקנדיק, לאַכן אַלע, און דער קוואַרטיראַנט אַליין אויך בעסויכעם.

— באַ אײַך איז דען נישט קיין מאָדע מאָעסכיטן? — פֿרעגט אים דאָוויד, — ווי איז דאָס מעגלעך? מאָדנע ייִדן באַ אײַך! סײַדן ס'איז גאָר ניטאָ באַ אײַך קיין אָרעמעלײַט? אויב אַזוי, דאַרף מען אײַך קלאָר מאַכן, מיט וואָס מע עסט דאָס. — און דאָוויד גיט אים צו פֿאַרשטיין מיט הענט, אַז מאָעסכיטן איז מאָעסכיטן, וואָס מע נעמט צונויף מאָעסכיטן פֿאַר די אָרעמעלײַט, זיי זאָלן האָבן מאַצעס אויף פּייסעך, וואָרעם די אָרעמעלײַט מעגן שטאַרבן אַ גאַנץ קײַלעכיק יאָר פֿאַר הונגער, מאַכט נישט אויס, נאָר אַז עס קומט פּייסעך, מוזן אַלע ייִדן האָבן מאַצעס. גייט מען אַרום פֿון שטוב צו שטוב און מע קלײַבט געלט, מע רײַסט פֿון טויט און פֿון לעבעדיק. הײַנט פֿאַרשטייט איר שוין, אַז מאָעסכיטן איז ניט קיין מאָסקוויטן?..

— מאָסקיטן דאַרף מען זאָגן, ניט מאָסקוויטן, — פֿאַריכט אים סיאָמקע און כאַפּט אַ פּסאַק פֿון פֿאָטער:

— אַזאַ קליינער וועוועריק און גייט שוין כאַפּן דעם טאַטן אין גרײַזן?! אַ שיינע עדוקאַציע לערנט מען אײַך אין די גימנאַזיעס! ניט געדאַכט זאָלט איר ווערן!

סיאָמקע ווערט רויט ביז אַריבער די אויערן, און סאָרע שטעלט זיך אײַן פֿאַר אים:

— אַ קינד, וואָס ווייסט ער?

— אַ קינד? אין פּאָלעסיע וויקלט מען נאָך אַזעלכע קינדער, — זאָגט דאָוויד האַלב ערנסט, האַלב שפּאַס און הוסט אָפּ.

— האַקיצער האַמײַסע, חוּ זשע האַלטן מיר? באַם זיידן הייסט עס און באַ די מאָעסכיטן. האָט מען זיך צונויפֿגעקליבן, הייסט עס, באַם זיידן, געמאַכט אַן אַסיפֿע וועגן מאָעסכיטן, צונויפֿ־געזאַמלט זיך די ראַבאָנים מיט די דאַיאָנים מיט די שיווע טאָווי איר, די נעגידים און באַלעבאַטים פֿון שטאָט, און מע קלערט און מע רעדט און מע שמועסט: אָרעמעלײַט אין שטאָט זײַנען, קיין אײַנהאָרע, אַ סאַך און געלט ווייניק, וואָס וועט זײַן מיט מאָעסכיטן? גיט דער אַזאַ אייצע און דער אַזאַ אייצע, עס שיטן זיך אייצעס אַזוי ווי באָב, ווי געוויינלעך באַ אונדזערע אָכיינו בניי־ייִסראָעל...

דערוויַיל, אזויווי מע רעדט, עפנט זיך די טיר און מע לויפט אריַין מיט א גוואלד צום זיידן: „רעב שמועל־אבע, ס'איז שלעכט! אן אומגליק אין שטאָט! א בילבול!" וואָס איז די מיַיסע? א שיינע מיַיסע, נאָר א קורצע: גאָים זיַינען געפאָרן אין וואלד, האָבן זיי געפונען א מיידל א געקוילעטע, א צעשניטענע, האָט מען זי געבראכט צו טראָגן גליַיך אין פאָליציע אריַין, און עס קערט זיך איצט די שטאָט, וואָרעם לויט דער פעלדשער האָט באוויזן, וויַיזט אויס מיט אלע סימאָנים, אז דאָס איז א יידיש שטיקל ארבעט אָפגעטאָן געוואָרן לעקאָוועד פייסעך, — נו, מיט איינעם וואָרט, ס'איז, ווי מע רופט עס היַינט, „ריטואל"... נו, קאָנט איר פארשטיין דעם פאכעד, וואָס איז געפאלן אפן זיידן און אף דער גאנצער אסיפע, וואָרעם וויבאלד לאָשן „ריטואל", ווער זשע איז שולדיק? מיסטאמע די פאַרנעמסטע באלעבאטים, די רעדלפירער פון שטאָט, און דער ערשטער מיסטאמע דער זיידע רעב שמועל־אבע. וועהאָריַיע? עס האָט נישט געדויערט אזוי לאנג ווי איך דערציי̆ל איַיך, איז מען שוין געקומען פון פאָליציע צום זיידן: „באָרעכהאבאָ א ייִד רעב שמועל־אבע,



זיַיט זיך מאטריעך מיט אונדז צום דאָפראָס". מיילע, איז דאָך פאָרכוי נישמאָסוי געוואָרן, שיר נישט געפאלן כאלאָשעס, זיך געזעגנט מיט דער באָבע, געוווּסט, אז ער גייט פון דאָרטן גליַיך אין טורמע און פון טורמע גליַיך אף יענער־וועלט. וואָרעם אמאָליקע „אלילאָס־דאם" איז ניט גליַיך צו היַינטיקע „ריטואלן". היַינט איז דאָ א סוד, מיט א מישפעט, מיט א זאקאָן, מיט גערעכטיקיַיט, מיט אדוואָקאטן. אמאָל איז עס געווען אנדערש. אמאָל פלעגט מען בא אזא פאל מוטשען און פלאָגן און אויספרעגן און ציִען די אָדערן און בראָטן מיט גליִענדע איַיזנס אזוי לאנג, ביז דער פארמוטשעטער, ביכדיי פאָטער צו ווערן פון די יעסורים, האָט שוין געזאָגט אלצדינג, וואָס זיי האָבן געוואָלט, — און דאָס האָט געהייסן בא זיי: „ער האָט זיך מוידע געווען..." האקיצער האמיַיסע, דער זיידע האָט אָפגעזאָגט ווידע, זיך נאָכאמאָל אָפגעזעגנט מיט דער באָבע, געוואָלט זיך געזעגענען מיט די קינדער, זיַינען די קינדער נישטאָ. ווו זיַינען זיי? דער זון איז אין בעסמעדרעש, זיצט און לערנט, און די טאָכטער איז גלאט נישטאָ אינדערהיים. פון גאנצפרי אָן זעט מען זי ניט. ווו

קאָן זי זײַן?.. נאָר װעמען ליגט עס אין זינען, איך בעט אײַך, בא אזא אומגליק?.. האַקיצער האַמײַסע, געקומען אין פּאָליציע, האָט מען זיך געגעבן א נעם צום זיידן קוידעמקאָל, ער זאָל זיך מוידע זײַן, ער זאָל זאָגן דעם גאַנצן עמעס און זאָל אָנרופן די נעמען פון די, װאָס האָבן געקוילעט דאָס מײדל, און פון די, װאָס האָבן געהאַלטן די קײלים בעשאַס מע האָט געצאַפּט פון איר לעבעדיקערהייט מיסטאַמע דאָס בלוט פון די אָדערן. זאָגט ער דאָך מיסטאַמע, אז ער װײסט ניט פון קײן פויסער און פון קײן כאַלעם. זעצט מען אים אײַן אין גוטן מאָקעם און מע נעמט זיך צו די איבעריקע נעגידים און באַלעבאַטים פון שטאָט, אויך מיט די אײגענע װערטער: זײַט זיך מוידע, ייִדן, װעמענס ארבעט איז דאָס?.. קומט צו לויפן די באָבע ראַטעװען דעם זיידן, װײנען און בעטן און פאַלן צו די פיס. דערװײַל, אזױ װי זי גייט פאַרבײַ דער געקױלעטער, טוט זי זיך א װאָרף אַרויף אויף איר מיט א געשריי: „האָדל!.. מײַן טאָכטער!!!.. מײַן קינד!!!..” און מער האָט זי שוין ניט גערעדט גאַרניט, װאָרעם זי האָט געכאַלעשט א מאָל צען און איז נאָך יענעם טאָג געשטאָרבן און מע האָט זײ אויך מאָרגן ביידן, די מוטער מיט דער טאָכטער, מעקאַבער געװען, א קײװער לעבן א קײװער...

— נו? און דער זיידע?

— דער זיידע? ער זאָל האָבן א ליכטיקן גאַנײדן, איז באַלד באַפרײַט געװאָרן, פאַרשטייט זיך, און האָט זיך אװעקגעזעצט שיװע נאָך דער באָבע און נאָך דער טאָכטער און איז אין איין װאָך, זאָגט מען, געװאָרן גרוי װי א טויב, װאָרעם אכוץ דעם שאָדן מיטן װײטיק, איז דער בזיאָיען געװען נאָך גרעסער... מע איז געװויר געװאָרן העט שפּעטער, אין א צײַט אַרום, פאַרשטייט איר מיך, א שײנע מײַסע: אז דאָס איז געװען דעם יונגן פאָרעצעס ארבעט, אימאַכשמוי װעזיכרוי זאָל ער װערן! אז דאָס האָט ער זי אַרויסגעגאַנװעט פאַרטאָג פון שטוב, פאַרפירט אין װאַלד און דאָרט פריִער מאַנס געװען און דערנאָך שוין, הײסט עס, צורעכט געמאַכט... מע האָט געװוּסט, עס זײַנען געװען אײדעס: דער קוטשער, װאָס האָט זײ געפירט. דער לעסניטשע, װאָס האָט מוירע געהאַט אײדעס זאָגן קעגן פאָרעץ...

— נו, און דער פאָרעץ? — פרעגט ראַבינאָװיטש אופגערעגט. — נישט שוין זשע איז דאָס אים אָפּגעלאָפן גלאַט? נישט שוין זשע האָט מען אים אָפּגעשװיגן?

— װער? װער װעט זיך גײן טשעפּען מיט א פאָרעץ? װער װעט זיך אײַנשטעלן?

— נו, און די ייִדן? און דער זיידע? — פרעגט װײַטער ראַבינאָװיטש און װערט נאָך מער אופגערעגט.

דאָװיד הײבט שוין אָן װערן אין קאַס:

— די ייִדן? װאָס האָבן געקענט טאָן די ייִדן אמאָל? עס איז דאָך ניט הײַנטיקע צײַטן, װאָס ס'איז דאָ א סוד, און מישפּעט, און גערעכטיקײַט, און אדװאָקאַטן... עס איז נאָר אװעקגעגאַנגען די צײַט פון שיװע און שלישים, נאָך פייסעך שוין, האָט די שטאָט געמאַכט א סודע קיד־האַמעלעך און מע האָט געהוליעט און געטאַנצט, סאָסוין װעסימכע, דרײַ טעג קעסיידער, דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, — און דער זיידע איז אויך געװען בעסויכעם.

— דער זיידע אויך?

— פאַרװאָס ניט? לעבעדיק מאַכן די טויטע װעט ער דאָך ניט. און אז גאָט האָט אזױ געפירט, אז א גאַנצע שטאָט ייִדן זײַנען ניצל געװאָרן פון א בילבל, מעג מען, דאַכט זיך, זײַן פריילעך, צי נײן?.. װיִאזױ מײנט איר?.. װיִאזױ דען קומט אויס נאָך אײַער סײכל?..

די דאָזיקע פראַגע איז געבליבן אָן אן ענטפער. דער באַלעבאָס איז אופגעשטאַנען מיט א זיפץ אַף צו גײן שלאָפן. סאָרע מיטן מיזיניק נאָך אים. געבליבן זײַנען נאָר בעטי מיטן קװאַרטיראַנט נאָך א ביסל שמועסן װעגן דעם טרויעריקן עפּיזאָד פון פאַרצײַטן, און זײַנען שוין גרייט געװען צו שלײַפן די צינגלעך, לופטערן די שפּראַך, מיט אײן װאָרט, דיסקוטירן, װי אַלעמאָל. בעטי האָט נאָר אָפּגעװאַרט, װאָס ראַבינאָװיטש װעט זאָגן דערוף, ביכדיי זי זאָל קאָנען דרינגען פאַרקערט. „עס דערמאָנט אים אין דער געשיכטע פון יִפטעכס טאָכטער”, — האָט ראַבינאָװיטש אָנגעהױבן און געװאָלט דורכפירן א געדאַנק, אז די מײַסע זעט אים אויס װילד און אז די פאַרצײַטיקע ייִדן הײבן אים ניט אָן צו געפעלן... האָט אים בעטי אָפּגעהאַקט אין סאַמע אָנהײב, „אז ער האָט א געפיל אין פאַרצײַטיקע ייִדן, פונקט װי א טויב־שטומער פון געבוירן האָט א געפיל אין װאַגנערס מוזיק”.

— אָבער בערטאַ דאַװידאָװנאַ!.. — האָט ראַבינאָװיטש געװאָלט איבערשרײַען, איז אָנגעקומען סאָרע שוין א צעשפּיליעטע. האָט פאַרדרייט דעם פּײַער פונעם לאָמפּ און א זאָג געגעבן:

— אצינד װעט אײַך זײַן א בערטאַ דאַװידאָװנאַ! איר האָט פאַרגעסן, אז ס'איז יאָמטעװ און מע דאַרף מאָרגן אופשטײן פרי צוגרייטן אָנבײַסן, קײן אײַנהאָרע, א שטוב.

און אָט אזױ איז מען זיך אין דער דאָזיקער נאַכט פון פייסעך צעגאַנגען, איטלעכער אין זײַן רו אַרײַן.

# ער שרײַבט בריוולעך

יענע נאַכט איז מײַן העלד קימאַט ניט געשלאָפֿן. געבליבן אַליין מיט זיך אין זײַן כיידערל, האָט ער זיך אָװעקגעזעצט שרײַבן בריװ, אַ בריװ נאָך אַ בריװ, געשריבן און געריסן, געשריבן און געריסן, און ווידער געשריבן.

דעם ערשטן בריװ האָט ער געשריבן צו בעטין, אָנגעהויבן בזוע האלאָשן:

„עס זאָל אײַך ניט זײַן קיין װוּנדער, בערטאַ דאַווידאָװנאַ, װאָס איך װענד מיך צו אײַך דורך אַ בריװ און ניט פּערזענלעך, ווײַל צו דעם, װאָס איך װיל אײַך זאָגן, מוז איך פֿריִער אײַך צוגרייטן און דערציילן אײַך אַ געשיכטע פֿון מײַנעם אַ כאַווער, אַ נאָענטן כאַווער, מיט וועלכן מיר האָבן ביידע פֿאַרבראַכט אײנײַנעם אונדזער קינדהייט, ביידע דורכגעמאַכט מיט אים אַלע אַכט קלאַסן גימנאַזיע. פּאַפּאָװ איז דער נאָמען פֿון מײַן כאַווער. ער איז אַ קריסט. אַ זון פֿון אַ רײַכן פּאָמעשטשיק אין ט—ער גובערניע. קיין מוטער האָט ער ניט. זי איז געשטאָרבן באַלד נאָך דעם ווי ער איז געבוירן געוואָרן, אַזוי אַז ער האָט זי אַפֿילע נישט געקענט. נאָר פֿון זײַן שוועסטער (ער האָט איין־און־אײנציקע שוועסטער) האָט ער געהערט, אַז די מוטער איז געווען אַ זעלטענע שײנהײַט, אַ באַרימטע אין דער גאַנצער גובערניע, און באַרימט האָט זי זיך געמאַכט דערמיט, וואָס זי איז געווען נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אָרעמע ציגײַנערן, אַ זינגערן פֿון אַ ציגײַנערכאָר, אין וועלכער דער פֿאָטער האָט זיך פֿאַרליבט ביזן טויט און, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די עלטערן און די גאַנצע מישפּאָכע זײַנען געווען דערקעגן, האָט ער מיט איר כאַסענע געהאַט און געוואָלט אַרײַנפֿירן אין אַלע הויכע קרײַזן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַן אַריסטאָקראַטישער פֿרוי (מײַן כאַווערס פֿאָטער איז דעמלט געווען גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואַ, ער האָט צוויי ברידער, איינער איז זעמסקי נאַטשאַלניק, דער אַנדערער איז אַ גובערנאַטאָר). האָט אָבער די מישפּאָכע ניט געוואָלט לײַדן, איר געגעבן צו וויסן אויף יעדן טריט און שריט, ווער זי איז און פֿונוואַנען זי שטאַמט... וואָס די אָרעמע פֿרוי האָט איבערגעטראָגן, איז שווער צו וויסן — זי האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט. נאָר פֿאַרשטיין דאַרף מען, אַז איר לעבן איז געווען נישט קיין זיס לעבן און זי האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט נויקעם זײַן זיך אין דער דאָזיקער מישפּאָכע פֿון אַריסטאָקראַטן. נאָר מיט וואָס קאָן זיך נויקעם זײַן אַן אָרעמע עלנטע פֿרוי, אַז ניט מיט דער אײנציקער מאַטאָנע, וואָס די נאַטור האָט איר געשענקט, מיט איר זעלטענער שײנקײַט? נו, האָט זי גענומען אײַנליבן אין זיך איינס נאָך ס'אַנדערע, דעם מאַנס ביידע ברידער, דעם זעמסקי נאַטשאַלניק מיטן גובערנאַטאָר. אָבער אַזוי קונציק, אַז איינער זאָל ניט וויסן פֿונעם אַנדערן און אַלע זאָלן זיך שטויסן און עס זאָל זיי קרענקען. עס זאָל זײַן אַ סאָד, און די גאַנצע שטאָט מיט דער גאַנצער גובערניע זאָלן פֿון דעם רעדן. מיט איין וואָרט, זי האָט פֿאַרקאָכט אַ קאַשע, זיך געשפּילט מיט זיי ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז, געפֿירט אַ גאַנצע מישפּאָכע בײַ דער נאָז, אָנגערייצט איינס אויף דאָס אַנדערע, זיך אויסגעלאַכט און נויקעם געווען זיך אַזוי, ווי נאָר אַן אָרעמע ציגײַנערן קאָן זיך נויקעם זײַן... פֿאַרשטייט זיך, אַז גלאַט האָט דאָס איר נישט געקאָנט אָפּלויפֿן. דער מאַן האָט ניט פֿאַרשטאַנען און ניט געוואָלט פֿאַרשטיין איר ציגײַנערישע דיפּלאָמאַטיע, נישט געוואָלט גלייבן אין דער ריינקײַט פֿון איר נעשאָמע, און עס זײַנען אויסגעפֿאַלן צווישן מאַן און ווײַב מיסטאָמע זייער ביטערע סצענעס, וואָס קיין זײַטיקער מענטש קאָן ניט דערפֿון וויסן... איין זאַך נאָר איז פֿאַר מײַן כאַווער קלאָר, — אַז זײַן מוטער איז געווען ריין און ערלעך. דאָס ווייסט ער פֿון זײַן שוועסטער, וועלכע די מוטער האָט צוגערופֿן אַ שאָ פֿאַרן טויט, גענומען אויף די הענט, צוגעטוליעט צום האַרצן, געקושט און געזאָגט: „בעט גאָט פֿאַר דײַן מאַמע — איר לײַב איז געווען ריין און איר נעשאָמע ערלעך...” דאָס האָט געמאַכט אַזאַ אײַנדרוק אויף מײַן כאַווערס שוועסטער, אַז זי האָט זיך דאָס וואָרט געגעבן גאָט בעטן פֿאַר איר מאַמעס נעשאָמע דאָס גאַנצע לעבן און, נישט קוקנדיק אויף דער פֿרײַער דערציִונג, וואָס דער פֿאָטער האָט איר געגעבן, איז זי געבליבן אַזוי רעליגיִעז, פֿרום, אַז איר אײנציקער אידעאַל איז — אַרײַן אין אַ מאָנאַסטיר...”

אָנגעשריבן די דאָזיקע פּאָר בלעטלעך, האָט ער זיך באַרעכנט, צו וואָס טויג אים קונצן, כאַוויירים, מיסטיפֿיקאַציעס? פֿאַרוואָס זאָל ער ניט גיין מיטן גלײַכן וועג? פֿאַרוואָס זאָל ער איר

ניט אַנשרײַבן זײַן אייגענע ביאָגראַפיע פון אָנהייב ביזן סאָף, ביז יענעם מאָמענט, ווי עס איז פאַרגעקומען דער געוויסער שפּאַס, וואָס ער, גרישע פּאַפּאָוו, האָט זיך געביטן מיט זײַן כאַווער, הערשקאָ ראַבינאָוויטש, מיט די היטלען?..

אָנגעשריבן אַ גאַנצע מעגילע און נישט דערגאַנגען צום סאָף, האָט ער זיך איבערגעלייגט: צו וואָס טויג עס? דאָס הייסט זיך נאַריש געמאַכט, קאָן ער דען ניט רעדן מיט איר פּערזענלעך? קאָן ער דען איבערקלערן, אַז בעטי זאָל אים ניט פאַרשטיין און ניט וועלן גיין מיט אים האַנט בא האַנט? אוביפראַט נאָך, אַז ער איז גרייט... נאָר דאָ דערמאָנט ער זיך אין דעם קאַמף, וואָס ער וועט דאַרפן אויסשטיין קעגן זײַן פאָטער, זײַן שוועסטער און זײַן גאַנצער מישפּאָכע. און ער צערײַסט דאָס אָנגעשריבענע אויף קליינע שטיקלעך און נעמט זיך שרײַבן אַ בריוו צום פאָטער, אויך אַ גאַנצע מעגילע, מיט אַ האַקדאָמע, אַז „נאָר ער וועט אים פאַרשטיין, ווײַל נאָר ער איז אימשטאַנד אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דער עמעסער, ריינער, הייליקער ליבע (אָן אָנצוהערעניש אויף זײַן פאָטערס ראָמאַן מיט דער שיינער ציגײַנערן), און אַז נאָר ער וועט פאַרשטיין, אַז יעדער ווי־דערשטאַנד וועט זײַן ארויסגעוואָרפן (אָן אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס זײַן פאָטער האָט כאַסענע גע־האַט מיט דער ציגײַנערן קעגן דעם ווילן פון זײַנע עלטערן)".

פאַרטיק געוואָרן מיטן פאָטערס בריוו, איז ער ווידער געבליבן אומצופרידן. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אויף פּופּציק ציגײַנערנס וואָלט אים דער פאָטער גיכער מויכל זײַן ווי אויף איין יידישער טאָכטער... ווער נאָך ווייסט אַזוי, ווי ער, דעם ווערט פון אַ ייִדן אין דעם קרײַז פון זײַן פאָטערס מישפּאָכע? און ווי האָט בא אים אַליין אויסגעזען אַ ייִד מיט איינע עטלעכע כאַדאָשים צוריק?.. און איצט נאָך? קאָן ער דען, ארופלייגנדיק די האַנט אויפן האַרצן, זאָגן ווי אָן אָרנטלעכער מענטש, אַז ער קען אַ ייִדן ווי אַ ייִד קען אַ ייִדן, און אַז ער האָט ליב אַ ייִדן ווי אַ ייִד האָט ליב אַ ייִדן?.. איז ניט גערעכט געווען דער ראָוו מיט זײַן טעאָריע, אַז אַ קריסט קאָן ניט ליב האָבן אַ ייִדן, אַז ס'איז נאָך ניט געקומען יענער מאָשיעך, אויף וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק קוקט ארויס און אין וועלכנס צײַטן אַלע מענטשן וועלן זײַן ברידער... אַז איצט איז, אַדעראַבע, אַ צײַט פון שאַרפסטן ראַסן־האַס, וואָס פעלקער קאָנען זיך ניט אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע, ס'איז זיי ענג די וועלט און נימעס די מענטשן...

און אַזוי האָט זײַן בריוו צום פאָטער געהאַט דעם אייגענעם סאָף, וואָס יענער בריוו, און ער האָט זיך גענומען שרײַבן אַ בריוו צו דער שוועסטער, געפונען, אַז נאָר איר קאָן ער אַנטדעקן דעם סאָד, וואָס ער טראָגט אויפן האַרצן, און אַז נאָר אין איר ערלעכער פרומער נעשאָמע וועט זײַן סאָד געפינען אַן אָפּקלאַנג. און זי וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון צו זײַן די ריכטיקע פאַרמיטלערן צווישן אים און צווישן זייער קאַפּריזנעם פאָטער...

פאַרזיכטיק און ביסלעכווײַז האָט ער זי צוגעגרייט צו דעם ערנסטן שריט, וואָס ער גייט מאַכן. קוידעמקאָל אָפּגעמאָלט איר אַ בילד פון דעם מיידל, וואָס ער האָט ליב געקריגן און וואָס ער קאָן אָן איר ניט לעבן. דערנאָך האָט ער איר געגעבן אָנצוהערעניש, אַז דאָס מיידל איז ניט פון רײַכן שטאַנד און פון פּראָסטע, נאָר אָרנטלעכע עלטערן. נאָר דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צאָרע, ווען דאָס מיידל זאָל זײַן מיט אים פון איין גלויבן, אָדער ווען זי זאָל כאָטש וועלן צוליב אים אָננעמען זײַן גלויבן... מיט איין וואָרט — זי קומט ארויס פון ייִדן און אים שטייען פאַר איצ־טער צוויי וועגן: אָדער נעמען זיך דאָס לעבן, אָדער איבערבײַטן די אויסווייניקסטע פאָרמען פון זײַן גלויבן...

ארויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט פאַר דער שוועסטער, האָט ער זיך מוידע געווען, אַז ער פילט זיך גרינגער, גלײַך ווי הונדערט פּוד וואָלטן אים אראָפּגעפאַלן פונעם האַרצן. און לאָז זי נאָר ניט מיינען, — האָט ער געענדיקט זײַן בריוו צו דער שוועסטער, — אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז זי, וועראַ, איז אַ פרומע קריסטלעכע נעשאָמע, אַדעראַבע, ווײַל זי איז אַזעלכע, דעריבער רעכנט ער, אַז זי באַדאַרף מיט באַזונדערע היספּײַלעס אָננעמען זײַן פּלאַן פון באַהעפטן זיך מיט אונדזערע עלטערע ברידער, ביכדיי צו באַווײַזן דעם אומגליקלעכן פאָלק, אַז זיי לעבן אין טאָעס און איבערצײַגן זיי, אַז מאָשיעך איז שוין געקומען...

איבערגעלייענט נאָכאַמאָל דעם דאָזיקן בריוו, האָט ער ארויסגעזען, אַז גאָט ווייסט, אויב זײַן שוועסטער וועט אים פאַרשטיין, וואָס ער מיינט מיט די ווערטער „באַהעפטן זיך מיט זײַנע עלטערע ברידער"... „איבערצײַגן די אומגלויביקע, אַז מאָשיעך איז געקומען"... און נאָך אַזעלכע ווערטער.

און ער צערײַסט אויך דאָס דאָזיקע בריוול אויף שטיק־שטיקלעך, טוט זיך אויס, פאַרלעשט דאָס ליכט און ווערט אַנשלאָפן.

# ערעוו מילכאָמע

דעם ערשטן טאָג פּייסעך אינדערפרי, אַז ייִדן זײַנען געגאַנגען בעקאָוועד, אָנגעטאָן יאָמטעוו־דיק, מאַנצבלען אין הויכע צילינדערס און ווײַבער אין ברייטע היטעלעך, אין די שולן אַרײַן דאַוו־נען, האָבן זיך זיי געפּלאָנטערט פֿאַר די פֿיס קליינע שקאַצימלעך מיט גרויסע היטלען, וואָס האָבן געהאַלטן בלעטלעך צײַטונגען אין די הענט און אויסגעשריגן אויף א קאָל:

— פּאָרטרעט טשיגירינסקין! זשידאָווסקי פּייסעך! טרי קאָפּייקי!" קימאַט מיט גוואַלד האָבן זיי יעדן דורכגייער אָנגעהאַנגען דאָס דאַזיקע בלעטל — און ייִדן האָבן עס געקויפט. עס איז שווער צו זאָגן פאַרוואָס: צי דערפֿאַר, ווײַל די ייִדן מיט די הויכע צילינדערס האָבן געוואָלט, מע זאָל ניט וויסן, אַז זיי זײַנען ייִדן, צי זיי האָבן טאַקע געוואָלט אָנקוקן דעם פּאָרטרעט פון דעם טשיגירינסקי און הערן, וואָס שרײַבן עפּעס אונדזערע כאַכאָמים פונעם ייִדישן פּייסעך — נאָר דאָס איז א פֿאַקט, אַז דאַסראָוו פֿון די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך, וואָס רעדן אָן אויף אונדז האַמענס מעסירעס און רופן פּאַגראָמען אויף ייִדן, פֿאַלן אַרײַן דאַפּקע אין ייִדישע הענט אַרײַן, ווײַל סאָפּ־קאָלסאָף איז דער גרעסטער פּראָצענט פון רוסישע לייענער לעזער אויף דער דאַזיקער גאַס־ליטעראַ־טור אין דער „טשערטאַ" און אויסער דער „טשערטאַ" — ייִדן.

דאָס בלעטל — דאָס איז געווען דאָס באַרימטע פּאַגראָם־בלעטל, וואָס האָט זיך געקרוינט מיט א צו הויכן נאָמען „דער צווייקעפּיקער אָדלער". אַליין פֿאַר זיך איז דאָס בלעטל נישקאָשע, ווי אַלע בלעטלעך פון דעם מין: שלעפּעריש־קליין, כוליגאַניש־כוצפּעדיק, אַמעראַצעסדיק און גענוג שמוציק. נאָר וואָס דען? לעקאָוועד דעם ייִדישן יאָמטעוו האָט זיך עס אויסגעפּײַנט, שטאַרק פֿאַר־גרעסערט, איליוסטרירט מיט א בילד פון א טויט ייִנגל, וואָס ליגט א צעשטאָכענער און א פֿאַר־מוטשעטער, און מיט אַן אופשריפט, וואָס קאָן רירן א טויטן:

„געדענק, פּראַוואָסלאַוונע רוסיש פֿאָלק, דעם נאָמען פונעם ייִנגל וולאַדימיר טשיגירינסקי, וואָס ייִדן האָבן אים פֿאַרמוטשעט! היט אײַערע קינדער! דעם 17־טן מאַרט איז זייער פּייסעך!.."

דאָס איז אויף דער ערשטער זײַט. און דערנאָך גייט א גאַנצע ריי פון שרעקלעך בעזגראַמאַטנע פּאַגראָם־אַרטיקלען, פונעם רעדאַקטאָר אַליין, וואָס שעמט זיך ניט אַרויסשטעלן זײַן נאָמען מיטן גאַלאַכישן טיטל („סוויאַשטשעניק") און פון זײַנע נאָך מער בעזגראַמאַטנע מיטאַרבעטער, צווישן וועלכע עס פּײַנט זיך אויס גאַנץ באַזונדער איינער, עפּעס א קרעטין א סטודענט מיטן נאָמען קאָר־שונאָוו, א גרויסער באָקי אין ייִדישע סעקטעס און מינהאָגים. די ייִדישע סעקטעס ווערן בא אים אײַנגעטיילט אין „אַשקעניסצעס", „סעפּאַרדימצעס", „כאַסידימצעס" און „סיאַפּצעוווכעס"...

— יעדע סעקטע, — זאָגט דער דאַזיקער געלערנטער, — האָט זיך אירע מינהאָגים, וויאַזוי צו פֿאַרנאַרן דאָס קריסטלעכע קינד און אַרויסבאַקומען פון דעם דאָס בלוט, וואָס ווערט דערנאָך פֿאַנאַנדערגעשיקט בעכאָל טפוצעס ייִסראָעל צו זייערע פּייסעכדיקע קיכלעך, וואָס הייסן „מאַצאַ־געזירא".

— דער קאָרבן, — זאָגט ווײַטער דער גרויסער געלערנטער, דער סטודענט קאָרשונאָוו, — דאַרף זײַן נישט אַנדערש ווי א באָכער און א מאַמזער און נישט עלטער ווי דרײַצן יאָר, און אַזוי־ווי, זאָגט ער, דער אומגליקלעכער וואָלאָדיע טשיגירינסקי איז געווען א באָכער און א מאַמ־זער, איז דעריבער אויף אים געפֿאַלן דער גוירל — צו זײַן א קאָרבן־פּייסעך בא דער ייִדישער וויל־דער סעקטע סיאַפּצעוווכעס אין אונדזער הייליקער שטאָט..."

די ייִדן, אַז זיי האָבן איבערגעלייענט די דאַזיקע שרעקלעכע מײַסעס פון די „סיאַפּצעוווכעס", וואָס געפֿינען זיך מיסטאָמע אויף דער לעוואָנע, וואָרעם אויף דער ערד האָבן זיי פון אַזא ווילדער סעקטע מיט אַזא ווילדן נאָמען און מיט אַזעלכע ווילדע מינהאָגים קיינמאָל נישט געהערט, אַז ס'איז געקומען צו דער „מאַצאַ־געזירא", האָבן זיי זיך געכאַפּט בא די זײַטן פֿאַר געלעכטער:

— וואָס איז דאָס פֿאַר א מין „מאַצאַ־געזירא", וואָס ווערט געבאַקן אויף בלוט פון א באָכער און פון א מאַמזער, וואָס מיר האָבן פון דעם נאָך קיינמאָל נישט געהערט?

— און פונוואַנען ווייסן עס ייִדישע קינדער, וועלכער גאָי איז א באָכער און וועלכער איז א מאַמזער?

— בעהיימע! וויבאַלד לאָשן מאַמזער, הײַנט ווי איז גלאַט שײַך א באָכער? עפּשער איז פֿאַר דעם מאַמזער דעם באָכער געווען נאָך א פּאָר מאַמזיירים? איז ער דאָך שוין בעמיילע פּאָסל צו דער „מאַצאַ־געזירא".

דער דאָזיקער טאַלמודישער אײַנפאַל ווערט געזאָגט מיט א ניגון פון דער גמאָרע און מיט א דריי מיטן גראָבן פינגער, אזוי אז דער גאנצער אוילעם ווערט צעריסן פאר געלעכטער, נאָר מע באנוגנט זיך נישט דערמיט אליין און מע גייט ווײַטער:

— צו וואָס טויג אײַך דער פילפּל פון באַכערים מאמזיירים און „מאצא־געזירא"? אמער זעט ווײַטער, וואָס מע שרײַבט וועגן אונדזערע סעקטאנטן, די „סיאָפּצעוווּכעס", א סוואָרע, אז מיר אליין ווייסן ניט וואָס בא אונדז טוט זיך.

— דעהײַנע לעמאָשל?

— דעהײַנע לעמאָשל, א ראָוו, בייס ער איז מעסאדער קידושן, צעשנײַדט ער א הארט אָפּגעקאָכט איי אף דער האלב, א האלבע דעם כאָסן און א האלבע דער קאלע, און טונקט עס אײַן אין אַש, וועלכס איז אויסגעמישט מיט מענטשלעך בלוט...

— טפו זאָל ער ווערן! ווער זאָגט דאָס? אלץ דער „צווייקעפּיקער לאַמדן"?

— אויב אזוי, מעג ער דאָך פּאסקענען שײַלעס אף וואָס די וועלט שטייט...

— פּאסקנט ער טאַקע...

אָט אזוי האָבן זיך יידן קלוימערשט לוסטיק געמאכט, געווערטלט זיך דעם ערשטן טאָג יאָמטעוו, גייענדיק אין שול און פון שול, נאָר אינווייניק אין הארצן האָט יעדער געפילט אזוי, ווי עס דאַרף פילן א מענטש, וואָס ווערט געוויר שוין נאָכן עסן, אז ער האָט אראָפּגעשלונגען א מיעסקײַט, ווארעם די אלע אידיאָטישע פּילפּולים און בקיעס פון די געלערנטע קארשונאָוווס און גאָטספּארכטיקע גאלאָכים האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט איין און דעם זעלבן לידל: „שלאָגט יידן!"... דערצו איז צוגעגעבן געוואָרן א מין כראָניק, אז נעכטן איז אָפּגעהאלטן געוואָרן אין די קלויסטערס א גאָטעסדינסט נאָך דער נעשאָמע פונעם פּארמוטשעטן פון יידן וואָלאָדיע טשיגירינסקי... נאָר יידן האָבן זיך געמאכט הארץ, נישט ארויסגעוויזן קיין סימען, אז מע נעמט אָן די זאַך ערנסט; פּארדראָסן האָט עס טאַקע, נאָר ס'איז דען א נײַס? יידן זײַנען דען ניט געוווינט געוואָרן צו ערגערע צאָרעס..

און אָט אזוי זײַנען אוועק די ערשטע טעג פּייסעך, דאנקען גאָט, „רויק". נאָר אז עס איז געקומען דער ערשטער טאָג כאָל־האַמויעד, דאָנערשטיק איז דאָס געווען, מיט א טאָג פריער פארן „מוירעדיקן פרײַטיק", האָט מען באמערקט אף דער יידישער גאס א מאָנדע גערודער. יידן האָבן זיך געשושקעט, גערעדט האלבע ווערטער, שטילערהייט בעסאָד־סוידעס, זיך געפּאקט, ווי מע פּאקט זיך אין וועג ארײַן צוגאסט אָדער אף א כאסענע, ווען מע נעמט נישט מיט אלצדינג, וואָס קומט פאר די אויגן, נאָר מע קלײַבט אויס דאָס בעסטע און דאָס נייטיקסטע... און שטילערהייט, בעסאָד־סוידעס, האָט מען די פּעקלעך ארופגעלייגט אף וועגעלעך און אוועקגעפירט אלע אין איין אָרט ארײַן — אין שטאָטישן לאָמבארד.

צוויי באלעבאָסטעס נעגידעסטעס באגעגענען זיך דאָרט:

— וואָס טוט איר דאָ, מאדאם, אזוי פרי?

— און איר, מאדאם, וואָס טוט דאָ אזוי פרי?

— זאָל מיך אזוי ווייסן בייז. יידן אליין נעמען אף זיך צאָרעס, טאָמער ווייסט איר, וואָס איז דאָ מוירע צו האָבן?

— מײַנע ווערטער. וואָס איז דאָס, איך בעט אײַך, אלע יאָר אזוי, קומט פּייסעך, פאלט אָן אף זיי א מוירע. איך האָב זיי געזאָגט, זאָג איך, נאראָנים, זאָג איך, וואָס דארפט איר פּייסעך, זאָג איך, אז ס'וועט באשערט זײַן, ס'זאָל עפּעס זײַן, קאָן עס דען נישט זײַן אינמיטן יאָר?

— מײַנע ווערטער. עס איז טאַקע גאָרניט מיט גאָרניט. נאָר פונדעסטוועגן האָב איך ניט געוואָלט, אז מײַן ביסל צירונג מיט זילבער זאָל אין אזא צײַט זײַן אינדערהיים.

— איך אויך דאָס אייגענע. נאָר צו וואָס האָט איר נאָך באדארפט די ראָטאָנדע?..

— די ראָטאָנדע גיב איך אָפּ אלע יאָר אין לאָמבארד. צו וואָס טויג מיר האָבן צו טאָן מיט רויכווארג? איך קאָן ניט פארטראָגן דעם רייעך פון נאפטאלין...

— איך אויך דאָס אייגענע...

און אזוי ווײַטער. אין צוויי שאָ ארום ווערט דער צופאָר צום לאָמבארד אזוי געפּאקט מיט יידישע דאמעס, וואָס האָבן מוירע פאר זייער ביסל צירונג און זילבער און קאָנען נישט איבערטראָגן דעם רייעך פון נאפטאלין, אז עס מוז זיך שוין ארײַנמישן פּאָליציע אינמיטן און אָפּהאלטן אָרדענונג, אז יידישע קינדער „זאָלן זיך אליין נישט מאכן קיין פּאָגראָם"... (דאָס איז געווען א וויץ פון א יונגן אַקאָלאָדאָטשניק, וואָס האָט געזאָלט זײַן א סטודענט, נאָר ווײַל ער האָט פרי כאסענע געהאט אלפּי גויט מיט א מיידל, וואָס האָט געהאט פון אים, קיין אײַנהאָרע, א צווילינג, האָט ער געמוזט אוועק אין אן אנדער וועג).

נאָר אויב די מיטלמעסיקע נעגידים, וואָס מע רופט הײַנט אָן מיטן נאָמען „קליין־בורזשואזיע", האָבן געזאָרגט פאר זייער ביסל צירונג, זילבער און ראָטאָנדעס, האָבן די העכערע קלאסן, די

יידישע שאַר־האַבאַרס מיט די ליוויאַסנס פון שטאָט, גערעטעוועט בעסער זייערע אייגענע פעלכלעך, וואָס זיינען בא זיי טייערער פון זייער צירונג, זילבער און ראַטאַנדעס...

די קאָנצעליאַריע פונעם גובערנאַטאָר איז אין איינע צוויי טעג פאַרוואַרפן געוואָרן מיט „פּראָשעניעס" אַף אויסלענדישע פּאַספּאָרטן, שרייבערס האָבן געאַרבעט מיט רוכעס. „אפּאַנעס, אַז די איידעלע מאָגנס פון אונדזערע יידישע קרייזן האָט פאַרשאַט די פייסעכדיקע „מאַצא", וואָס זיי פאָרן אַלע קיין אויסלאַנד?" (דאָס איז געווען א וויץ פון א יונגן טשינאָווניק, וואָס איז שוין געווען א סטודענט, נאָר ווייל די כאַווירים האָבן אים באַיקאָטירט איבער א מיעסער מייסע, וואָס האָט אונטערגעשמעקט מיט פּראָוואָקאַציע, האָט ער געמוזט אַרויסטרעטן פון אוניווערסיטעט און אוועק אין אַן אַנדער וועג).

נאָכן אָפּפאָרן פון די יידישע שאַר־האַבאַרס מיט די ליוויאַסנס פון שטאָט האָבן שוין אויך די מיטעלע קלאַסן, די קליין־בורזשואַזיע, אויך אָנגעהויבן אָפּטראָגן זיך איינציקווייז, שוין אַן גובערנאַטאָרסקע פּאַספּאָרטן, און נישט קיין אויסלאַנד היילן זיך די מאָגנס, נאָר גלאַט אזוי אין דער וועלט אַריין, וווהין די אויגן טראָגן, אבי ניט דאָ, ווו די לופט איז געוואָרן פאַרפעסטעט און דאָס וואָרט „פּאָגראָם" האָט געזשומעט אין די אויערן, ווי עס זשומען בינען אין דער בעסטער צייט פון האָניק...

געבליבן זיינען דערווייל נאָר די דריטקלאַסיקע פּאַסאַזשירן פון דער גרויסער שיף, וואָס הייסט מיטן נאָמען „שטאָדט": די קליינע קרעמער, באַלמעלאָכעס, מעקלערס, מעלאַמדים און גלאַט אָרע־מעלייט, וואָס האָבן גענומען זיך „ראַטעווען" מיט ווייב און קינדער שוין אין דער לעצטער מינוט... שאַבעס איז דאָס געווען, דעם שאַבעס, וואָס פאַרן גרויסן יאָמטעוו, פאַרן „ליכטיקן זונטיק", וואָס דעמלט, האָט מען געשמועסט, וועט זיין די רעכטע שכיטע אין שטאָט... און ווייל ס'איז שאַבעס און מע טאָר נישט פאָרן מיט דער באַן, איז מען געפאַלן אַף אַן אייצע (א ייד וועט זיך קיין אייצע ניט געבן?) און מע האָט זיך א וואָרף געגעבן צו די שיפן, און מע האָט באַלאַגערט די ברעגן פון טייך, און מע האָט זיך געשלאָגן בא דער קאַסע, יעדער האָט געוואָלט פריער, אזוי אַז דאָ האָט אויך געמוזט אַריינמישן זיך פּאָליציע, אַז „די יידעלעך זאָלן אַליין נישט מאַכן אַף זיך קיין פּאָגראָם"... און אַז ס'איז אוועקגעגאַנגען דער שאַבעס אויך און ס'איז נאַכט געוואָרן, די נאַכט, וואָס פאַרן „ליכטיקן זונטיק", האָט די שטאָט אויסגעזען ווי פאַר א מילכאָמע, בעשאַס מע האָט שוין דערהערט דעם ערשטן שאָס און דער אָטעם פון דעם סוינע האָט זיך שוין געטראָגן איבער דער שטאָט. אַלע גאַסן, וואָס פירן צו דער באַן, זיינען געווען פאַרפלייצט מיט יידן, ווייבער און קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער ריי צום וואָקזאַל אַף צו קויפן בילעטן. און ווייל ס'איז געווען אומעגלעך זיך דערשלאָגן צו דער קאַסע, האָבן זיי דערווייל זיך געמאַכט „באַקוועם", אויסגעזעצט אַף דער ערד און נישט געוואָלט אומקערן זיך צוריק אין שטאָט פאַר קיין געלט נישט, כאָטש מע האָט זיי געוואָלט באַרויקן מיט טרייסטווערטער, אַז מע איז שוין געווען מיט א דעפּוטאַציע באַם גובערנאַטאָר...

— לאָזן זיך די נעגידים פרייען! — האָבן די אָרעמעלייט אָפּגעענטפערט בייסנדיק, נישט צו וויסן, אַז די נעגידים זיינען שוין לאַנג אַף יענער זייט שטאָט, אַז די גאָלדענע שאַר־האַבאַרס מיט די ליוויאַסנס זיינען שוין אָט באַלד אין ניצא, אין סאַן־רעמאָ, אין מאָנטע־קאַרלאָ און נאָך אַזעלכע שטילע ווינקעלעך. בא די „רולעטקעס", „פּטי־שוואַ", „טראַנט־ע־קאַראַנט" און נאָך אַזעלכע שפּילכלעך וועלן זיי אַף א ווײַלע פאַרגעסן אין אַלע יידישע צאָרעס...

צווישן די דאָזיקע, וואָס האָבן זיך געכאַפּט לויפן צו דער באַן נאָך פון שאַבעס באַנאַכט אָן און האָבן געמוזט בלייבן נעכטיקן אַף דער גאַס, זיינען געווען אויך אונדזערע שאַפּיראָס, דאָס גאַנצע געזינדל: דאָוויד שאַפּיראָ, זיין ווייב סאָרע, זייער טאָכטער בעטי, דאָס גימנאַזיסטל סיאָמקע און זייער קוואַרטיראַנט ראַבינאָוויטש־פּאַפּאָוו, א זון פונעם געוועזענעם ט—ער גובערנסקי פּרעדוואָדיטעל חוואָריאַנסטווא, וואָס האָט איין ברודער א זעמסקי נאַטשאַלניק און דעם אַנדערן א גובערנאַטאָר, — איז אויך געווען בעסויכעם.

(פאָרזעצונג קומט)

# ס׳וועט וואָרעמקײַט פֿון מײַנטוועגן סטײַען

* * *

איך קום צו דער גוטסקײַט און זאָג איר פֿאַרטראַכט:
— איך וויל, איבער מיר זאָלסטו האָבן דײַן מאַכט
(דו האָסט בעלי־סאָפּעק עס ערלעך פֿאַרדינט),
בא דיר וועל איך זײַן, ווי א פֿאָלגעוודיק קינד,
ווי קינדווײַז אפֿילע איך בין ניט געווען,
ווי קיינער האָט מיך נאָך ביז איצט ניט געזען.
און שיק מיך אין שליכעס, און אַרבעט מיר גיב,
און איך וועל פֿאַרהאָרעוועט טאָן דיר צוליב.

איך קום צו דער ליכטיקער שיינקײַט פֿון טאָג
און עמעסדיק, אופֿריכטיק, ערנסט איך זאָג:
— איך וויל, אז געוועלטיקן זאָלסט איבער מיר,
און פֿרײַוויליק זײַן אונטערטעניק כ׳וועל דיר,
ווי קיינמאָל נאָך בין איך ביז איצט ניט געווען
אזא, ווי ס׳האָט קיינער נאָך מיך ניט געזען,
און הייס מיר — א היטערן דײַנע כ׳זאָל זײַן,
נאָר צויבער מיך, קישעף מיך, פֿריי מיט דײַן שײַן.

איך קום צו דער כאָכמע און בעט שטילערהייט:
— דו טו אָף מיר אָן אן אומזעבאַרע קייט,
און לאָז מיך ניט אָפּ אָף קיין איינציקן טראָט,
כ׳זאָל פֿילן: דײַן כאָכמע א מאַכט אָף מיר האָט.
און איך וועל דײַן כאָכמע זיך לערנען מיט פֿלײַס,
כ׳זאָל קיינמאָל ניט פּלאָנטען, וואָס שוואַרץ איז, וואָס ווײַס,
דײַן גוטע טאַלמידע זײַן — סטאַרען כ׳וועל זיך,
אזא, ווי ביז איצט, ניט געוועזן בין איך.

כ׳האָב ווײַטער געקליבן זיך לאָזן אין וועג,
מײַן גליק עפּשער אָפּזוכן כ׳וועל אָף א שטעג,
און דעמלט קיין רעגע איך וואָלט ניט געטראַכט —
— פֿאַרכאַפּ איבער מיר, — כ׳וואָלט אים זאָגן, — די מאַכט,
כ׳וועל ווערן א גליקלעכע דאָן, סאָפּקאָלסאָף...
און גלײַך ווי אין דרעמל, און גלײַך ווי אין שלאָף
דאָס קאָל פֿונעם גליק האָב איך טייקעף דערהערט:
דאָס גליק דאַרף דערפֿילן דײַן מאַכט — ניט פֿאַרקערט.

* * *

ווי בא אן אייוועלע, ווו ס׳בלויט דאָס פֿײַער,
איך וואָרעם זיך באַם אָסיענדיקן טײַך.
ס׳וועט וואָרעמקײַט פֿון מײַנעטוועגן סטײַען
בא זײַנען כוואַליעס — כ׳האָב דערפֿילט עס גלײַך.

קעדיי די אַרבעט זאָל אים גרינגער ווערן,
דעם טײַך אליין ניט קאַלט עס זאָל זײַן אויך,
ווי ברענענדיקע פֿונקען — זײַנע שטערן
דער הימל האָט געוואָרפֿן פֿון דער הויך.



די רעדאַקציע און די רעדקאָלעגיע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק די שריפֿטשטעלערן דאָרע כײַקינע מיט איר געבורטסטאָג און ווינטשן איר געזונט, אַריכות־יאָמים און נײַע שעפֿערישע דערפֿאָלגן סײַ אין דיכטונג, סײַ אין פּראָזע.

דעם שטערנדיקן פֿלאָם נאָך מער צעבלאָזן,
עס האָט זיך טיקעף אײַנגעשפּאַנט דער ווינט.
געקליבן פֿונקען־שטערן אין די גראָזן,
און אינעם טײַך געוואָרפֿן זיי געשווינד.

און האָט זיי אינעם טײַך געהאָלפֿן פֿליִען,
געלאָזט זיי שווימען — גינגאָלדענע פֿיש.
איך זע: אין טײַך, ווי העלע קוילן, גליִען
מיט שטערנדלעך די בלעטער אויסגעמישט.

דערנאָך האָט ער מיט זײַנע בלויע פֿליגל
א פּרווו געטאָן דאָס וואַסער: — אָ, נאָך קאַלט!
און זינגענדיק זײַן אָסיענדיקן ניגן,
געטראָגן בונטע בלעטער פֿונעם וואַלד,

ס'וועט ווארעמקײַט פֿון מײַנעטוועגן סטײַען
באַ כוואַליעס שוימיקע — דערפֿילט כ'האָב גלײַך.
ווי באַ א הרובקעלע, ווו ס'בליט דאָס פֿײַער,
איך וואַרעם זיך באַם אָסיענדיקן טײַך.

* * *

מע שערט אונטער קליאַנען אין שטאָטישן סקווער,
עס קנאַקט אָן אַן אופהער די גלאַנציקע שער,
און ס'פֿאַלט נאָך א צווײַגל א צווײַגל.

נאָר מיר ווײַזט זיך אויס: ס'פֿאַלן ביימערשע צעפּ,
איך זע, ווי די קליאַנען פֿאַרנייגן די קעפּ,
איך הער, ווי געהאָרכזאַם זיי שווײַגן.

אין קינדערהיים האָט מען אַזוי מײַנע האָר
געשוירן אין ווײַטן אין צוואַנציקסטן יאָר,
און אַלעמאָל ביטער כ'פֿלעג וויינען.

און אַלעמאָל האָבן דערפֿון א פֿאַרדראָס,
און אַלעמאָל שערן די האָר ניט געלאָזט —
כ'האָב זייער געוואָלט זײַן א שיינע.

א ייִנגלש־געשוירענע כ'קען דען זײַן שיין?
נאָר טרייסטווערטער שעפּטשען איך פֿלעג זיך אַליין —
שוין דאַן כ'פֿלעג זיי קענען געפֿינען.
...מע שערט אונטער קליאַנען אין שטאָטישן סקווער,
א צווײַג נאָך א צווײַג רינט אַראָפּ פֿון דער שער,
פֿון עכטע סמאַראַגדן נאָך גרינער.

* * *

פון אלעמען, וועמען כ׳האָב דעמלט באַגעגנט,
ווער ס׳איז יענעם טאָג מיר געקומען אַנטקעגן,
מיך איבערגעיאָגט, צי געגאַנגען באַנאַנד,
איך האָב פֿאַרגעדענקט... ניין, פֿאַרשטאַנען כ׳האָב גיכער,
א קוישעלע אויבסטן געטראָגן אין האַנט.
עס גייט ניט אין דעם, וואָס די פֿרוי איז אַן אַלטע, —
די עלטער האָט בייז אין איר הויקער באַהאַלטן
די אומגליקן אירע, וויַיזט אויס, אָן א צאָל.
איך ווייס ניט, וואָס האָב איך געדאַרפֿט זי דערזאָגן,
צי האָב איך געמיינט פּאַשעט עפּעס איר זאָגן,
צי פּראָסט פֿונדערנאָענט זי זען כ׳האָב געוואָלט,
צי עפּשער איר קוישל מיט קרויט און מיט מערן,
געדאַכט האָט זיך מיר — פֿאַר דער פֿרוי איז צו שווערלעך,
נאָר גרינגער ס׳קען ווערן אין ביידנס צוויי הענט.
— איר ווילט, איַיער קויש לאָמיר טראָגן אינצווייען, —
כ׳וועל זאָגן איר, — ס׳האָט זיך געוואָלט זי דערפֿרייען,
נאָר צוטראַכטן בלויז וועגן קוישל געקענט.
איך האָב מיַינע טריט — די ניט־גיכע, פֿאַרשנעלערט,
געשפּאַנט, ווי אַף עפּעס אומזעבאַרע שוועלן...
ווען ס׳האָבן אונדז אָפּגעטיילט עטלעכע טריט,
פֿאַרלוירן כ׳בין שטיין א געפּלעפּטע געבליבן —
אין רויש פֿון דער גאַס אופֿגעכאַפּט כ׳האָב א ניגן —
די פֿרוי שטילערהייט האָט געמורמלט א ליד.
איך האָב ניט געוואַגט יענעם ניגן דערשטערן,
געקענט בלויז פֿאַרכידעשט אים הערן און הערן, —
וויַיל ער האָט מיך ווי אין מיַין יוגנט געפֿירט.
די פֿרוי איז אַוועק. איך בין לאַנג נאָך געשטאַנען,
איך האָב מיטן האַרצן, דערפֿילט, צי פֿאַרשטאַנען:
דער קויש און דער הויקער — ניט שווער זיַינען איר.
נאָר וואָס וואָלט איך וועלן? דערגיין מיטן סייכל —
דער ניגן אַנטפּלעקט האָט דער פֿרוי וועלכע הייכן,
ווען זי האָט געזונגען די ליד שטילערהייט?
צי האָט זי א וויגל געהוידעט א יונגע?
צי סנאָפּעס געבונדן אין פֿעלד און געזונגען?
צי עפּשער געקוועלט פֿון אַמאָליקער פֿרייד?
פֿון אַלעמען, וועמען כ׳האָב דעמלט באַגעגנט,
ווער ס׳איז יענעם פֿרי מיר געקומען אַנטקעגן,
מיך איבערגעיאָגט, צי געגאַנגען באַנאַנד,
איך האָב פֿאַרגעדענקט... ניין, פֿאַרשטאַנען כ׳האָב גיכער,
אַן אַלטיטשקע פֿרוי, וואָס געשפּאַנט האָט ניט זיכער,
א קוישעלע אויבסטן געטראָגן אין האַנט.

* * *

כ׳וואָלט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל וועלן פֿאַרשטיין:
צי בין איך א גליקלעכע פֿרוי, אָדער ניין?
און ווי נאָר מיַין „יאָ", פֿיל איך, פּיקט זיך שוין אויס, —
דאַן קומט מיר א סאָפּעק אַנטקעגן אַרויס,
און טוט באַלעבאַטיש פֿאַר מיר זיך א שטעל,
און גיט מיר צו וויסן דערביַי, וואָס מיר פֿעלט.
די פּראָטים ער שמיצט, ווי א שטיין נאָך א שטיין,
ווי וועלן ער וואָלט, איך זאָל ענטפֿערן: „ניין".

נאָר איך וועל דעם סאָפעק ניט נאָכגעבן. כ׳שווער!
כאָטש אָפטלעך מײַן קיִעם קומט אָן מיר צו שווער,
כאָטש וויכטיקס מיר פעלט, ווי אין מידבער א קוואַל,
ס׳פעלט עפּשער א טיר, וועלכע כ׳האָב ניט צעפּראַלט,
און עמעץ האָט אויצרעס, נאָך וועלכע איך גאַר,
און כאָטש כ׳וויים דעם ביטערן בײַטאַם פון צאַר, —
דאָך גלייב איך, אז איך בין א גליקלעכע פרוי,
ווײַל אָפט כ׳זע דעם הימל נאָך בלויער פון בלוי.
ווײַל שטערן באַנאַכט זע איך העלער פון העל,
ווײַל איך האָב פאַרמאָגט אין מײַן פרויישער וועלט
דרײַ קינדערשע וויגעלעך, ווײַסע, ווי שניי,
איך האָב מײַנע קינדער געהוידעט אין זיי,
געלערנט זיי זיצן, געלערנט זיי גיין,
געזוכט אין די מײַלעכלעך מילכיקע ציין,
און מײַסעס דערציילט, און אין שול זיי געפירט.
זיי זאָרגן, דערוואַקסענע, איצט וועגן מיר...
און כאָטש זייער זאָרג שטייט ניט אָן מיר צומאָל,
נאָר זאָגן דעם סאָפעק איך קען אַף א קאָל:
— איך פיל, איך פאַרשטיי און איך וויים עס גענוי:
איך בין בעלי־סאָפעק א גליקלעכע פרוי,
מיט אַלץ, וואָס כ׳פאַרמאָג, און מיט אַלץ, וואָס מיר פעלט
אין מײַן איין־און־איינציקער, טײַערער וועלט.

* * *

ס׳האָט מיר אפן שפּיץ מעסער איין מאָל דאָס לעבן
א טײַערע, גרויסע, מאָטאָנע געגעבן,
זאָל זײַן ניט קיין שײַנקײַט, וואָס צויבערט אין קישעפט, —
א יוגנט א גיכע, א שיינע, א פרישע.
מיט האסט זי א כאפּ טאָן האָב איך ניט געקענט —
כ׳האָב מוירע געהאַט זיך צעשנײַדן די הענט.
דערנאָך אפן זעלביקן שאַרפן שפּיץ מעסער
געבראַכט א געשאַנק מיר — נאָך שענער און בעסער:
א צניִעסדיק־ריינע, א וואַרעמע ליבע...
איז זי אפן שפּיץ מעסער איבערגעבליבן.
פון שפּיץ מעסער נעמען כ׳האָב זי ניט געקענט —
כ׳האָב מוירע געהאַט זיך צעשנײַדן די הענט.
דאָס לעבן האָט אָבער געוואָלט מיך באַגליקן,
ניט אופגעהערט גוטע מאַטאָנעס מיר שיקן.
געבראַכט אפן שפּיץ מעסער פרייד, פאַרגעניגן,
נאָר ניט קיין געריכטע געלאָזט כ׳האָב זיי ליגן.
פון שפּיץ מעסער נעמען כ׳האָב זיי ניט געקענט —
כ׳האָב מוירע געהאַט זיך צעשנײַדן די הענט.
א פראַגע באַם לעבן כ׳פרעג ווידער און ווידער:
— וואָס איז עס, כ׳וויל וויסן, בא אים פאַר א מידע —
ער גיט אפן שפּיץ מעסער זײַנע געשאַנקען,
און דו — זײַ א בעריע און פרוּוו זיי דערלאַנגען.
פון שפּיץ מעסער נעמען זיי כ׳האָב ניט געקענט —
כ׳האָב מוירע געהאַט זיך צעשנײַדן די הענט.



# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## זאַלמען רייזען

1941—1888

## נאָטאָן זאַבאָרע

1975—1908

### זאַלמען רייזען

# פון דער רעדע אין אַרגענטינער פּען־קלוב וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור

צווישן די לענדער, וואָס זייַנען אויסגערעכנט אין דער רעשימע פון די פּען־קלובן, איז פאַראַן אויך א לאַנד, וואָס טראָגט דעם נאָמען ייִדיש. דעם דאָזיקן נאָמען וועט איר ניט געפינען אין קיין שום געאָגראַפישן אינדעקס. הייַנט, דאַכט זיך, האָט עס געזאָגט, אַז די טעריטאָריע פון דעם ייִדישן פאָלק איז די ביבל. איצט קאָן דער דאָזיקער שפּרוך מאָדיפיצירט ווערן: די טערי־טאָריע פון דעם ייִדישן פאָלק איז זייַן ייִדישע שפּראַך — איינע פון די וווּנדערלעכסטע שאַ־פונגען פון דעם אייביק לעבעדיקן ייִדישן גייַסט, וועלכע קלינגט פון די ברעגן פון דער ווילייע, פון דער ווייַסל, פונעם דניעפּער און פון דעם דונייַ, ביז די ברעגן פון אַמור, און פונעם גור־דזאָן און פון דער פּלאַטאַ, פון אַטלאַנטיק ביז פּאַסיפיק, אין אַלע עקן וועלט, וווּ עס איז צעזייט און צעשפּרייט אונדזער פאָלק, פאַרייניקט אין דעם דראַנג צו שאַפן אַ קולטור־ספערע פון דעם אייגענעם פאָלקסמוט אַרויס, וואָס איז מעג־לעך נאָר אויף דעם יסוד פון אַן אייגענער לע־בעדיקער שפּראַך.

די אָנערקענונג פון דער ייִדישער ליטעראַ־טור ווי אַ גלייַכבאַרעכטיקטע איינהייַט אין דער מישפּאָכע פון די פּען־קלובן באַטייַט אַ נייַער קולטור־פּרינציפּ, וועלכער באַזירט זיך ניט אויף מע־לוכע אָדער טעריטאָריע, נאָר אויף דער קולטור־שפּראַכלעכער אינדיווידואַליטעט.

עס האָט דער שפּאַנישער שריפטשטעלער



גאַווינעט אַמאָל געזאָגט דאָס שיינע וואָרט, אַז סערוואַנטעס איז דער גרעסטער פון אַלע קאָנ־קיסטאַדאָרן, ווייַל בעשאַס אַלע קאָנקיסטאַדאָרן האָבן אייַנגענומען לענדער פאַר שפּאַניע האָט

ער אײַנגענומען שפּאַניע גופֿע, כאָטש ער איז געזעסן פֿאַרשפּאַרט אין טפּיסע. אויך מיר קאָנען זאָגן, אַז כאָטש מיר זײַנען פֿאַרשפּאַרט אין דער טפּיסע פֿון פֿאָרורטײלן און מענטשלעכער סינע, האָבן מיר ערשט דורך דער ייִדישער שפּראַך אײַנגענומען זיך אַליין, און די ייִדישע ליטעראַטור איז אונדזער גרעסטער קאָנקיסטאַדאָר, גרעסער פֿאַר די יעניקע ייִדן, וואָס ווילן אײַנעמען אַ וועלט דורך פֿאַרלאָזן די אײגענע קולטור־סוויווע.

עס איז געווען אַ צײַט, ווען דער ייִדישער גײַסט האָט אופֿגעבליט פּרעכטיק אין שכײנעס מיט דער שפּאַנישער קולטור. דאָס איז די גאָלדענע עפּאָכע פֿון דער ייִדישער קולטור אין שפּאַניע. דורך דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון 1492 איז אויף 400 יאָר איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנטאַקט צווישן דער ייִדישער קולטור־ספֿערע און דער שפּאַנישער. אָבער אין דעם אײגענעם טאָג, ווען די ייִדן האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן זײער הײם אין שפּאַניע, זײַנען צוזאַמען מיט די שיפֿן פֿון די פֿאַרומגליקטע פּלײטים אַרויסגעשוווּמען אויך די שיפֿן פֿון קאָלומבוסעס פֿלאָטיליע, און די אַנטדעקונג פֿון אַמעריקע האָט מיט 4 יאָרהונדערטער שפּעטער געבראַכט צו אַ נײַער באַגעגעניש צווישן דער ייִדישער קולטור און שפּאַנישער, הײַנט אין אַ גאַנץ אַנדערער סוויווע און בײַ גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען. און אויב מיר האָבן אין דער אַלטער וועלט געקענט דורך דער ייִדישער שפּראַך נאָר דאָן קיכאָטן, וואָס האָט אינספּירירט דעם זײדע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור צו זײַן וווּנדערלעך ווערק דער ייִדישער דאָן קיכאָט, ווי זײַן מאַסאָעס בנימין השלישי הײסט אין דער איבערזעצונג אויף אײראָפּעיִשע שפּראַכן, און מיר האָבן געגאָסן די ווערק פֿון דעם שטאַרקן דראַמאַטורגישן גײַסט פֿון די שפּאַניער, פֿון לאָפּע דע וועגאַ ביז בענאַווענטען, דורך דעם ייִדישן טעאַטער אין מינסק, און אין מאָסקווע, און אין ניו־יאָרק, האָט די ייִדישע וועלט דערקענט דעם גײַסט פֿון דער יונגער אַרגענטינישער נאַציע, ערשט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אונדזער ייִדישן ישעיו דאָ, אין אײַער לאַנד...



פֿון רעכטס אויף לינקס: מוישע קולבאַק, יוסף אָפּאַטאָשו, מאַקס עריק און זלמן רײזען אין ווילנע

## נאָטיצן וועגן שריפֿט

1. די קלאַנגען פֿון דער שפּראַך, וואָס דער אויער הערט, איבערגעגעבן אין אָנזיכטיקע סימאַנים פֿאַרן אויג, הײסט שרײַבן. ניט גלײַך איז דער מענטש געקומען צום סײכל צו פֿאַרצײכענען דורך באַזונדערע שרײַבצײכנס — אויסיִעס — די קלאַנגען, אויף וועלכע דאָס וואָרט ווערט צעלײגט. לכתּחילה איז די קונסט פֿון שרײַבן באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'פֿלעגט איבערגעבן ניט די באַזונדערע קלאַנגען פֿון די ווערטער, נאָר די פֿאָרשטעלונגען גופֿע, וואָס די ווערטער דריקן אויס; די פּרימיטיווע שריפֿט איז געווען אַ בילדער־שריפֿט (פּיקטאָגראַפֿיע), וועלכע פֿלעגט פּאַשעט אויסמאָלן די [illegible]ן, וועגן וועלכע עס האָט זיך געהאַנדלט. מוסטערן פֿון פּיקטאָגראַפֿיע געפֿינען מיר נאָך בײַ די הײַנטיקע ווילדע פֿעלקער. מיט אײניקע פּיקטאָגראַפֿישע צײכנס באַניצן מיר זיך אַפֿילע בײַ אונדזער מאָדערנער שרײַב־סיסטעם; אַזוי, לעמאָשל, געהערט צו דער פּיקטאָגראַפֿיע דער צײכן, מיט וועלכן מיר פֿאַרבײַטן אין דער געאָמעטריע דאָס וואָרט „דרײַעק”, דאָס בילד פֿון אַ האַנט מיט אַן אויס־

געשטרעקטן פינגער, וואָס דאַרף ציִען די אופמערקזאַמקייט אָדער אָנווייַזן די ריכטונג, די בילדער פון א האַק, אן עמער, א לייטער אַף די הייַזלעך אין די דערפער אַף אָנצוווייַזן, מיט וואָס דער באַלעבאָס דאַרף קומען צו א כרייפע, אאַז״וו.

2. א העכערע מאַדרייגע האָט דער סייכל פון שרייַבן דערגרייכט אין דער אידעאָגראַפיע, וואָס פאַרצייכנט נאָך אַלץ ניט די באַזונדערע קלאַנגען. די קעגנשטאַנדן מאָלט זי ניט אין בילדער, נאָר זי גיט זיי איבער גראַפיש, דורך אָפּגעמאַכטע צייכנס, דורך סימבאָלן. די אידעאָגראַפישע שרייַב־סיסטעם האָט געהערשט בא די מיצרים (היִעראָגליפן) און איז נאָך איצט דאָ בא די כינעזער. די מייַלע פון אידעאָגראַפישער שריפט איז, וואָס מ׳קאָן זי ביז א געוויסן גראַד לייענען, אפילע ניט קענענדיק די שפּראַך פון דעם שרייַבער; אזוי, לעמאָשל, ווערן די כינעזישע שרייַבצייכנס געלייענט סייַ פון די יאַפּאַנער און סייַ פון די קאָרעיער אַף זייער לאָשן. אָבער די אידעאָגראַפיע מיט אירע טויזנטער צייכנס איז אומגעהייַער שווער אויסצולערנען און זי האָט געמוזט אָפּטרעטן איר אָרט דער באַקוועמערער סיסטעם — צו פאַרצייכענען די קלאַנגען, האַגאַם אַדהייַעם באַניצן מיר זיך נאָך אויך מיט אידעאָגראַפישע צייכנס, ווי, לעמאָשל, די ציפער, דער גלייַכצייכן =, דער צייכן פון קייפל ×, דער צייכן פון פאַרשטריכלונג ״ אאַז״וו.

3. גאָר ניט צו פאַרגלייַכן אין לייַכטקייַט איז אונדזער שרייַב־סיסטעם לעגאַבע דער פּיקטאָגראַפיע אָדער אידעאָגראַפיע. אָנשטאָט גראַפיש אויסצודריקן דעם קעגנשטאַנד גופע פאַרצייכנט זי נאָר זייַן נאָמען, איבערגעבנדיק דורך אויסיִעס די קלאַנגען, פון וועלכע דער דאָזיקער נאָמען באַשטייט. שווער איז געווען צו דערגייין צו אזא סיסטעם, ווייַל אפריִער האָט מען געדאַרפט באַמערקן, אז די ווערטער ווערן צעגלידערט אַף טראָפּן און קלאַנגען. נאָר איז מען דערצו געקומען, האָט מען עס זיך שוין לייַכט געקענט אויסלערנען, וואָרעם מ׳האָט געדאַרפט געדענקען נאָר א קליינע צאָל צייכנס.

4. ווען און אין וועלכער פאָרם די שריפט איז ביכלאַל געקומען צו די ייִדן, לאָזט זיך ניט דערווייַזן. די באַרימטע בריוו, וואָס מ׳האָט געפונען אין אמאַרנא, ווי אויך די בריוו, וואָס מ׳האָט געפונען אין טאַנאַך, ווייַזן, אז בעשאַס דעם 3־טן און 2־טן יאָרטויזנט פאַר קריסטוסן איז אין ערעץ־ייִסראָעל געווען פאַרשפּרייט די באַבילער פלעקל־שריפט. די ייִדן האָבן אין אָנהייב, ווייַזט אויס, זיך אויך באַניצט מיט דער דאָזיקער שריפט. אָבער אין ערעץ־ייִסראָעל האָט מען שוין גאַנץ פרי געברויכט אויך די נייַע שרייַב־סיסטעם, די אויסיִעס־שריפט אָדער די קאָנסאָנאַנטן־שריפט, די עלטסטע מאָנומענטן פון דער דאָזיקער שריפט, ווי, לעמאָשל, דער שטיין פון מעשע מייַלער מויִעוו (840), דער לייבנזיגל פון מעגידאָ (פון דער צייַט פון יעראָבעם דעם 1־טן אָדער דעם 2־טן), די קאַנאַל־אויפשריפט אין דעם שילאָאַך־טונעל בא יערושאָלאַיִם פון יעכעזקיִוס צייַט און אנדערע, ווייַזן מיט דער פולקומקייַט פון די צייכנס, אז זי איז שוין געווען געברויכט נאָך א לאַנגע צייַט פריִער. צי די דאָזיקע שריפט, וואָס איז שוין געבויט אַף דעם קלאַנגען־פּרינציפּ, האָבן אויסגעטראַכט די צידויִנים, ווי מ׳האָט עס געהאַלטן ביז אהער, אָדער זי שטאַמט פון דער עגעיִשער זילבנשריפט צי פון דעם אַלט־גריכישן אַלעפבייס און די פּלישטים האָבן זי פונדאַנען אריבערגעבראַכט קיין קנאַאַן, אַלנפאַלס האָט זי זיך אויסגעבילדעט ערשט אַפן סעמיטישן באָדן און פונדאַנען זיך איינגעבירגערט אין דער גאַנצער גריכיש־רוימישער קולטור־וועלט, קוידעמקאָל דורך דער פאַרמיטלונג פון די פעניציִערס, פון וועלכע די גריכן האָבן זי איבערגענומען און געמאַכט פאַרן אויסגאַנג־פּונקט פון אַלע אייראָפּעיִשע שרייַב־אויפאַנים.

5. די דאָזיקע עלטסטע העברעיִשע שריפט האָט געהערשט בא די ייִדן אַן ערעך ביז נעכעמיען, האַגאַם אַף די מאַטבייעס באַגעגנט זי זיך אויך א סאַך שפּעטער, אפילע אונטער די רוימערס. אָבער נאָך גאָלעס באָוול האָבן די ייִדן אָנגענומען א נייַע שריפט, די אראַמעיִשע, וואָס נאָך דער ייִדישער מעסוירע האָט זי עזרא מיטגעבראַכט פון באָוול און זי הייסט דעריבער „קסאַוו אשורי״, אשורישע שריפט. די דאָזיקע שריפט האָט זיך אין מעשעך פון דער צייַט אויסגעבילדעט און פאַרפייַנערט, ביז זי האָט באַקומען די פאָרם, אין וועלכער מיר קענען זי איצט, די אזויגערופענע קוואַדראַט־שריפט אָדער קסאַוו מערובע (דאָסראָוו אויסיִעס האָבן גלייַכע הייך און ברייט).

6. די דאָזיקע שריפט האָבן די ייִדן פאַרווענדט אויך פאַר די אנדערע לעשוינעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַניצט זינט דער אראַמעיִשער טקופע. פאַר דער ייִדישער שפּראַך איז באַניצט געוואָרן א וואַריִאַציע פון דער דאָזיקער שריפט, די אזויגערופענע ווייַבער־טייַטש־שריפט אָדער מישקעט, נאָענט צו ראַשע־קסאַוו. נאָר אין אויסנאַם־פאַלן האָבן זיך ייִדישע ספאָרים געדרוקט אין קוואַדראַט־שריפט, ווי, לעמאָשל, דער סייפער פון אַרן בר׳ שמועל מעהאַגער שליטע, ליבלעכע טפילע אָדער קרעפּטיקע אַרטצנייִא פאַר גוף און נעשאָמע (1709), ווו דער מעכאַבער טרעט ביכלאַל אוף ווי א רעוואָליוציאָנער, פאָדערנדיק, אז מ׳זאָל אפילע דאַוונען אין ייִדיש. ערשט פון דער כסידישער עפּאָכע, אין אָנהייב פון XIX יאָרהונדערט, ווערן די ייִדישע ספאָרים אַלץ מער געדרוקט אין דער קוואַדראַט־שריפט, וועלכע האָט שוין איצט קימאַט אינגאַנצן ארויסגעשטויסן די אַלטע ווייַבער־טייַטש־שריפט אפילע פון רומל־אויסגאַבעס.

 

# דער צוויטשער גיירעש



ס'איז פאַראַן אַזאַ גאַס אין מאָסקווע.

מע פֿאָרט אַהין מיט דער מעטראָ ביז צו דער סטאַנציע „סאָקאָל". פֿון דאָרט פֿאָרט מען מיטן טראָליייבוס, אַ פֿינף־זעקס שטרעקעס, דערנאָך באַם אַרויסשטײַגן דאַרף מען זיך נעמען אויף לינקס און נאָך גיין אַ היפּשע פּאָר הונדערט מעטער צו פֿוס, דעמלט ערשט קומט מען אָן אויף דער גאַס, וועלכע טראָגט נאָך דעם זעלבן נאָמען, וואָס זי האָט געהאַט, ווען דאָ איז נאָך געווען אַ פּאָשעט דאָרף, אָדער אַ בײַמאָסקווער יישעוו. האָב איך אַהין אָנגעטראָפֿן, מיט אַ שליכעס פֿון אַ באַקאַנטער קיִעווערן צו אירער אַ שוועסטער.

גיין איך מיט אָט דער גאַס און באַטראַכט דעם אויסטערלישן אויסזען אירן. פֿון איין זײַט באַ אַן אויסגעפּלאַסטערטן וועג גייט אַ לאַנגע רײַ נײַ־געמויערטע פֿינפֿשטאָקיקע הײַזער, און אַנטקעגניבער, אויף דער לינקער זײַט גאַס, שטייען נאָך די הײַזקעס ווי די קאַרליקלעך. אַלטע, צעהויקערטע, אַרומגעזוימטע מיט קאָלערליי פּלויטן. הינטער די שטאַכעטן זעט מען ווו־ניט־ווו אַ פֿריש פֿאַרזייטע בייט צווישן קוואַרע פֿאַרקרימטעביימלעך, אָדער אַ פֿאַרלאָזט סעדל מיט עטלעכע פּרוכטביימער. אַמערסטן אָבער זײַנען דאָ פּוסטע הייפֿלעך מיט אָנגעוואָרפֿענעם געהילץ, מיט פֿאַרשיידענעם באַלעבאַטישן כלאָם. ס'מאַכט דעם אײַנדרוק ווי מע וואָלט דאָ געזעסן אויף דער פֿור, הײַנט־מאָרגן וועט מען דאָס אַלץ מוזן פֿאַרלאָזן פֿאַר די בולדאָזערס, פֿאַר די גראָב־מאַשינען און פֿאַר די קראַנען פֿון אַ נײַער בויונג.

איך מוז, צום באַדויערן, גיין אויף אָט דער זײַט גאַס איבער אָט דעם שטיינערדיקן טראָטואַר און זיך אײַנקוקן אין די ווינקלען פֿון די אָפּגעסאַרפּעטע ווענט, און ס'דוכט זיך מיר, אַז אָט באַלד וועל איך שוין צוקומען צום נייטיקן אומגראָדן נומער פֿון מײַן אַדרעסאַט.

נאָר גיי האָב אַ האָפֿענונג, אַז אָט איז גאָר אַ הײַזל לאַכלוטן אָן אַ נומער, און דאָס צווייטע דערבײַ האָט דאַפֿקע עפּעס אָן אָפּגעריבענעם נומער, נאָר קיינער וווינט שוין דאָ אָפּאָנעם ניט. אַ טייל שויבן זײַנען אויסגעהאַקט. די אויסגעבויגענע וואַנט איז אונטערגעשפּאַרט מיט קלעצער און די טיר איז פֿאַרהאַקט מיט אַ צײַלעם פֿון צוויי ברייטע ברעטער. עפּעס גייען דאָ אַוועק אַ רײַ הײַזער שטאַרק אָפּגעלאָזטע, פֿאַרנאַכלעסיקטע. עפּ־שער איז גאָר ביכלאַל אומזיסט מײַן גאַנג? איך וועל שוין אויף אָט דער גאַס קיינעם ניט געפֿינען. ניין, אָט שטייט באַנאַנד מיט אַ כורווע אַ גאַנץ נישקאָשעדיק דירעלע מיט אַ צינקעוון דאַך אַפֿילע, און דאָרט טיף אין הויף שטייט אַ פֿרוי איבער אַ גרויסער באַליע גרעט און אירע נאַקעטע הענט שווינדלען אינעם באַרג מיט מילענעס. איך וויל אַרײַנגיין אַ פֿרעג טאָן באַ איר, איז אויפֿגעשפּרונגען אַ קעלעוו, באַלד באַ דער קאַליטקע, און מיט אַ געביל זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר. די פֿרוי האָט מיט אַ פֿינגער אַ סטראַשע געטאָן דעם הונט, ער זאָל בלײַבן שטיין, ער זאָל זיך ניט דערוועגן רירן פֿון אָרט, און אַליין האָט זי זיך דערנענטערט צו מיר מיט די נאַסע הענט און מיט אַ פֿאַרשוויצט פּאָנעם. ניין... זי ווייסט ניט פֿון אַזאַ נאָמען, דעם נומער אויך ניט. אַלץ איז דאָ שוין אַזוי איבערגעפּלאָנטערט, אַז אײַנגיכן וועלן שוין די באַלעבאַטים אַליין ניט וויסן, ווו, אונטער אַ וועלכן נומער זיי וווינען.

האָב איך זיך דערפֿרעגט מיט עטלעכע הײַזער ווײַטער, באַ אַן אַלטן, וועלכער האָט אין אַ הויף געגראָבן די ערד. ער האָט טיף אַרײַנגעלאָזט דעם שטאָלענעם שפּאַדל, אַרויסגעריסן די באַגראָזטע

שטיקער ערד, זיי אופגעהויבן און איבערגעקערט מיטן בויך אַרוף. רעגן־וואָרעמלעך האָבן ארומגעפויזעט איבער די שווארצע ברילעס ערד, און ער האָט זיי פלײַסיק צונויפגעזאמלט אין א בלעכענער פושקע. ס'איז צו זען, אז איך האָב דאָ צו טאָן מיט א לײַדנשאפטלעכן פישפאנגער. איך האָב אים גלײַך געווּונען מיט מײַנע א פּאָר באמערקונגען וועגן נײַערע פארנאר־מיטלען פאר די פיש. וועגן דעם פאנג בא אונדז אפן דניעפּער... ער איז מיט מיר ארויס פונעם הויפל און אָנגעוויזן גענוי ביז ווי ווײַט איך דארף נאָך גיין אף צוקומען צום הויז, וואָס איך זוך.

און אָט האָב איך שוין געפונען דעם געווונטשענעם הויף. איצט דארף איך, אף אָט די פילצאָליקע טירן און גאנעקלעך, אויסגעפינען דעם נומער פון דער קווארטיר. טירן זײַנען א סאך: פון פראָנט, בא די זײַטן און הינטנאָרום פון אָט דעם לענגלעכן הויז, און ניט אף יעדער טיר איז דאָ א נומער. איך בין שוין גוט דערשוויצט פונעם צופוס גיין.

אין דער פרילינג־באטאָגיקער לופט וויגן זיך די זילבערנע פאסן שײַן איבער דעם בלעכענעם געדעק פונעם דאך מיטן איבערגעפלעכט פין די פיל אנטענע־דראָטן, וועלכע פלעמלען זיך, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען פון ריינעם קופער. א פארזשמורעטע האלבנאקעטע ייִנגעלע שפילט זיך אף א קופּע זאמד אונטער די סאמע שטראלן פון דער זון. ער שטעלט אונטער, גאנץ פאָרזיכטיק, א לייַדיקע גלעזערנע קײַלע אונטער דעם אלאכסנדיקן זונען־שטראל. א קוועקזילבערדיק זון־העזעלע האָט זיך גלײַך ארײַנגעכאפּט אינעם גלאָז, און דער יאטוט האסטיק א פארמאך מיט א דעקל די עפענונג. צוהאלטנדיק פעסט מיט דעם הענטל דאָס דעקל, האָט ער די קײַלע אונטערגעטראָגן קעגן דער זון און ארומגעזוכט דאָס העזעלע אינעם לײַדיקן גלאָז. א פארדראָסיקער, נעמט ער אראָפּ דאָס דעקל און שטעלט ווידער אָן די קײַלע מיט דער עפענונג אונטערן זונען־שטראל. איך פרוּוו זיך מיט אים באקענען, פרעגן ווי ער הייסט, נאָר ער איז אזוי פארכושט מיט זײַנע פרוּוון, אז ער ענטפערט מיר אפילע ניט.

— טאָ זאָג מיר, ווו וווינט דאָ האָראָדעצקע... די לערערן... דו קענסט זי דאָך מיסטאמע? ביסט שוין א שילער, צי ניין?

— אָדאָ, — ווײַזט ער מיר זיצנדיקערהייט, אבי זיך אָפּטשעפּען, מיט דער האנט אף א טיר. איך קלאפּ אָן. קיינער ענטפערט ניט. איך קלאפּ שטארקער. איך טו א פרוּוו די טיר, לאָזט זי זיך עפענען. גיי איך ארײַן אין האלב־פינצטערן קאָרידאָרל און קלאפּ אין דער צווייטער טיר. ווידער קיין ענטפער. וואָס הייסט עס? ס'קאָן דאָך ניט זײַן, אז קיינער איז ניטאָ. די טירן... אָט די דריטע טיר איז אויך ניט פארקייטלט. איך גיי ארײַן אין א פּאָדערצימער, א פול אָנגעשטעלטן מיט א מין אויסטערלישע אלטמאָדיש מעבל. מײַן באָבעס קאָמאָד דערזע איך דאָ. די זעלבע צוויי לייבן־קעפּ מיט די גרויסע גריוועס, אף וועלכע ס'האלט זיך דאָס אייבערשטע גלעזערנע שאפקעלע... און אָט הענגט א פארגעלטע מאָנטעפיאָרע־בילד. אונטערן גלאָז דערנעבן — אן אלטער אָפּגעבליאקעוועטער מיזרעך. זאָל דאָ וווינען ריווע יאקאָוולעוונע?

— איז דאָ עמעצער דאָ? — פרעג איך אײַנדערהויך און דרייסט.

— אָט־אָ באלד, אָט גיי איך, — דערהער איך א לאנגזאמען שארן פון פילצענע שטעקשיך אפּאָנעם. און צוערשט טרעט אריבער דאָס בײַשטידל פון דער צעעפנטער טיר א סוקעוואטער שטעקן, דערנאָך האָט זיך באוויזן א קאָלירטער טשיפּעק, הינטער וועלכן בערגלעך צעוואָרפענע גרײַז־גראָווע האָר פארדעקן די אויערן־הײַטלעך, און אז די פיס זײַנען טריטווײַז פאָרזיכטיק אריבערגעטראָטן די שוועל, האָב איך ערשט פאר זיך דערזען א טיפע זקיינע. אינדרײַען א געקאָרטשעטע, האָט זי זיך צוגערוקט צו מיר, מיט איין האנט פארוקט דעם טשיפּעק העכער אפן נאקעטן שארבן, געקנייטשט דעם געפאלדעוועטן שטערן, אז ס'האָבן זיך קוים ארויסגעזען די אויגן. זי האָט זיך אײַנגעקוקט אין מיר.

— וועמען דארפט איר, יונגערמאן?

— האָראָדעצקען, ריווע יאקאָוולעוונען.

— אָטאָ באלד, — האָט זי גענומען קלאפּן מיטן שטעקן אין דער וואנט מאָנאָטאָן און רעגלמעסיק. — זיצט, אָטאָ באלד קומט זי ארײַן. — און אליין האָט זי זיך אויך צוגעזעצט און דעם שטעקן אוועקגעשטעלט לעבן זיך בא די קני.

דאָ האָב איך ערשט באנומען ווי קליין זי איז. איר שטארק פארעלטערט אײַנגעכמורעט פּאָנעם האָט קוים אריבערגעשטעקט די הייך פונעם טיש. איך קוק אף איר הוילער, אף איר מאָדנעם אָנטועכץ, און אפן מעבל, וואָס אין צימער, און איך געפין די ענלעכקײַט. אלץ פארעלטערט, אָפּגעבליאקעוועט, ווי איר פארגעלט פארוועלקט געזיכט, וואָס האָט דעם אויסזען ווי די הויט פון א פארלעגערטער צוגעפרוירענער פּיירע.

עפּעס האָט זי גערעדט צו מיר. אויסגעפרעגט: ווער בין איך? פונוואנען? ווי קום איך צו אָט דער ווילער ריווע יאקאָוולעוונען? וואָס פאר א גאָלדן מיידל דאָס איז... וואָס פאר א הארציקע נעשאָמע זי האָט... איך זוך אין אירע רייד און געפין ניט קיין סימען פון דעם, וואָס מע רופט אָן אויווערבאָטל. זי רעדט א גוטן ריכטיקן רוסיש, מיט דער ריין עכטער מאָסקווער אויסשפּראַך. די ציין בא איר אין מויל, ווי איינצלנע שטאכעטן פון אן אײַנגעפאלענעם פּלויט, טוען אָפּט א שטשירע אין כאָלעל ארײַן בײַסן רעדן. איך האָב ניט די געוואגטקײַט אויספרעגן בא איר, מיט וועמען זי וווינט דאָ? ווער באדינט זי? פון וואָס לעבט זי? פונדעסטוועגן זאָג איך איר עפּעס וועגן איר דירע, אז ס'איז איר זיכער קיינער ניט מעקאַנע אף דער וווינונג, אָן קיינע באקוועמלעכקײַטן, אָן אפילע וואסער אין שטוב.

בא די רייד איז ארײַנגעקומען ריווע יאקאָוולעוונע. זי האָט מיך גלײַך צוגענומען צו זיך, אף דער צווייטער העלפט שטוב, מיט אן ארײַנגאנג פון יענער זײַט הויף. די ערשטע פראגע מײַנע איז געווען נאָך איידער איך האָב זיך רעכט באקענט מיט איר, נאָך איידער איך האָב איר איבערגעגעבן וועגן מײַן שליכעס:

— וויפֿל יאָר איז איר, אָט דער זקיינע?

— אכט און נײַנציק איז איר געוואָרן, אָט דאָ ערשט ניט לאנג, אָנהייב פֿרילינג.

— מיט וועמען זשע וווינט זי?

— קימאט מיט קיינעם ניט, און אורייניקל געפֿינט זיך בא איר, מוז זי איינגיכן אוועקפֿאָרן, נאָכן פֿארענדיקן דעם געאָלאָגישן...

איכ בין אוועק פֿון דאָרטן מיט זייער קנאפּע ידיעס וועגן אָט דער גרײַז־גראָווער אלטיטשקער, וועלכע מע רופֿט עטיע לאזארעוונע.

ערגעץ האָט זי אין פֿארשיידענע שטעט פֿונעם לאנד אייניקלעך און אורייניקלעך און עפּשער אויך אור־אורייניקלעך. די איינציקע טאָכטער אירע, א זיבעציקיאָריקע זקיינע, איז ערשט פֿארצווייאָרן אין לענינגראד געשטאָרבן. ביידע זין אירע זײַנען שוין פֿון לאנג אַף יענער־וועלט. איינער איז אומגעקומען אין בירגערקריג, און דער צווייטער, דער בען זקיינים אירער, איז אלע זײַנע יאָרן געווען א מיליטערמאן און איז אומגעקומען אין דער לעצטער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע אין ראנג פֿון א פּאָלקאָווניק. פֿאר אים באקומט זי טאקע די פּערסאָנעלע פּענסיע. פֿון א מוישעוו־זקיינים, מיט גוטע באדינגונגען, מיט די בעסטע באקוועמלעכקײַטן, וויל זי ניט הערן און ניט וויסן. יעדער פֿוקס וויל בעסער שטארבן בא זיך אין דער נאָרע, זאָגט זי. פֿון אריבערפֿאָרן אין א צווייטער שטאָט, צו וועמען ס'איז פֿון איר ברייט פֿארצווײַגטן נאָכקום, איז אָפּגערעדט. פֿון דער היימשטאָט מאָסקווע, פֿון דער וווינונג, וווּ זי האָט אָפּגעלעבט העכער א האלבן יאָרהונדערט, אין לײדן און אין פֿריידן, וועט זי אין ערגעץ ניט אריבערפֿאָרן.

— דער וואָרצל בלײַבט שטעקן אין דער ערד אפֿילע ווען דער בוים איז שוין א פֿארדארטער, — האָט זי געטײַנעט צום זון, ווען ער האָט נאָך געלעבט, בעשאס ער האָט געפּרוווט זי איבעררעדן, אוועקוואַרפֿן אָט די פֿינצטערע הײַזקע מיט די דרײַ צימערלעך איקס, מיקס, דריקס, ווי זי רופֿט זיי אליין אָן, ווײַל זיי שטייען ווי א ווירע אלע דרײַ אין דער לענג איינס נאָכן אנדערן. מעגלעך אויך דערפֿאר האָט מען זי אין יענע יאָרן, ווען דער וווינונגס־הונגער איז נאָך געווען גרויס, ווען מע האָט נאָך שפּאָט ווייניק געבויט נײַע הײַזער, ניט באוּמרויִקט מיטן ארײַנזעצן צו איר א שאָכן, כאָטש זי האָט שטענדיק, פֿאר די סאָוועטישע יאָרן, געוווינט קימאט אליין. מע האָט, פֿארשטייט זיך, אויך זיך גערעכנט מיט איר עלטער, מיט די פֿארדינסטן פֿון אירע ביידע זין פֿארן פֿאָטערלאנד.

דער שרײַבערישער אינטערעס און נײַגער האָט מיך נאָכאמאָל און א דריט מאָל געטריבן צו אָט דער טיפֿער זקיינע, וועלכע איז נאָך אזוי קלאָר בא די געדאנקען, וועלכע האָט נאָך אנומלטן געקאָנט א זאָג טאָן וועגן זיך, ווען איך האָב געלויבט איר רוסיש רעדן און איר זאפֿטיקן יידיש, אז דאָס שוועמל איז אלט, נאָר דער וואָרצל באם שוועמל איז פֿריש, אז מע שטייט צו איר צו מיטן עלטער, זי זאָל אויסזאָגן, וויפֿל זי איז אלט, קומט זי אָפּ מיט א טײַנע, מיט אן אָנפֿאל אפֿן נײַגעריקן:

— וואָס איז דאָ צו כידעשן זיך? א מוקל אין דער לופֿט לעבט אויך אויס דאָס לעבן זײַנס.

זי איז אפֿן דיסקאָנט פֿונעם געראָנטאָלאָגישן אינסטיטוט — א ספּעציעלער וויסנשאפֿטלעכער אנשטאלט אַף דערלערנען די פּראָבלעמען פֿון אלטקײַט. זי געפֿינט זיך אונטערן איפֿזיכט פֿון איינעם פֿון די בעסטע געראָנטאָלאָגן אין דער הויפּטשטאָט. קומט מען נאָך איר צו פֿאָרן צוויי מאָל א כוידעש און מע פֿארנעמט זי אין דער דאָרטיקער פּאָליקליניק אַף באטראכטן, אָפּוועגן, אָפּמעסטן דעם ווּקס. דאָס לעצטע פֿויעלט מען בא איר ניט אזוי לײַכט.

— וואָס איז דאָס מעסטן? — איז זי אומצופֿרידן, — מע פֿארשטייט אליין, אז וואָס אויסגערייבענער דער שטייסל, אלץ מער ווערט ער קלענער.

דאָס אלץ האָט מיר דערציילט ריווע יאקאָוולעוונע.

איך בין איינמאָל ארײַנגעקומען אין הויף, ווען ריווע יאקאָוולעוונע איז אינדערהיים ניט געווען. די אלטע עטיע לאזארעוונע איז געזעסן אַף א שטול אין דרויסן שוין אָנעם טשיפּעק, נאָר מיט א לײַכט טיכל אפֿן קאָפּ. פֿונדעסטוועגן האָבן די גראָווע קרײַזלען זיך ארויסגעשארט פֿון אונטערן טיכל איבער די אויערנלעפּלעך, איבער די אויסגעדארטע באקן. לעבן איר האָט א מיטליאָריקע שכײנע געריבן אין זאמד א קופּערנע פֿאן. זי האָט מיט קאָס געווייקט דעם וויכרעטש אין הייסער וואסער, אײַנגעריבן דעם דנאָ פֿון דער פֿאן און צו דער אלטער געשיפּעט:

— איך וועל זיך איבערבעטן... יאָ, וואָס זאָגסטו?.. מער האָב איך ניט וואָס צו טאָן... איך וועל איר מויכל זײַן, ווען דאָ וועט וואקסן האָר, — באווײַזט זי עטיע לאזארעוונע די אונטערגעטראָגענע נאסע דלאָניע. — ווען דאָ וועט האָר וואקסן...

— ס'וועט וואקסן... — שאָקלט די זקיינע מיטן קאָפּ, — ס'וואקסן נאראָנים אויך, מע זייט זיי ניט און זיי וואקסן, אפֿילע דאָ אין מאָסקווע וואקסן זיי, אָט דאָ בא אונדז אפֿן הויף...

די פֿרוי איז מיט דער פֿאן אוועק צום וואסערקראן. דערציילט מיר די אלטע וועגן א פֿוסטער קריגערײַ צווישן אָט דער פֿרוי מיט אירער א שכײנע, מיט וועלכער זי וווינט א טיר בא א טיר.

דאָ אין דרויסן אונטער די זון־שטראַלן האָט מאמעש געשראָקן די טיפֿע עלטער אירע. עפּעס ווי א צעטריקנט פֿעסל, וואָס אָט־אָט האלט עס בא צעפֿאלן זיך. אזוי האָט זי מיר אויסגעזעען מיט איר אײַנגעדארטן שוואכן גוף, וואָס קאָן שוין, דוכט זיך, מער ניט טראָגן דאָס ביסל יאָרן. איר פּאָנעם, ווי עס וואָלט געוויינט און געשמייכלט. עס האָט זיך געהילט אין אָט דער פֿארמעט־געלקײַט, וואָס אז מע קריגט זי איין מאָל אַף דער עלטער, טראָגט מען זיך שוין מיט איר ארום ביזן לעצטן אָטעם.

אין עטלעכע כאַדאָשים ארום הארבסטצײַט, ווען איך בין ווידער געקומען קיין מאָסקווע, בין איך אוועק צו ריווע יאקאָוולעוונען. איך האָב שוין אַף דער גאס ניט געקאָנט ארופֿקומען. אין דער גאנצער לענג, אַף דער העלפֿט גאס מיט די קליינע הײַזקעס איז געווען אוועקגעשטעלט א הויכער

פּלויט. פון יעגער זײַט פּלייט טאַראַכקען די בולדאָזערס, ס'קוקן אַרויס די קראַנען. פונדעסטוועגן בין איך מיט דער זײַט פון די נײַע געבײַדעס געגאַן ווײַטער. ס'קאָן דאָך ניט זײַן, אַז מע זאָל מיט איין מאָל די גאַנץ לאַנגע גאַס מיט די הײַזקעס, מיט די הויפלעך אָפּווישן פון דער ערד. און ווירקלעך, אָט האָט זיך שוין דער פּלויט געענדיקט. איך שפּרינג אַריבער אַף דער צווייטער זײַט. עס שטייען נאָך אַ סאַך הײַזקעס. אָבער וויאַזוי? מיט אָפענע טיר און טויער, מיט אויסגעהאַקטע פענצטער־ראַמען, מיט אופגעבראָכענע דילן. און בלויז די הוילע ווענט קוקן אויס ווי בלינד, פאַריאָסעמט. וווּ־ניט־וווּ איפּגעריסן די דעכער. איך גיי צו ביז צו דער הײַזקע, וווּ די זקיינע האָט געלעבט. עפּעס וואַלגערט זיך דאָ נאָך אַפן הויף פונעם אַלטוואַרג. צעבראָכענע שטיקער מעבל. אַ פלעדערוויש אַף דער סאַמע שוועל באַם אַרײַנגאַנג. וווּ זשע איז די אַלטע? ריווע יאַקאָװלעװנע? גוט, וואָס איך האָב דעם אַדרעס פון איר אַרבעט.

נאָכן אַרבעטסטאָג פאָר איך מיט ריווע יאַקאָװלעװנען צו דער זקיינע. אַפן וועג דערציילט זי מיר, וואָס אָט די עטיע לאַזאַרעװנע האָט אויסגעאַרבעט, וויאַזוי זי האָט בעשום־אופן ניט געוואָלט פאַרלאָזן איר נאַכלע. מע איז געקומען צו איר פון ראַיסאָװעט. דער דעפּוטאַט איז עטלעכע מאָל געווען בא איר, דער פאַרוואַלטער פון וווינונגס־אָפּטייל, דער צוגעפעסטיקטער דאָקטער, וועלכער גיט אַכטונג אַף איר געזונט־צושטאַנד, האָט מיט איר אײַנגעטײַנעט, און זי איין מאָל ניין.

ווען פון דעם הויף האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסקלײַבן און זי האָט געזען, אַז זי בלײַבט דאָ איבער איינע אליין, האָט זי זיך ווי אַ צעפּעסטעט קינד אָן טרערן, נאָר אַף אַ קאָל, צעוויינט און זיך פאַרענטפערט פאַר די, וועלכע האָבן זי אַרומגערינגלט:

— אָן אַלטע ראָב קראַקעט ניט אומזיסט... איך האָב אוואדע ניט געוואָלט דערלעבן אַ צווייטן גיירעש...

— איך האָב אַפילע ניט געוווּסט, — פאַרענטפערט זיך פאַר מיר ריווע יאַקאָװלעװנע, — וואָס מיינט זי דערמיט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען דאָס וואָרט „גיירעש" ביז דער דאָקטער אירער האָט מיר ניט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז איינע פון די ווערטער, וועלכע זײַנען שוין אינגאַנצן בא אונדז אין לאַנד פאַרשוווּנדן פונעם געברויך. אַפילע אַ סאַך פון די, וועלכע ריידן און פאַרשטייען גוט יידיש, האָבן שוין אויך ניט געהערט דאָס דאָזיקע וואָרט. דאָס באַטײַט דאָך אַרויסטרײַבן פון דער אייגענער היים, פונעם געבורט־לאַנד? — זאָגט זי אין פרעגנדיקן טאָן, ווי זי וואָלט וועלן הערן אויך מײַן באַשטעטיקונג.

איך בין מיט איר מאַסקים וועגן דעם באַטײַט פונעם וואָרט. איך דערקלער איר וועגן גיירעש שפּאַניע, גיירעש ענגלאַנד און וועגן אַנדערע אַזעלכע פאַלן. נאָר איך וויל וויסן, וואָס זשע איז געוואָרן ווײַטער מיט דער זקיינע? וויאַזוי האָט מען געפּויעלט בא איר?

לויט ריווע יאַקאָװלעװנעס דערציילן, האָט מען נאָך מיט איר צו זינגען און צו זאָגן. אַפילע נאָך דעם, ווי זי האָט שוין געזען, אַז מע הייבט אָן צו צעוואַלגערן די אַרומיקע הײַזלעך און מע האָט זי קוים אײַנגערעדט, אַז זי מוז סאַפּקאָלסאַף אויך אַריבערפאָרן, האָט מען ערשט אָנגעהויבן באַהאַנדלען, וויאַזוי זי בעסער צו באַשטאַטן. דאָ האָבן אַכטונג געגעבן אַף איר די שכיינים, זי איז שוין געוווינט געווען צו זיי, און דאָרט... אַף אַ נײַ אָרט, נײַע מענטשן... מע האָט געפּרוווט מיט דער הויף־וועכטערן פונעם נײַעם הויז זי באַזעצן בישכיינעס אין איין קוואַרטיר מיטן טנײַ, אַז זי זאָל אַף זיך נעמען אַכטונג געבן אַף דער אַלטיטשקער, האָט דער אינסטיטוט זיך ווידערגעשטעלט. ס'וועט זײַן אַ קוואַרטיר פון אויף און אָפּ. צו דער הויף־וועכטערן קומט מען אָפט מיט פאַרשיידענע איניאָנים, און די אַלטע נייטיקט זיך אין שטענדיקער פולקומער רו. האָט דער וווינונגס־אָפּטייל שוין געהאַט צוגעזוכט, צווישן די פאַרשריבענע אין דער ריי אַף באַקומען אַ נײַע וווינונג, אַ מיטליאָריקע פרוי, וועלכע איז איינע אַליין, און כאָטש די ריי אירע איז נאָך אַ גאַנץ ווײַטע, נאָר קעדיי זי צונויפפאָרן מיט עטיע לאַזאַרעװנען אין איין קוואַרטיר, זײַנען זיי אײַנגעגאַן איר שוין געבן אַ צימער אויסער דער ריי. האָט מען זיך נאָך פונדעסטוועגן געיִישעוועט. ווער ווייסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ פרוי? מיט וועלכן כאַראַקטער? צי וועט זי אָרנטלעך און גערן טראָגן דעם עאָל, וואָס זי האָט אַף זיך גענומען? דערווײַל ביז וואָס־ווען האָט זיך אונטערגעכאַפּט אַ מיטאַרבעטערן פון געראָנטאָלאָגישן אינסטיטוט, וועלכע גייט הײַנטיקס יאָר אַף פּענסיע. אויך אָן איין־און־איינציקע, און נאָך דערצו אַ מעדיקערן, וועלכע האָט ביז איצט געהאַלטן יאָרנלאַנג אונטער איר אויפזיכט אַנדערע אַלטע לײַט. איז זי מאַסקים בײַטן איר צימער און זיך באַזעצן מיט עטיע לאַזאַרעװנען אַף איין קוואַרטיר. און אַזוי איז געבליבן.

מיר זײַנען צוגעקומען צום נײַעם קוואַרטאַל שוין פאַרנאַכט־צו. דער זון־פאַרגאַנג האָט געפאַרבט די פינפשטאָקיקע געבײַדעס, געשימערירט אין די פילצאָליקע פענצטער, געוואָרפן שאָטנס אַף די נאָך ניט אויסגעאַספאַלטירטע שטעטכן צווישן די הײַזער, אַף דעם נאָך פאַרבליבענעם אָנגעוואָרף דאָ און דאָרט. מיר האָבן אָנגעקלונגען אין אַ טיר אַפן ערשטן שטאָק, האָט אונדז געעפנט די שכיינע. מיט אַ גוטמוטיקן פרײַנטלעכן שמייכל האָט זי אונדז אופגענומען. באַדאַנקט ריווע יאַקאָװלעװנען פאַר אירע אָפּטע באַזוכן און, אַ צופרידענע, אונדז באַגלייט ביז צו דער אַלטערס טיר.

עטיע לאַזאַרעװנע איז בא אַן אָפענעם פענצטער געזעסן אין אַ טיפן ווייכן שטול מיט די ברילן אַף די אויגן און מיט אַ בוך אַף די קני. ווען זי האָט אונדז דערהערט, האָט זי אופגעהערט לייענען. אַראָפּגענומען די ברילן און אַ לאַנגזאַמען קוק געטאָן, ווער איז עס אַרײַנגעקומען.

— אַ, ריוועלע, — האָט זי, אָן אופגערודערטע, מיט אַן אויסטערלישן שמייכל, אונדז באַגעגנט. — ביסט אַ כאַכאָמע, זייער גוט האָסטו געטאָן... — זי האָט שוין געהאַט גענומען דעם שטעקן אין האַנט און זיך געוואָלט אופהייבן, איז ריווע צו צו איר און ניט געלאָזט, זי זאָל זיך מאַטרײַעך

זײַן. — זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען! און ווער איז אָט דער יונגערמאַן?

זי האָט אַ זשמורע געטאָן מיט די לעפּלען, און די בײַטלעך פֿון אונטער די אויגן האָבן זיך גענומען באַ איר באַוועגן, געדיכטער געמאַכט די קנייטשן אַף איר שאָקלדיקן געזיכט.

איך בין צו צו איר נעענטער, אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט זי זיך אײַנגעקוקט אין מיר:

— איז דאָס ניט דער קיִעווער, וועלכער איז געווען פּייסער־צײַט?

— יאָ, יאָ, עטיע לאַזאַרעווּנע, — האָט ריווע אונטערגעכאַפּט. — זעט, ווי זי האָט אײַך גלײַך דערקענט...

— וויִאַזוי זײַט איר עס אײַנגעגאַן איבערפֿאָרן אַהער? — באַקוק איך דעם צימער און צעלאַך זיך...

— אַן אַלטע שקאַפּע האָט נאָך אויך ליב אַ לעק זאַלץ, — ענטפֿערט זי מיר טײקעף אָפּ.

— נו, און וויִאַזוי איז מיטן גײרעש?

— וועלכן גײרעש?

— נו, וואָס מע האָט אײַך פֿון אײַער אײַנגעזעסנקײַט... — פֿאַרליר איך זיך, — די אַלטע נעסט צערודערט.

— אָ, זי האָט אײַך שוין אָנגערעדט אַף מיר, ריוועלע, איך זע שוין!.. איך וועל אײַך זאָגן!.. — האָט זי אַ באַרויִקטע אויסטערליש געשמייכלט, און נאָך דעם, ווי זי האָט מיט די פֿינגער אַ צי געטאָן פֿאַר די ליפּן, האָט זי איבערגעכאַזערט: — איך וועל אײַך זאָגן: אין די יונגע יאָרן איז גענוג צו האָבן געזונטע שטאַרקע פּלייצעס, און אַף דער עלטער מוז מען נאָך האָבן אויך אַ קאָפּ אַף די פּלייצעס. איך האָב, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט, איבערגעלעבט אַ גײרעש, אַן עמעסן גײרעש, דעם גײרעש מאָסקווע... ס'איז שוין דאָ דערינען, אַ יאָר זיבעציק אַוואַדע, גוט, וואָס איך בין דעמאָלט יונג געווען. פֿיר יאָר נאָך דער כאַסענע. מיט צוויי קינדערלעך, מיטן ערשטן זון מײַנעם דעם בכאָר און מיט אַ מיידעלע פֿון דער ברוסט, און דעריקער מיט געזונט, מיט קויעך... טאַקע מיט קויעך... — האָט זי האַסטיקער צעשאָקלט דעם קאָפּ אַף אַרויף און אַראָפּ.

ריווע האָט מיר אויך אונטערגעטראָגן אַ שטול, און מיר האָבן זיך בײדע צוגעזעצט גאַנץ נאָענט צו איר. די קנייטשן פֿון איר פֿאַרמאַרעשכוירעטן אויסזען אַפֿן פּנעם האָבן קינדעריש געשמייכלט. די אויסגעלאָשענע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ מין כעדוווע און גײַציקײַט, גלײַך ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן עפּעס אַ גרויסן אופֿטו אירן, וועגן אַ העלדנטאַט...

— איך בין דעמאָלט ייִנגער געווען אַפֿילע פֿון דיר, ריוועלע. האַ? וויפֿל ביסטו אַלט, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר?

— אָט וועל איך גײן אויסזאָגן דעם עמעס... פֿאַר זײ אין די אויגן, — האָט זיך ריווע יאַקאָוולעוונע צעלאַכט.

— נו יאָ, ביסט גערעכט... דו האָסט רעכט...

— איר זאָגט דאָך אויך ניט אויס, וויפֿל איר זײַט אַלט, — זאָג איך צו דער אַלטער.

— נו יאָ, וואָס איז דאָ צו זאָגן... אַ פֿליג אַף דער וואַנט לעבט אויך ניט מער, וויפֿל ס'איז איר באַשערט. אַבי מע רײַסט באַ איר ניט אָפּ די פֿליגעלעך... אוי, די פֿליגעלעך... — טוט די אַלטע אַ קרעכץ, און מיט צונויפֿגעצויגענע ליפּן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, נעמט זי פּרעפּלען: — אַזאַ בײטערע קעלט דעמאָלט געווען... אַזאַ אײַזערנער פֿראָסט... אימאַך שמוי זאָל ער ווערן, אָט דער גרויספֿירשט סערגײ אַלעקסאַנדראָוויטש. ער איז דעמאָלט געווען דער מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, נאָכן פֿירשט דאָלגאָרוקאָוון... ביז דרײַסיק גראַד פֿראָסט האָט דעמאָלט אָנגעצויגן...

און זײ האָבן געמוזט די גאַנצע ווינטערדיקע נאַכט איבערזײַן אַפֿן מאָסקווער בעסוילעם. זי מיט די צוויי קינדער, מיטן מאַן, דעם מעכאַניקער פֿון אַ ביר־ברויערײַ. אַ סאַך, אַ סאַך זײַנען זײ דעמאָלט געווען, די ייִדן, די מאָסקווער אײַנוווינער צוזאַמען מיט זײ, אַפֿן הייליקן אָרט. דאָס איז געשען נאָכן באַוווסטן באַפֿעל פֿונעם טויזנט אַכט הונדערט איין־און־נײַנציקסטן יאָר וועגן אַרויסטרײַבן פֿון דער שטאָט אַלע ייִדישע האַנטווערקער און באַלמעלאָכעס. איז די, וועלכע האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך צוצוגרייטן, אויספֿאַרקויפֿן זייער האָב־און־גוטס, האָט מען געשלעפּט פֿון די הײַזער. פֿון די וואַרשטאַטן און פֿאַרשפּאַרט אין די שטאָטישע פּאָליצײ־צירקלען, און אַף מאָרגן זײ אַרויסגעשיקט מיטן עטאַפּ. דער מאָסקווער אָבערפּאָליצמייסטער וולאַסאָווסקי האָט געלאָזט מעלדן אין זײַן פּאָליצײ־צײַטונג, אַז ער גיט די זעלבע באַלוינונג פֿאַר כאַפּן צוויי גאַנאָווים אָדער איין ייִד. איז די בעסטע באַהעלטעניש טאַקע דעמאָלט געווען דער דרויסן, אָבער ווײַט פֿונעם מענטשנס אויג. וואָרעם כאַפּערס זײַנען געווען גענוג. איז מען געלאָפֿן אַף די בעסוילעמס, אַף די צווינטערס, ווו מע איז פֿון קעלט פֿאַרקליאַקנעט געוואָרן ביז ס'האָט אָפּגענומען הענט און פֿיס.

ריווקע האָט אַ ציטער געטאָן, גלײַך ווי ס'וואָלט צו איר דערלאַנגט אָט די קעלט פֿון יענע שוידערלעכע יאָרן.

די זקיינע האָט מיטאַמאָל אויפֿגעהערט רעדן. זי איז אַזוי ווי קלענער געוואָרן פֿון אָט דעם פּאַכעד, וואָס זי האָט נאָרוואָס אָנגעוואָרפֿן. זי האָט זיך נאָר טיפֿער אײַנגעשרומפּן אין אָט דעם פֿירעקיקן שעטעך פֿון דעם גרויסן און ווייכן שטול און האָט, ווי ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אָנגעהויבן דרעמלען, אַ גליקלעך צופֿרידענע, וואָס זי קאָן זיך אַזוי אײַנהילן אין דער וואַרעם און ס'איז ניטאָ, ווער ס'זאָל איר שטערן אויסגלײַכן די אַלטע בײנער אירע.

קוקנדיק אַף אָט דער קליינער אַלטיטשקער, אַף איר רויִקן האַלב־ליגן אין דעם שטול, האָב איך מיטאַמאָל דערפֿילט דעם מעשונעדיקן רייעך פֿון פֿרישקײַט, וואָס ס'הערט זיך נאָך אַ שטיק צײַט אין אַ נײַ הויז. דער רייעך פֿון די צו שטאַרקע פֿאַרבן, פֿון דעם קאַלך, פֿונעם געהילץ באַ די פֿרישע פֿענצטער און טירן האָט אַדורכגענומען דעם כאָלעל פֿונעם געראַמען צימער, און ס'וועט נאָך אַ ביסל געדויערן, ביז ער וועט אינגאַנצן אויסגעדעמפּט ווערן. איך האָב מיט בײדע נאָזלעכער

אַרײַנגעאָטעמט אָט די פרישקייַט און נייַקייַט פֿונעם כיידער מיט די ביידע אָפענע פענצטער, וועלכע זאַפן אין זיך אײַן דעם הילך, וואָס קומט פֿון דער נייַער גאַס, דעם הילך, וואָס האָט אין זיך עפּעס פֿונעם זשום פֿון די טעלעגראַף־דראָטן...

איך דערמאָן מיך אין דער פריִער קינדהייַט, ווען איך פֿלעג צולייגן אַן אויער צום טעלעגראַף־סלופּ, הערן דעם זשום פֿון די דראָטן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס הער איך די גרויסע וועלט. אַזוי אויך איצט, זיצנדיק אָט דאָ אין צימער צווישן שאָטנס און קלאַנגען און ניט־געווינלעכע רייכעס, דוכט זיך מיר, אַז איך האָב נאָרוואָס געהערט דעם גאַנג פֿון דער צייַט, דעם אָפּהילך פֿון דער געשיכטע.

א פאַרכושטער, האָב איך אַפילע ניט באַמערקט, ווי די זקיינע האָט זיך פאַרבייַגעשאַרט, אָפּגעזוכט דעם נידעריקן שטעפּסל אויף דער וואַנט (וואָס מע האָט ספּעציעל צוליב איר אַראָפּגערוקט נידעריקער) און אָנגעצונדן די שייַן.

— וואָס וועלן מיר זיצן אין דער פינצטער? — האָט זי געזאָגט.

פאַר דער עלעקטרע־שייַן האָט זיך בוילעטער געוואָרפן אין די אויגן די ברייטקייַט פונעם צימער, די גרייס פֿון די פענצטער און די נאָך אומאָרדענונג פֿון א ווױנאָרט, ווו מע האָט זיך ניט לאַנג אַרײַנגעקליבן. און דאָ האָב איך זיך ערשט דערמאָנט אין די אַלטמאָדישע שווערע מעבלשטיקער, מיט וועלכע ס'זייַנען געווען איבערגעפּילט אירע פריִערדיקע דרייַ צימערלעך. ווו האָט זי עס אַהינגעטאָן? קיין סאַך מעבל איז דאָ ניטאָ. אָבער אַלץ, וואָס ס'איז דאָ, איז נייַס.

— העלף מיר מאַכן טיי, ריוועלע, — האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אין איר, — און לאָמיר פאַרגעסן אין דעם, וואָס ס'איז געשען אַמאָל. נישקאָשע, א גוטע עלטער איז ניט ערגער פֿון א שלעכטער יוגנט...

# כראָניק

## נײַע אויסגאַבעס פֿון מאַרק שאַגאַלן

די צייַטונג „ליטעראַטורנאַיאַ ראָסיִיאַ” און דער זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא„ האָבן לעצטנס באַקאַנט די רוסישע לייענער מיט מאַרק שאַגאַלס פּאָעטישער שאַפונג. די לידער האָט איבערגעזעצט דער דיכטער לעוו בערינסקי. דער איבערזעצער גרייט איצט א זאַמלבוך פֿון שאַגאַלס דיכטונג, וואָס דער מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוורעמעניק” פּלאַנירט אַרויסצוגעבן אין קומענדיקן יאָר.

דער מינסקער פאַרלאַג „מאַסטאַצקאַיאַ ליטעראַטורא” גרייט א זאַמלבוך פֿון מאַרק שאַגאַלס לידער, וועלכע עס האָט אין ווייַסרוסיש איבערגעזעצט דער באַוווּסטער דיכטער ריגאָר באָראָדולין.

דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי כודאָזשניק” האָט צוזאַמען מיט דער אַמעריקאַנער פירמע „כיו לאָטער לעווין אַסאָסיִייטס” צוגעגרייט צום אַרויסלאָזן אַן אַלבאָם, געווידמעט דער שאַפונג פֿונעם מייַסטער און אייַנגעשלאָסן אין אים אַרבעטן, וואָס זייַנען ווייניק באַוווּסט דעם ברייטן צושויער (די צונויפשטעלער האָבן טאַקע אַזוי אָנגערופן די נייַע אויסגאַבע — „דער אומבאַוווּסטער שאַגאַל”).

## א דיסק־גיגאַנט

די אָפּערע־ליבהאָבער געדענקען דעם נאָמען פֿונעם סאָליסט פֿון דעם גרויסן טעאַטער סאָלאָמאָן כראָמטשענקאָ. מער פֿון צוואַנציק יאָר — פֿונעם 1935 ביזן 1957 — איז ער געווען א סאָליסט פֿונעם באַרימטן קאָלעקטיוו, איצט איז ער א פּראָפעסאָר אינעם אינסטיטוט אויף גנעסינס נאָמען. צו זייַן 80־טן געבורטסטאָג האָט די אַלפאַרבאַנדישע פירמע „מעלאָדיִא” אַרויסגעלאָזט א סטערעאָפאָנישן דיסק־גיגאַנט „סאָלאָמאָן כראָמטשענקאָ. ייִדישע פאָלקסלידער”.

## פּערל פֿון דער אוראַלטער דיכטונג

אין יון־נומער פֿונעם זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא” („אויסלענדישע ליטעראַטור”) איז אונטער דער רובריק „ליטעראַרישע ירושע” פאַרעפֿנטלעכט א ציקל לידער „דאָוויד־האַמײלעכס האַרפּע” — ביבלישע געזאַנגען לויטן טילים. דער אוטאָר פֿון דער פּובליקאַציע איז דער איבערזעצער און ליטעראַטור־פאָרשער סערגיי אווערינצעוו.

# ערשטע טריט

דער גורל פון די מוטער־שפּראַכן און נאַציאָנאַלע קולטורן באומרויִקט איצט באַזונדערס שטאַרק די גרויסע און קליינע פעלקער. וועגן דעם האָט מען געקאָנט הערן אַף די לעצטע שרײַבער־צוזאַמענפאָרן. וועגן דעם שרײַבט מען אין די צײַטונגען און זשורנאַלן.

די לאַגע הערט ניט אויף צו באַהאַנדלט ווערן אין דער ייִדישער סוויווע, און דערצו זײַנען פאַראַן ספּעציפישע סיבעס. עס איז געווען דער פאַשיסטישער גענאָציד. צוזאַמען מיט דער ייִדישער באַפעלקערונג זײַנען שפּורלאָז פאַרשווּנדן געוואָרן אין די אָקופּירטע געגנטן פילצאָליקע נעסטן פון דער ייִדישער קולטור. באַלד נאָך דער מילכאָמע האָט מען רעפּרעסירט די מערקווירדיקע פאָרשטייער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. עס זײַנען ליקווידירט געוואָרן אָן אַ פּאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן אַלע ייִדישע שולן, טעאַטערס, זשורנאַלן, צײַטונגען, אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן. אַף לאַנגע יאָרן איז פאַרשטומט געוואָרן די ייִדישע שפּראַך און פאַרטויבט געוואָרן די קולטור.

ווער געדענקט נאָך הײַנט מער אָדער ווייניקער די ייִדישע שפּראַך? עלטערע מענטשן, וואָס האָבן בעשײַטע זיך געלערנט אין די ייִדישע שולן. ווען דער אַלטער דאָר גייט אַוועק, שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט אים אויך די שפּראַך און קולטור. בײַ יעדן פּאַסיקן פאַל רעדט מען און מע שרײַבט וועגן דעם, מע קרעכצט און מע זיפצט. אָבער עפּעס מאַמאָשעסדיקס טוט ווייניק־ווער, קעדיי צו פאַרבעסערן דעם מאַצעוו. צי וועט אונדז מויכל זײַן דאָס פאָלק, אויב מיר וועלן ניט אומגעזאַמט עפּעס פירנעמען? געשיקט זיך, וועלן מיר וואַרטן, ביזוואַנען די ליכט וועט אויסגיין?

איז אָט טאַקע, אין זכוס פון דער אידעע אויפצוריכטן ייִדיש, איז געגרינדעט געוואָרן אין לוואָוו אַ געזעלשאַפט פון ליבהאָבער פון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז אַ זעלבסטעטיקע און דער עפעקט פון איר טעטיקײַט איז אָפּהענגיק פון די אָנשטרענגונגען, פון דער אַקטיווקײַט און ענטוזיִאַזם פון אירע מיטגלידער, פון דעם בײַשטײַער, וואָס יעדער איינער וועט אַרײַנטראָגן אין דעם אַלגעמיינעם נאָבעלן אופּטו.

דער פּראָצעס פון דער אַנטשטייונג פון דער געזעלשאַפט איז, פאַרשטייט זיך, געווען ניט קיין פּאָשעטער און ניט קיין לײַכטער. האַיאָר, דעם 7 יול, האָט די איניציאַטיוו־גרופּע באַשטעטיקט דעם פּראָיעקט פונעם סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט. דעם 9 סענטיאַבער האָט די פאַרוואַלטונג פונעם לוואָווער געגנטלעכן אָפּטייל פון דעם אוקראַיִנישן פאָנד פון קולטור אָפיציִעל אָנגענומען די גרינדונג פון דער געזעלשאַפט, און דעם 30 סענטיאַבער איז פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. וועגן דעם רעזאָנאַנס פון דער דאָזיקער געשעעניש אין לוואָוו וועלן מיר ריידן ווײַטער. איצטער וויל איך בלויז אָפּמערקן, אַז דער גרעאַמער זאַל פון דעם שאָך־קולטור־הויז, ווו עס איז פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונג, איז געווען געפּאַקט. בלויז אַ העלפט פון די צונויפגעזאַמלטע איז געזעסן, די צווייטע העלפט האָט געמוזט שטיין אין עק זאַל, אין פּאָיע און אַפילע בײַ דער סאַמע סצענע. ס'האָט זיך געשפּירט אַ יאָמטעוו, אַ היסלײַוועסדיקע דערהויבענע שטימונג.

אין פּאָיע איז געווען אָרגאַניזירט די רעגיסטראַציע פון מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, אַ פאַרקויף פון ייִדישע ביכער מיצאַד פאָרשטייער פון די ביכער־קראָמען און אויך אָן אַבאָנירונג אַפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און אַף דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן".

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט דער מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם לוואָווער פאָנד פון קולטור, דער באַוווּסטער אוקראַיִנישער דיכטער ראָסטיסלאַוו בראַטון. זײַן עמאָציאָנעלע אַרויסטרעטונג איז געווען זייער אַ גוטווייליקע.

מיט אַ פאָרטראָג וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער געזעלשאַפט איז אַרויסגעטראָטן אַ. ליזען. דער סטאַטוט פון דער געזעלשאַפט איז איינשטימיק באַשטעטיקט געוואָרן. די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעוויילט אַ ראַט אין באַשטאַנד פון דרײַ און צוואַנציק מענטשן: אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, געלערנטע, שרײַבער, זשורנאַליסטן, מאָלער, סקולפּטאָרן, מוזיקער, טעאַטער־טוער. מיט וואַרעמע רעדעס און באַגריסונגען זײַנען אַרויסגעטראָטן פאָרשטייער פון אַנדערע נאַציאָנאַלע קולטור־געזעלשאַפטן און אַ ריי כאָשעווע פּערזענלעכקײַטן פון דער שטאָט. אַף דער פאַרזאַמלונג זײַנען בײַגעווען פאָרשטייער פון דער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אַ באַריכט איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער היגער צײַטונג „ווילנאַ אוקראַיִנאַ". מע האָט געזען די פאַרזאַמלונג אַפן עקראַן פון דער לוואָווער טעלעוויזיע.

די גאַנצע צײַט — און די פאַרזאַמלונג האָט געדויערט מער ווי דרײַ שאָ — האָט אין זאַל געהערשט אַ דערהויבענע פרייִדיקע שטימונג, ס'האָבן אָן אויפהער געהילכט אַפּלאָדיסמענטן.

וועלכע אויפגאַבעס שטעלט פאַר זיך די ערשט געשאַפענע געזעלשאַפט? זייער טאָך דרינגט אַרויס גופע פון דעם נאָמען איר — „ליבהאָבער פון דער ייִדישער שפּראַך און קולטור". דעריבער איז אין

דעם סטאַטוט פאַרגעשטעלט א ברייטע פּראָגראַם פון שטודירן און פאָפּוליאַריזירן די ייִדישע שפּראַך, ליטעראַטור, קולטור, געשיכטע; אָרגאַניזירן קורסן אַף דערלערנען ייִדיש; איינשטעלן א פאַקולטאַטיווע שטודירונג פון דער ייִדישער שפּראַך אין אייניקע לוואָווער אַלגעמיינע שולן, און אין פּערספּעקטיוו, אַלס א וויכטיקער פּונקט פון דער פּראָגראַם־מאַקסימום — שאַפן א ייִדישע שול אין לוואָוו.

איינציַיטיק וועט די געזעלשאַפט זיך פאַרנעמען מיט דער פּראָבלעם פון פאַרהיטן און רעסטאַוורירן די דענקמעלער פון קונסט און קולטור און פון דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק. עס איז אָנגעמערקט צו שאַפן א מוזיי פון ייִדישער קולטור, קונסט און געשיכטע, צונויפזאַמלען ביכער פון קלאַסיקער און הײַנטצײַטיקע ייִדישע שרײַבער און שאַפן א שטאָטישע ייִדישע ביבליאָטעק. אַגעוו, איז פאָרויסגעזען, לויטן באַשלוס פון לוואָווער שטאָט־אויספּירקאָם, צו רעסטאַוורירן די שול „גאָלדענע רויז" פאַר א ייִדישן מוזיי.

די פּראָגראַם שליסט אויך אײַן דאָס אָרגאַניזירן וואָקאַלע, אינסטרומענטאַלע, כאָרעאָגראַפישע, טעאַטראַלע אַנסאַמבלען און קרײַזלעך, דורכפירן קאָנצערטן, ליטעראַרישע אָוונטן, אויסשטעלונגען, ווי אויך טראַנסלירן זיי דורך דער ראַדיאָ און טעלעוויזיע.

ווי עס איז צו זען, איז די פּראָגראַם ביז גאָר אָן אָנגעזעטיקטע. מע דאַרף צולייגן א סאַך קויכעס אַף צו רעאַליזירן זי. פאַרמאָגט דען גענוג קויכעס דער עלטערער דאָר, וועלכער געדענקט נאָך און קען די ייִדישע שפּראַך? דעם עמעס גערעדט, ליגט די גאַנצע האָפענונג אַפן יונגן דאָר, וועלכער פאַרמאָגט יאָ אַזעלכע קויכעס. דאָס באַטײַט ניט, אַז דער עלטערער דאָר דאַרף שטיין אין א זײַט, פאַרקערט, אַלע זײַנע קענטענישן, די גאַנצע דערפאַרונג דאַרף ער איבערגעבן די קינדער און די אייניקלעך, אויב ניט, ווי־אַזוי וועלן זיי זיך ספּראַווען מיט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער, איך וואָלט געזאָגט, היסטאָרישער אויפגאַבע?

עס איז קעדײַ אונטערצושטרײַכן, אַז די דאָזיקע באַדײַטונגספולע אַרבעט וועט ווערן דורכגעפירט אין אַן ענגן פרײַנטלעכן קאָנטאַקט מיט ענלעכע געזעלשאַפטן פון אַנדערע פעלקער, און דאָס איז בולעט אָפגעשפּיגלט אינעם סטאַטוט. איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבעס פון דער געזעלשאַפט איז די אַנטוויקלונג פון „צווישננאַציאָנאַלע קולטורעלע פאַרבינדונגען אין גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם און פעלקער־פרײַנטשאַפט, אין הסכּם מיט די באַשלוסן פון דער XIX אַלפאַרבאַנדישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ".

אונדזער געזעלשאַפט שטעלט די ערשטע טריט. זי האָט אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג פון לוואָווער ייִדישע, אוקראַיִנישע און רוסישע מאָלער און סקולפּטאָרן, ווי אויך פון ביכער, פון וועמענס אווטאָרן עס זײַנען ייִדישע קלאַסיקער, הײַנטצײַטיקע וואָרטמײַסטערס. לויט די פילצאָליקע אָפּרופן איז די דאָזיקע עקספּאָזיציע א געלונגענע, א צוציִענדיקע, וואָס האָט פאַרשאַפט די צושויער א סאַך פאַרגעניגן און באַפרידיקונג.

דער בוך פון אָפּרופן איז געווען אַן עכטער אויסברויז פון פרייד און באַגײַסטערונג. די עקספּאָזיציע האָט געדויערט אינגאַנצן צוועלף טעג, אָבער ווי פילצאָליק זײַנען די אָפּרופן! און ניט בלויז פון די לוואָווער אײַנוווינער, נאָר אויך פון געסט פון דער שטאָט, וועלכע זײַנען געקומען פון לענינגראַד, קיִעוו, כאַרקאָוו, אָדעס, פון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, אירלאַנד אאַ. מעקוימעס.

עס איז צו זען, אַז די אָפּרופן זײַנען ניט נאָר פון באַיאָרטע באַזוכער, נאָר אויך פון יונגע. עס שרײַבן מענטשן פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, אָנשויונגען, שטימונגען. אָט איז אַן אָפּרוף פון א גרופּע דאָקטוירים פון דעם לוואָווער מעדינסטיטוט און אָט — פונעם אַרכימאַנדריט סערגיי קעלעגער פון דובלין. מע שרײַבט אַף פאַרשיידענע שפּראַכן — אַף ייִדיש, רוסיש, אוקראַיִניש, דײַטש, אירלענדיש, אָבער אַלעמאָל פריידיק און באַגײַסטערט.

„אַן אויפריכטיקן דאַנק די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אויסשטעלונג, די ענטוזיאַסטן פונעם ווידערגעבורט פון דער ייִדישער קולטור. דער זיקאָרן פונעם פאָלק, די אָנלערנונגען פון דער פאַרגאַנגענהײַט זײַנען א פאַקעל, וואָס באַלײַכט די צוקונפט. איך ווינטש אײַך דערפאָלג".

„איך בין זייער גערירט מיט דער אויסשטעלונג, איך בענק שוין ביז גאָר נאָך דער ייִדישער קולטור".

אַזאַ בענקשאַפט שפּירט מען אין יעדן אָפּרוף.

„א גרויס גליק, וואָס מיר האָבן דערלעבט ביז די דאָזיקע טעג און דערזען אַלץ, וואָס איז דאָ אויסגעשטעלט".

„א דאַנק אײַך פאַרן אָנהייב! דאָס האָט דערהויבן אונדזער גײַסט און דערוועקט א האָפענונג אַף א בעסערער צוקונפט".

„איך פאַרנייג זיך פאַר אײַער ענטוזיאַזם. כ'ווינטש אײַך גרויסע שעפערישע דערפאָלגן. אַלץ אַף דער אויסשטעלונג איז פּרעכטיק".

„איך וויל האָפן, אַז אַף דעם וועט זיך אַלץ ניט אויסלאָזן, און אין לוואָוו וועט מען שאַפן א צענטער פון דער ייִדישער קולטור".

„עס ווילט זיך וואָס מער דערוויסן זיך וועגן איינער פון די אוראַלטסטע קולטורן אין דער וועלט".

„זייער אַן אינהאַלטרײַכע און אינטערעסאַנטע אויסשטעלונג. באַזונדערס איז פאַר דער יוגנט אינטערעסאַנט צו באַהעפטן זיך צו דער קולטור פון איר פאָלק, צו אירע טאַלאַנטן".

„איך ווינטש דעם סאָוועטישן ייִדישן פאָלק, עס זאָל קענען די מוטער־שפּראַך און קיינמאָל זי ניט פאַרלאָזן".

פאַראַן אַפילע א ליד, אָנגעשריבן אַף דער אוקראַיִנישער שפּראַך.

די עקספּאָזיציע איז פאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיטן יאָמטעוו פון דער שטאָט לוואָוו. וועט שוין אויסקומען צו דערציילן אויך וועגן דעם דאָזיקן יאָמטעוו און וועגן דעם אָנטייל פון אונדזער געזעלשאַפט אין זײַן דורכפירונג.

דעם 17 סענטיאַבער 1939 האָבן די מײַרעוו־אוקראַיִנער געגנטן זיך ווידער פאַראייניקט מיט דער סאָוועטישער אוקראַיִנע אין איין סאָציאַליסטישער רעפּובליק אין באַשטאַנד פון פססר. לעקאָוועד דער

דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש פּראָוועט מען אין לוואָוו יעדעס יאָר אָן אָלפּאָלקישן יאָמטעוו.

דאָס מאָל איז דער אָנדענק־טאָג אויסגעפאַלן אויף שאַבעס. האָט מען באַשלאָסן פּיַיערן צוויי טעג — שאַבעס און זונטיק.

די פּיַיערונג האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך גלענצנדיקע אונטערנעמונגען און אימפּראָוויזעס. שאַבעס האָט זיך געעפנט דער קונסט־פעסטיוואַל „לוואָווער גאָלדענער הארבסט", עס איז דורכגעפירט געוואָרן דער „יאָמטעוו פון געראָטעניש".

אויף די שטאָט־פּלעצער טרעטן אַרויס פּראָפעסיאָנעלע און זעלבסטעטיקע אַנסאַמבלען. דאָ און דאָרט וואַקסט פּלוצעם אויס אַן אימפּראָוויזירטע סצענע, עס באַוויַיזן זיך זעלבסטעטיקע אַקטיאָרן, צירק־אַרטיסטן, קאָמעדיאַנטן.

אַ ספּעציעל פּאָלקלאָרישער יאָמטעוו איז דורכגעפירט געוואָרן אין שעוטשענקאָ־וועלדל. אויף דעם וועלאָטרעק איז פאָרגעקומען אַ שאָו־קאָנקורס „לוואָווער שיינהײַט־88". אויף דעם סטאַדיאָן „פריינטשאַפט" — אַ גאַלאַ־קאָנצערט פון עסטראַדע־אַרטיסטן.

מע האָט אויך איַינגעאָרדנט פאַרשיידענע אויסשטעלונגען: בילדער פון קינסטלער, פון פּאַטאָ־ליבהאָבער, פילאַטעליסטן, נומיזמאַטן. אַפילו פון הינט און אַלטפרענקישע אויטאָמאָבילן.

אין דער אַלגעמיינער פרייד, אין דער סימכע פון דער גאַנצער שטאָט האָט אונדזער יידישע קולטור־געזעלשאַפט אויך געהאַט אַ צושטײַער. דעם עמעס געזאָגט, האָבן מיר מעסוקן איבערגעלעבט — ס'איז דאָך פאַרט געווען אונדזער ערשטע עפנטלעכע אַרויסטרעטונג פאַר דער לוואָווער געזעלשאַפטלעכקײַט. צי וועט זײַן אַ דערפאָלג, אָדער מיר וועלן, כאָלילע, דורכפאַלן? און דאָ האָבן מיר געהאַט אַ מעגלעכקײַט ווידער זיך איבערצײַגן, אַז אין לעצטן סאַכאַקל איז אַלץ געווענדט טאַקע אין אונדז אַליין.

אַגעוו, האָט מען זיך צוערשט באַצויגן צו די פּרוּוון שאַפן אַ געזעלשאַפט גאַנץ סקעפּטיש. אײַסעך וואָס! ס'איז ניט מער, ווי דאַנקיכאָטישע ווינטמילן. ווער וועט זיך דען וועלן פאַרנעמען מיט דער יידישער שפּראַך און קולטור, ווען עס הערשט אַרום און אַרום, אַריַינגערעכנט די אייגענע סוויווע, אַ פאַרגליווערטער גליַיכגילט? און דאָך האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן צו מאַכן די ערשטע טריט, און וואָס וויַיטער האָבן מיר זיך איבערצײַיגט, אַז אין די טיפענישן פונעם פאָלק דרעמלען פאַרבאָרגענע קויכעס און מע דאַרף זיי בלויז קאָנען אופוועקן. אַזעלכע ענטוזיאַסטן ווי יויסעף געלסטאָן, מוישע דאָרפמאַן, דמיטרי וואָלפער, יוליק שמוקלער און אַנדערע האָבן גערן אונטערגעשטעלט זייערע יונגע פּלייצעס, און מיר האָבן אָפּגעגעבן דעם ערשטן עקזאַמען! דאָס איז בעשום־אויפן ניט קיין באַרימעריַי...

וועגן אונדזער אָנטייל איז געווען געמאָלדן אין די היגע צײַטונגען „לוואָווסקאַיאַ פּראַוודאַ" און „ווילנאַ אוקראַינאַ".

אונדזער יאָמטעוו איז דורכגעגאַן אין סאַמע צענטער פון דעם געוועזענעם יידישן קוואַרטאַל. אויף דער גאַס, וואָס האָט אַמאָל טאַקע אַזוי געהייסן „ייִדישע גאַס" — אין אַ לאָקאַל פונעם היסטאָרישן מוזיי.

אַזעלכע זײַנען די ערשטע טריט. פאַרשטייט זיך, עס שטייען פאַר שוועריקייטן און הארעוואַניע, קעדיי צו בײַקומען זיי. באַ הײַנטיקן טאָג איז די גרעסטע שוועריקײַט דאָס, וואָס מיר האָבן דערוויַיל ניט קיין לאָקאַל, וועלכער וואָלט געקאָנט זײַן דער צענטער פון אונדזערע קולטור־אונטערנעמונגען.

אָבער דער איקער — אונדזער געזעלשאַפט איז שוין געבוירן געוואָרן. זי לעבט און אָטעמט.

אַלעקסאַנדער ליזען,
פאָרזיצער פונעם ראָט פון לוואָווער יידישער קולטור־געזעלשאַפט

## געשאַפן געוואָרן אַ פאַראייניקונג

דעם 11־טן אָקטיאַבער איז אין מינסק פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער שטאָט־פאַראייניקונג פון ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור. ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט שריַיבער, מאָלער, טוער פון טעאַטער און קינאָ, פּעדאַגאָגן, געלערנטע, פאַרשטייער פון דער טעכנישער אינטעליגענץ, מענטשן פון סאַמע פאַרשיידענע פאַכן.

די פאַרזאַמלונג האָט געעפנט דער פאַרזיצער פון דער מינסקער שטאָט־אָפּטיילונג פונעם סאָוועטישן קולטור־פאָנד, פּראָרעקטאָר פון דעם וויַיסרוסישן טעאַטראַל־קינסטלערישן מעלוכע־אינסטיטוט, דער פאַרדינסטפולער קונסט־טוער וו. פ. שאַראַנגאָוויטש. אין אַ זאַכלעכער אַטמאָספער איז דורכגעגאַן די באַהאַנדלונג פונעם סטאַטוט פאַר דער פאַראייניקונג. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן די פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זײַנען אַריַין 17 מיטגלידער, צווישן זיי — דער עלטסטער טוער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין דער רעפּובליק, העלד פון סאָציאַליסטישער מי, פאָלקס־קינסטלער פון פססר זאַיר אַזגור, דער העלד פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד פּאַלקאָווניק אין דעמיסיע יעווסיי וויַינרוב, דער לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע אַרכיטעקטאָר ל. לעווין, דער יידישער שריַיבער הירש רעלעס, די פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון בססר יודיט אַראָנטשיק און אַנדערע.

אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג איז אויסגעוויילט געוואָרן דער פאַרדינסטפולער קונסט־טוער פון בססר, לאַורעאַט פון דער פּרעמיע פונעם רעפּובליקאַנישן קאָמיוג, פּראָפעסאָר פונעם וויַיסרוסישן טעאַטראַל־קינסטלערישן מעלוכע־אינסטיטוט מ. וו. דאַנציג.

פעליקס כאַימאָוויטש

# דערפרישט און באנײַט

## אן גלײַכגילט

צי איך ווײן, צי איך לאַך — איז ניט וויכטיק,
איבער דאָס האַרץ ווערט דערפרישט און באנײַט.
פון א טרער ווערט אַמאָל ליכטיק!
פון א שמייכל ביז אומעט — ניט ווײַט.

אַלע סטרונעס אין מיר זאָלן שפּילן,
אַלע פאַרבן — אין זיך וויל איך זען.
בלויז גלײַכגילט זאָל ניט פאַרהילן,
ניט פאַרצײַען מיט שפּינוועבס מײַן זעל.

## יאָ, מיר געדענקען אים

אומשולדיק בלוט...
עס וועט אױף אײביק סטײַען.
אזא מין קלאַל, וואָס פּעסט ער איז ווי שטאָל:
דאָרט, וווּ מײַן פרייד עס איז פאַרגאַנגען,
דאָרט איז סטאַלין.
דאָרט, וווּ די פרייד גייט אויף, איז ער נישטאָ.
כ׳געדענק אים,
איך וועל אַלץ געדענקען —
מיליאָנען שטימען דעקן צו זײַן שטים.
קיינמאָל כ׳וועל נאָך אים ניט קאָנען בענקען:
אומשולדיק בלוט איז צווישן מיר און אים...

## א כאַלעם

רינען ווערטער,
ווי וואַסער פון רינוועס,
און הינטער די פענצטער
טראָגן זיך
פיר פלאַמפײַערדיקע פערד
מיט געלדרויטע גריוועס,
און אויף זיי —
פיר געשפּענסטער...
דראָשעס,
דראָשעס,
דראָשעס, —
הילכן ווי א ווידערקאָל.

נאָר אַלץ
כאַזערט איבער זיך ווידעראַמאָל:
טראָפּנס,
טראָפּנס,
טראָפּנס...
רייד,
רייד,
רייד...
טײַטשט מיר, זײַט מויכל,
אויס מײַן כאַלעם,
אויב כאָטש עפּעס
אין אים איר פאַרשטייט.

## פלינקע מענטשעלעך

פלינקע מענטשעלעך,
פלינקע מענטשעלעך,
אלץ ווייסט איר. אלץ קאָנט איר... אלץ דאַרפט איר.
וואָס בין איך פאַר אײַך?
אַמאָל אַ פאַרענטשעלע,
אַמאָל אַ בריקל,
אַמאָל אַ גאַרטל...

און ווען איך בין אײַך נייטיק,
זײַט איר אַזוינע ווילדע!
איר גלעט מיך און צערטלט מיך:
„אוי, דו שיינינקער!"
איר זײַט גרויסע מײַסטערקעפּ
אין די שטיק די פּוילע,
אַקאַדעמיקער מאַמעש —
ניט ווייניקער.

נאָר ווען איר עפנט די נעשאָמע אויף פאַר מיר
בײַ אַ פײַן גלעזל ווײַן
און אַ גוט שטיקל שטרודל, —
גיט אַ שפּריץ פון איר מיט שוואַרצן
און טוט אַלץ אַ פאַרשמיר:
„אייסעך... ס'איז אַלעס צום אָכער־האַגאָדל..."

• • •

וויפל מענטשן — אַזויפיל רעבוסן.
וויפל מענטשן — אַזויפיל עמעסן...
נאָר ס'איז דאָ איבער אַלע אַן עמעס,
וואָס דערווײַל איז פאַרבאָרגן נאָך טיף.
כ'האָב געמיינט, אַז איך האָב אַ באַגריף,
ווי מע זאָגט, אים געכאַפּט פאַרן עק.
לאָזט זיך אויס — אוי, אַ שרעק! —
איך האָב ווי אַ קעצל אַ שנעק
אָנגעכאַפּט זיך אַליין
פאַר דעם אייגענעם עק,
און ער,
דער געגאַרטער,
איז ווידער, ווי אין זאַמד,
אַוועק...

## גיב מיר דײַן האַנט

איך ווייס
דעם אַלעפבייס
פון אומעט און פון צאַר.
עס האָט מיט מיר געקנעלט
די צעשפּליטערטע,
געראַוידעפּטע,
צעקאַרדאַשעטע וועלט,
בין איך שוין
אַ געניטער פּראַקטיקאַנט.
שרעק זיך ניט,
גיב מיר דײַן האַנט,

צעעפן דײַן דלאָניע,
באַווײַז,
וואָס דו האָסט מיר געבראַכט.
אַ פּערלדיקע טרער?
איך וועל אַ גאַנצע נאַכט
זי לייענען —
וועט עפּשער דער באַגינען
אָנזאָגן אַ בסורע מיר,
אַז דײַנע אויגן
האָבן אויסגעלערנט זיך
ניט וויינען...

---

לייב דאַמב
(לעאָפּאָלד טרעפּער)

# די רויטע קאַפּעלע

.30

## אַן אויסטערלישע נעסיע


לייב דאַמב

אין דער דירע אַף בולוואַר דע שטראַס־בורג, ווו ס׳האָט געוווינט אַן עלטערע פּרוי, די פֿאַרבינדלערן צווישן מיר און אַלעקס לע־סאַוואַ. האָב איך עטלעכע טעג נאָך דער באַ־פרייַונג פֿון פּאַריז באַקומען א דעפּעש פֿונעם צענטער אין מאָסקווע. די דעפּעש האָט מיך באַגריסט פֿאַר מייַן טעטיקייַט און פֿאַרלאַנגט, כ׳זאָל צוואַרטן, ביז עס וועט אָנקומען די ערשטע סאָוועטישע מיליטערישע דעלעגאַציע.

אומעטום האָט מען געאָטעמט מיט דער לופֿט פֿון דער פרייַהייַט. אָבער טראָץ דער אַטמאָספער פֿון פרייד און באַגייַסטערטן געפֿיל פֿון פֿאַרלייַכטערונג, האָב איך ניט געטאָרט פֿאַרגעסן, אַז ס׳איז נאָך צו פרי זיך צו אַנט־וואָפֿענען. אָפּטמאָל, ווען מע ריכט זיך שוין אַף גאָרנישט און מע גלייבט, אַז דער סוינע איז צעשמעטערט, ניצט ער דאָס אויס צו דערלאַנ־גען א מעסער אין רוקן. ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער פֿאַרשוין פּאַנוויץ, וועמען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפֿן און אויסמייַדן א פּראָצעס, אַז דער נעפעש האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך עטלעכע אופרייַס־באָמבעס, באַוואָפֿנט עטלעכע אונטער־וועלט־טיפּן, קעדיי וואָס שנעלער מיך אָפּצו־ראַמען.

דאָס איז געווען א באַגרינדעטער כשאַד: די גרופּע פֿון אַלעקסן, וועלכע איז טאָמיד געווען אַף דער וואַך, האָט אַנטדעקט שפּורן פֿון פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען, וואָס זאָלן מיך האָבן געזוכט. זיי זייַנען געקומען אין דער אַמאָליקער וווינונג פֿון קאַצן אַף דער עדמאָן־ראָזשע־גאַס און אין די אַנדערע וווינונגען, וועלכע האָבן פיגורירט אין די ליסטעס פֿון דער געסטאַפּאָ. דער איבערגעבליבענער אונ־טערוועלט־כעווריע פֿון לאַפּאָנס באַנדעס האָט פּאַנוויץ זיכער פֿאַראָרדנט (אַלעקס איז געווען אין דעם טיף איבערצייַגט) מיך אופֿצוזוכן און מאַכן צו מיר א סאָף. איך האָב זיך ניט באַדאַרפֿט באַווייַזן אין דער עפֿנטלעכקייַט, אָפּזאָגן זיך פֿון אָנטיילנעמען אין דער פֿאַרשיקערנדיקער פרייד, וואָס האָט אַלע־מען באַהערשט, און זיך ניט אַרויסשטעלן ווי א צילברעט. איך בין דעריבער פֿאַרבליבן האַלב אין אונטערערד, אין דער וווינונג אַף אַלייע דע מען.

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד״ נום. 9, 10, 11, 1988.

דעם 23 נאָיאבער 1944 האָט נאָענט פון פאַריזש געלאַנדעט דער ערשטער אעראָפּלאַן פון ראַטנפאַרבאַנד און געבראַכט מאָריס טאָרעזן און דעם שעף פון א סאָוועטיש־מיליטערישער דעלעגאַציע, פּאָלקאָווניק נאָוויקאָוו, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען דורכצופירן דעם צוריקער פון רוסן קיין מאָסקווע. נאָוויקאָוו האָט מיך זייער העפלעך אויפגענומען און אינפאָרמירט, אַז איך וועל קאָנען צוריקפליִען מיט דעם זעלבן אעראָפּלאַן, וועלכער קערט זיך אום אינגיכן קיין מאָסקווע. איך האָב געמוזט לענגער וואַרטן, ווי ס׳איז געווען פאָרויסגעזען. דעם 5 יאַנוואַר 1945 בין איך אײַנגעשטיגן אין אעראָפּלאַן...

מיר דערנעענטערן זיך צו מאָסקווע... איבער אַלע קעגנזעצלעכע געפילן, פון וועלכע כ׳בין געווען אויפגערודערט, האָט נאָך אַזויפיל יאָרן פון צעשיידונג דאָמינירט דאָס געפיל פון פרייד צו זען די מײַניקע. ווען דער אעראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און זײַנע רעדער האָבן זיך גענומען באַוועגן אויף דער ערד, האָב איך זיך געפילט ווי א מענטש, וואָס איז צופרידן פון זײַן דורכגעפירטער אַרבעט. איך בין געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך האָב געטאָן, און געכאָלעמט וועגן א ביסל רו, וועלכע איך האָב ערלעך פאַרדינט. מײַנע מאַכשאָוועס זײַנען איצט געווען געווענדט צו מײַנע כאַוויירים — די געשטאָרבענע און די אומגעבראַכטע.

אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט האָב איך בייסן אַראָפּגיין פון די טרעפּ געזוכט צו דערקענען די מײַניקע. איבעריקנס, קיינער האָט אויך ניט אָפּגעוואַרט די אַנדערע פּאַסאַזשירן. א גרופּע אָפיצערן האָבן געבילדעט דעם אויפנאַם־קאָמיטעט.

אָפיצערן פון העכערן ראַנג — פּאָלקאָווניקעס — האָבן זיך צו מיר דערנעענטערט און וואַרעם באַגריסט. זיי האָבן מיך פאַרבעטן אײַנצושטײַגן אין אַן אויטאָ. בײַם א פלוצעמדיקער באַלײַכטונג האָב איך דערקענט איינעם פון די אָפיצערן. אין 1937 האָט ער געהאַט דעם ראַנג פון קאַפּיטאַן. איך האָב אים געשטעלט א פראַגע, וואָס האָט מיך געפּײַניקט ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון אעראָפּלאַן:

— ווו זײַנען מײַן פרוי און קינדער?

— זאָרגט זיך ניט, אײַער פרוי איז אין אַן אָפּרו־הויז, מיר האָבן ניט געהאַט די נייטיקע צײַט איר צו וויסן געבן, ווײַל מיר האָבן ניט געוווּסט די גענויע דאַטע פון אײַער אָנקום. די אָנפירונג איז באַ דער מיינונג, איר זאָלט פאַרבלײַבן צוויי אָדער דרײַ וואָכן אין א וווינונג, ווו איר וועט קאָנען רויִק צוגרייטן אײַער ראַפּאָרט. ס׳איז טאַקע דאָרט, ווו מיר פירן אײַך איצט.

פאַר מיר זײַנען געווען צוגעגרייט צוויי צימערן אין א וווינונג פון א פּאָלקאָווניק, וואָס האָט זיך געפונען אין שליכעס. זײַן פרוי און טאָכטער האָבן מיך אויפגענומען. פאַרן אַוועקגיין פון מײַנע באַגלייטער, צוויי פּאָלקאָווניקעס, האָבן זיי מיר אָנגעוויזן אויף א יונגן קאַפּיטאַן:

— ער איז אײַער אַדיוטאַנט און וועט אײַך מיט אַלעם באַזאָרגן אין וואָס איר וועט זיך נייטיקן...

איך בין געוואָרן איזאָלירט, קעדיי צו שרײַבן מײַן באַריכט. זיי האָבן מיר געגעבן אַן אָפּיצער־אַדיוטאַנט, גלײַך כ׳וואָלט אין דעם זיך גענייטיקט! די פאַלשע העפלעכקייט אין דער באַציִונג פון די צוויי פּאָלקאָווניקעס און דעריקער — די אָפּוועזנהייט פון מײַן פרוי — די אַלע פאַקטן צוזאַמען גענומען האָבן באַ מיר אַרויסגערופן געפילן פון אומפאַרשטענדלעכקייט און פאַרדאַכט.

איך האָב זיך אײַנגעאָרדנט אין דער נײַער דירע. ווינציקסטנס, איז זי דאָך געווען באַקוועמער ווי דער פײַכטער ברוק פון דער מאָנפּאַרנאַס־געגנט אין פאַריזש, ווו כ׳האָב אַרומגעבלאָנקעט ווי א פאַרוואָגלטע כײַע זינט מײַן פאַרלאָזן דאָס ווײַסע הויז.

אויף מאָרגן האָט מען מיר אָפּגעשטאַט א וויזיט... זיי זײַנען געווען דרײַ: צוויי אין אוניפאָרמען, דער דריטער — אין ציוויל־קליידונג. איך האָב דערקענט דעם לעצטן: ער איז אין 1938 געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּאָליטישער אַרבעט אין דעם צענטער. הינטער זײַן אָפּיציעלן טיטל האָט זיך באַהאַלטן דער ראַנג — גענעראַל פון דער נ.ק.וו.ד.

זיי האָבן געבראַכט א לוקסוסאַרטיק נאַכט־עסן. איך האָב אָבער איבערגעריסן דעם גאַסטראָנאָמישן צוזאַמענטרעף, קעדיי צו שטעלן איינע פון די פראַגן, וואָס האָט מיך באַזונדערס געמאַטערט:

— האָט איר זײַנערצײַט דערהאַלטן מײַן ראַפּאָרט פון יאַנוואַר 1943, וועלכן איך האָב געשיקט דורך דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי?

— יאָ, יאָ, מיר האָבן אים באַקומען און מיט אים זיך גערעכנט.

ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט א שטילשווײַגן. דער גענעראַל האָט מיטאַמאָל געביטן די טעמע:

— אַלזאָ, — גיט ער א פרעג. — וועלכע זײַנען אײַערע פּלענער אויף דער צוקונפט?

איך האָב א טראַכט געטאָן: עס וועט זײַן אַזוי, ווי איר וועט באַשטימען. נאָר געענטפערט האָב איך:

— מיט דעם שפּיאָנאַזש האָב איך געענדיקט. דאָס קאַפּיטל אין מײַן לעבן איז געשלאָסן. נאָר פאַר מײַן אומקערן זיך קיין פּוילן וויל איך הערן אַן אויפקלערונג פון דעם צענטער וועגן אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין מעשעך פון דער מילכאָמע...

און קעדיי בוילעטער מאַכן מײַנע ווערטער, האָב איך צוגעגעבן:

— איך גלייב צו באקומען אופקלערונגען לעגאבע אלע שווערע פעלערן פון דער אָנפירונג!

דאָס אינקוויזיטאָרישע פּאָנעם פון דעם גענעראל האָט זיך פארטונקלט:

— טאקע? דאָס איז אלץ, וואָס אייַך אינטערעסירט?

— און אייַך, לעמאָשל, אינטערעסירט דאָס ניט?.. פאר אלעם וויל איך פאָרשלאָגן צו אנאליזירן די לעצטע אָפּעראַציע פון רויטן אָרקעסטער...

— מאסקים! — האָט אָפּגעהאקט דער גענעראל. — מיר וועלן מאָרגן באטראכטן אייַערע פאָר־שלאָגן...

אָף מאָרגן האָבן מיך באזוכט צוויי פּאָלקאָווניקעס. איך האָב זיך גלייַך אָריִענטירט, אז זיי קענען אויסגעצייכנט דעם איניען „רויטער אָרקעסטער".

— איך בין איבערצייַגט, — האָב איך אָנגעהויבן, — אז גראָספּאָגעל, מאקאראָוו, ראָבינסאָן, סאָקאָלאָוו און מאקסימאָוויטש לעבן נאָך. מיר קאָנען און מוזן זיי ראטעווען. דעריקער, זייַט איר נאָך אין פארבינדונג מיט פאנוויצן?..

— מיר האָבן זיך דערוווּסט פון זיכערע קוועלן, אז ער באהאלט זיך אויס אין די עסטרייַכישע אלפּן־בערג.

איך האָב פאָרגעלייגט שיקן צו פאנוויצן צוויי אָפיצערן, וואָס זייַנען באקאנט מיט דער געשיכטע פון דעם רויטן אָרקעסטער, זיי זאָלן אים דערקלערן, אז פון פעווראל 1943, אדאנק מייַן ראפּאָרט, איז דער צענטער אינפאָרמירט וועגן דער „גרויסער שפּיל", און אים פאָרלייגן, ער זאָל טאָן דאָס נייטיקע צו ראטעווען די ארעסטירטע קעמפער און פארזיכערן אים, אז נאָך דער מילכאָמע וועט מען דאָס פארעכענען צו זייַן זכוס. אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן דאָס צו טאָן, דארף מען אים וואָרענען, אז מיר וועלן גלייַך צו וויסן געבן הימלערן און באָרמאנען, אז מאָסקווע, ניט ער, האָט געצויגן די שטריקלעך פון דער „גרויסער שפּיל". פאר דעם וועט ער זייַן פאראנטוואָרטלעך און ס'וועט אים טייַער קאָסטן. ווייַל זיי זייַנען נאָך מעסוגל אים צו באשטראָפן.

דער דאָזיקער פאָרשלאָג האָט מיר אויסגעזען צו זייַן פולשטענדיק יוישערדיק און לאָגיש. מייַנע צוויי מיטשמועסער האָבן צוגעזאָגט דאָס איבערצוגעבן דער אָנפירונג.

די ערשטע וואָך אין מאָסקווע בין איך געווען פארנומען מיט רעדאגירן מייַן ראפּאָרט, מיט דער הילף פון א מאשיניסטקע. נאָר וואָס מערער טעג זייַנען פאָריבער, אלץ מער האָב איך זיך אָפּגעגעבן כעזשבן, אז איבער מייַן קאָפּ האָבן זיך אָנגעזאמלט דראָענדיקע וואָלקנס. מע האָט בעעמעס באדארפט האָבן פארלוירן דעם פארשטאנד און זייַן פארבלענדט ניט צו באנעמען, אז איך האלט נאָך ניט באַם סאָף פון מייַנע צאָרעס! ניין, איך בין ניט דער קעמפער, וועלכן מע נעמט אויף, צום ווינציקסטנס, מיט אנערקענונג פאר זייַנע פארדינסטן.

די איינציקע אויפגאבע פון מייַן „אדיוטאנט" איז געווען: באוואכן מיך מיט זייַן בליק פון אן אויס־שפּיר־הונט. איינמאָל, ווען ער איז ארויסגעגאנגען, בין איך אריַין אין זייַן צימער און דאָס, וואָס כ'האָב אנטדעקט, האָט מיר אלץ קלאָר געמאכט: דער אידיאָט האָט געלאָזט אָפן טיש א באריכט, אין וועלכן ער גיט איבער מיט אלע פּראָטים יעדער באוועגונג און זשעסט מייַנעם. ער האָט דאָרט פארשריבן אלע מייַנע רייד, אפילע אומבאדייַטנדיקע. אויסער די פאלשע און טאָעסדיקע, וועלכע ער האָט צוגעשריבן. אן אידעאלן שאָכן האָט מען מיר געגעבן: אי א שפּיאָן, אי א פעלשער! איך האָב באשלאָסן צו קאָרעגירן דעם האפּאָרט פון דעם מאָסער און אונטערשטרייַכן מיט א רויטן בלייַער אלע אימפּינקטלעכקייַטן און צוגעבן אין דער זייַט „פאלש".

מייַן „מאלעך־היטער" איז דעם טאָג געקומען שפּעט. אָף מאָרגן איז ער פארשוווּנדן... ער האָט אוודע געהאלטן, אז ס'איז גלייַכער, ער זאָל פריִער צו וויסן געבן זייַנע עלטסטע, איידער איך וועל מיט זיי ריידן.

דעם רעזולטאט פון מייַן צוריקער קיין מאָסקווע לאָזט זיך פאָרמולירן קורץ: איך בין א געפאנ־גענער, אָף אזא אָדער אנדערן אויפן!

מע האָט מיר געשיקט א נייַעם „אדיוטאנט", א פיל ייִנגערן פון דעם פריִערדיקן, וואָס האָט זיך באניצט מיט נייַע מעטאָדן. ער האָט מיך פארבעטן צו גיין מיט אים אין קינאָ, וואָס איך האָב גערן אָנגענומען... די בילדער אָפן עקראן זייַנען דורכגעפלויגן פאר מייַנע אויגן, נאָר מייַן אויפמערקזאמקייַט אָף זיי האָט זיך פארהאלטן נאָר עטלעכע סעקונדעס. איין־איינציקע מאכשאָווע האָט מיך פארפאָלגט: וואָס ווילן זיי מיט מיר טאָן?

צען טעג שפּעטער זייַנען ווידער געקומען די ערשטע דרייַ הויכגעשטעלטע לייַט. ווי דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, האָבן זיי אלץ באזאָרגט און צוגעגרייט א רייַכן אָוונטברויט.

טראָץ די צאָלרייַכע מייַכאָלים און דער שעפע פון בראנפן, האָט געפעלט די וואַרעמע אטמאָספער.

אָן שום ספֿק, זײ האָבן געהאַט אַן אױפֿגאַבע מיך צו „באַאַרבעטן“ מיט אַלע מיטלען נאָך דעם, װי זײער אײַנדרוק װעגן מיר פֿון די ערשטע סודע־טרעפֿונגען איז ניט געװען קײן געהױבענער. זײ האָבן געהאָפֿט מיך צו טרעפֿן אין אַ בעסערער שטימונג. דער נ.ק.װ.ד.־גענעראַל האָט געבראַכן דאָס אײַז:

— אַלזאָ, — גיט ער מיך אַ פֿרעג, — װאָס טראַכט איר צו טאָן אין דער צוקונפֿט?

— איך האָב אײַך שױן געזאָגט: אומקערן זיך קײן פּױלן, אין מײַן געבױרן־לאַנד. נאָך פֿאַר דעם האָב איך בעדײַע אױפֿצוקלערן מיט דער אָנפֿירונג די טעטיקײַט פֿון דעם רױטן אָרקעסטער.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: אַ פֿאַרפֿאַלענער אקשן. זײַן ענטפֿער האָט טרוקן אױסגעשאָסן:

— אױב איר קלאַמערט זיך אַזױ אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט, אָטאָ, איז ניט מיט אונדז װעט איר דערפֿון רײדן! דאָס װעט פֿאָרקומען ערגעץ אַנדערש (ער האָט שאַרף אונטערגעשטראָכן די לעצטע װערטער). — איר האָט פֿאַרשטאַנען?

— איך האָב אױסגעצײכנט גוט פֿאַרשטאַנען און זאָג עס גאַנץ אָפֿן: איך לאָך זיך אױס דערפֿון! מיר איז אַלצײנס, װער ס׳װעט זיך מיט מיר פֿאַרנעמען!

דאָס איז געװען שױן צופֿיל. דער גענעראַל האָט זיך אױפֿגעהױבן, איז אַרױס צוזאַמען מיט זײַנע באַגלײטער, ניט געזעגענענדיק זיך. איך װאָלט געשװױרן, אַז ער איז גלײַך אַװעק צוגרײטן זײַן ראַפּאָרט. מײַן אױפֿירונג האָט מיך פֿאַרמישפּעט.

אױף מאָרגן האָט זיך פֿאַר מיר פֿאָרגעשטעלט אַן אַנדער פּאָלקאָװניק:

— איר דאַרפֿט טױשן די װױנונג...

איך האָב צונױפֿגענומען מײַנע זאַכן און אים נאָכגעגאַנגען. מיר זײַנען אַרײַן אין אױטאָ און ניט אױסגערעדט קײן װאָרט. די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, איך האָב אָבער גענוג געקענט מאָסקװע, צו פֿאַרשטײן, װעלכע ריכטונג מיר האָבן גענומען... אָנקומענדיק אױפֿן דזערזשינסקי־פּלאַץ, זײַנען מײַנע לעצטע ספּײקעס, אױב איך האָב נאָך אַזעלכע געהאַט, פֿאַרשװוּנדן.

.31
## לוביאַנקע

איך געפֿין זיך אין אַ װאַרטזאַל, װוּ פֿון יעדער זײַט געפֿינען זיך אַ צענדליק קלײנע קעמערלעך. מ׳לאָזט מיך אַרײַן אין אײנעם פֿון זײ. דאָס גאַנצע מעבל דאָרט באַשטײט פֿון אַ טישל מיט אַ בענקל. די טיר פֿאַרהאַקט זיך הינטער מיר.

— פֿאַרװאָס טוט איר זיך ניט אױס?

איך באַנעם, אַז צו מיר רעדט אַ סערזשאַנט אין אַ װײַסן כאַלאַט. איך ענטפֿער:

— צו װאָס זיך אױסטאָן? איך זע נישט קײן בעט!

— אױסטאָן זיך און ניט שטעלן קײן פֿראַגעס!

איך פֿאָלג און בלײַב װאַרטן אַ פֿולשטענדיק נאַקעטער. די טיר עפֿנט זיך װידער און עס קומען אַרײַן צװײ פֿאַרשױנען אין װײַסע כאַלאַטן. אין מעשעך פֿון אַ שעה זוכן זײ מיט אײפֿער אין מײַנע מלבושים, לײגן זײ צונױף בײַט די זאַכן, װעלכע זײ האָבן געפֿונען אין די קעשענעס. װען זײ פֿאַרענדיקן, באַפֿעלט אײנער:

— אױפֿשטײן!

זײ נעמען מיך אונטערזוכן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. זײ פֿעלט נאָר דער סטעטאָסקאָפּ, איך זאָל מײנען, אַז כ׳געפֿין זיך באַם דאָקטער. זײ טאַפּן די האָר, זוכן אין די אױערן, פֿאַרלאַנגען, כ׳זאָל עפֿענען דאָס מױל, אױסציִען די צונג, באַטאַפּן פֿון אַלע זײַטן, באַפֿעלן אױפֿהײבן די הענט.

— אָנטאָן זיך!

זײ זוכן אין מײַן טשעמאָדאַן און נעמען אַרױס אַ קילאָ רױע קאַווע, װאָס כ׳האָב נאָך געקױפֿט אין טעהעראַן, באַם אױפֿהאַלט פֿון אַעראָפּלאַן.

— וואָס איז דאָס אַזוינס?
— גערשטן...
מיט צופרידנקייט באַמערק איך, אַז ער לייגט צו די קאָפּע צו די זאַכן, וואָס זײַנען אין אַלגע־מיין דערלויבט דעם אַרעסטירטן צו האַלטן מיט זיך. מיר גייען דורך לאַנגע, פּוסטע קאָרידאָרן. צום סאָף עפֿנט ער אַ טיר און לאָזט מיך אַרײַן אין אַ קאַמער, וווּ ס'געפֿינען זיך צוויי בעטן. אין איינעם פֿון זיי שלאָפֿט אַ מאַן מיטן פּנים צו דער וואַנט און די הענט אויף דער קאָלדרע.
— דאָס איז דײַן בעט, טו זיך אויס און לייג זיך!
איך פֿאַלג, נאָר דער שלאָף נעמט מיך ניט. אַ גאַנצע נאַכט האַלט איך אָפֿן די אויגן. זיי באַאומ־רויִקן דעם וועכטער. אַלע דרײַ מינוט עפֿנט זיך דער קוק־שפּאַלט און ס'באַווײַזט זיך אַן אויג, וואָס באַטראַכט מיך. איך באַקום די ערשטע לעקציע:
— אויב דו שלאָפֿסט ניט, האַלט דאָך די אויגן פֿאַרמאַכט, וועסטו זײַן רויִקער.
אינדערפֿרי דערלאַנגט מיר אַ האַנט דעם „פֿרישטיק" דורכן פֿענצטערל — אַ שיסעלע שוואַרצע פֿליסיקייט, וואָס דאַרף זײַן קאַפֿע, אַ שטיקל צוקער און אַ פֿענעץ ברויט. אַ שטים דורך דער טיר זאָגט אָן: „דאָס ברויט איז אויף אַ גאַנצן טאָג".
איך פּרוּוו אַ זופּ טאָן די קאַפֿע, זי וויל אָבער ניט אַראָפּגיין. איך גיב אַ ביס פֿון ברויט — ווייך ווי ליים. צו דעם אַלעם פֿאַרבלײַב איך גלײַכגילטיק. מײַן שאָכן וועקט זיך אויף, זאָגט „גוט־מאָרגן" — און מער קיין וואָרט. איך באַמערק: ער איז אַן אָפּיצער.
פֿיר טעג זײַנען אַזוי דורך. אויפֿן פֿינפֿטן טאָג, אינדערפֿרי, בײַם טוישן די וואַך, פֿרעגט מיך אַ סערזשאַנט:
— איר האָט עפּעס אַן אָנקלאָגע?
— יאָ, — זאָג איך מיט אַ שטים, וואָס זעט מיר אויס צו זײַן אַנטשלאָסן: — איך וויל זען וועמען פֿון דער טורמע־לייטונג.
אַ שאָ שפּעטער קומט אַ קאַפּיטאַן אין קאַמער:
— וועגן וואָס האַנדלט זיך?
— איך וויל טייקעף זען עמעצן פֿון מיניסטעריום וועגן אַ וויכטיקן עניין, וואָס מיט מיר פּער־זענלעך האָט עס ניט, אַגעוו, קיין שײַכעס!
צוויי טעג גייען אַדורך, אַן אָפּיצער קומט און פֿאַרלאַנגט, איך זאָל אים נאָכגיין. מע פֿירט מיך אַרײַן אין אַ ראַכוועסדיקן צימער. אויף דער פּאָדלאָגע — אַ ריזיקער טעפּיך. אויף דער וואַנט — אַ פּאָרטרעט פֿונעם „פֿאָטער פֿון די פֿעלקער". אונטער אַ לאַנגן ביוראָ־טיש זיצט אַ געניוג יונגער מענטש, אָנגעטאָן אין ציוויל, אויסגעפּוצט אין אַ וווּנדערשיינעם שניפּס, וואָס ציט צו דאָס אויג. ער שטעלט זיך אויף, דערנענטערט זיך און ווענדט זיך צו מיר מיט אַ דאָרעם־רוסישן אַקצענט:
— אַ, דאָס זײַט איר, וואָס האָט אַנטייל גענומען אין דער גרויסער נעץ פֿון אינפֿאָרמאַציע־דינסט, אָנגעפֿירט פֿון דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער קליקע בערזין און זײַנע מיטהעלפֿער?
זײַן מויל איז אויסגעקרימט פֿון האַס בייס ער זאָגט אַרויס די לעצטע ווערטער. איך ענטפֿער ניט...
ער גיט מיר אַ צייכן, איך זאָל זיך דערנענטערן צו די ברייטע, באַגלאָזטע טירן, און, אָנווײַזנ־דיק מיטן פֿינגער אויף דער טפּיסע, פֿרעגט ער:
— ווייסט איר, וווּ איר געפֿינט זיך?
— איך שטעל זיך פֿאָר...
— פֿאַרוואָס האָט איר זיך געלאָזט אַרײַנשלעפּן אין דער קליקע צו אַרבעטן אין אויסלאַנד?
— אַנטשולדיקט, איך ווייס ניט, וויאַזוי דאַרף איך זיך צו אײַך ווענדן?
— גענעראַל...
— כאַווער גענעראַל, — זאָג איך פֿאָר, — איך האָב ניט געאַרבעט פֿאַר אַ קליקע. אין דער צײַט פֿון דער מילכאָמע האָב איך אָנגעפֿירט מיט אַ נעץ פֿון מיליטערישן שפּיאָנאַזש בײַם הויפּט־שטאַב פֿון דער רויטער אַרמיי, און איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך האָב געטאָן.
בײַטנדיק די טעמע, פֿרעגט ער:
— נאָך וואָס האָט איר פֿאַרלאַנגט צו זען אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פֿון מיניסטעריום?
— ווען איך בין אָנגעקומען אין מאָסקווע, האָב איך עפּעס פֿאָרגעשלאָגן צוויי פּאָלקאָווניקעס פֿון אינפֿאָרמאַציע־דינסט — און קיין ענטפֿער ניט באַקומען. עס האַנדלט זיך ניט וועגן מיר, נאָר וועגן ראַטעווען דאָס לעבן פֿון די קעמפֿער פֿון דער נעץ. איך פֿאָדער צו טרעפֿן זיך מיט אַ פֿאַראַנט־וואָרטלעכן פֿון דעם צענטער, קעדיי אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פֿון דער אָפּעראַציע.
— ס'וועט געטאָן ווערן. דערווײַל איז דאָס אַלץ.

דער זעלבער וועג צוריק ביז צום גרענעץ־צימער, וואָס טיילט פאנאנדער דאָס מיניסטעריום פון דער טפיכע. ווידער באשטעטיקונגען, אונטערשריפטן — און איך ווער פארשפארט אין מײַן קאמער.

צוויי טעג שפעטער קומט מען מיך נעמען און מ׳פירט מיך אין א צימער, ווו עס ווארטן צוויי מענער אין ציוויל. זיי געהערן צו דער אינפאָרמאציע־דינסט, אָדער צו „סמערש"?[1] אלנפאלס, זיי איז גוט באקאנט מײַן איניען.

— לאָמיר שמועסן וועגן אײַער פלאַן. עס קאָן ניט זײַן קיין רייד פון ראטעווען מענטשן, וועגן וועלכע איר רעדט. דאָסראָוו פון זיי געהערט ניט צו די מיליטערישע קאדרען פון שפּיאָנאזש־דינסט.

איך בײַס די פויסטן, ניט צו שרײַען...

— די קעמפער פון דעם רויטן אָרקעסטער געהערן ניט צו די מיליטערישע קאדרען? זייער לעבן האָט ניט פאר אײַך קיין ווערט נאָך דעם אלעם, וואָס זיי האָבן געטאָן פארן ניצאָכן?

— מיר זײַנען פאריגטערעסירט אין איין זאך: ברענגען קיין מאָסקווע פאנוויצן און סאָקאָלאָוון (קענט). אויב איר האָט צו דעם קאָנקרעטע פּאָרשלאָגן, וועלן מיר זיי אדורכפירן.

— אויסגעצייכנט. אין צוויי אָדער דרײַ טעג וועל איך אײַך געבן דעם פּלאַן פון דער אקציע.

עטלעכע טעג גייען אדורך, מיר טרעפן זיך ווידער. איך שטעל זיי די פראגע:

— האָט איר א ראַדיאָ־פארבינדונג מיט פאנוויצן? אויב ניט, צי קאָנט איר דאָס צוריק אײַנשטעלן?

— מיר האָבן פאַרבינדונגען פון צײַט צו צײַט, מיר קאָנען זיך מיט אים קאָמוניקירן.

כ׳בין אָף אזוי ווײַט ארײַן אין דער אקציע, אז כ׳האָב פארגעסן, ווו כ׳געפין זיך. מיט איין מאָל האָב איך זיך אופגעהערט צו פילן ווי אן ארעסטאנט. כ׳האָב פאָרגעשטעלט דעם פּלאַן פאר מײַנע צוויי צוהערער.

— ביז מײַן אנטלויפן אין סעפטיאבער 1943 זײַנען פאנוויץ און זײַנע דעמלטיקע שעפן געווען איבערצײַגט, אז דער צענטער האָט ניט אנטדעקט די „גרויסע שפּיל". זיי האָבן זיך געזאָרגט, אז נאָך מײַן אנטלויפן זאָל איך ניט צו וויסן געבן מאָסקווע. צוליב דעם האָט פאנוויץ געלאָזט אפישירן אומעטום, אז עס ווערט געזוכט דער שפּיאָן זשאן זשילבער, קעדיי פארבלײַבן פארן צענטער א „פארברענטער".

— יאָ, — גיט צו איינער פון די צוויי אָפיצערן, — אין יענער צײַט האָט קענט דעפּעשירט צום צענטער וועגן די זעלבע אפישן, וועלכע האָבן באשטעטיקט דײַן ארעסט און דײַן אנטלויפן, אָבער דאָ, בא אונדז אין צענטער, אָף פאָרצוזעצן די „גרויסע שפּיל", האָבן מיר געענטפערט קענטן, אז ווארשײַנלעך האָט „אָטאָ" פאראטן...

— צוליב דעם טאקע, — זאָג איך פאָר, — דארף מען אונטערהאלטן דעם טעזיס און מיט רעגולערע איבערײַסן שיקן דעפּעשן צו פאנוויצן און קעסיידער אים שטעלן די זעלבע פראגע: ווו געפינט זיך „אָטאָ"? נאָך עטלעכע וואָכן, וועט איר אים צו וויסן געבן, אז אײַך איז געלונגען צו דערוויסן זיך, אז „אָטאָ" איז אנטלאָפן קיין דאָרעם־אמעריקע. נאָכן באקומען אזא ידיעה, וועלן פאנוויץ און קענט ערנסט א טראכט טאָן וועגן קומען קיין מאָסקווע. רעאליזירנדיק אָבער דעם פּלאַן, פארורטיילט איר צום טויט די קעמפער פון דעם רויטן אָרקעסטער, וואָס געפינען זיך נאָך אין דײַטשישע הענט. פאנוויץ וועט פארן פארלאָזן אָפּראַמען די איידעס פון זײַנע פארברעכנס... דעריבער מוזט איר אין דער זעלבער צײַט אונטערנעמען אלע שריט, קעדיי צו ראטעווען די לעבנגעבליבענע!..

זיי האָבן ניט געענטפערט, זיך אופגעהויבן און אוועק.

מ׳האָט מיך איבערגעפירט אין א קלײנער קאמער, אין וועלכער כ׳האָב לאנגע וואָכן פארבראכט אליין... דער רעזשים איז געווען פיל הארבער, אָבער ביסלעכווײַז געווינט מען זיך צו צו דעם אומבאוועגלעכן ריטם פון די טעג: זעקס פרי באווײַזט זיך דער קאָפּ פון וועכטער אין דעם קוק־שפּאַלט. זײַן געשריי „אופשטיין" נעמט ארויס די ארעסטאנטן פון שלאָף.

מ׳הייבט זיך אוף, מ׳נעמט דעם „קיבעל" צום קלאָזעט — מאקסימום אופהאלט דרײַ מינוט. מ׳גייט צום וואש־קראַן — צוויי מינוט, און צוריק אין קאמער.

זיבן אזייגער — פרישטיק: א שיסעלע קאַפּע, וואָס קלאָל שטעלט עס מיט זיך פאָר געקאָכט וואסער, א שטיקעלע צוקער און די ראציע ברויט.

אין קאמער הערשט דער פארבאָט: ס׳איז שטרענג פארבאָטן זיך אוועקצולייגן אפן בעט; זיך אוועקזעצן מיט דער פּלייצע צו דער טיר; מ׳קאָן נאָר גיין, גיין אין דער לענג און אין דער ברייט, פון איין וואנט צו דער אנדערער; מ׳קאָן עטלעכע סעקונדעס זיך אָפּרוען אָף א קלײן בענקל, אָבער מע מוז טאָמיד גיין, נאָר גיין... מיט אזא גאנג מאכט מען אדורך טעגלעך פּילצאָליקע קילאָמעטערס.

[1] קירצונג פון „סמערט שפּיאָנאם" („א טויט די שפּיאָנען") — א ספעציעלע אָפּטיילונג פון זיכערהײַט־מיניסטעריום, אנטשטאנען אין יאָר 1943 און אָנגעפירט פון גענעראל אבאקומאָוו.

דער מיטיק באשטייט פון א טעפּל אָנגעפּעטסטע וואסער, אין וועלכן עס שווימען ארום עטלעכע גערשטן־קײַלעכלעך. די זעלבע „מעניו" אין אָוונט.

צען אין אָוונט עפנט זיך דאָס פענצטערל, און די זעלבע שטים פון אינדערפרי שרײַט: „שלאָפן!" דער קאַשמאר הייבט זיך אָן, ווײַל אפילע אין בעט קאָן מען זיך ניט אויסציִען ווי מ'ווילֿ: מע מוז ליגן אפן רוקן, ביידע הענט אױף דער קאָלדרע, דאָס פּאָנעם געווענדט צום קוק־שפּאַלט — און די ליכט ברענט א גאנצע נאכט... אומעגלעך אויסצומײַדן די פארבלענדנדיקע שטראַלן, וואָס בײַסן די איִיגנלעפּלעך.

שפּעטער האָב איך זיך אויסגעלערנט פון די ארעסטאנטן דאָך צו קאָנען שלאָפן, אוועקלייגן די שקארפּעטקע אױף די אויגן, אָדער ענלעכע אײַנפאלן.

דער צירק הייבט זיך ווידער אָן: מ'איז געקומען מיך רופן און מע פירט מיך צו אן אויספאָר־שונג. אין א ווינקל פון צימער — א קליין טישל מיט א בענקל פאר דעם ארעסטאנט. אנטקעגן — א ביוראָ־טיש, ווו עס זיצט א קאפּיטאַן. איך זעץ זיך.

— האלט אײַערע הענט אפן טיש!

דער אַפּיצער נעמט א בויגן פּאַפּיר און די אויספאָרשונג הייבט זיך אָן:

— פאמיליע־נאָמען און נאָמען.

— טרעפּער, לעאָפּאָלד.

— נאציאָנאליטעט?

— יידישע.

— אויב דו ביסט א ייד, פארוואָס רופסטו זיך לעאָפּאָלד?

— א שאָד, וואָס איר קאָנט ניט שטעלן די פראגע מײַן פאָטער, ער איז שוין טויט.

ער זעצט פאָר:

— בירגערשאפט?

— פּוילישע.

— סאָציאלע אָפּשטאמונג?

— וואָס איז דאָס אזוינס?

— דײַן פאָטער איז געווען אן ארבעטער?

— ניין! — ער שרײַבט, רעדנדיק צו זיך „אָפּשטאמונג: קליינבירגערלעכע".

— פּראָפעסיע?

— זשורנאליסט.

— פארטיי־אָנגעהעריקײַט?

— פון 1925 מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

ער שרײַבט, ריידנדיק צו זיך הויך אפן קאָל:

— און ער זאָגט, אז ער איז א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון 1925.

די אויספאָרשונג איז געענדיקט. איך גיי ארויס מיט א געפיל פון אש אין מויל: פּוילישער בירגער, ייד, קליינבירגערלעכע אָפּשטאמונג. אזא איז דער סאכאקל פון מײַנע צוואנציק יאָר פארטיי־טעטיקײַט. עס ווילט זיך וויינען — כ'האלט אײַן מײַנע טרערן, איך וועל זיי דעם פארגעניגן ניט אָנטאָן.

אלע אָוונט, צען אזייגער, קומט מען מיך נעמען צו דער אויספאָרשונג, וואָס דויערט ביז האלב זעקס אינדערפרי. אזוי איז אדורך א וואָך אָן שלאָף. איך פרעג זיך: ווי לאנג וועל איך אזוי קאָנען איִיסהאלטן?

איך דערמאָן זיך דעם הונגער־שטרײַק אמאָל, אין דער ערעץ־יִסראָעלדיקער טפיסע און שטעל פעסט, אז א שלאָף־שטרײַק איז שווערער.

אָבער דאָס מאָל — א שטרײַק קעגן מײַן ווילן. דערווײַל האלט איך אויס די אויספאָרשונגען. אויספאָרשונגען? דאָס זײַנען גיכער סעאנסן, וואָס צילן מיך אײַנצוברעכן. יעדע נאכט — די זעלבע שפּיל: „דערציילט אײַערע פארברעכנס קעגן ראטנפארבאנד", כאזערט איבער אומופהערלעך דער אויספאָרשונג־אָפיצער. און איך ענטפער ווי אן אווטאָמאט:

— איך בין ניט באגאנגען קיין שום פארברעכן קעגן סאָוועטנפארבאנד!

דער קאפּיטאַן מאכט דעם אָנשטעל, אז ער איז לעגאמרע ניט פאראינטערעסירט אין מיר. ער לייענט צײַטונגען און בלויז פון צײַט צו צײַט כאזערט ער איבער זײַן פראגע, ניט אופהייבנדיק די אויגן.

איך ענטפער מעכאניש: „איך בין ניט באגאנגען..." די פראגן ציִען זיך, די צײַט גייט — איך בלײַב שטיל און שטרענג זיך אָן צו בלײַבן זיצן אומבאוועגלעך, זיבן שאָ אָן איבערייס, אױף דעם קליינעם בענקל.

פארטאָג פירט מען מיך צוריק אין קאמער. אין עטלעכע מינוט ארום דערהערט זיך דאָס קאָל פון וועכטער, וואָס גייט פון טיר צו טיר: „אופשטיין!"

כ'האָב נאָך ניט באַוויזן זיך צוצוליינגן, ווי עס שטעלט זיך א צווייטער טאָג. „זיי ווילן מיך איינ־ברעכן, — זאָג איך צו זיך אַליין. — מע דאַרף מאַרשירן, אויסהאַלטן".

ס'איז שוין די צווייטע וואָך דריטע און עס ווערט געפירט מיין אויספאַרשונג. מ'לאָזט מיך שלאָפן איין נאַכט אויף זיבן. איך פאַל אַריין אין אַ דרעמל, קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פיס. אינדערפרי הייבט זיך ווידער אָן די שפּיל.

אין אָוונט פון דער פערטער וואָך קומט אַריין אין אויספאַרשונג־צימער א קליינער מאַן מיט א פאַרגעלט, קרענקלעכן פּאָנעם. ער זעט אויס אָנגעשטרענגט, געשפּאַנט.

דאָס איז דער פּאַלקאָווניק, פּאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויספאַרשונג־אָפּטיילונג, באַרימט אין דער גאַנצער לוביאַנקע מיט זיינע אכזאָריעסן און סאַדיזם. ער האָט א פּאַרגעניגן צו דערלאַנגען קלעפּ מיט די אייגענע הענט. אין איין אָטעם גיט ער א פרעג דעם קאַפּיטאַן:

— וועלכע רעזולטאַטן האָסטו שוין דערגרייכט?

— גאָרנישט. ער איז פּאַראַקשנט, לייקנט זיינע פאַרברעכנס. ער האָט נאָך ניט אָנגעהויבן ריידן.

דער פּאַלקאָווניק דרייט זיך אויס צו מיר און לאָזט זיך אַריין אין א לאַנגער דראָשע, פול מיט קללות און דראָונגען, אגעוו, באַפּעפּערטע מיט דער באַקאַנטער, רוסישער זידל־שפּראַך.

איך שווייג, רעאַגיר ניט. ווען ער איבערצייגט זיך, אז ער האָט אָנגעטראָפן אויף א וואַנט, שטעלט ער זיך אָפּ און דראָט:

— דער אַפּרו אין לוביאַנקע איז געענדיקט, איך וועל געפינען מיטלען צו מאַכן דיך ריידן. וועסט זיך מודע זיין אין דיינע פאַרברעכנס!

ער עפנט די טיר און שרייט היסטעריש:

— נעמט אַרויס פונדאַנען דאָס טינעף!

ס'איז ניט מער ווי איינס אַזייגער באַנאַכט. מ'האָט באַדאַרפט אויסהאַלטן דעם קלאָוניש ספּעקטאַקל, קעדיי צו פאַרדינען עטלעכע שאָ שלאָף...

אין די ווייטערדיקע נעכט איז מען ניט געקומען מיך פאַרשן.

## 32.
## לעפאָרטאָוואָ

שוין מער ווי א כוידעש ווי איך געפין זיך אין דער לוביאַנקע... א געוויסן אָוונט איז דער וועכ־טער אַריין אין מיין קאַמער און צוגעוואָרפן:

— קומט מיט מיר...

איך גרייט זיך צו גיין מיט אים, נאָר ער גיט צו:

— נעמט מיט אייערע זאַכן!

אלזאָ, איך וועל בייטן די וווינונג! אן אויטאָ, וועלכע איז גוט באַקאַנט די מאָסקווער איינוווינער (זיי רופן אים: „טשאָרני וואָראָן" [„דער שוואַרצער ראָב"]), האָט אויף מיר געוואַרט פאַרן טויער. דאָס איז א לאַסט־אויטאָ, וואָס שיידט זיך ניט אונטער פון אַלע אַנדערע, וואָס פירן סכוירעס. מיט גרויסע אויסיעס איז געווען אויסגעמאָלט אויף די זייטן: פליישׁ, ברויט, פיש — אָבער אינווייניק איז די אויטאָ געווען איינגעטיילט אויף קליינע אָפּטיילונגען, איבערצופירן אַן אַנדערן סאָרט סכוירע.

מיר זיינען אָנגעקומען אין דער טפיסע לעפאָרטאָוואָ. דאָס איז געווען א מיליטעריש טפיסע, אויפגעבויט נאָך אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. דער רעזשים אין לעפאָרטאָוואָ איז געווען זייער א שטרענגער. די אַרעסטאַנטן, נאָכן פאַרלאָזן דאָס אָרט, זיינען פון דאָרט אַרויס אינוואַלידן. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט די טפיסע ניט פונקציאָנירט. אין יאָר 1937 האָט סטאַלין פאַראָרדנט עפענען די טפיסע און איינגעזעצט אין איר טוכאַטשעווסקין מיט זיינע כאַווערים.

מע האָט מיך ווידער באַזוכט און אַריינגעפירט אין אן איינצל־קאַמער. פון די ווענט האָבן גע־טריפט טראָפּנס וואַסער. כ'האָב גלייך פעסטגעשטעלט, אז די פייכטקייט דרינגט אַריין אין מיינע זאַכן. דאַקעגן האָט די קאַמער פאַרמאָגט א „לוקסוס" — א וואַסער־קראַן מיט א וואַש־שיסל, פאַרבונדן מיט די רערן פון קלאָזעט. העיויס דער אָפּלויף איז געווען פאַרשטאָפּט, האָב איך געמוזט אויסשעפּן דאָס וואַסער מיט דעם טעפּל, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן עסן.

אויף מאָרגן נאָך מיין אָנקומען האָט זיך באַוויזן דער שערער. ער האָט מיך אָפּגעראַזירט און גענומען די שער...

— איצט, — זאָגט ער, — וועל איך דיר אָפּשערן די האָר...

— איך בין נאָך ניט קיין געמישפּטעטער!

— דאָס האָט ניט קיין באַדײַטונג, מיר שערן אַלעמען אָפּ. אויב וועסט זיך קעגנשטעלן, וועל איך מיט דער מאַשינקע דיר אויסשערן אַ קרייץ אפן קאָפּ.

די וועכטער אין לעפאָרטאָווע זײַנען געווען פיל שטרענגער ווי די פון לוביאַנקע. זיי האָבן ניט געלאָזט די אַרעסטאַנטן קיין איין מינוט רוען. אומופהערלעך געקלאַפּט מיטן טירעלע פון דעם קוק־שפּאַלט. צען מאָל אין מעשעך פון דער שאָ, אונטער פאַרשיידענע פּרעטעקסטן פלעגן זיי אַרײַן אין קאַמער: „איר גייט צופיל, איר זײַט צו לאַנג געזעסן, איר באַוועגט זיך ניט גענוג״ אאַז״וו. אויך די שפּײַז איז געווען פיל ערגער ווי אין דער לוביאַנקע.

יעדן אָוונט, אַרום צען אַזייגער, האָט זיך די טפיסע אופגעװועקט צום פיבערהאַפטן נאַכט־לעבן. די טירן האָבן אָנגעהויבן אומופהערלעך צו קלאַפּן, עס האָבן אָפּגעהילכט די טריט פון די, וואָס מ׳האָט געפירט צו די אויספאָרשונגען... עטלעכע טעג נאָך מײַן אָנקומען איז דערגאַנגען מײַן ריי.

דער קאַפּיטאַן, וואָס האָט מיך געפאָרשט, שטעלט אויסטערלישע פראַגן:

— איר ווילט מיר עפּשער דערציילן, וויאַזוי איר, אַ פּוילישער בירגער, האָט געקאָנט אַרײַנקו־מען אין ראַטנפאַרבאַנד? ווער האָט אײַך אין דעם געהאָלפן?

מײַנע טשוווּעס, וועלכע ער האָט, אַגעוו, ניט פאַרנאָטירט, האָט ער אופגענומען מיט אַ ציניש געלעכטער. דער „סעאַנס״ האָט אַזוי געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. עטלעכע טעג זײַנען אַדורך. מע האָט מיך ווידער גענומען צו דער אויספאָרשונג. דער זעלבער קאַפּיטאַן. ער איז אַריבער אין אָנגריף:

— ווייסט איר, וואָס איז געוואָרן פון דער באַנדע, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דעם אַזױגערופע־נעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט, אין וועלכן איר האָט געלערנט דרײַ יאָר?

איך האָב זיך דערמאָנט עטלעכע נעמען פון אַלטע באָלשעוויקעס: מאַרכלעווסקי, בודניצקי, פרומקינאַ...[1]

— די אַלע אויסוואורפן זײַנען געוואָרן דעמאַסקירט ווי קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן. האָט מען אײַך דאָס געזאָגט?

— אויב אַזוי, דערקלער איך גאַנץ אָפן, אַז כ׳בין שטאָלץ אָנצוקערן זיך צו די אויסוואורפן! ער איז געוואָרן פאַרשטײַפט, ווי אַן אָפּגעגאָסענער מיט אײַז־קאַלטער וואַסער...

— אַ שאָד, וואָס איר האָט פאַרלאָזט דעם ראַטנפאַרבאַנד. אַנדערש וואָלט אײַער גורל שוין פון לאַנג געווען אַ געבאַסמעטער און איך וואָלט הײַנט ניט באַדאַרפט פּאַטערן מײַן צײַט מיט אײַך.

דערנאָך האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער אַלטער פּיזמען:

— דערציילט וועגן אײַערע פאַרברעכנס קעגן ראַטנפאַרבאַנד...

אין מעשעך פון דער גאַנצער סעריע אויספאָרשונגען האָט מען קיין איין מאָל ניט געשטעלט די פראַגע וועגן מײַן אַרבעט אין דער מילכאָמע־צײַט. אויך ניט וועגן רויטן אָרקעסטער. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז כ׳געפין זיך אין טפיסע נאָר דערפאַר, ווײַל איך האָב באַלאַנגט צו דער „באַנדע״ אַלטע קאָמוניסטן, וואָס זײַנען נאָך פאַר דער מילכאָמע ליקווידירט געוואָרן... דאָס, וואָס איך בין געבליבן לעבן, איז פאַר מײַנע אויספאָרשער געווען אַן „אומנאָרמאַלקײַט״, וועלכע זיי האָבן געזוכט צו „פאַרניכטן״...

אַ געוויסע נאַכט, אַרום פיר פאַרטאָג, איך בין נאָרוואָס געהאַט צוריקגעקומען פון דער אויס־פאָרשונג, האָט זיך געעפנט די טיר פון מײַן קאַמער און צוויי וועכטער זײַנען אַרײַן מיט אַ טראָגבעטל, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ גויסעסדיקער מאַן. זיי האָבן דעם פאַרוווּנדעטן אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ליידיקער בעט און אַרויס פון דער קאַמער, ניט אַרויסריידנדיק קיין וואָרט. איך בין צו אים צו מיט אַ נאַס טיכל און געוואַשן זײַן אָנגעשוואָלן פּנעם, וואָס האָט געהאַט אויף זיך סימאָנים פון אַ סאַך קלעפּ. דער מאַן האָט מיט קרעכצן און ווייטיקן זיך איבערגעדרייט אפן בויך. ער איז געווען אַן אָפּי־צער פון דער רויטער אַרמיי, וואָס איז איצט דורכגעגאַנגען אַן „אינטענסיווע״ אויספאָרשונג. אינדערפרי האָבן די וועכטער אים איבערגעטראָגן אין אַן אַנדערער קאַמער.

אין אָוונט איז מען געקומען מיך נעמען. די אויספאָרשונג האָט געפירט אַ פּאָלקאָווניק. זײַן ערשטע פראַגע האָט ער באַגלייט מיט אַ צופרידענעם שמייכל...

— איר האָט אים געזען הײַנט אינדערפרי? וואָס זאָגט איר?

— איר מיינט אַוואַדע דעם מאַן, וואָס דערוועקט ראַכמאָנעס און וועלכן מ׳האָט געבראַכט אין מײַן קאַמער?

— אַוואַדע מיין איך אים. מיר האָבן געוואָלט ווײַזן, וואָס מיר זײַנען מעסוגל אײַך צו טאָן.

---

[1] עסטער פרומקינאַ איז געווען אַ באַקאַנטע פירערן פון „בונד״. נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז זי אַרײַנגעטראָטן אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און געוואָרן רעקטאָרן פון דעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט אויף מאַרכלעווסקיס נאָמען. באַשטימט פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן פון מײַרעוו.

— הערט זיך אײַן, פֿאַלקאָווניק, איך וואָרן אײַך פֿײַערלעך, אַז אויב וועט פֿון אײַך וועט מיך אָנרירן מיט אַ פֿינגער, נאָר מיט איין פֿינגער, וועט איר קיינמאָל ניט הערן מער דעם קלאַנג פֿון מײַן שטים. אויב איר וועט לעגאַבע מיר אָנווענדן די שענדלעכע באַהאַנדלונג, וועל איך אײַך באַטראַכטן ווי סאָנים פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד און וועל רעאַגירן מיט מײַן גאַנצן איבערצײַגונג־קױעך. איך זאָל אַפֿילע וויסן דערפֿאַר מאַקריוו צו זײַן מײַן לעבן!

דער פֿאַלקאָווניק האָט מיך אַ ווײַלע באַטראַכט, געווען פֿאַרווונדערט פֿון דעם טאָן, אָבער דערנאָך פֿאַנאַנדערגעבונדן די צונג. אַף מיר האָט אַ פֿלייץ געטאָן אַ כוואַליע פֿון זידלווערטער, וואָס האָבן באַרײַכערט מײַן לעקסיקאָן. צום סאָף איז ער אַרויס, מיט אַ זעץ אין טיר...

מײַן שטענדיקער אויספֿאָרשער, וואָס האָט זיך שוין באַרויִקט, פֿאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זײַן פֿאַרשטענדיק און אים ניט פּראָוואָצירן. איך זאָג אים:

— איך באַטראַכט אײַך ניט ווי קיין פֿאָרשטייער פֿון דעם סאָוועטישן רעזשים. איך האָב די האָפֿענונג און אויך דעם ווילן אײַך איבערצולעבן, זאָל זײַן כאָטש אַף איין טאָג. וואָס שײַעך דער „באַנדע”, וועלכע איר האָט דערמאָרדעט, דאָ אָדער ערגעץ אַנדערש, און וועגן וועלכער איר האָט מיט מיר גערעדט דאָס פֿאָריקע מאָל, — טאָ מאַכט אײַך ניט קיין איליוזיעס. איר וועט טיילן דעם זעלבן גוירל...

— פֿאַרוואָס זידלט איר מיך? — האָט דער קאַפּיטאַן זיך צעבייזערט. — איך פֿיל אויס נאָר מײַן פֿליכט...

— אײַער פֿליכט? איר גלייבט, אַז איך בין נאַיִוו און ווייס ניט, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען נאָך דעם טויט פֿון קיראָוון? דאָ איז די „מיל פֿונעם טײַוול”! איר דאַרפֿט אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז דאָ, אין דער „מיל פֿון טײַוול”, האָבן פֿיל פֿון אײַערס גלײַכן געהאַט דעם זעלבן סאָף ווי די קאָרבאָנעס, וועלכע זיי גופֿע האָבן פֿאַבריצירט.

ער האָט ניט געענטפֿערט. זײַן קאַס האָט מיר פֿאַרלײַכטערט דאָס געמיט. בייסן אַרויסגיין האָב איך איבערגעכאַזערט:

— יאָרן קענט איר שטעלן די פֿאָדערונג, איך זאָל זיך מוידע זײַן אין די פֿאַרברעכנס, וועלכע כ׳בין באַגאַנגען קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד! איר וועט טאָמיד פֿון מיר באַקומען די זעלבע טשוווע: „איך בין ניט באַגאַנגען קיין שום פֿאַרברעכן קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד!”

אין מעשעך פֿון לאַנגע וואָכן בין איך פֿאַרבליבן איזאָלירט אין מײַן קאַמער. אַ געווויסן אָוונט האָט זיך די טיר געעפֿנט, און די באַקאַנטע אײַנלאַדונג האָט זיך איבערגעכאַזערט:

— נעמט צונויף אײַערע זאַכן און קומט מיט מיר...

ווידער זיך איבערקלײַבן? וווהין? צו מײַן גרויס פֿאַרווונדערונג האָב איך זיך צוריקגעפֿונען אין דער ליביאַנקע און מיט אַ געווויסן פֿאַרגעניגן ווידער זיך אומגעקערט אין מײַן קאַמער. איך פֿיל זיך קימאַט ווי בא זיך. אין מעשעך פֿון צוויי וואָכן האָט מען מיך צורו געלאָזט. אין איין אָוונט, אַרום צען אַזייגער, נעמט מען מיך ווידער צו דער אויספֿאָרשונג. אַ נײַער אויספֿאָרשער, אַ פֿאַלקאָווניק, האָט איבערגענומען מײַנע אַקטן. אַ מאַן פֿון אומגעפֿער פֿערציק יאָר, אַ סימפּאַטיש געזיכט. ער בעט מיך זיצן. עס שאַפֿט זיך אַן אַטמאָספֿער, פֿון וועלכער איך בין שוין אָפּגעוווינט. ער נעמט פֿון זײַן טיש אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן „קאַזבעק” און איז מיך מעכאַבעד. אין דער צײַט פֿון דער מילכאָמע בין איך געוואָרן אַ גרויסער רייכערער — און דאָ זײַנען שוין פֿאַריבער דרײַ כאָדאָשים, ווי איך האָב ניט קיין איין סיגאַרעט. איך קוק אַף אים און קוק אָפֿן ווײַסן שאַכטל. איך גיי אויס פֿון כיישעק צו פֿאַררייכערן, נאָר דאָך זאָג איך אים:

— ניין, אַ דאַנק, איך רייכער נישט!

נעמען אַ סיגאַרעט באַטײַט — אַרײַנגיין אין זײַן שפּיל, דאָס איז דער אָנהייב פֿון קאַפּיטולירן. זײַן ערשטע פֿראַגע קלינגט מאָדנע אין מײַנע אויערן:

— ווי פֿילט איר זיך? זײַט איר ניט פֿאַרמאַטערט פֿון די אויספֿאָרשונגען?

מײַן אויספֿאָרשער האָט מיך באַפֿרײַט אַרום צוויי אַזייגער. אַזוי אויך האָט ער געהאַנדלט שפּעטער. אַן אומגעהײַערער פֿאָרשריט... אין מעשעך פֿון צוויי כאָדאָשים האָט אָנגעהאַלטן דער דאָזיקער רעזשים. מײַן אויספֿאָרשער האָט ניט צונויפֿגעשטעלט קיין פּראָטאָקאָלן, נאָר פֿאַרנאָטירט. גאַנץ אָפֿט האָט ער מיט מיר געשמועסט וועגן פּאַריזש, בריסל, רוים און בערלין. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער קען אייראָפּע. אַז איך האָב דאָ צי טאָן מיט אַ געוועזענעם אָפּיצער פֿון קאָנטער־שפּיאָנאַזש, וואָס האָט זייער פֿיל „געראײַזט”. ביסלעכווײַז האָט ער זיך פֿאַרינטערעסירט מיט מײַן אַרבעט אין דער צײַט פֿון דער מילכאָמע. ער איז שטאַרק נײַגעריק. אין גאַנג פֿון אונדזערע „שמועסן” האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז אים איז גוט באַקאַנט די געשיכטע פֿונעם רויטן אָרקעסטער, ס׳איז אים נאָר שווער צו באַנעמען, וויאַזוי האָט די נעץ געקאָנט פֿונקציאָנירן מיט אַזאַ קליינער צאָל פּראָפֿעסיאָנאַלן פֿון געהיים־דינסט, און ווי איז געווען מעגלעך אונטערצונעמען אָפּעראַציעס אין אַזאַ ברייטן מאַסשטאַב. די פֿראַגע מאַטערט אים: דער רויטער אָרקעסטער האָט ניט אַנטשפּראָכן קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלער סטרוקטור,

ווי ער פאַרשטייט. עטלעכע נעכט האָט ער מיך געלאָזט צורו. איך האָב צוריקגעפונען דעם שלאָף און אויך די האָפענונג, אַז די געשיכטע וועט זיך סאָפּקאָלסאָף ענדיקן צום גוטן.

דער גורל פון מײַן מישפּאָכע באַמרויִקט מיך. כ׳ווייס זייער גוט, וואָס עס קומט געוויינלעך פאָר מיט די מישפּאָכעס פון די אַרעסטירטע.

איין נאַכט האָב איך מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן און געזאָגט מײַן אויספאָרשער, אַז איך שרעק זיך פאַר מײַן מישפּאָכע, אויב זייער גורל איז ניט טראַגישער פון מײַנעם. ער האָט אַף דעם ניט געענטפערט. נאָר עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט געזען די מײַניקע. ער האָט זיי געבראַכט די מאַטאָנע, וועלכע כ׳האָב פאַר זיי געקויפט אין קאַיר (ער האָט זיי אַרויסגענומען פון טפּיסע־דעפּאָזיט. ער האָט דערציילט מײַן פרוי, אַז ער קומט פון אויסלאַנד און איר איבערגעגעבן פיל גרוסן פון מיר...).

— האָט מען זיי ניט פאַרשיקט קיין סיביר?

— זאָרגט אײַך ניט, ס׳וועט זיי גאָרנישט געשען.

אפילע ווען איך האָב ניט אין אַלץ געגלייבט, האָט ער דאָך מיך באַרויִקט. מיר איז לײַכטער געוואָרן איבערצוטראָגן דאָס לעבן פון אַן אַרעסטאַנט.

א נאַכט אין כוידעש יוני, אַרום צוויי פאַרטאָג, איז מען געקומען מיך נעמען. שמייכלענדיק, פרעגט מיך דער אויספאָרשער:

— טרעפט, וועמען איך בין געגאַנגען אָפּנעמען אָפן אַעראָפּאָרט? פאַנוויצן און קענטן!

איך בין געווען זיכער, ער לאַכט:

— נאָך עפּעס: פאַנוויץ איז געקומען מיט זײַן סעקרעטאַרשע, ראַדיאָ און פּיפּצן טשעמאָדאַנעס! אין זײַן אייפער צו דינען, האָט ער אַפילע מיטגעבראַכט די רעשימע פון די דײַטשישע אַגענטן, וואָס זײַנען טעטיק אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, ווי אויך דעם קאָד, וואָס דערמעגלעכט צו דעשיפרירן די קאָרעספּאָנדענץ צווישן רוזוועלטן און טשערטשילן.

דעם זעלבן אָוונט זײַנען פאַנוויץ מיט זײַנע באַגלייטער שוין געשלאָפן אין דער לוביאַנקע. וואָס פאַר אַן איראָניע פון דער געשיכטע: דער שעף פון רויטן אָרקעסטער און דער שעף פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע געפינען זיך עטלעכע מעטער איינער פון דעם אַנדערן, אין דער זעלבער טפּיסע.

אין יענער נאַכט האָט די אויספאָרשונג זיך פאַרנומען מיט אויספרעגן מיך וועגן פאַנוויצן און פון דער לאַנגער רעשימע פון זײַנע פאַרברעכנס. איך האָב דערציילט וועגן דעם מאָרד פון סיוזאַן ספּאַאַק און פערנאַנד פּאָריאַל און די פּרוּוון פון פאַנוויצן אָפּצוראַמען אַלעמען פאַר זײַן פאַרלאָזן.

אין מעשעך פון פיר כאָדאָשים האָבן מיר אַרומגערעדט אַלע פּראָטים, וואָס האָבן געהאַט א שײַכעס צום רויטן אָרקעסטער: די „גרויסע שפּיל", די טרעפונג מיט זשיליעט, די באַציִונגען מיט בערלין אאוו. דעם פינפטן כוידעש האָט ער מיך מער ניט געפאָרשט. מײַן אויספאָרשער האָט צוגעגרייט דעם פּראָטאָקאָל אָפן סמאָך פון זײַנע נאָטיצן. א געוויסן אָוונט האָט ער מיך גערופן און דערלאַנגט דעם דאָקומענט:

— דאָ האָט איר דעם פּראָטאָקאָל, לייענט אים דורך. אויב איר געפינט אים פאַר ריכטיק, שרײַבט אונטער.

איך האָב געלייענט איין מאָל, צוויי מאָל — און געוואָרן אופגעציטערט. ער האָט געשריבן גענוי דאָס פאַרקערטע, וואָס איך האָב אים דערציילט...

— הערט זיך אײַן, פאָלקאָווניק, איינער פון אונדז ביידע האָט פאַרלוירן דעם סייכל... דער פּראָטאָקאָל איז פאַלש פון דער ערשטער שורע ביז דער לעצטער.

— אַלזאָ, ווילט איר ניט כאַסמענען?

— איר אַליין גלייבט דען, אַז איך וועל כאַסמענען די פיר זייטן ליגנס?

ער באַמרויִקט זיך ניט...

— איר כאַסמעט ניט?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין!

ער האָט בא מיר גענומען דעם דאָקומענט, אים אוועקגעלייגט אָפן טיש, גלײַך ס׳וואָלט גאָרניט פאָרגעקומען און אַריבערגעפירט דעם שמועס אויף אומבאַדײַטנדיקע טעמעס... צוויי וואָכן צײַט האָט זיך געצויגן די קאָמעדיע.

— איר כאַסמעט?

— ניין.

— איר ווילט ניט כאַסמענען?

— ניין!

— פאַרוואָס ווילט איר ניט כאַסמענען?

איין נאַכט איז געקומען דער שעף פון דער אָפּטיילונג. זײַן פאַרצעף איז פאַרביטערט און פאַרצאָרנט, ווי טאָמיד. ער פרעגט דעם פאָלקאָווניק:

— נו, ווי נאָך לאַנג וועט זיך ציִען דער איניען?..

איך האָב דערויף געענטפערט:

— ביזן לעצטן טאָג פון מײַן לעבן!

א כוואַליע פון זידלערײַען. דער פּאַלקאָווניק דראָט אויך:

— פאַרגעסט ניט, אַז איר האָט א מישפּאָכע. אײַער אקשאַנעס קאָן זיי טײַער קאָסטן...

צוויי אָדער דרײַ טעג שפּעטער בין איך געװאָרן אינמיטן נאכט. אין קאָרידאָר, וועלכער פירט צום אויספאָרשונג־צימער, איז שטיל. אַנשטאָט מיך אַרײַנפירן אין דעם געוויינלעכן צימער גיט מען זיך אין א זאַל באַם סאָף פונעם קאָרידאָר. דער אויפפאָרשער איז שוין דאָ. איך גיי צו צו מײַן קליין טישל, ער פאַרבעט מיך אָבער זיך זעצן בא זײַן שרײַבטיש. איך זע ניט מער דעם פּראָטאָקאָל.

— איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פאַרצוזעצן די אויספאָרשונג. איך האָב אײַערע אקטן איבערגעגעבן מײַנע שעפן.

איך בין געבליבן סקעפּטיש צו דער דאָזיקער דעקלאַראַציע...

— אויב איר האָט געקאָנט צונויפשטעלן א פּראָטאָקאָל מיט אזויפיל שעקער, ענדערט דאָס פאַר מיר גאָרניט, אפילע אַן אנדערער אויספאָרשער וועט אײַך פאַרטרעטן. איר זײַט אלע די זעלבע.

ער לאַכט...

— איר זײַט, אלזאָ, בא דער מיינונג, אַז מיר זײַנען אלע דינער פון טײַוול?

— יאָ, איך מיין אזוי. די פאָרמען בײַטן זיך, אָבער דער ציל בלײַבט דער זעלבער. פון מיניסטער ביז צום נידעריקסטן אַנגעשטעלטן פון דעם „הויז" האָט איר אלע דעם זעלבן ציל: אומברענגען די בעסטע קאַדרען פון דער פּאַרטיי!

— איך וואָלט מיט אײַך געוואָלט ריידן אונטער פיר אויגן... ווען איך האָב ניט צו אײַך קיין צוטרוי, וואָלט איך וועגן דעם ניט גערעדט. אויב איר וועט מײַנע שעפן דערציילן דאָס, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, וועל איך נאָך הײַנט אין אָוונט טיילן מיט אײַך די קאַמער...

אין נאָך א קורצער האַפסאָקע:

— די ערשטע זאַך, וואָס כ'וויל אײַך זאָגן: האַלט אויף אײַער אנטשלאָסנקײַט און אײַער אומדערשיטערלעכן ווילן אין די לאַנגע יאָרן פון טפיסע, וואָס דערוואַרטן אײַך. דעריקער — טוט ניט אָפּ קיין נאַרישקײַט...

— א נאַרישקײַט? איר גלייבט, אַז איך וועל באַגיין זעלבסטמאָרד? אָ, ניין! איך וועל קעמפן ביזן סאָף. מײַן גאַנצער ווילן איז געריכטעט צו איין ציל: אײַך איבערצולעבן...

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט א טרויעריקן שמייכל:

— איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז איר וועט אזוי ריידן. איך האָב באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון אײַערע אקטן, ווײַל מײַן געוויסן פון א מענטש און קאָמוניסט האָט עס מיר פאַרבאָטן. איך ווייס, אַז דאָס וועט מיר פאַרשאַפן א סאַך אומאַנגענעמלעכקײַטן. איך בין אָבער גרייט אױף אַלץ. איידער מיר גייען זיך פאַנאַנדער, וואָלט איך געוואָלט עפּעס אופקלערן, וואָס פיל אַרעסטירטע, אויך איר, באַנעמען עס ניט. איר גלייבט, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער טראַגעדיע, וועלכע מיר לעבן איבער, געפינען זיך דאָ, אין זיכערהײַט־מיניסטעריום. א טעות! מיר זײַנען נאָר די אויספירער פון סטאַלינס פּאָליטיק און פון דער פּאַרטיי־אָנפירונג...

— טרײַע אויספירער...

— געוויס, אָבער די נ.ק.וו.ד. איז ניט קיין אינסטיטוציע, וואָס שטייט איבער דער פּאַרטיי. זי פילט נאָר אויס אירע באַפעלן. מעגלעך, אַז די אָנפירונג פון דער נ.ק.וו.ד. ווײַזט ארויס צופיל אײפער באַם אויספילן סטאַלינס אָנווײַזונגען און כאַפּט איבער די מאָס. סטאַלין דערקלערט, לעמאַשל, אַז אין גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג פאַרטיפט זיך אַלץ מערער דער קלאַסן קאַמף. קעדיי צו באַווײַזן די ריכטיקײַט פון דער פּאָליטיק, ליקווידירט די נ.ק.וו.ד. וואָס א מאָל מערער „סאָנים".

— פונוואַנען נעמט זיך, וואָס די אָפּיצערן־אויספאָרשער ווײַזן אַרויס אזויפיל אַכזאָריעס צו די אַרעסטירטע, ווען זיי אליין ווייסן, אַז די, וועלכע זיי פאַרשן, זײַנען אומשולדיק?

— די אלע, וואָס אַרבעטן דאָ, דאַרף מען ניט אַרײַנלייגן אין איין זאַק. די יונגע האָבן ניט קיין דערפאַרונג. זיי פילן אויס די אַרבעט מיט דער איבערצײַגונג, אַז זיי פאַרניכטן די סאָנים פון דער פּאַרטיי, פון סטאַלינען און פון ראַטנפאַרבאַנד. אנדערע טוען די מעלאָכע אָן שום איבערצײַגונג. זיי גלייבן ניט אין דעם, וואָס זיי טוען. נאָר אויב זיי וועלן זיך אָפּזאָגן דאָס צו טאָן, איז זיי באַוווּסט, אַז מאָרגן וועלן זיי גופע זיצן אױף דער באַשולדיקונגס־באַנק, דער טעראָר איז די טרײַבקראַפט פון דער סיסטעם. אויסער דעם, זײַנען אויך פאַראַן סאַדיסטן און אזעלכע, וואָס זוכן צו מאַכן א קאַריערע. א געוויסן טאָג וועט צו דעם אלעם נעמען א סאָף. ס'וועט זיך טוישן די פּאַרטיי־אָנפירונג, איך אָבער וויל ניט זײַן קיין אָנטיילנעמער אין די פאַרברעכנס. אײַער גורל, ווי דער גורל פון די אַלטע קאַדרען פון בערזינס גרופּע, איז נאָך געוואָרן באַשטימט פאַר אײַער ערשטער אויספאָרשונג...

ער האָט מיט קראַפט ווידער איבערגעכאַזערט:

— מײַן געװיסן פֿון א קאָמוניסט דערלױבט ניט, אז איך זאָל דאָס מיטמאכן...
בײס ער האָט גערעדט, האָב איך צו זיך צוגערוקט דאָס שאכטל פּאפּיראָסן, װאָס איז געלעגן אפֿן טיש, און פֿארײכערט אײנעם... א פֿארװוּנדערטער, האָט ער איבערגעריסן זײַנע רייד און געפֿרעגט:
— איר רײכערט?
— איך בין א לײַדנשאפֿטלעכער רײכערער!
— אין משך פֿון פֿינף כאדאָשים האָט איר ניט געװאָלט בא מיר נעמען קײן פּאפּיראָס, װײַל איך געפֿין זיך אױף דער אנדערער זײַט! איך באדױער ניט, װאָס כ'האָב געהאט מיט אײַך דעם אָפֿנהארציקן שמועס.
ס'איז געװען זיבן אינדערפֿרי. עס האָט גענומען שאַרײַען אױף טאָג. מיר האָבן זיך לאנג געדריקט די הענט. בײַסן פֿארלאָזן דעם צימער האָט דער פּאָלקאָװניק צוגעגעבן:
— איך האָף, אז מיר װעלן זיך נאָך זען אױסער דער טפֿיסע.[1]
דערװײַל האָט די נ.ק.װ.ד. זיך באמיט צו פֿארװישן די שפּורן פֿון מײַן אָנװעזנהײַט אין דער לוביאנקע. מײַן פֿרױ ליובע האָט באקומען אן אָפֿיציעלן בריװ פֿון דער געהײם־דינסט פֿון דער ארמײ, אין װעלכן מע האָט איר מיטגעטײלט, אז אין דער צײַט פֿון דער מילכאָמע בין איך פֿארשװוּנדן... דער באגריף „פֿארשװוּנדן" האָט אנטהאלטן זײער פֿיל פּאָלגן. מײַן מישפּאָכע װעט ניט באקומען קײן פּענסיע, אָבער די לײזונג װעט זי אױך פֿארהיטן פֿון פֿארשיקט צו װערן קײן סיביר. מײַן פֿרױ האָט זיך געקױפֿט א קלײנעם באראק אין א פֿאָרשטאָט פֿון מאָסקװע און זיך באזעצט אין אים מיט די קינדער. אױב װער פֿון מײַנע פֿרײַנט, פֿון פֿראנקרײַך אָדער פֿון ערגעץ אנדערש־װוּ, האָבן זיך פֿאַרינטערעסירט מיט מײַן גורל, האָט די נ.ק.װ.ד. געהאט די מעגלעכקײַטן צו באװײַזן, אז די מײַניקע זײַנען געזונט און לעבן אין פֿרײַהײַט.
(דער ייִדישער שרײַבער איציק פֿעפֿער איז געװאָרן ארעסטירט אין 1948 צוזאמען מיט אנדערע מיטגלידער פֿון דעם ייִדישן אנטיפֿאשיסטישן קאָמיטעט. א צײַט שפּעטער האָט דער אמעריקאנער זינגער פּאָל ראָבסאָן, זײַענדיק אין מאָסקװע, פֿארלאנגט צו זען זיך מיט זײַן פֿרײַנט פֿעפֿער.
— אװאדע קאָנט איר זיך מיט אים זען, איר מוזט אָבער האָבן געדולד און צװוארטן א װאָך צײַט, ער רוט זיך איצט אױף באם שװארצן יאם...
אין משך פֿון דער װאָך האָבן די נ.ק.װ.ד.־לײַט געשטאָפּט פֿעפֿערן מיט רעפֿועס און שפּײַז, קעדײ צו ענדערן דעם װאקס־קאָליר פֿון זײַן פּאָנעם, באקלײדט אים מיט נײַע מאלבושים און אװעקגעפֿירט צו ראָבסאָנען אין האָטעל. נאָכן װיזיט, האָבן זײ אים אָפּגעפֿירט צוריק אין טפֿיסע און אין אװגוסט 1952 האָבן זײ אים דערשאָסן.)
אָנהײב 1946 האָט מען מיך װידער איבערגעפֿירט קײן לעפֿאָרטאָװאָ, װוּ איך בין פֿארבליבן א קארג יאָר. א נײַער אָפֿיצער, א מאיאָר, האָט איבערגענומען מײַן אינינען. ער האָט באנײַט די טאקטיק — די פֿאנטאזיע פֿון די סאדיסטן איז אָן א גרענעץ — ער האָט מיט א באזונדערן אײפֿער געזאָרגט דערפֿאַר, אז מײַנע באדינגונגען אין טפֿיסע זאָלן זײ װאָס פּײַנלעכער...

## .33
## דאָס הױז פֿון די טױט־לעבעדיקע

אדיע, לעפֿאָרטאָװאָ...
דאָס מאָל האָט די טפֿיסע־אױטאָ, װאָס פֿארלאָזט מאָסקװע, גאָר זיך פֿארנומען אױף א װעג, װעלכער פֿירט אין א װאלד. נאָך עטלעכע שאָ פֿאָרן, זײַנען מיר אָנגעקומען צו א ביניען, פֿארשטעקט צװישן בײמער. דער אױסערלעכער אױסזען פֿון דעם הױז האָט לאכלוטן ניט דערמאָנט קײן טפֿיסע. איך האָב שױן אמאָל געהערט רײדן פֿון דעם באזונדערן „הױז", װעלכן די ארעסטאנטן האָבן גערופֿן „דאטשע"... אָבער נאָך הײַנט איז מיר ניט באקאנט זײַן ריכטיקער נאָמען. א װעכטער האָט זיך דערנעענטערט און מיר אײַנגערוימט אין אױער:
— דאָ רעדט מען שטיל!
אין דעם הױז האָט מען ביזן קלענסטן פּראט אױסשטודירט, קעדײ אױסצומײַדן א גערױש. די טירן קרעכצן ניט באם עפֿענען, די שליסלען אין די שלעסער דרײען זיך שטיל און אין די קאָרי־

[1] אין 1955 האָב איך אים באגעגנט אין א מאָסקװער באָד־אנשטאלט. צװײ יאָר נאָך אונדזער „געשיכטע" איז אים געלונגען צו פֿארלאָזן די נ.ק.װ.ד.

דאָרן הערט זיך ניט קיין שום באַוועגונג. אָנקומענדיק, האָט מען מיך ניט באַזוכט, נאָר גלײַך אַרײַנ־געפירט אין אַ קאַמער, וועלכע האָט מיך דערשטוינט. איר גרייס: דרײַ טריט די לענג און צוויי טריט די ברייט. אַן אופֿלייג־בעטל, צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט, אַ קליין ברעטל מיט אַ בענקל האָבן דער־גאַנצט דאָס „מעבל". די ווענט באַדעקט מיט איזאָליר־מאַטעריאַלן. אין דער הייך — אַ קליינטשיק פענצטערל, וואָס האָט אַרײַנגעלאָזט אַ ביסל לופֿט. שטיל! איך הער די שטילקייט! עס הערשט אַן אַבסאָליוטע, טיפֿע, דערדריקנדיקע שטילקייט. איך בין אָנגעקומען אינמיטן דער נאַכט. אין אַנדערע טפּיסעס הערשט פֿונדערפֿרי און אַ גאַנצע נאַכט אַן אומופּהערלעכער טומל און גערויש. דאָ איז אַ שטילע וועלט. פֿאַרבלענדט פֿון דעם ליכט, וואָס האָט געלויכטן אַ גאַנצע נאַכט, איז מיר געווען אומעגלעך אײַנצושלאָפֿן. איך האָב אומזיסט געזוכט צו דערהערן עטלעכע קלאַנגען, וועלכע זאָלן צעשטערן דעם יאַם פֿון רויקייט.

איך בין אויפֿגעשפּרונגען פֿון שלאָף אַ דערשראָקענער. עס האָט עמעצער מיר געשושקעט אין אויער. דאָס איז געווען דער וועכטער, וואָס האָט פֿאַרלאַנגט, איך זאָל זיך אויפֿהייבן. איך האָב אים ניט געהערט אַרײַנקומען, ווײַל ער האָט געטראָגן גראָבע, פֿילצענע שטעקשיך. אַפֿילו די טיר האָט זיך געעפֿנט, ניט אַרויסלאָזנדיק קיין קלאַנג.

עס איז שוין באַגינען. די שאָען, וועלכע זײַנען ניט ריטמיזירט דורך דעם כאַראַקטעריסטישן גערויש, ווי אין אַנדערע טפּיסעס, גייען דאָ אַדורך אומבאַמערקט. טעג און וואָכן גייען דאָ פֿאַרבײַ אין אַ טויטער שטילקייט. מע פֿאַרלירט דאָס געפֿיל פֿון טאָג און נאַכט, דעם שטראָם פֿון דער צײַט. קיינער פֿרעגט מיך ניט, קיינער רעדט ניט צו מיר. מ׳דערלאַנגט דאָס עסן דורכן פענצטערל. אָן אויס־צוריידן אַ וואָרט, אָן לאָזן הערן אַ קלאַנג. מײַן קאַמער איז אַ קייווער און כ׳הייב אָן גלייבן, אַז איך בין באַגראָבן לעבעדיקערהייט. פֿון צײַט צו צײַט רײַסט דורך די שטילקייט אַן אומענטשלעכער, אופֿשוי־דערנדיק געשריי, וואָס דרינגט אַדורך די שטומע ווענט. ערגעץ־ווו, עטלעכע מעטער פֿון מײַן קאַמער, גייט אַן אַרעסטירטער אַראָפּ פֿון זינען.

ווי איז מעגלעך זיך קעגנצושטעלן דעם פּאַכעד פֿון דער שטילקייט, וואָס דריקט? איך האָב זיך צוגעוווינט צו לעבן מיט מײַנע מאַכשאָוועס. איך לעב מיט מײַנע געדאַנקען, מיט מײַנע זאָרגן, מיט מײַן סייכל. די דאָזיקע „פּאַרטנערן" האָבן מיך פֿאַרזיכערט, אַז איך וועל אויסהאַלטן.

מיטאַמאָל, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, איז מען געקומען מיך נעמען און אַרײַנגעפֿירט אין אַ צימער, ווו ס׳האָט זיך געפֿונען אַן אויספֿאָרשער־אָפֿיצער און צוויי אין ציוויל. די צוויי זײַנען געווען מומכים אויף פּעסטצושטעלן דעם גײַסטיקן צושטאַנד פֿונעם „לעבעדיקן מעס".

דער אָפֿיצער ווענדט זיך צו מיר:

— אַלזאָ, ווי פֿילט איר זיך?

— אַ דאַנק, זייער גוט, איך בין זייער צופֿרידן...

מײַן ענטפֿער, זעט אויס, האָט זיי איבעראַשט...

— זייער צופֿרידן? וואָס טוט איר דען איינער אַליין אַ גאַנצן טאָג, ניט זעענדיק קיינעם און ניט האָבנדיק גאָרנישט צום לייענען?

— ביכער? איך שרײַב אַ בוך!

זיי קוקן זיך איבער. די „באַהאַנדלונג" האָט, ווײַזט אויס, געווירקט...

— אַ בוך? וויאַזוי שרײַבט איר אַ בוך?

— איך שרײַב דאָס אין מײַן קאָפּ.

— עפּשער קאָן מען וויסן דעם אינהאַלט?

— אַוודאי! איר און אײַערס גלײַכן זײַנען דער אינהאַלט פֿון מײַן בוך.

— אַלזאָ, איר פֿאַרלאַנגט ניט, מ׳זאָל אײַך איבערפֿירן אין אַ נאָרמאַלער טפּיסע?

— מיר איז אַלצײַנס, איך קאָן דאָ בלײַבן!

מע האָט מיך אָפּגעפֿירט צוריק אין מײַן קייווער. איך בין אָפּסנײַ פֿאַרזונקען אין דער שטילקייט, וועלכע ווערט נאָר פֿון צײַט צו צײַט איבערגעריסן דורך אַ ווילד געשריי פֿון אַן אַרעסטירטן, וועמען ס׳איז באַפֿאַלן אַ מעשוגאַס.

אויך איך האָב געפֿילט אַ באַדערפֿעניש צו עפֿענען דאָס מויל און שרײַען. איך גיב זיך ניט אָפּ קיין כעזשבן פֿון דער צײַט, וואָס פֿאַרגייט. מ׳האָט מיך צום צווייטן מאָל גערופֿן צו אַן אויספֿאָרשונג, ווו איך האָב געטראָפֿן די זעלבע פּאַרשוינען...

— אַלזאָ, נאָך צוויי כאָדאָשים, ווי איר זעט דאָ, ווי פֿילט מען זיך איצט?

— אויב איר ווילט מיך דאָ אומברענגען, וועט עס דויערן זייער לאַנג, אַ גאָר לאַנגע צײַט; איך פֿיל זיך דאָ אויסגעצייכנט גוט...

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען מיך צוריקגעפֿירט אויף דער לוביאַנקע. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז כ׳האָב שוין אַדורכגעמאַכט די שווערסטע צײַט, די אויספֿאָרשונגען האָבן זיך אָפּגעשטעלט, מ׳האָט מיך געלאָזט צורו. אַן איין־און־איינציק מאָל האָב איך געהאַט דעם קאָוועד, מ׳זאָל מיך אַרויסרופֿן

אין מיניסטעריום. אין דעם לאנגן קאָרידאָר, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען צום מיניסטער, איז מײַן בליק געפאַלן אױף א פּלאַקאַט, וואָס דאָס אָרט, ווו ער האָט זיך געפונען, האָט אַרויסגערופן א שמייכל... די אפישע האָט אָנגעזאָגט א גרויסן אָוונט אין אָפיצערן־קלוב, מיט דער באַטייליקונג פון אַרקאַדי רײַקינען. די טעמע פון דעם אָוונט: „קומט אױף א פרײַנטלעכן שמועס".

אַרײַנקומענדיק אין ביוראָ פונעם גענעראַל אבאַקומאָוו, וועלכער איז געוואָרן זיכערהייט־מיניסטער, האָב איך נאָך אַלץ געשמייכלט.

אבאַקומאָוו, וואָס איז, ווי טאָמיד, געווען אויסגעפּוצט אין א הערלעכן שניפּס, האָט מיך געפרעגט:

— וואָס זײַט איר אַזוי פריילעך?

— אין די אויגן פון אַן אַרעסטאַנט מאַכט א קאָמישן אײַנדרוק א פּלאַקאַט, וואָס לאַדט אים אײַן אױף א „פרײַנטלעכן שמועס". איר האָט צוגעווינט די אַרעסטירטע צו שמועסן פון אַן אַנדער כאַראַקטער...

אױף דער באַמערקונג האָט ער ניט געענטפערט, אָבער...

— זאָגט מיר, פאַרוואָס האָבן אין אײַער נעץ זיך געפונען אַזויפיל ייִדן?

— אין מײַן נעץ, בירגער גענעראַל, האָבן זיך באַטייליקט קעמפער פון דרײַצן נאַציאָנאַליטעטן. דער איינציקער קריטעריי באַם אויסוואַל אָנטיילנעמער אין דער שפּיאָנאַזש־טעטיקייט איז געווען: דער ווילן צו קעמפן ביזן סאָף קעגן נאַציזם. איך האָב געהאַט אַבסאָליוטן צוטרוי צו מײַנע ייִדישע פרײַנט, וועלכע איך האָב געקענט פון לאַנגע צײַטן. איך האָב געוווּסט, אַז זיי וועלן קיינמאָל ניט פאַראַטן. די ייִדן, בירגער גענעראַל, האָבן געפירט א טאָפּלטע מילכאָמע: קעגן נאַציזם און קעגן דער אויסראָטונג פון זייער פאָלק. אפילו פאַראַט איז פאַר זיי ניט געווען קיין אויסוועג. דאָס איז ניט דער פאַל מיט א יעפרעמאָוו אָדער סאָקאָלאָוו, וואָס האָבן פּרובירט ראַטעווען זייער פעל, פאַרקויפנדיק זי.

אבאַקומאָוו האָט אויסגעמיטן אױף דעם צו ענטפערן. ער האָט אָנגעהויבן א טעמע, וועלכע מיר האָבן שוין געהאַט באַרירט בײַם אונדזער ערשטן שמועס:

— איר זעט, פאַראַן צוויי מעגלעכקייטן צו דאַנקען אַן אַגענט פון דער געהיים־דינסט. אָדער באַדעקן זײַן ברוסט מיט מעדאַלן, אָדער אים אָפּהאַקן דעם קאָפּ... — ער האָט פאַרגעזעצט מיט באַדויערונג אין דער שטים: — ווען איר וואָלט ניט מיטגעאַרבעט מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער קליקע טוכאַטשעווסקי—בערזין, וואָלט איר הײַנט געווען א הויכגעשטעלטער, בעקאָוועדיקער מענטש. נאָר איר האָט עס געטאָן אױף אַזאַ אופן, אַז הײַנט זײַט איר גענוי צוגעפּאַסט פאַר א טפּיסע־קאַמער... צי איז אײַך באַקאַנט, אַז איר ווערט איצט געזוכט פון די אַמעריקאַנער און קאַנאַדער שפּיאָנאַזש־דינסטן? איינע פון אונדזערע נעצן איז דורכגעפאַלן אין קאַנאַדע. אין עטלעכע צאָפן־אַמעריקאַנער צײַטונגען האָבן ספּעציאַליסטן דערקענט אין דעם אופן פון האַנדלען פון די נעצן די האַנט פון דעם „גרויסן שעף"... — מיט א פריילעכן ציניזם, צופרידן פון זײַן שפּאַס, האָט אבאַקומאָוו צוגעגעבן: — איר גיט זיך אָפּ כעזשבן, אױף וואָס פאַר א געפאַר איר וואָלט געווען אויסגעשטעלט, ווען איר זײַט אױף דער פרײַ? דאָ זײַט איר רויִק און אין פולער זיכערקייט!

איך האָב אָנגענומען א שטרענגן, ערנסטן אויסדרוק, ווי אַן אַגענט פון דער נ.ק.וו.ד. און אים געענטפערט:

— איך דאַנק אײַך, הער מיניסטער, פאַר אײַער זאָרג פאַר מײַן זיכערקייט...

— א, א קלייניקייט, א קלייניקייט! איך ווייס, אַז דער רעזשים, אין וועלכן איר געפינט זיך, איז עפּשער ניט קיין אידעאַלער... מיר האָבן ניט, ליידער, קיין מעגלעכקייטן. דער קיניג פון ענגלאַנד, ווען ער נעמט אויף זײַנע געהיים־אַגענטן, דערהייבט ער זיי צום ראַנג פון לאָרדן און באַדאַנקט זיי מיט שיינע גיטער; מיר זײַנען אָרעם. מיר, ווי איר ווייסט, גיבן נאָר דאָס, וואָס מיר האָבן... און דאָס, וואָס מיר האָבן, — זײַנען טפּיסעס... א טפּיסע איז ניט אַזוי שלעכט, האַ, ווי מיינט איר?

מיט א האַנט־באַוועגונג האָט ער מיר געגעבן א צייכן צו פאַרלאָזן.

איך בין צוריקגעקומען אין קאַמער מיט דער איבערצײַגונג, אַז מײַן טעטיקייט אין רויטן אָרקעסטער איז ניט אונטער א פאַרדאַכט. ניין! זיי קאָנען מיר ניט מויכל זײַן, וואָס איך בין געוואָרן אויסגעקליבן דורך בערזינען; דער אָפיצער־אויספאָרשער, וואָס האָט געהאַט די דרייסטקייט זיך אָפּצוזאָגן פון מײַנע אַקטן, האָט געזאָגט דעם עמעס.

די אויספאָרשונג פון מײַן ענין איז פאַרענדיקט. כ'האָב אָבער גאַנץ גוט געוווּסט, אַז מ'האָט מיך דערקלערט פאַר שולדיק און פאַרמישפּעט, איידער מ'האָט מיך אויסגעהערט...

דעם 19 יוני 1947 האָט א קאָמיסיע פון דרײַ — א פאָרשטייער פונעם זיכערקייט־מיניסטער, א פּראָקוראָר און א ריכטער — מיך פאַרמישפּעט אױף 15 יאָר איזאָלירונג, דה. — 15 יאָר שווערע טפּיסע. כ'האָב אַפּעלירט קעגן דעם אורטייל, און אין א צײַט אַרום האָט מען מיך גערופן צום געהיים־פּראָקוראָר...

— איר דאַרפֿט וויסן, אַז אין ראַטנפֿאַרבאַנד באַקומען פֿאַרעטער און שפּיאָנען טויט־שטראָף. נאָר אײַך, צוליב מעלוכישן אינטערעס, האָט מען פֿאַרמישפּעט בלויז אויף איזאָלירונג.
— איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז אײַך איז ניט באַקאַנט מײַן טעטיקייט בײַם דער מילכאָמע!
— אויב אַזוי, שרײַבט צום פּראָקוראָר...
אונטער דעם אַבסקוראַנטישן רעזשים איז פֿאַר די פֿאַרמישפּעטע פֿאַרבליבן אַ קליינע האָפֿענונג: צוויי מאָל אין כוידעש האָבן זיי געהאַט אַ מעגלעכקייט צו ווענדן זיך שריפֿטלעך צום פּראָקוראָר, אָדער צום מיניסטער, צום צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי און צו סטאַלינען גופֿע.
איך האָב טאַקע אויסגענוצט די געלעגנהייט. ווי נאָר כ׳האָב פּאַרטיק געמאַכט אַ טייל פֿון מײַן שרײַבן, האָב איך דאָס איבערגעשיקט צום הויפּט־פּראָקוראָר פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד.
דעם 9־טן יאַנואַר 1952 האָט די „טראָיקאַ" פֿאַרקלענערט מײַן טפֿיסע־שטראָף פֿון פֿופֿצן אויף צען יאָר. כ׳האָב די נײַעס אויפֿגענומען גאַנץ גלײַכגילטיק און זיך ניט געמאַכט קיין שום איליוזיעס וועגן מײַן גורל. כ׳האָב געוווּסט, אַז אויב דער רעזשים וועט זיך ניט ענדערן, וועל איך צום סאָף פֿון די צען יאָר זײַן געצוווּנגען זיך איבערצוטראָגן וווינען אין אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל אין סיביר.

אויף עטלעכע זײַטלעך בין איך אַדורכגעלאָפֿן די יאָרן, אין וועלכע כ׳האָב צעטרעטן מײַן לעבן. די טויזנטער טעג, וואָס זײַנען צו זיך געווען ענלעך, זײַנען צערונען געוואָרן אין געדאַנק. די שעה, ווען מ׳האָט פֿאַרלוירן די האָפֿענונג; די הונדערט מאָל אין טאָג איבערגעכאַזערטע באַוועגונגען; דער פּאַרדראָס אויף דער פֿאַרלוירענער, ניט צוריקגעקערטער צײַט; די אײַנגעשטעלטע געוווינהייטן — בילדן די אומפֿאַרענדערלעכע כראָניק פֿונעם אַרעסטירטן. וואָס זאָגן, וואָס דערציילן? מיר האָבן ניט געלעבט אין דער צײַט, וואָס האָט זיך אײַנגעקריצט אויף אייביק. מיר האָבן זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס מ׳איז געבליבן לעבן.

## 34.
## באַפֿרײַט!

אָנהייב מאַרץ 1953 איז מיטאַמאָל דער רעזשים אין לוביאַנקע געוואָרן שטרענגער. אין די קאַמערן זײַנען געוואָרן פֿאַרדעקט די פֿענצטערלעך און אין מעשעך פֿון צען טעג האָט מען אָפּגע־שאַפֿן די שפּאַצירן. די וועכטער זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט פֿינצטערע פּנימער. מיר האָבן געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן: איז ניט אויסגעבראָכן אַ נײַע מילכאָמע?
אַ געוויסן פּרימאָרגן האָבן אָפּגעהילכט האַרמאַטן־שאָסן. די אָפּיצערן פֿון אונדזער קאַמער האָבן דערקענט אין דעם סאַליוט, אַז ער איז פֿאַרבונדן מיט אַן אָפּיציעלער פֿײַערונג. נאָר צי לעקאָוועד אַ יאָמטעוו אָדער אַ טרויער־טאָג? קוקנדיק אויף די פּנימער פֿון די וועכטער, האָבן מיר זיך געגייגט צו דער צווייטער האַשאָרע. דערנאָך איז ווידער געוואָרן אַלץ נאָרמאַל. די וואָכן פֿאַרגייען... אַ געוויסן טאָג האָט אַ נײַ־געקומענער אַרעסטאַנט דערציילט, אַז סטאַלין איז טויט. די אַרעסטאַנטן האָבן אויף דעם פֿאַרשיידנאַרטיק רעאַגירט. קיינער האָט ניט באַדויערט סטאַלינען, אָבער אַ טייל האָט זיך גע־שראָקן, אַז דער רעזשים זאָל זיך ניט פֿאַרשאַרפֿן. דער שרעק האָט זיך פֿאַרגרעסערט, ווען מ׳האָט אונדז איבערגעפֿירט אין לעפֿאָרטאָווע.
אין כוידעש מײַ האָט מען מיך גערופֿן צום נאַטשאַלניק פֿון דער טפֿיסע...
— איר קאָנט שרײַבן צו די העכערע אינסטאַנצן, — האָט ער מיר מיטגעטיילט, — און פֿאַר־לאַנגען צו רעווידירן דעם באַשלוס פֿון דער קאָמיסיע פֿון דרײַ.
אויפֿן אָרט האָב איך אָנגעשריבן אַ ווענדונג צום סעקרעטאַר פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט בעריאַ. עס זײַנען פֿאַריבער צוויי כאָדאָשים און קיין תּשובֿה איז ניט געקומען. אין יול האָב איך געשיקט אַ בריוו צום נאַטשאַלניק, האַלטנדיק, אַז איך האָב ניט קיין ענטפֿער אויף מײַן ווענדונג. אויף מאָרגן האָט ער מיך גערופֿן צו זיך. האַלטנדיק מײַן ווענדונג אין האַנט, פֿרעגט ער:
— איך נעם אָן אײַער ווענדונג. אָבער נאָך וואָס אַדרעסירט איר זי צו בעריאַן?
איך באַטראַכט אים אַ דערשטוינטער און פֿרעג:
— ניט אַזוי איז דער סיידער? צו וועמען דען דאַרף איך שרײַבן?
— צום זיכערקייט־מיניסטער, אָדער צום סעקרעטאַריאַט פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט...
אין בין צוריקגעקומען אין קאַמער מיט דער נײַעס, אַז בעריאַ האָט פֿאַרלוירן דעם צוטרוי, ער פֿירט מער ניט אָן מיט דער זיכערקייט! אויפֿן סמך פֿון דער נײַעס האָבן די אַרעסטאַנטן גענומען בויען

פאַרשיידענע האַשאַרעס בענעגייע דער צוקונפט. אין אווגוסט האָט מען אונדז געבראַכט אַף דער לו־ביאַנקע. ס׳זיינען ווידער אַדורך צוויי כאַדאָשים. סאָף 1953 בין איך גערופן געוואָרן צום מיניסטער. איך האָב ווידער דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג, וואָס האָט מיך שוין געפירט אין ביוראָ פון אַבאַ־קומאָוון.

אַן איבעראַשונג:

דאָס מאָל זיצט באַם טיש אַן אַלטער, גראָוער גענעראַל, מיט וואָנצעס. ער שטעלט זיך אויף בא מיין אַריינקום, באַגריסט מיך פריינטלעך:

— זעצט זיך, לעוו זאַכאַראָוויטש.

איך ציטער אויף. שוין יאָרן, ווי קיינער האָט מיך אַזוי ניט גערופן! ער פרעגט העפלעך:

— האָט איר געלייענט צייטונגען די לעצטע יאָרן?

— צייטונגען? פאַרשטענדלעך, אַז ניין!

— פאַר אַלעם וויל איך זיך פאַר אייַך פאַרשטעלן: איך בין זינט עטלעכע וואָכן וויצע־מיניסטער פאַר זיכערקייט. איך בין געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דזערזשינסקין, נאָר פאַרלאָזט די אַרבעט, וועלכע האָט מיר ניט אַנטשפּראָכן. דאָ זיינען פאַר אייַך צוגעגרייט עטלעכע צייטונגען. לייענט און זאָגט מיר אייַער מיינונג. פאַרגעסט דערביי, אַז איר זייט אַן אַרעסטאַנט...

דער גענעראַל באַשטעלט טיי מיט בוטערברויטן און דערלאַנגט מיר אַ צייטונג, דאַטירט פון 13 יאַנוואַר 1953. דער קאָפּ אַף דער ערשטער זייט הייבט זיך אָן אַזוי:

„נעבעכדיקע שפּיאָנען און מערדער הינטער דער מאַסקע פון מעדיצין־פּראָפעסאָרן". אונטערן קאָפּ — אַ לייטאַרטיקל פון דער רעדאַקציע. אַף דער לעצטער זייט אַ מיטיילונג פון דער טאַסס־אַגענ־טור וועגן דעם זעלבן איניען: „פאַרשווערונג פון ווייסע כאַלאַטן". און ווייטער: „שוין אַ געוויסע צייט, אַז די זיכערקייט־אָרגאַנען פון דער מעלוכע האָבן אַנטדעקט אַ טעראָר־גרופּע מעדיקער, וואָס זייער ציל איז געווען — אומצוברענגען די אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון ראַטנפאַרבאַנד מיט דער הילף פון שעדלעכע רעפּועס". דערנאָך פאָלגן ניין נעמען, צווישן זיי — זעקס יידישע פּראָפעסאָרן, באַקאַנט אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד. די מיטיילונג שטרייכט אונטער, אַז די מערהייט פון דער גרופּע טעראָריסטן זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון בורזשואַזע יידישע נאַציאָנאַ־ליסטן.

דער גענעראַל האָט אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט מיין רעאַגירונג. ווען כ׳האָב געענדיקט לייענען, האָט ער זיך צו מיר געווענדט:

— זאָגט מיר אויפריכטיק אייַער מיינונג וועגן דעם איניען?

Форма № 31

Военная Коллегия
Верховного Суда
Союза ССР

... июня ...5

№ 4н-04094/54

Мо...

СПРАВКА

Дело по обвинению ТРЕППЕРА Леопольда Захаровича пересмотрено Военной Коллегией Верховного Суда СССР 26 мая 1954 года.

— Постановления Особого Совещания от 18 января 1947 года и 9 января 1952 года в отношении ТРЕППЕРА Л.З. отменены и дело за отсутствием состава преступления прекращено.

ВРИО ПРЕДСЕДАТЕЛЯ ВОЕННОЙ КОЛЛЕГИИ
ВЕРХОВНОГО СУДА СОЮЗА ССР
ПОЛКОВНИК ЮСТИЦИИ

/БОРИСОГЛЕБСКИЙ/

— לעכערלעך! אויב ס'האָט ווער געהאַט בעדייע אומצוברענגען די אָנפירונג פונעם לאַנד, וואָלט ער זיך געווענדט צו ספּעציאַליסטן. ניט צו קיין דאָקטוירים...

— ריכטיק! אין דעם איניען איז אונדז געלונגען צו דערגיין דעם עמעס, נאָר, ליידער, מיט א פאַרשפּעטיקונג.

ער דערלאַנגט מיר די „פּראַוודאַ" פון 4 אַפּרעל 1953, אויף דער צווייטער זייט געפינט זיך א מיטיילונג פון אינערן־מיניסטעריום: „מ'האָט פעסטגעשטעלט, אַז די דערקלערונג פון די באַשולדיקטע, וואָס זאָלן האָבן אַליין זיך מודה געווען אין די פאַרברעכנס, וועלכע מ'האָט זיי פירגעוואָרפן, האָט מען פון זיי אַרויסבאַקומען מיט דער הילף פון אומדערלאָזבאַרע מיטלען, וועלכע זיינען שטרענג פאַרבאָטן דורך דער סאָוועטישער געזעצגעבונג — דורך די לייט פון דער אויספאָרשונג, וואָס האָבן זיך געפונען אין דינסט פון געוועזענעם זיכערקייט־מיניסטער".

דער גענעראַל האָט בא מיר צוגענומען די צייטונג און דערלאַנגט א צווייטן נומער „פּראַוודאַ", ווו אויף דער ערשטער זייט איז אין א שוואַרץ רעמל געווען אָנגעזאָגט דער טויט פון סטאַלינען. איך האָב, ניט לייענענדיק, אָפּגערוקט פון זיך די צייטונג: איך ווייס שוין די נייעס.

ער האָט אַרויסגענומען דעם לעצטן נומער „פּראַוודאַ", פון יול 1953, מיט דער ידיעה, אַז בעריאַ, דער סוינע פון פאָלק, איז געוואָרן באַזייטיקט פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מ'האָט בא אים צוגענומען אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן און זיכערקייט־מיניסטעריום.

— איר זייט אין דער ערשטער רעשימע פון די אַרעסטירטע, — זאָגט מיר דער גענעראַל, — ווען די אָנפירונג פון מיניסטעריום האָט באַשלאָסן אַפּסניי איבערקוקן די אַקטן, ווייל מיר ווייסן, אַז איר זייט אומשולדיק.

ווען כ'האָב געבראַכט די נייעס אין דער קאַמער, האָט א וואַרעמע אויפרודערונג אַרומגעכאַפּט דעם אוילעם. בא יעדן איינעם האָבן מיט רעכט זיך דערוועקט נייע האָפענונגען.

אין דעקאַבער 1953 איז באַשטימט געוואָרן א נייער אויספאָרשער צו רעווידירן מיינע אַקטן. די אויספאָרשונגען זיינען ניט פאָרגעקומען באַנאַכט, נאָר אין סאַמע העלן טאָג. דאָס אַליין איז שוין געווען מער ווי א סימבאָל! די שפּראַך האָט זיך לעגאַמרע געביטן. דער אָפיצער, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם רויטן אָרקעסטער, האָט אים מער ניט באַצייכנט ווי א „נעץ פון אַגענטן", נאָר ווי „העלדן אין קאַמף קעגן נאַציזם". אין יאַנוואַר איז די אויספאָרשונג געווען פאַרענדיקט.

אין פעוראַל 1954 האָט מען מיך, צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן, וואָס זייערע באַשולדיקונגס־אַקטן זיינען געוואָרן רעווידירט, איבערגעפירט אין שפּיטאָל פון דער בוטירקע. אין מעשעך פון וואָכן האָבן די דאָקטוירים זיך באַמיט צו פאַרבעסערן אונדזער געזונט, וואָס איז צעשטערט געוואָרן אין די יאָרן פון אַרעסט. ווען מיר זיינען געקומען צוריק, האָבן די קאַמערן אונדז אויסגעזען, ווי האָטעל־צימערן. די באַשפּייזונג — בעשעפע, מיר האָבן באַקומען ביכער, צייטונגען, און די וועכטער — העפלעך ווי די קעלנער אין קאַפע־הייזער... די צייטן האָבן זיך געביטן!

דעם 23־טן פעוראַל בין איך גערופן געוואָרן אין מיניסטעריום, ווו א גענעראַל האָט מיך באַגריסט מיט מיין פופציקסטן געבורטסטאָג און מיטן יאָמטעוו פון דער רויטער אַרמיי. דריי כאַדאָשים שפּעטער, דעם 23 מיי 1945, בין איך אַפּסניי גערופן געוואָרן אין זיכערקייט־מיניסטעריום, ווו מ'האָט מיך אויפגענומען מיט פייערלעכקייט. אַן אָפיצער האָט פאָרגעלייענט דעם באַשלוס פונעם העכסטן מיליטערישן טריבונאַל: איך בין פולשטענדיק רעאַביליטירט, אַלע באַשולדיקונגען קעגן מיר זיינען גרונטלאָז.

פאַמעלעך רעגיסטרירט מיין מויעך די ווערטער און קאָמענטירט זיי פּראַקטיש: „איך וועל אַרויסגיין... געפינען די מייניקע..." נאָר מיר האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ. איך שטאַמל אַרויס די עטלעכע ווערטער:

— און מיין מישפּאָכע? וואָס איז מיט איר געוואָרן?

— זאָרגט זיך ניט, איינער פון אונדזערע אָפיצערן וועט אייך צו זיי אָוועקפירן. מאָרגן וועט די לייטונג פון דער אויסשפּיר־דינסט אייך אופנעמען און רעגולירן די איניאָנים פון מאַטעריעלן כאַראַקטער, וואָס וועט אייך דערמעגלעכן, אין אַנערקענונג פאַר אייער אומגעהייערער דינסט לעטויוועס דעם ראַטנפאַרבאַנד, אַז איר און אייער מישפּאָכע זאָלן קאָנען לעבן בעקאָוועדיק...

ס'איז געשען! אין באַגלייטונג פון א פּאָלקאָווניק בין איך אַרויס פון דער לוביאַנקע. צוריק מיט ניין יאָר און זיבן כאַדאָשים בין איך אַהער אַריין צום ערשטן מאָל. מיר קומט אויס מאַדנע די ערשטע באַרירונג מיט דעם פולן טאָגליכט. איך פיל זיך, ווי א שיקער, מיט שוועריקייטן שטעל איך מיינע טריט. דער בליק איז פאַרנעפּלט, ניט לייכט קומט מיר אָן צו אַנטדעקן מיטאַמאָל אַזויפיל פרייען רוים, וואָס קיין שום צוים באַגרענעצט זי ניט.

מיר שטייגן איין אין אַן אויטאָ, וואָס פאָרט טייקעף אוועק. מיך פאַרפאָלגט איין געדאַנק אין

שטיקט אוש אין האלדז: אין וועלכן צושטאנד וועל איך געפינען די מײַניקע? וועלן מײַנע מיך דער־קענען? און ליובע? האָט מען זיי צו וויסן געגעבן וועגן מײַן באפרײַונג?

מיר פאָרן א שטיקל צײַט. אָט זײַנען מיר אין באבושקין, א קליין דערפל, א צען קילאָמעטער פון מאָסקווע. מיר פארהאלטן זיך אף דער נאפרודנאיא־גאס, נומער 22. „דאָ איז עס", זאָגט מיר גאנץ פּאָשעט דער פּאָלקאָווניק...

איך גיי ארויס, די אווטאָ פאָרט אוועק. איך בלײַב א צײַט אומבאוועגלעך, אָפּצוכאפּן דעם אָטעם. אזוי גרויס זײַנען מײַנע עמאָציעס. איך כאפּ א בליק אף דעם ארום, אף מײַן אויסערלעכן אויסזען, מיט דעם פּעקל, וועלכן כ'האלט אין האנט, אָנגעטאָן אין הויזן און אין א סוויטער, וועלכע ס'האָבן מיר געגעבן די שכיינים פון דער קאמער — איך זע אויס, ווי א וואגאבונד... דער אָנצוג, וועלכן כ'האָב געטראָגן בײַם מײַן ארעסט, האָט אין לויף פון די יאָרן פולשטענדיק זיך אָפּגעניצט. מיר איז פארבליבן פון יענער צײַט נאָר אן אלטער מאנטל, וועלכער איז מיר שטארק צוניץ געקומען אין די קאלטע נעכט. באם נומער 22 פרעג איך א מאן, ווו וווינט די מישפּאָכע טרעפּער־ברוידע. יענער באטראכט מיך פון קאָפּ ביז פיס און האלב אומגערן, האלב פארינטריגירט, ווארפט ער מיר צו:

— אין באראק הינטער דעם בנין...

א באראק? האָט מען פאר זיי ניט געפונען עפּעס בעסערס צו וווינען, ווי א באראק? איך גיי אהיים דעם הויז און געפין זיך פאר א הילצערנער כאטע — דאָס כאראקטעריסטישע בילד פון גרויסער אָרעמקײַט... איך דערנעענטער זיך מיט פּאמעלעכע טריט און קלאפּ אָן אין טיר. עס עפנט א יונגער באָכער. דאָס איז עדגאר, מײַן זון... ער דערקענט מיך ניט און ווארפט א פארדעכטיקן בליק. איך הייב אָן באנעמען, אז מײַן קומען אהיים וועט ניט דורכגיין אזוי לײַכט. איך בין טאקע פרײַ, נאָר כ'וואָלט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז עס קומט אָן אזוי שווער צו דערגרייכן די פרײַהײַט. איך זאָג צו מײַן זון, באהערשנדיק מײַנע געפילן:

— איך בין א פרײַנט פון אײַער פאָטער, איך ברענג פון אים א גרוס...

ער באטראכט מיך אופמערקזאם און, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, זאָגט ער:

— איר האָט א טאָעס, מיר האָבן ניט קיין טאטן, ער איז געשטאָרבן אין דער צײַט פון דער מילכאָמע.

איך הייב אָן פילן, ווי מײַנע פיס ברעכן זיך אונטער מיר. ס'פאָדערן זיך איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען אף אײַנצוהאלטן דאָס גלײַכגעוויכט:

— און דײַן עלטערער ברודער איז ניטאָ?

— ניין, ער איז אין מאָסקווע, ער קומט צוריק אין אָוונט...

— און דײַן מאמע?

— זי איז אף דער פּראָווינץ...

איך פיל זיך שטארק מיד און דערשעפּט. מײַן אייגענער זון נעמט מיך אוף, ווי א פרעמדן, וואָס איז געקומען אים באלעסטיקן.

— איך בין זייער מיד, — זאָג איך צו אים. — עפּשער איז מעגלעך, איך זאָל זיך אָפּרוען אין ווײַטיקן צימער?

— אויב איר ווילט, לייגט זיך אפן בעט...

עדגאר האָט מיר געבראכט א טעפּעלע קאָפע און פארשוווּנדן. איך האָב גענומען זינקען אין ענדלאָזער האָפענונגסלאָזיקײַט. איך, וואָס איז דורכגעגאנגען אזויפיל געפארן און קיינמאָל ניט פאר־לוירן די האָפענונג, בין איצט אײַנגעבראָכן. די עמאָציעס צעטראָגן מיך, איך פיל, ווי טרערן רינען איבער מײַנע באקן.

איך בין אזוי פארבליבן אויסגעצויגן אפן בעט, ביז כ'האָב דערהערט א קלאפּן מיט דער טיר און א שושקען זיך. איך בין אופגעשטאנען, געעפנט די טיר און דערזען מײַן עלטערן זון מישעל. איך האָב זיך פאר אים פאָרגעשטעלט און נאָך געהאט גענוג קויעך ארויסצושטאמלען:

— דערקענסט מיך?

ער האָט מיך לאנג באטראכט און געענטפערט:

— ניין. אנטשולדיקט, איך דערמאָן זיך ניט, כ'זאָל אײַך האָבן ווען באגעגנט...

אויך ער... מיט דער גאנצער צודרינגלעכקייט, אף וועלכער כ'בין נאָך געווען פעיִק, זאָג איך:

— פּרוביר זיך דערמאָנען דײַן קינדהײַט...

— איך מיין, אז איר האָט רעכט. איך האָב דעם אײַנדרוק, אז כ'האָב אײַך ערגעץ־ווו געזען...

מישעל האָט שפּעטער דערציילט, אז דער מענטש, וואָס איז פאר אים געשטאנען, האָט אים קוים־קוים דערמאָנט זײַן פאָטער, אָבער דער אלטער מענטש מיט די גראָווע האָר און קרענקלעכן אויסזען, איז קוים געווען ענלעך צו דעם בילד, וועלכן ער האָט פארגעדענקט. איבעריקנס, האָט מען דען ניט אָפּיציעל זיי געמאָלדן, אז איך בין אומגעקומען אין דער צײַט פון מילכאָמע?

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו בלײַבן רויִק און געזאָגט צו מישעלן:

— איך בין דײַן פּאָטער... שוין צען יאָר, ווי כ'בין צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד — און די צען יאָר האָבן זיי מיך געהאַלטן אין טפיסע. מ'האָט מיך נאַרוואָס באַפרײַט און געבראַכט צו אײַך... האָסט עפּעס צו פרעגן?

— נאָר איין פראַגע: פאַרוואָס האָבן זיי דיך פאַרמישפּעט? אומשולדיקע געפינען זיך ניט בא אונדז צען יאָר אין טפיסע...

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אױף א שטול און, ווײַזט אויס, געווען זייער בלאַס. איך האָב אַרויסגענומען א פּאַפּיר פון קעשענע און אים דערלאַנגט מײַן זון. ס'איז געווען דער באַשלוס, וועלכער האָט באַשטעטיקט, אז אַלע באַשולדיקונגען קעגן מיר זײַנען געווען גרונטלאָז און אז איך בין רעאַביליטירט.

מישעל האָט געלייענט דעם דאָקומענט און אַנשוויגן געוואָרן. דער אויסדרוק פון פּאָנעם האָט זיך בא אים געביטן.

— איך גלייב, אז איצט מעגן מיר זיך צעקושן... — ער האָט זיך דערנעענטערט. ענדלעך האָב איך אים געדריקט אין מײַנע אָרעמס...

— ווו איז די מאַמע? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— שוין צוויי טעג ווי זי איז אַוועק קיין גרוזיע, זי איז א וואונדערנדיקער פאָטאָגראַף. זי פאָרט רעגלמעסיק אױף דרײַ וואָכן און ברענגט געלט צום לעבן. איך וועל איר שיקן א טעלעגראַמע: „דער פאָטער איז צוריקגעקומען, קום גלײַך אַהיים...”

ליובע איז ענדלעך אָנגעקומען... אונדזער ערשטער בליק — נאָך פופצן יאָר צעשיידונג — איז געווען מער ווי טויזנט רעדעס...

עטלעכע טעג שפּעטער האָט א פּרעכטיקער לימוזין זיך פאַרהאַלטן פאַר מײַן הויז. א פּאָלקאָווניק האָט זיך פאָרגעשטעלט און איבערגעגעבן, אז ער איז געקומען מיך נעמען אין דעם צענטער.

איך געפין זיך אין דער זעלבער ביוראָ, ווו אין 1937 האָט מיך אופגענומען דער גענעראַל בערזין. אן עלטערער גענעראַל איז צו מיר צוגעקומען, וואַרעם געדריקט די האַנט...

— ענדלעך, ענדלעך!

— פאַרוואָס האָט איר מיך ניט פאַרטיידיקט אין מעשעך פון די אַלע יאָרן?

ער האָט זיך צעלאַכט פון מײַן פראַגע...

— ווער האָט אײַך געקאָנט פאַרטיידיקן? מיר האָבן זיך געפונען אפן זעלבן אָרט ווי איר. ערשט נאָך סטאַלינס טויט איז אונדז געלונגען צו באַזײַטיקן די באַנדע, וועלכע טראָגט די שולד פאַר די אַרעסטן פון אונדזערע פאַראַנטוואָרטלעכע אין אויסלאַנד, נאָך זייער צוריקקומען אין ראַטנפאַרבאַנד. באַטראַכט די יאָרן טפיסע, ווי יאָרן פון קאַמף קעגן סוינע. פאַרגעסט די פאַרגאַנגענהײַט. בא פופציק יאָר זײַט איר נאָך יונג. מיר וועלן טאָן דאָס נייטיקע צו פאַרבעסערן אײַער געזונט און שאַפן פאַר אײַך א וווינונג אין צענטער פון מאָסקווע. מיר האָבן שוין פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג צו באַשטימען א פּענסיע פאַר אײַערע פאַרדינסטן. און איצט: וואָס טראַכט איר צו טאָן?

— וואָס איך האָב געהאַט בעדייע צו טאָן אין 1945: אומקערן זיך אין מײַן לאַנד, קיין פּוילן. מײַן אַרבעט אין געהיים־דינסט האָט זיך פאַר מיר געענדיקט אין דעם טאָג, ווען פּאַריזש איז באַפרײַט געוואָרן. דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען נאָך דעם, איז געשען קעגן מײַן ווילן.

דער גענעראַל האָט זיך א ווײַלע געוואַקלט און באַמערקט:

— אָבער אײַערע קינדער זײַנען דאָך דערצויגן אין ראַטנפאַרבאַנד, איז ניט סייכלדיקער, איר זאָלט בלײַבן אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו איר קאָנט געניסן פון קאָוועד, וועלכן ס'האָט פאַרדינט אַזא מענטש, ווי איר? איר וועט זייער לײַכט באַקומען באַשעפטיקונג...

— ניין, איך בין געבליבן א פּוילישער בירגער. דרײַ מיליאָן ייִדן זײַנען אין דער לעצטער מילכאָמע אומגעבראַכט געוואָרן אין מײַן לאַנד. מײַן אָרט איז מיט די גראַטעוועטע, וואָס זײַנען געבליבן נאָך דעם אומקום.

ער האָט מיר געווונטשן האַצלאָכע און מיר האָבן זיך געזעגנט. דאָס איז געווען מײַן לעצטער קאָנטאַקט מיט דער געהיים־דינסט.

עטלעכע וואָכן האָב איך פאַרבראַכט אין א סאַנאַטאָריום. שפּעטער האָט מען מיר צוגעטיילט א וווינונג. אין 1955 איז באַשטעטיקט געוואָרן א פּענסיע פאַר מײַנע פאַרדינסטן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד. אין מײַן אַרבעטס־ביכל זײַנען די טפיסע־יאָרן פאַררעכנט געוואָרן ווי יאָרן פון אַקטיווער טעטיקײַט אינעם געהיים־דינסט. דאָס זײַנען טאַקע געווען יאָרן פון א באַזונדערער שליכעס!



דער פולער טעקסט פון לייב טרעפּערס זיכרוינעס וועט דערשײַנען אין קומענדיקן יאָר אין מאָסקווער פאַרלאַג „פּאָליטיטשעסקאַיאַ ליטעראַטורא” אונטערן נאָמען „א גרויסע שפּיל”.

רעדאַקציע

7—1247

# קינסטלער ארן בוך

דער קינסטלער ארן בוך איז געבוירן געוואָרן אין בערדיטשעוו אין 1923. זײַן זעלבשטענדיקע שעפערישע טעטיקײַט האָט זיך אָנגעהויבן אין 1947, נאָכן פאַרענדיקן די מאָסקווער קונסט־שול. א מיטגליד פונעם קינסטלער־פאַרבאַנד, האָט ער זיך פיל מאָל באַטייליקט אין קונסט־אויסשטעלונגען; זײַן פּערסאָנעלע אויסשטעלונג איז דורכגעגאַן אין 1984. א. בוכס סטיכיי איז די קאָליר־לייזונג פאַר פאַרשיידענע זשאַנרען — פּאָרטרעט, נאַטיורמאָרט, טעמאַטיש בילד. וווינט אין מאָסקווע.

נאַטיורמאָרט



פרילינג



אפדערנאַכט





פאָרטרעט פונעם קינסטלער
ב. מארקעוויטש

קאָנסטאַנטין מאַטווייעוו,
דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן;
אַנאַטאָלי סאַזאָנאָוו,
קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן

# געשיכטעס. מיפן. לעגענדעס

## 10. הענגענדיקע סעדער פון נאַוווכאָדנעצערן, זײַן פרוי אַמיטאַ און סעמיראַמידע

ווער האָט ניט געהערט אָדער ניט געלייענט וועגן די זיבן ניסים פון דער וועלט? צווישן זיי רופט מען טאָמיד אָן די הענגענדיקע סעדער פון סעמיראַמידען, וועלכע מע שטעלט, אַלס קלאַל, פאַר אָדער ווי די קייסעריניע פון באָוול אָדער אַלס פרוי פונעם קייסער נאַוווכאָדנעצער. אינדערעמעסן איז דאָס גאַנץ אַנדערש. אין 605־טן יאָר ביז אונדזער ערע האָבן די קייסאָרים פון מידיע און באָוול — קיאַקסאַר און נאַבאָפּאָלאַסאַר צעקלאַפּט אשור און ווײַטער געשטרעבט וואָס מער שטאַרקער פאַרפעסטיקן זייער מיליטערישן בונד און מאַכן אים מער סטאַבילער, שטאַנדהאַפטיקער און דויערהאַפטער. צוליב אָט דעם ציל האָבן בײדע קייסאָרים באַשלאָסן פאַרבינדן זייערע פּאָליטישע, מיליטערישע און דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט כאַסענע מאַכן זייערע קינדער — קיאַקסאַרס טאָכטער אַמיטאַ מיט נאַבאָפּאָלאַסאַרס זון נאַוווכאָדנעצער. נאָך דעם הייראַט איז אַמיטאַ אריבערגעפאָרן אין דער הויפּטשטאָט פון וואַווילאָניע — באָוול. זי האָט זייער געבענקט נאָך איר היימלאַנד, נאָך זײַנע קלינגענדיקע, קילע טײַכן, נאָך די בערג, שאָטנדיקע וועלדער. ווערנדיק דער קייסער פון וואַווילאָניע נאָך דעם טויט פון זײַן פאָטער, האָט נאַוווכאָדנעצער געוווּסט, וויאַזוי עס בענקט זײַן פרוי און געפּרוּווט זי פאַרווײַלן מיט מאַטאָנעס, מיט יאַגד, מיט אופנאַמען. איינמאָל איז אים אופגעקומען אַ געדאַנק צו שאַפן אַ לאַנדשאַפט, וואָס זאָל זײַן ענלעך צו דעם, וואָס עס איז געווען אין אַמיטאַס היימלאַנד. ער האָט באַפוילן ברענגען דעם הויפּט־אַרכיטעקטאָר און דעם אינזשעניער פון זײַן קיניגרײַך און געפאָדערט פון זיי אָנהייבן אין אַ קירצסטן טערמין בויען אַ „קליינע מידיע“ אין באָוול. אײַגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן אינטענסיווע אַרבעטן אויף אויסצובויען די „קליינע מידיע“, וועלכע איז באַוווּסט געוואָרן אין דער געשיכטע ווי איינע פון די זיבן ניסים אין דער וועלט אונטערן נאָמען סעמיראַמידעס סעדער, אָדער סעמיראַמידעס הענגענדיקע סעדער.

דער אַלגעמיינער שעטעך פון די סעדער האָט באַטראָפן אַרום 200 קוואַדראַטע מעטער. די סעדער זײַנען באַשטאַנען פון פיר טעראַסעס, וועלכע זײַנען אונטערגעשפּאַרט מיט סלופּעס, יעדער פון זיי האָט געהאַט 70 סאַנטימעטער איינער פונעם אַנדערן אויף אַ מעהאַלעך פון צוויי מעטער. די טעראַסעס האָבן זיך געפונען אויף אַ גרויסן קינסטלעכן באַרג. אויף יעדער טעראַסע האָט מען אָנגעטראָגן אַ גראָבן שיכט פרוכטבאַרע ערד, פאַרפלאַנצט ביימער פון פאַרשיידענע כאָרטן. זיי האָבן געשאַפן קילקײַט און דופט.

אויף דער סאַמע הייך פון אָט דער אײַנריכטונג איז אויסגעבויט געוואָרן אַ ספּעציעלע וווינונג — אַ פּאַוויליאָן, ווו אַמיטאַ האָט געקאָנט אָפּרוען און זיך שפּיגלען אינעם אַרומיקן לאַנדשאַפט.

אויף דער אייבערשטער טעראַסע פון די סעדער איז געווען אַ טורעם, ווו עס זײַנען פאַראַן וואַסער־הייבמאַשינען צו באַגיסן די געוויקסן, קווייטן און ביימער. דאָס וואַ־ער האָט מען גענומען

ס א ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נום. 9, 10, 11, 1988.

פונעם טײַך יעופראט. קעדיי דאָס וואסער זאָל ניט „אנטלויפן", האָט מען אונטערגעלייגט אונטער דעם געוויקסן־פלאסט בלײַענע בויגנס.

דער באַוולשער היסטאָריקער בעראָס האָט געשריבן, אז דער קייסער נאַווכאָדנעצער האָט אויס־געבויט שטיינערנע פלאטפאָרמעס, צוגעבנדיק זיי די פאָרם פון בערג, און זיי פארפלאנצט מיט פאר־שיידענע מיניםביימער, שאפנדיק אזויארום אן אזויגערופענעם הענגענדיקן פארק, קעדיי זײַן פרוי, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין די מידישע בערג, זאָל ניט בענקען נאָך דער היימישער נאטור.

נאַווכאָדנעצערס און אמיטאס הענגענדיקע סעדער זײַנען ניט געווען קיין איזאָלירטע אײַנריכ־טונג, צו וועלכע מע האָט געדארפט ספּעציעל פאָרן. זיי זײַנען געווען א טייל פונעם פאלאץ־קאָמפּלעקס, און דעריבער האָט מען זיי געדארפט באטראכטן, ווי א פאָרזעצונג פונעם ארכיטעקטור־אנסאמבל פונעם גאנצן קיניגלעכן פאלאץ. אינטערעסאנט האָט באשריבן די דאָזיקע סעדער די היסטאָריקערן פון דער דײַטשישער דעמאָקראטישער רעפּובליק ע. קלענגעל־בראנדט.

ווי זי האָט אָפּגעמערקט, האָט „דער פאלאץ־קאָמפּלעקס אײַנגעשלאָסן נאָך איין, אבסאָליוט באזונדערע, איינציקע לויט איר ארט אײַנריכטונג — די באַוווסטע הענגענדיקע סעדער. די אײַנ־ריכטונג געפינט זיך אויף צאָפן־מיזרעך פונעם פאלאץ, דירעקט בײַ דער וואנט, אינדערנאָענט פון די טויערן פון דער קיניגן אישטאר. דאָס זײַנען 14 לענגלעכע אבסאָליוט אלציינע געבײַדעס, וועלכע געפינען זיך בײַ ביידע זײַטן פון דעם צעטיילנדיקן זיי דורכגאנג. אויסגעבויטע פון ציגל און גע־טעסעטן שטיין און איבערגעדעקטע מיט צילינדרישע ארקעס, געהערן זיי צו די ערשטע פרײַ־שטייענדיקע ארקע־געבײַען אין דער געשיכטע. אינוויייניק פון איינער פון אָט די געבײַדעס איז אויסגעבויט געוואָרן א קרעניצע, וואָס באשטייט פון א קוואדראטער צענטראלער שאכטע און לאנגע שאכטעס פון איר יעדער זײַט; אין דער קרעניצע האָט, ווי עס ווײַזט אויס, פונקציאָנירט א מעכאנישע קאָנסטרוקציע, וועלכע האָט אויפגעהויבן דאָס וואסער אין דער הייך, אויף די טעראסעס, וועלכע געפינען זיך איבער די ארקעס. דאָ האָט זיך געהויכט אן אײַנריכטונג אין דער פאָרם פון טרעפּ; איר העכ־סטער פונקט איז געווען דירעקט איבער די פעסטונג־ווענט, לעבן די טויערן פון דער קיניגן איש־טאר. די טעראסעס זײַנען געווען צונויפגעלייגט פון ליימענע ציגל פון פארשיידענער גרייס. אויף זיי האָט מען ארופגעלייגט א שיכט ערד, א גענוג גראָבן, קעדיי עס זאָלן אויף איר קאָנען וואקסן ביימער און געוויקסן. דער קייסער האָט באפוילן אויסבויען די דאָזיקע קינסטלעכע אײַנריכטונג אין דער פאָרם פון א סאָד אויף טעראסעס, ווי עס איז אָנגענומען צו האלטן, צוליב זײַן פרוי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין א בארגיק אָרט, קעדיי זי זאָל קאָנען האָבן האנאָע אינעם פאלאץ פון דער קילקייט אין די שאָטנס פון די ביימער. די ארקעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער די סעדער, האָט מען אויך געלונגען אויסגעניצט ווי קילע קאמערן".

עס זײַנען פארבײַ יאָרהונדערטער. דער זיקאָרן וועגן דעם אָרט פון די הענגענדיקע סעדער האָט נאָך אלץ צוגעצויגן די פאָרשער: די זוכונגען האָבן זיך פארענדיקט מיט א דערפאָלג, און די ארכעאָלאָגן האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן איינעם פון די זיבן ניסים אין דער וועלט. א גרויס־ארטיקע געבײַדע פונעם ארכיטעקטור־קאָמפּלעקס האָט מען געפונען אונטער דעם גרויסן בארג באביל, וועלכן מע האָט געהאלטן, אז דאָס איז דער טעמפּל פונעם גאָט מארדוק. אָבער די טעמפּלען האָט מען געבויט מיט דער אָריענטאציע פון די ווינקלען אויף פיר זײַטן פון דער וועלט. כ. ראסאם האָט דורכגעפירט אין די יאָרן 1883—1884 ארכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין באַוול און איז געקומען צום אויספיר, אז אונטערן בארג געפינט זיך לאכלוטן ניט דער טעמפּל פונעם גאָט מאר־דוק. די ארבעטער האָבן אראָפּגענומען די שיכטן פון דער ערד פון אָט דעם בארג, און דער גע־לערנטער האָט דערזען, אז אונטער זיי געפינט זיך א ציגל־מויערונג און אז זי לאָזט זיך גלאט אראָפּ מיט צוויי זײַטן צום ברעג פונעם טײַך יעופראט. דער הינטערשטער טייל פון דער ציגל־אײַנריכטונג איז געווען א ווערטיקאלע וואנט.

כ. ראסאם האָט אָנגעהויבן דערלערנען די מיסיע פון דער געבײַדע און איז געקומען צום אויספיר, אז דאָס זײַנען געווען די באַוווסטע הענגענדיקע סעדער פון סעמיראמידען.

און האגאם אציגד ווייסן מיר, ווער עס האָט זיי געבויט און פאר וועמען זיי זײַנען געבויט געוואָרן, פארלאָזט אונדז ניט די פראגע וועגן די סיבעס פון דער פארבינדונג פון די דאָזיקע סעדער מיט סעמיראמידעס נאָמען. לויט אונדזער מיינונג, זײַנען פאראן דערצו צוויי סיבעס. די ערשטע — סעמיראמידע איז געווען אן אָפּשטאמיקע פון באַוול, כאסענע געהאט פאר דעם אשור־רישן קייסער שאמשי־אדאד V און געבליבן א ליבלינג פונעם פאָלק.

די צווייטע סיבע — ווערנדיק א קייסערינע און שפּעטער די רעגענטשע פונעם מינדעריעריקן זון, האָט סעמיראמידע זיך פארנומען מיט אינטענסיווער בוי־טעטיקייט. ס'איז גאנץ מעגלעך, אז דער אָנדענק וועגן איר האָט זיך פארהיט אין דעם נאָמען פון די הענגענדיקע סעדער — די גלענצנ־דיקע אײַנריכטונג אין באַוול.

ווער זשע איז געווען סעמיראַמידע אינדערעמעסן? פאַרוואָס האָבן זיך געשאַפן וועגן איר אַזויפיל לעגענדעס? צי איז זי געווען אַ היסטאָרישע פּערזענלעכקייט אָדער אַ לעגענדאַרער פּערסאַנאַזש? אויף די דאָזיקע און אַנדערע פראַגן וועלן מיר איצט זיך סטאַרען ענטפערן.

דעם נאָמען פון דער אַשורישער קייסערינע סעמיראַמידע קאָן מען אָפט טרעפן אין די טאָפּאָנימישע נעמען אויף דעם נאָענטן און מיטעלן מיזרעך, אָנהייבנדיק פונעם מיטללענדישן יאַם און ביז אַפגאַניסטאַן. ער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די נעמען פון האָטעלן, קינאָ־טעאַטערס, פּאַרקן. אין אונדזער לאַנד איז פאַראַן אַ דאָרף, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן לכּבֿוד סעמיראַמידען, עס געפינט זיך ניט ווייַט פון דער באַוווּסטער ביוראַקאַנער אָבסערוואַטאָריע אין אַרמעניע. אַזאַ שכייניגשאַפט טראָגט אַ סימבאָלישן כאַראַקטער. ווייַל אין ביוראַקאַן זייַנען געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אַנטדעקונגען אין אַסטראָנאָמיע אין אונדזער צייַט, און די ציקלאָפּישע מויערונגען פון דער פעסטונג, וואָס איז דאָ געשטאַנען, זייַנען אויך געווען דאָס לעצטע וואָרט פון די בוי־ און שוק־איינריכטונגען אינעם טיפן אוראַלט, וועלכע ווערן צוגעשריבן סעמיראַמידען.

פיל לעגענדעס זייַנען פאַרבונדן מיט סעמיראַמידען. מירן ברענגען אייניקע פון זיי. פון אַלע קייסאָרים, וועלכע האָבן געהערשט אין דער וועלט, איז ניט געווען קיין איינער, ווער עס וואָלט געקאָנט זיך גלייַכן צום קייסער נין — דעם גרינדער פון אַשור. ער האָט רעגירט איבער גאַנץ קליין־אַזיע, אַרמעניע און מידיע, דעראָבערט די שכייניש לענדער באַם שוואַרצן און קאַספּישן יאַמען, איינגעשלאָסן צאָפן־סקיפיע און די טעריטאָריע פונעם איצטיקן איראַן און אַראַוויע. די הויפּט־שטאָט פון אַשור איז געווען די גרויסאַרטיקע שטאָט נינעווע.

ווי מע דערציילט, האָט צווישן די הויפלייַט זיך אויסגעטיילט דער דרייסטער מיליטער־פירער אָאַן, אָדער אָאַנעס, וועמענס ווייַב, די שיינהייט סעמיראַמידע, איז געווען די טאָכטער פון דער אַשורער געטין דערקעטאָ. זי איז געבוירן געוואָרן ניט ווייַט פון דער שטאָט אַסקאַלאָנאַ, ווו עס האָט זי אויפגעהאָדעוועט אַ טשאַטע ווילדע טויבן.

איינמאָל האָבן פאַסטעכער געפונען אינעם מידבר אַ מיידעלע. מע האָט עס אָפּגעטראָגן צום היטער פון די צאַרישע סטאַדעס סאַמאַס, וועלכער האָט עס איבערגעלאָזט באַ זיך און דערצויגן ווי אַ טאָכטער. איינמאָל האָט דער צאַרישער מיליטער־פירער אָאַן צופעליק זי באַגעגנט, זי איז אים געפעלן געוואָרן, און ער האָט געוואָלט כאַסענע האָבן פאַר איר. סעמיראַמידע האָט אַלעמען באַוווּנדערט מיט איר קלוגשאַפט, געוואַגטקייַט און שיינקייַט. סעמיראַמידעס שיינקייַט האָט פאַרקישעפט דעם אַשורישן קייסער נין, און ער האָט זי אָפּגענומען באַ אָאַנען. אָאַן איז פון צאָרעס באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. סעמיראַמידע איז געוואָרן די אַשורישע קייסערינע און נאָך דעם טויט פונעם מאַן אָנגעהויבן רעגירן איבער אַשור, האָגאַם זי האָט געהאַט אַ זון — דער געזעצלעכער יורש פונעם צאַרישן טראָן. זי האָט אויסגעבויט די צאַרישע שטאָט באָוול מיט הענגענדיקע סעדער, מיט מעכטיקע ווענט און טורעמס, מיט אַ גלענצנדיקער בריק איבער יעווּפראַט און אַ גרויסאַרטיקן טעמפּל דעם גאָט בעלאַ. זי האָט באַפוילן מאַכן אַ דורכגאַנג דורך זיבן הייכפּאַסן פון די זאַגראָסקער בערג, קעדיי דורכלייגן אַ באַקוועמען וועג קיין מידיע, ווו ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן די הויפּט־שטאָט עקבאַטאַנאַ. צום צאַרישן פּאַלאַץ איז צוגעפירט געוואָרן דורך טונעלן פון די ווייַטע באַרג־אָזערעס וואַסער. אין די בערג אויף קימאַט אַ ווערטיקאַלן פעלדז מיט דרייַ הייכן, ניט ווייַט פון דער אוראַלטער שטאָט בעכיסטון, האָט סעמיראַמידע באַפוילן אויסקלאַפּן איר סטאַטוע.

די קריגס־מאַרשן, וועלכע סעמיראַמידע האָט פירגענומען, האָבן פאַרטונקלט די העלדנטאַטן פונעם קייסער נין. זי האָט ניט בלויז דעראָבערט עגיפּטן, עטיאָפּיע און אַ טייל פון ליוויע, נאָר אויך אָרגאַניזירט אַ מאַרש קעגן אינדיע און געשטאַנען בעראָש פון איר כאַיל. אָבער דער מאַרש האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מאַפּאָלע. די אינדישע אַרמיי האָט צעקלאַפּט סעמיראַמידעס כאַיל. סעמיראַמידע איז אָפּגעטראָטן מיט גרויסע פאַרלוסטן. אומקערנדיק זיך אַהיים, האָט די קייסערינע מער ניט געטראַכט וועגן מיליטער־מאַרשן. ניניאַס, איר זון, וועלכער איז באַזייַטיקט געוואָרן פון דער מאַכט, אָרגאַניזירט אַ פאַרשווערונג. דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָט סעמיראַמידע זיך דערמאָנט אין דער אוראַלטער נעוויע, אין וועלכער ס׳איז געזאָגט, אַז ווען דער זון טרעט אַרויס קעגן דער אייגענער מוטער, וועלן זי רופן צו זיך די אומשטערבלעכע געטער, און די מענטשן וועלן איר אָפּגעבן קאָוועד, ווי אַן אָפּגאָט. די לעגענדע דערציילט, אַז זי האָט פרייַוויליק איבערגעגעבן ניניאַסן די צאַרישע מאַכט. און זי אַליין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טייַבעלע און אַוועקגעפלויגן פונעם פּאַלאַץ מיט אַ טשאַטע טויבן. זינט דעמלט האָבן די אַשורן זי געהאַלטן פאַר אַ געטין, און די טויב פאַר אַ הייליקן פויגל. נאָך איין לעגענדע ברענגט דער פאָרשער פונעם אָנהייב פון XX יה. וול. טשערעוואַנסקי אין זיין בוך „דאָס פאַרשוווּנדענע קיניגרייַך" (סעמיראַמידעס עפּאָכע). אָט וואָס עס ווערט אין איר געזאָגט.

ווערנדיק די קייסערינע פון באָוול, האָט סעמיראַמידע באַשלאָסן צו מאַכן איר זון ניניאַס פאַרן קייסער פון אַשור, און אַליין וועט זי גיין דעראָבערן מערק און האַנדלס־וועגן פאַרן לאַנד.

די ערשטע אַף צו דעראָבערן איז אויסגעקליבן געוואָרן אינדיע, און גיין אהין מיט א קריגסמארש האָט זי באַשלאָסן מיט דער יאבאַשע און מיטן יאם.

דער טאָג פון דער ארויסטרעטונג פון דער ארמיי פון באָוול קעגן אינדיע איז געווען א גליקלעכער און טרויעריקער. א גליקלעכער — ווײַל די באָוולער האָבן געמיינט, אז סעמיראַמידע וועט באהערשן אינדיע, און א טרויעריקער — ווײַל זיי זײַנען ניט געווען זיכער אינעם ניצאָכן.

סעמיראַמידע איז ארויסגעפאָרן צו דער ארמיי אין א קאַמף־וואָגן, אײַנגעשפּאַנט מיט זעקס פערד. דער געשפּאַן האָט געפינקלט מיט גאָלד. בא די זײַטן זײַנען געהאנגען לאָגלען מיט געזאַלטענער וואסער, פײַלנטאשן מיט פײַלן, שפּיזן. ביידע זײַטן פונעם קאַמף־וואָגן האָבן באגלייט לײַבוועכטער אין לעאָפּארד־פעלן. סעמיראַמידעס קאַמף־וואָגן האָבן באגלייט סעקרעטארן, פאָרויסזאָגער, לויפער, פריסטערס, באדינער. די קריגסלײַט זײַנען געגאנגען בלויז מיט זייער פערזענלעך געווער, אָן טאראַנען, הארמאטן, לייטערס, קאנאטן. זיי האָבן געטראָגן מיט זיך בלויז שווערדן, סאבליעס, קינזשאלן, פּיקעס און בויגנס מיט פײַלן. זיי האָבן אויך געטראָגן מיט זיך רעזערוון געזאָטענע וואסער, טרוקענעם ווייכן קעז און פלעצעלעך פון קעז.

אינמיטן וועג צו אינדיע האָט סעמיראַמידע באקומען א דרינגלעכן בריוו פונעם טורטאַן — דעם הויפּטקאָמאנדיר פון דער גאנצער ארמיי מיטן נאָמען ראבאַמאר, — אז א טייל פון די שיפן פונעם פלאָט, וואָס איז געשווומען מיטן יאם קיין אינדיע, איז אומגעקומען בײַם א שטורעם. נאָר ראבאַמאר האָט אָפּגעגעבן א קאָמאנדע דעם פלאָט פאָרצוזעצן דעם וועג, ניט געקוקט אַף די פארלוסטן. ווען זיי וועלן קומען קיין אינדיע, האָט ראבאַמאר געדארפט שאפן א מיליטערישן לאגער, קעדיי זיך צוגרייטן אופנעמען סעמיראַמידעס כאַיִל, וואָס גייט מיט דער יאבאַשע.

אין אַט דער צײַט האָבן זיך אָנגעהויבן שלאקסרעגנס, און דעם כאַיִל האָט מיט גרויסע שוועריקײַטן זיך אײַנגעגעבן צו גיין פאָרויס. פאַר עטלעכע מארשן ביזן לאגער האָט ראבאַמאר באגעגנט סעמיראַמידען מיט א טייל כאַיִל, וואָס איז אים אונטערגעאָרדנט. זי האָט אים דערציילט, אז די עלאמיטן, וועלכע זי האָט אויסגעקליבן אלס וועגווײַזער, זײַנען געווען פארעטער און פארפירט איר כאַיִל אין א וויסטן מידבער. דאָס איז געשען דערפאר, ווײַל דער קייסער פון עלאם האָט איר פאָרגעשלאָגן כאסענע האָבן פאַר אים, אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. האָט ער באַפוילן זײַנען וועגווײַזער צו פארפירן סעמיראַמידעס כאַיִל אינעם מידבער, ווו זיי וואָלטן אומגעקומען.

עס האָט זיך אָבער איר אײַנגעגעבן צו ראטעווען אירע קריגסלײַט און זיי ברענגען צו די ברעגן פון דעם גרויסן אינדישן טײַך אינד.

דער קייסער פון עלאם האָט פאָרגעזעצט זיך נוקעם זײַן אין סעמיראַמידען און געשיקט א בריוו איר זון ניניאַס אין נינעווע. ער האָט אים פאָרגעלייגט אין דעם בריוו פרײַנטשאפט און א בונד און אלס ווײַב זײַן שוועסטער. פאַר דעם האָט ער געדארפט אָנהייבן א מילכאָמע קעגן סעמיראַמידען. ניניאַס איז מאסקים געווען און האָט זײַן כאַיִל געשיקט שטורמעווען באָוול, אָבער צוערשט האָט ער געשיקט אהין א פארלאמענטיאָר מיט א פאָדערונג אָפּגעבן די שטאָט אָן א שלאכט, דאָס גאנצע געווער און געבן א שווּע וועגן אייביקער טרײַהײַט צו אשור. ער האָט אויך געפאָדערט פארטרײַבן סעמיראַמידען פונעם לאנד, ארויסגעבן דעם טורטאַן ראבאַמאר און אויסצאָלן א גרויסן שטײַער.

אָבער די פאָלקס־פארזאמלונג האָט אים אָפּגעזאָגט אין דעם, און דעמלט האָט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם פון דער שטאָט. אײַנעמען זי אַף אזא אופן האָט זיך אָבער ניט אײַנגעגעבן, און די אשורן האָבן אָנגעהויבן א דויערהאפטע באלאגערונג. דאָס, וואָס סעמיראַמידע האָט אומגעריכט זיך באוויזן פון אינדיע, האָט געצווונגען ניניאַסן ארויפנעמען די באלאגערונג און אָפּפירן דאָס כאַיִל.

סעמיראַמידעס אומקער איז פארבונדן געווען מיט א סטיכיישער קאטאסטראָפע אַף דעם טײַך אינד. גוסרעגנס און דאָס צעגיין זיך פון די שנייען אין די בערג האָבן הויך אופגעהויבן די וואסערן אין אינד, און זיי האָבן פארניכטעט א טייל שיפן פון די באָוולער אפן טײַך. אין דער זעלבער צײַט האָט די אינדישע באפעלקערונג אופגענומען סעמיראַמידען פײַנטלעך. די דאָזיקע סינאַ האָבן פארשטארקט די אינדישע פירשטן, וועלכע האָבן פאַר צוויי כאדאָשים, וואָס סעמיראַמידע איז געווען בא די ברעגן פון אינד, געקאָנט צוגרייטן א גרויסע ארמיי.

זיי האָבן צונויפגעזאמלט אין איין אָרט א סאך קאַמף־העלפאנדן, אַף זייערע פלייצעס צוגעפעסטיקט קוישן מיט אינדישע קריגסלײַט. אין דער ערשטער אטאקע פון סעמיראַמידעס לאגער האָבן זיך באטייליקט 300 קאַמף־העלפאנדן. די שלאכט איז געווען אן אכזאָריעסדיקע.

די סאמע געוואגטע פון די באָוולער האָבן געפרווט אָפּהאקן די שנויצן בא די העלפאנדן, אָבער די קריגסלײַט אין די קוישן האָבן זיי דערהארגעט מיט שווערע שטיינער.

די העלפאנדן האָבן דערשראָקן דאָס באָוולשע כאַיִל, צעשטערט און צעטאָפּטשעט דעם גאנצן לאגער. סעמיראַמידעס קריגסלײַט האָבן אָנגעהויבן זיך צעלויפן.

מיט סעמיראַמידען האָבן פֿאַרגעזעצט די שלאַכט בלויז די לײַבהיטער. אין אָט דער צײַט האָט צו סעמיראַמידעס געצעלט אָנגעהויבן זיך דערנעענטערן א העלפֿאַנד־גיגאַנט מיט די בעסטע שיסער, וועלכע זײַנען געזעסן אינעם טורעם אױף זײַן פּלײצע. די ריזיקע שטויסצײנער פֿונעם העלפֿאַנד־גיגאַנט זײַנען באַדעקט געווען מיט גאָלד, דעם האַלדז האָט פֿאַרדעקט א רינגען־פּאַנצער, און זײַן קערפּער האָבן נישט געקאָנט דורכשטעכן ניט קײן דראָטיקעס, ניט קײן פֿײַלן. ווען דער העלפֿאַנד האָט זיך דערנעענטערט צו סעמיראַמידעס געצעלט, האָט דער טורטאַן ראַבאַמאַר מיט א שווערד אָפּגעהאַקט זײַן שנויץ. דער העלפֿאַנד האָט זיך געלאָזט לױפֿן און איז אַראָפּגעפֿאַלן אין אָפּגרונט צוזאַמען מיט די אינדישע קריגסלײַט.

אויסניצנדיק די בעהאַלע פֿון די אַנגרײַפֿנדיקע, האָט ראַבאַמאַר אופֿגעהויבן אױף די הענט סעמיראַמידען און בעשאָלעם זיך דערקלײבן צו זײַן שיף. אָבער די גאַנצע ארמיי פֿון די באָוולער איז צעקלאַפּט אָדער צעזייט געוואָרן. צו אָוונט־צו האָבן די לעבנגעבליבענע זיך צונויפֿגעזאַמלט אין גרופּעס און אָנגעהויבן זיך דורכשלאָגן צו זייערע שיפֿן.

ראַבאַמאַר האָט געהאַלטן, אז די סיבע פֿון דער מאַפּאַלע פֿון דער באָוולשער ארמיי זײַנען געווען די עלאַמיטן, און באַשלאָסן נעקאָמע נעמען. ער האָט צעטײלט דעם געבליבענעם פֿלאָט אױף צוויי כאַלאָקים. א טײל שיפֿן האָט ער געשיקט קײן עלאַם, און א טײל — קײן באָוול.

אַן אַטריאַד פֿון באָוולער האָט זיך דערקלײבן ביזן לאַגער פֿונעם עלאַמישן קייסער, וועמענס כאַיל האָט צוזאַמען מיט ניניאַסן געשטורמעוועט באָוול, זיי האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין זײַן געצעלט, אויסגעהאַרגעט די וואַך, און דעם קייסער גופֿע גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, אויסגעשטאָכן די אויגן און איבערגעלאָזט אַלס אַרעוויניק. די באָוולער האָבן געפֿאָדערט פֿון די עלאַמיטן, זיי זאָלן זיך פֿאַרנעמען אין זייער לאַנד, אויב ניט — וועלן זיי אופֿהענגען זייער קייסער. זיך איבערגעשראָקן, זײַנען די עלאַמיטן אָפּגעטראָטן.

ניניאַס אָבער האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן, אז מיט באָוול זאָל רעגירן א פֿרוי, די געוועזענע פֿרוי פֿון זײַן פֿאָטער, און איצט די געליבטע פֿונעם טורטאַן — דעם פֿיניקיער ראַבאַמאַר, וועלכער האָט אוזורפּירט די מאַכט אין וואַווילאָניע. ער האָט באַשלאָסן פֿאַרזעצן די מילכאָמע און באַפֿוילן דערטרינקען באָוול אין די וואַסערן פֿונעם טײַך. אַלס ענטפֿער האָט סעמיראַמידע באַפֿוילן אויסגראָבן אַפּפֿיר־קאַנאַלן, אָבער ניט באַוויזן זיי פֿאַרענדיקן, ווײַל ווילדע שטראָמען האָבן שוין געיאָגט אױף באָוול, אָפּוווישנדיק אַלץ אױף זייער וועג.

די וואַסערן האָבן צעשלײַדערט די שיפֿן פֿונעם טורטאַן ראַבאַמאַר. א טײל פֿון זיי זײַנען דערטרונקען געוואָרן, א טײל איז אָפּגעטראָגן געוואָרן אין אָפֿענעם יאַם. אין אָט דעם שוידערלעכן וואַסער־ווירבל איז אומגעקומען ראַבאַמאַר אַלײן.

סעמיראַמידעס דינסטן האָבן געפּרוווט זי אַרויספֿירן אױף דער העכסטער טעראַסע זיקוראַט (דער דאָזיקער קולט־טורעם האָט פֿאַרמאָגט פֿון 3 ביז 7 יאַרוסן פֿון ציגל, פֿאַרײניקט מיט טרעפּ און פֿאַנדוסן), אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. אין אָט דער מינוט האָט די ערשטע מעכטיקע כוואַליע מיט טראַסק און טומל א זעץ געגעבן אין סעמיראַמידעס פּאַלאַץ, אים כאָרעוו געמאַכט און אַוועקגעטראָגן מיט זיך די קייסערינע. אזוי איז זי אומגעקומען אינעם ווירבל פֿון די כוואַליעס. דאָס פֿאָלק האָט ניט געוואָלט גלײבן אין איר טויט און געהאַלטן, אז אין דער סאַמע לעצטער רעגע האָט זי זיך פֿאַרוואַנדלט אין א טויב און איז אַוועקגעפֿלויגן, ווערנדיק אומשטערבלעך.

נאָך דעם איז ניניאַס אשורישע כאַיל אַרײַן אין באָוול, ווו ניניאַס האָט געגעבן א שוווע דער באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט אין טרײַהייט און געמאָלדן וועגן דער פֿאַרײניקונג פֿון אשור מיט באָוול.

און נאָך איין לעגענדע האָבן מיר פֿאַרשריבן לויט די ווערטער פֿון דער אשורערין ד. פּ. טאַ־קאַריאַווא.

מיט לאַנגע יאָרן צוריק האָט געלעבט אַן אשורישער קייסער, וועלכער האָט פֿאַרבראַכט זײַן צײַט אין קאַמפּמאַרשן און מילכאָמעס. און אומגעקומען איז ער אין איינער פֿון די אַכזאָריעסדיקע שלאַכטן, איבערלאָזנדיק דאָס קיניגרײַך דעם קלײנינקן זון און דער פֿרוי סעמיראַמידע.

סעמיראַמידע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם טויט פֿון איר מאַן פֿונעם ווזיר און וועגן דעם, אז די ארמיי איז געבליבן אָן אַן אָנפֿירערשאַפֿט.

די טרויעריקע ידיעה האָט דערשיטערט די קייסערינע. קומענדיק צו־זיך, האָט זי באַפֿוילן, מע זאָל איר געבן א שווערד, א העלם, א שוץ־שילד און א רינגען־פּאַנצער. דער ווזיר האָט איר געענטפֿערט, אז אין אשור זײַנען ניטאָ קײן רינגען־פּאַנצערס פֿאַר פֿרויען. דאַן האָט זי געפֿאָדערט, מע זאָל איר ברענגען דעם רינגען־פּאַנצער פֿון איר דערהאַרגעטן מאַן. זי האָט אים אָנגעטאָן, זיך אַרופֿגעזעצט אױף א פֿערד און זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון דער ארמיי. ווען די ארמיי האָט זיך דערנעענטערט צום פֿײַנט, האָבן דער קייסער פֿון דער פֿײַנטלעכער ארמיי און סעמיראַמידע אָנגעהויבן א געראַנגל צווישן זיך. די שלאַכט האָט געדויערט לאַנג.

ענדלעך האָט סעמיראַמידע אָנגעהויבן בײַקומען דעם פֿײַנט. אין יענעם מאָמענט איז אַ לאָקן פֿון אירע האָר אַרויסגעפֿאַלן פֿון אונטער איר העלם. פֿרווונדיק אים אײַנריכטן צוריק, האָט זי אַ רוק געטאָן דעם העלם אין אַ זײַט און אַנטבלויזט דעם האַלדז. איר קעגנער האָט דאָס אויסגענוצט און דערלאַנגט מיט דער סאַבליע אַ קלאַפּ. די קייסערינע איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿונעם פֿערד. איר קעגנער איז געווען פֿאַרווונדערט, ווען ער האָט דערזען די טויטע שיינהייט.

דערזען, אַז זייער קייסערינע איז דערהאַרגעט, האָבן די אַשורישע קריגסלײַט מיט צאָרן זיך אַ וואָרף געטאָן אָפֿן פֿײַנט און אים דערלאַנגט אַ טויטקלאַפּ.

אַ פֿאָלגנדע לעגענדע וועגן סעמיראַמידען ברענגט דער באַוווּסטער אַרמענישער געלערנטער מ. כאָרענסקי. אין איר דערציילט זיך, אַז סעמיראַמידע איז געווען פֿאַרליבט אינעם אַרמענישן קייסער אַראַ דעם פּראַכטפֿולן. זי האָט געשיקט צו אים שעליכים, אײַנלאַדנדיק אים קומען צו פֿאָרן קיין אַשור, כאָטשנע האָבן פֿאַר איר און ווערן דער אַשורישער קייסער. אָבער די שעליכים האָבן באַקומען אַן אָפּזאָג. דאַן האָט די דערצאָרנטע סעמיראַמידע באַשלאָסן אַרויסטרעטן קעגן אים מיט אַ מילכאָמע. אין דער שלאַכט איז אַראַ דער פּראַכטפֿולער אומגעקומען. סעמיראַמידע איז שטאַרק געוואָרן פֿאַרומערט. זי האָט געבעטן אירע מעכאַשפֿים אים לעבעדיק מאַכן, אָבער ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפֿן.

נאָכן טויט פֿון אַראַ דעם פּראַכטפֿולן האָט סעמיראַמידע אַריבערגעטראָגן איר ליבע אויף אַרמעניע, באַשלאָסן אויסבויען פֿאַר זיך דאָרט אַ שטאָט און דורכפֿירן אין די דאָזיקע וווּנדערשיינע קאַנטן יעדן זומער.

סעמיראַמידעס זון ניניאַסן איז ניט געווען געפֿעלן דער מוטערס היסלײַוועס — צוערשט איר ליבע צו אַראַ דעם פּראַכטפֿולן, און נאָך זײַן טויט — צום גרינדער פֿון דעם מידישן קיניגרײַך זאָראָאַסטמאַג. ניניאַס האָט געפּרוווּט זי אײַנריידן און פֿאַרכאַפּן די מאַכט, אָבער דאָס האָט אים ניט געלונגען.

אין אַט דער צײַט האָט אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן סעמיראַמידען און זאָראָאַסטמאַגן, וואָס איז דערגאַנגען צו אַן ערנסטער מילכאָמע. אין אַט דער מילכאָמע איז סעמיראַמידע צעקלאַפּט געוואָרן און אָנגעהויבן אָפּטרעטן. ניניאַס האָט באַשלאָסן אַ סאָף מאַכן מיט דער מוטער, אָבער, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָט זי פֿרײַוויליק אים איבערגעגעבן די מאַכט, און אַליין האָט זי זיך באַזײַטיקט.

אַזעלכע זײַנען בלויז אייניקע פֿון די לעגענדעס וועגן סעמיראַמידען. צי האָט אָבער רעאַל עקזיסטירט סעמיראַמידע? דער פּעריאָד פֿון דער הערשונג פֿון די אוראַרטע קייסאָרים (IX—VIII יה. ביז אונדזער ערע) האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אָנגעשטרענגטע מילכאָמעס קעגן אַשור. פֿונעם 812 ביז דעם 807 יאָר ביז אונדזער ערע האָט רעגירט די מוטער פֿונעם אַשורישן קייסער אַדאַד־ניראַרי III, וועלכער איז אין יענער צײַט אַלט געווען 5—6 יאָר. גערופֿן האָט מען זי שאַמוראַמאַט. געלערנטע קאָנען נאָך אַדהײַעם ניט קומען צו אַן אײנהײַטלעכן אויספֿיר בענעגייע דער איבערזעצונג פֿון אַט דעם נאָמען שאַמוראַמאַט, סאַמוראַמאַט, סעמיראַמידע. מע זעצט אים איבער סײַ ווי „איר הויכער נאָמען", סײַ ווי „טײַבעלע", „די האַרנטע פֿונעם פּאַלאַץ" אאַז.

בעמעשעך פֿונעם IX יה. האָבן פֿעלקער פֿון אוראַרטו זיך באַקאַנט מיט די דערגרייכונגען פֿון אַשור אין פֿראַט פֿון קריגס־קונסט, פֿון בויען שטעט, פֿעסטונגען, קאַנאַלן און מיט דער אַשורישער קולטור ביכלאַל. דאָס רײַכטום, די גרויסקײַט, מעכטיקײַט, פּראַכט פֿונעם אַשורישן הויף האָבן איבערגעלאָזט אינעם זיקאָרן פֿון די אוראַרטער אַ טיפֿן שפּור. אַ באַזונדערן אײַנדרוק האָט געמאַכט דער פֿאַקט, וואָס אינעם לאַנד, וואָס האָט געקעמפֿט מיט זיי, האָט געהערשט אַ פֿרוי — אַ קייסערינע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שיינקײַט, קלוגשאַפֿט און מיליטערישן טאַלאַנט. אינעם פּעריאָד פֿון איר הערשאַפֿט זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן עטלעכע קריגס־עקספּעדיציעס קיין אוראַרטו און מידיע, וועלכע האָבן געמאַכט אַ שעם סעמיראַמידען און אַשור. פּונקט ווי די פֿריִערהערשנדיקע אַשורישע קייסאָרים, איז זי דורכגעגאַן די גאַנצע אוראַרטער טעריטאָריע. אײנצײַטיק דאַרף מען אָפּמערקן, אַז סעמיראַמידעס הערשאַפֿט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער בויטעטיקײַט. עס זײַנען אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ סאַך פֿעסטונגען, דורכגעלייגט געוואָרן וועגן, קאַנאַלן, באַגרינדעט געוואָרן אַ סאַך שטעט. ניט אָפּגעשטאַנען זײַנען פֿון סעמיראַמידען אויך די אוראַרטער קייסאָרים, אונטערנעמענדיק אַ גרויסע בויונג אין זייער לאַנד. לעמאָשל, דער אוראַרטער קייסער מענוא האָט אויסגעבויט אַ גאַנצע ריי באַפֿעסטיקונגען אויף די צוטריטן צו דער הויפּט־שטאָט פֿון דער מעלוכע — טושפּי, פֿאַרענדיקט די בויונג פֿון די ווענט פֿון דער וואַנער פֿעסטונג, אויפֿגעשטעלט מעכטיקע באַפֿעסטיקונגען אינעם צאָפֿן־טייל פֿון דעם לאַנד און דורכגעגראָבן דעם באַוווּסטן קאַנאַל, וועלכער האָט באַזאָרגט די הויפּט־שטאָט מיט טרינק־וואַסער. אַט דעם קאַנאַל האָט מען אַ נאָמען געגעבן שאַמיראַם — סעמיראַמידע. מ. כאָרענסקי האָט געהאַלטן, אַז דעם קאַנאַל האָט אויסגעבויט די קייסערינע סעמיראַמידע. דער אַקאַדעמיקער ב. פּיאָטראָווסקי האָט דער־

וויזן, אז דעם דאַזיקן קאַנאַל האָט אויסגעבויט דער אוראַרטער קייסער מענוא און ניט סעמיראַמידע. אָבער די פֿאָלקס־לעגענדע האָט צוגעשריבן די אוטאַרשאַפֿט סעמיראַמידען.

בעהאדראַגעדיק האָט דאָס געשטאַלט פֿון איינער פֿון די ערשטע פּרויען־הערשערנס, וועלכע האָט אָנגעפֿירט מיט דער גרעסטער אוראַלטער מעלוכע, אָנגעהויבן אָנוואַקסן מיט מיפֿן, לעגענדעס און מעסוירעס. די אַלגעמיינע קאַנווע פֿון די דאָזיקע לעגענדעס איז איינע און די זעלבע, האַגאַם זי האָט פֿיל מאָדיפֿיקאַציעס, ענדערונגען און וואַריִאַציעס.

סעמיראַמידעס געשטאַלט האָט איבערגעלאָזט א טיפֿן שפּור אין דער גײַסטיקער קולטור פֿון פֿיל פֿעלקער אין דער וועלט: בא די רוסן, פֿראַנצויזן, אַראַבער, ייִדן, טערקן אאַ. ער האָט באַגײַסטערט און באַגײַסטערט אויך הײַנט א סאַך שרײַבער, היסטאָריקער, פֿילאָסאָפֿן, דראַמאַטורגן,



אַנאַטאָלי סאַזאָנאָוו (רעכטס) און קאָנסטאַנטין מאַטווייעוו

קינסטלער אַף צו שאַפֿן קונסטווערק. אווטאָרן פֿון די דאַזיקע ווערק זײַנען געווען די גלענצנדע קטעסי, הערואַדאָט, דיִאָדאָר דער סיציליִער, סטראַבאָן, מ. כאָרענסקי, די קאָמפּאָזיטאָרן גליוק, ראָסיני, דער פֿילאָסאָף וואָלטער, דער קינסטלער גוערטשינאָ אאַ.

אינטערעסאַנט איז אָפּצומערקן, אז נאָך אין XV יה. איז געווען פֿאַרשפּרייט אין רוס (Русь) דער קסאוויאַד „אַלעקסאַנדריִע. א ראָמאַן וועגן אַלעקסאַנדער מוקדן", די העלדין פֿון וועלכן ס'איז געווען סעמיראַמידע. דער ראָמאַן איז געווען שטאַרק פּאָפּולער בא דעם דעמאָלטיקן לייענער.

## 11. וויִאַזוי באָוול איז אויפֿגעשטאַנען טכ׳אַס־האַמייסים

לאָמיר דערמאָנען די פּאַרויסזאָגונג פֿונעם ביבלישן נאָווי יעשײַע וועגן דער פֿולשטענדיקער און אייביקער פֿאַרשווינדונג פֿון באָוול. ער האָט געזאָגט: „באָוול, די פּראַכט פֿונעם קיניגרײַך, דער שטאָלץ פֿון די כאַלדייער, וועט אַראָפּגעוואָרפֿן ווערן מיצאַד גאָט, ווי סדום און שומרון. באָוול וועט ניט באַזעצט ווערן קיינמאָל, און דור־עס־לאָנג וועט ער קיין אײַנוווינער ניט האָבן. עס וועט

ניט שטעלן דער אראוויער דאָס געצעלט זייַנס, און פּאַסטעכער מיט די סטאַדעס וועלן ניט אָפּרוען דאָרטן. אָבער לעבן וועלן דאָרט כײַעס פֿונעם מידבר, און די הײַזער וועלן זיך אָנפֿילן מיט סאָוועס, און שטרויסן וועלן זיך באַזעצן, און קודלאַטע באַשעפֿענישן וועלן שפּרינגען דאָרט. שאַקאַלן וועלן וואָיען אין די פּאַלאַצן זײַערע, און היִענעס אין די פֿאַרווײַלונגס־הײַזער".



אָבער מענטשן האָבן באַקלערט אַנדערש. די איראַקער האָבן אָנגעהויבן ווידער אופֿבויען דעם אוראַלטן באַוול פֿון רויִנעס, פֿאַרוואַנדלען אים אין א שטאַט־מוזיי, וועלכער איז געוואָרן איינער פֿון די סאַמע פּאָפּולערע טוריסטישע צענטערס פֿונעם אַראַבישן מיזרעך. צוליב דעם האָט מען ניט וויַיט פֿון דער שטאָט כילא, 100 קילאָמעטער אױף דאָרעם פֿונעם איצטיקן באַגדאַד, אָנגעהויבן אופֿשטעלן דעם לעגענדאַרן באַוול, דעם פּאָליטישן, קולטורעלן און עקאָנאָמישן צענטער פֿון וואַווילאָניִע. דאָ, אין איינער פֿון די אוראַלטסטע שטעט אין דער וועלט, האָבן געווינט, לויט די אָפּשאַצונגען פֿון געלערנטע, 100 טויזנט מענטשן. עס ווערט פּלאַנירט אופֿשטעלן סעמיראַמידעס סעדער, די טויערן פֿון דער קייסעריניע אישטאַר, מאַרדוקס טעמפּל, דעם באַוווסטן באַוול־טורעם, דעם גריכישן אַמפֿיטעאַטער פֿון אַלעקסאַנדער מוקדנס צײַטן. בייס דער רעקאָנסטרוקציע פֿון די דאָזיקע שעדעווערס ניצן עקספּערטן אויס די אָנגאַבן פֿון די אוראַלטע היסטאָריקער, צום בײַשפּיל, העראָדאָטן, וועלכער טיילט מיט, אַז דער באַוול־טורעם האָט דערגרייכט די הייך פֿון 70 מעטער. קעדיי די דאָזיקע אַרבעטן זאָלן זיך אָנהייבן, האָט מען געדאַרפֿט אַנטדעקן באַוול, פּינקטלעך פֿעסטשטעלן זײַן אָרט, פֿאַרפּינקטלעכן זײַנע גרענעצן. אױף דעם זײַנען אַוועק יאָרהונדערטער. נאָך דעם, ווי די הויפּט־שטאָט פֿון די סעלעווקידן איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן פֿון באַוול אין דער שטאָט סעלעווקיִע, האָט די אוראַלטע שטאָט אָנגעהויבן שנעל גיין צו גרונט און איז אַרײַנגעפֿאַלן אין א פֿולשטענדיקער יערידע. אין דער עפּאָכע פֿון די פּערסישע דינאַסטיעס פֿון די אַרשאַקידן און סאַסאַנידן און די אַראַבישע דעראָבערונגען איז באַוול צוביסלעך פֿאַרגעסן געוואָרן, און לעסאָף איז געקומען דער מאָמענט, ווען דאָסראָזו האָט אַפֿילע פֿאַרגעסן, וווּ ער געפֿינט זיך. בלויז די ביבל האָט פֿאַרגעזעצט „צו שמײַסן אים מיט א בײַטש" און דערמאָנען אים אין פֿאַרשיידענע וואַריאַציעס, ניט זייער שעמענדיק זיך אין אויסדרוקן.

לויט דער מיינונג פֿון די צוגויפֿשטעלער פֿון דער ביבל, איז באַוול געווען „א וועלט־ווידערשפּעניקע", דאָרט איז פֿאָרגעקומען די „באַוולשע בעהאָלע". פֿיל האָבן אופֿגעטאָן אױף צו פֿאַרשפּרייטן וואָרהאַפֿטיקע אינפֿאָרמאַציע וועגן באַוול און זײַנע אײַנוווינער דער „פֿאָטער פֿון דער געשיכטע" העראָדאָט, ווי אויך סטראַבאָן, דיאָדאָר דער סיציליער.

אין 1165 האָט דער רײַזנדער ב. טודעלסקי פֿון שפּאַניע באַזוכט אָט דעם ראַיאָן און געשריבן, אַז באַוול — דאָס זײַנען רויִנעס מיט א שטעך פֿון 60 קילאָמעטער. דאָרט געפֿינען זיך אויך די רויִנעס פֿון נאַווואָכאָדנעצערס פּאַלאַץ. אין אָנהייב פֿונעם XVII יה. האָט דער איטאַליענישער רײַזנדער און סויבער פּ. וואַלע באַזוכט די כורוועס פֿון באַוול און געבראַכט קיין איטאַליע קײַלשריפֿטלעכע לײימענע שילדלעך. אָבער די ערשטע באַשרײַבונג פֿון די רויִנעס פֿון באַוול האָט צונויפֿגעשטעלט דער רעזידענט פֿון דער בריטישער אָסט־אינדישער קאָמפּאַניע ק. ריטש.

אין די דאָזיקע ערטער האָט אויך געאַרבעט דער באַוווסטער ענגלישער קינסטלער ר. פּאָרטער, וועלכער האָט אין די יאָרן 1817 — 1820 געמאַכט פֿאַרצייכענונגען פֿון די רויִנעס פֿונעם אוראַלטן באַוול.

ק. ריטשס און ר. פּאָרטערס מאַטעריאַלן האָבן צוגעצויגן די אופֿמערקזאַמקײַט בא דעם אַנטדעקער פֿון דער הויפּט־שטאָט פֿון אשור נינעוויִע, דעם באַוווסטן ג. לעיאַרד, וועלכער האָט אין 1850 געמאַכט עטלעכע אויסגראָבונגען אין די בערג אױף דער טעריטאָריע פֿונעם געוועזענעם באַוול. אָבער ג. לעיאַרד האָט דאָ נישט געפֿונען ניט קיין סקולפּטורן, ניט קיין רעליעפֿן, ווי ער האָט דערוואַרט. די אַרבעטער האָבן געפֿונען בלויז „לײימענע ביכער", סטאַטועטקעס, שטעמפּלען אאַוו.

אַנטוישנדיק זיך, האָט ג. לעיאַרד אָפּגעשטעלט די אויסגראָבונגען, און זײַן אָרט האָבן פֿאַרנומען דײַטשישע אַרכעאָלאָגן. דער גרעסטער פֿון זיי איז געווען ר. קאָלדעוויי.

צוערשט האָט ר. קאָלדעוויי פֿאַרלויפֿיק באַזוכט דעם ראַיאָן. אָט ווי עס שרײַבט וועגן דעם

ע. קלענגעל־בראַנדט: „אומקערנדיק זיך קיין בערלין, האָט קאָלדעווײ פאַרגעלייגט פירן אויסגראַבונגען פונעם באַוולשן בערגל, ווו ער האָט געפונען, פונקט ווי ג. לעיאַרד, פראַגמענטן פון אַ באַדעקטן מיט גלאַזור רעליעף, וואָס איז געווען, לויט זײַן מיינונג, אַ באַפּוצונג פון אַ וויכטיקסטן ביניען. לעטוויזעס די אויסגראַבונגען גראַד אין באַוול איז געווען אויך דאָס, וואָס דער רום און די באַדײַטונג פון אַט דער שטאָט האָבן צוגעצויגן צו אים אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס. די פריִער געגרינדעטע דײַטשישע מיזרעך־קענטענישע געזעלשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט אויף די הויצאָעס פון פילצאַליקע פריוואַטע פערזאָנען און פונעם אימפּעראַטאָרישן הויף, האָט גענומען אויף זיך די פינאַנסירונג פון די אויסגראַבונגען. ראָבערט קאָלדעווייען האָט מען באַופטראָגט זיך שטעלן בעראָש פון דער עקספּעדיציע, און אין מאַרט 1899 האָט ער צוזאַמען מיט וואַלטער אַנדרע און מיט אייניקע מיטאַרבעטער זיך געלאָזט אין וועג.

אַרויספאָרנדיק פון אַלעפּאָ, האָט זייער קאַראַוואַן דורכגעשניטן דעם אשורישן מידבער, באַוועגנדיק זיך אין דער ריכטונג צו באַגדאַד. אין יענער צײַט האָבן די אַרכעאָלאָגן געדאַרפט באַזיצן, אויסער ספּעציִעלע קענטענישן, אויך די קונסט פון רײַטן און פון קענען שיסן, ווײַל זיי איז ניט זעלטן אויסגעקומען אַרײַנצוטרעטן אין צוזאַמענשטויסן מיט די קריגערישע בעדויִנען".

דער אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע וו. אַנדרע האָט אין זײַנע זיכרוינעס איבערגעלאָזט אַ טשיקאַווע באַשרײַבונג פון אָט דער רײַזע, וועלכע האָט געדויערט 26 טעג: „אונדזער קאַראַוואַן, וואָס איז באַשטאַנען אומגעפער פון 30 באַלעבאַיִם, האָט זיך געלאָזט אין וועג. גרויסע גלעקעלעך, וועלכע זײַנען אויפן האַלדז פון יעדן אייזל — באַ אייניקע מיטאַמאָל צו פינף שטיק, האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכן, פאַרטויבנדיקן טומל. מיר זײַנען געפאָרן רײַטנדיק דעם גאַנצן טאָג און אָנגעקומען צו 7 אַזייגער, שוין אין דער פינצטער, אין אַ רעגן און בלאָטע, אין אַן אַרײַנפאָר־הויז, ווו ס'איז געווען וואַסער. אין דעם צימער מיט ליימענע ווענט האָבן מיר אָוועקגעשטעלט וועג־בעטלעך און ניט שלעכט זיך אויסגעשלאָפן. אינדערפרי, נאָך אין דער פינצטער, האָבן מיר מיט שוועריקײַטן פאַנאַנדערגעפּלאָנטערט דעם קנויל פון אייזלען און פערד, און דעם 9 פעווראַל האָבן מיר זיך אָנגעהויבן באַוועגן ווײַטער צו דערכיפּו, פאַזע די פעלדער איבער אַ פלאַכן פליין. אין די נעכט האָט זיך אַלץ אַרום באַדעקט מיט אײַז, איינמאָל איז די טעמפּעראַטור געפאַלן ביז 4—5 גראַד. דערפאַר אָבער האָט באַטאָג די זון געשײַנט זייער צאַרט — ביז 30 גראַד. אַלנפאַלס, די וואַקלונגען פון דער טעמפּעראַטור איז טאָמיד געווען מער פון 30 גראַד".

בײַקומענדיק אַלע שוועריקײַטן, האָבן די אָנטיילנעמער פון דער עקספּעדיציע בעשאָלעם זיך דערקליבן צו באַגדאַד. אָפּרוענדיק דאָ עטלעכע טעג, האָבן זיי זיך אָוועקגעלאָזט קיין באַוול, וואָס געפינט זיך 100 קילאָמעטער פון באַגדאַד. קעדיי בײַקומען אָט דעם מעהאַלעך, האָט דער קאַראַוואַן געדאַרפט פאַטערן נאָך דרײַ טעג.

ר. קאָלדעווײ איז געווען אַן אַרכיטעקטאָר, און געקומען איז ער קיין באַוול, האָבנדיק שוין אַ געוויסע דערפאַרונג פון אויסגראַבונגען, ווײַל פריִער האָט ער אָנטיילגענומען אין דער פאָרשונג פונעם אַנטישן טעמפּל און אין עטלעכע אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציעס אויפן נאָענטן מיזרעך. אָבער דאָ, אין באַוול, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געפונען זײַן לעבנס־באַרוף. אונטער ר. קאָלדעווייס אָנפירונג איז באַוול ווידער געבוירן געוואָרן פאַר אַ נײַ לעבן. די רויִנען האָבן אָנגעהויבן ריידן און געעפנט זייערע געהיימניסן.

די אויסגראַבונגען האָט מען אָנגעהויבן אויף איינעם אַ באַרג, וואָס הייסט קאַסר („שלאָס") און האָט פאַרדעקט אַ טייל פון די פעסטונג־אײַנריכטונגען און נאָווּכאַדנעצערס פּאַלאַץ (רעם צאָפּנדיקן און דאָרעמדיקן טורעמס). די שעפע פון די געפונענע שפּליטערס ציגל, באַדעקטע מיט גלאַזור, האָט אידעס געזאָגט, אַז אויף אָט דעם אָרט זײַנען אַמאָל געשטאַנען געזעלשאַפטלעכע ביניאָנים. ר. קאָלדעווײ האָט געשריבן אין שײַכעס דערמיט דעם 5 אַפּרעל 1899 איינעם פון זײַנע פרײַנט: „איך גראָב שוין פערצן טעג, און די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט פולקום געהאַט אַ דערפאָלג. דו ווייסט, אַז איך האָב פאַרגעלייגט פאַנאַנדערגראָבן קאַסר מאַכמעס זײַנע ציגלנע רעליעפן, און איצט האָבן מיר זיי געפונען.

קאַסר באַשטייט פון צוויי קײַלעכדיקע טורעמס, דער צאָפנדיקער טורעם איז באַפּוצט מיט רעליעפן. איך האָב אָנגעהויבן פון אים. ער איז אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט פון אַ ריזיקן פאַרנעם. דער אויסערלעכער צודעק פון דער וואַנט איז צונויפגעלייגט פון געברענטן ציגל, פאַרפעסטיקט מיט אַספאַלט, אינווייניק איז זי פאַרפולט מיט טײַך־זאַמד. דער אויסערלעכער ציגל־באַשלאָג האָט אַן ערעך 7 מעטער די גרעב, און די זאַמדיקע — אַן ערעך 10 מעטער! דאָס באַטײַט, אַז די וואַנט האָט געהאַט די גרעב פון העכער 16 מעטער — קיינמאָל איז מיר ניט אויסגעקומען ביז איצט אַזעלכס אויסצוגראָבן".

אין באַוול האָבן די פאָרשער זיך אָנגעשטויסן אין אַזעלכע שוועריקײַטן, וועלכע זיי האָבן בײַס די אויסגראַבונגען אין אַנדערע ערטער ניט באַגעגנט. ר. קאָלדעווײ באַשרײַבט זיי ביז גאָר אויס־

דריקלעך: „אויב פיל אנטישע רוינען זײַנען פּאַרוואָלגערט מיט קופּעס ברוכשטיקער און מיסט, וועלכע דערגרייכן די הייך פון צוויי־דרײַ ביז זעקס מעטער, קומט אָפּט אויס דאָ בײַקומען הרודעס שטייבּרוך אויף א הייך פון צוועלף, און אפילע פון פיר און צוואנציק מעטער, די מאַסשטאַבן פון די רוינען אנטשפּרעכן פּולקום די ריזיקע פאַרנעמען פון אָט דער אנומלטער באַפעלקערטער טעריטאָריע".

א סאך ליידן האָט געבראַכט די אַרכעאָלאָגן דער היגער קלימאַט. אָבער אפילע אין די הייסע זומער־כאָדאָשים, ווען די טעמפּעראַטור האָט דערגרייכט ביז 50 גראַד, זײַנען די אויסגראָבונגען פּאָרגעזעצט געוואָרן. דעם 18 יולי 1900 האָט ר. קאָלדעוויי מיטגעטיילט וועגן דעם אין בערלין: „וועגן אונדזער געזונט־צושטאַנד בעט איך ניט באַאומרויִקן זיך. דער רעזשים פון אונדזער לעבן איז צוגעפּאַסט אַמבעסטן צו דער אַרטיקער היץ און צו די באַזונדערקייטן פונעם קלימאַט, אַלנפאַלס, גרינטלעך דורכגעטראַכט, און ביז איצט זײַנען ניט געווען קיין סיבעס אָפּצושטעלן די אויסגראָבונגען. די אַרבעטער טראָגן גוט איבער די היץ, בײַטנדיק זיך פון צײַט צו צײַט, זיי אַרבעטן יעדן טאָג ביז עלף אַזייגער און ניט ערגער, איידער ווינטער. שווערער איז אָפּן באַרג אַמראַן, ווו עס קומט אויס אַרבעטן אין א טיפער טראַנשיי, אין דורכויסיקן שטויב. ווען די אַרבעט ווערט געפירט אין א גרויסער טיף און די מענטשן דאַרפן זיך קעסיידער אָט אַראָפּלאָזן זיך, אָט זיך אופהייבן, גייט די זאַך זייער לאַנגזאַם".

ע. קלענגעל־בראַנדט האָט געשריבן, אז פאַר זייערע באַמיִונגען זײַנען די אַרכעאָלאָגן באַלוינט געוואָרן — זיי האָבן אַנטדעקט גלענצנדיקע אַרכיטעקטור־דענקמעלער. „אייניקע פון זיי זײַנען שוין געווען באַוווּסט פון דער ביבל אָדער לויט די באַשרײַבונגען פון אוראַלטע אַווטאָרן, דאָס געפינס פון אַנדערע איז געווען פּולקום אומדערוואַרט. צו אַזעלכע באַוווּסטע אײַנריכטונגען, ווי די הענגענדיקע סעדער אָדער דער באָוול־טורעם, איז די אויפמערקזאַמקייט פון דער וועלט צוגעשמידט געווען שוין פון לאַנג, און בא אַלעמען האָבן זיי אַרויסגערופן א לעבעדיקן אינטערעס. אָבער אין רעזולטאַט פון די אויסגראָבונגען זײַנען אויסגעפאָרשט געוואָרן ניט בלויז די אויסגעבויטע מיצאַד קייסאָרים טעמפּלען, פּאַלאַצן און שטאָט־ווענט, נאָר אויך די וווין־קוואַרטאַלן. ווי האָבן דערמעגלעכט צו באַקומען אן אָנשויילעכע פאָרשטעלונג וועגן דעם טאָגטעגלעכן שטייגער פון די הויפּטשטאָטישע אײַנוווינער. פילצאָליקע קלײנע געפינסן האָבן אונדז באַקאַנט מיט די וואָכעדיקע כפייצים און מיט לוקסוס־זאַכן, הונדערטער אויהאָלים האָבן אונדז געגעבן יעדיִעס וועגן קוורע־ריטואַלן און חעגן דעם, וויִאַזוי מענטשן האָבן אין יענער צײַט זיך פאָרגעשטעלט דאָס לעבן אויף יענער־וועלט.

ר. קאָלדעוויי האָט הויפּטזאַכלעך אויסגעגראָבן באָוול פון נאַווכאַדנעצער דעם צווייטנס צײַטן, דה. פון VI יה. ביז אונדזער ערע — א פּעריִאָד פון דער אַמגרעסטער מעכטיקייט און פּראַכט פון דער שטאָט. פיל אײַנריכטונגען זײַנען שפּעטער, בייס די פּערסן און גריכן, האַרט ביז דעם VIII יה. פון אונדזער ערע, באַנײַט און פאַרפולקומט געוואָרן, אַזוי אז ס'איז אויסגעקומען נאָכצושפּירן פאַרשיידענע בוי־פּעריִאָדן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויפּט איינער אויף אַנדערן. בייס די אויסגראָבונגען זײַנען אויסגעפאָרשט געוואָרן אויך מער פריִיקע שיכטן, אין באַזונדערע ערטער האָט מען געפונען שיכטן, וועלכע געהערן צום II יאָרטויזנט ביז אונדזער ערע. אָבער געשטערט האָבן זייערע אויסגראָבונגען די גרונט־וואַסערן, אַזוי אז וועגן דעם כאַמוראַפּי־פּעריִאָד קאָן מען אורטיילן בלויז אויפן יעסאָד פון צופעליקע געפינסן.

די דײַטשישע אויסגראָבונגען אין איראַק האָבן זיך אָפּגעשטעלט פּלוצעם, מאַכמעס דעם אָנגריף פון די ענגלענדער בייס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. דער ריזיקער שעטעך פון דער שטאָט איז צו אָט דער צײַט אויסגעפאָרשט געוואָרן בלויז אין די וויכטיקסטע ערטער. נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט די איראַקישע פאַרוואַלטונג פאַר אָפּהיטן די אַלטערטימער דורכגעפירט אין באָוול ניט קיין גרויסע אויסגראָבונגען, ווי אויך רעסטאַווּרירט די וויכטיקסטע פון די אויסגעגראָבענע ביניאָנים, ווײַל אויך הײַנט ציט צו באָוול א סאַך באַזוכער. עס פאָדערן זיך נאָך פילי‌אָריקע באַמיִונגען און היפּשע פינאַנסיִעלע אינוועסטיציעס, קעדיי פאַרווירקלעכן די אויסגראָבונגען פון דער גאַנצער שטאָט".

ר. קאָלדעוויי האָט ניט דערפירט ביזן סאָף די אַרכעאָלאָגישע אַרבעטן אין באָוול און געשריבן אין 1913, אין 14 יאָר אַרום נאָך דעם אָנהייב פון די אויסגראָבונגען, אז זיי האָבן דורכגעמאַכט בלויז א העלפט פון די זוכונגען. אין דעם האָבן אים געהאָלפן ספּעציִאַליסטן איבער אַרכיטעקטור, עפּיגראַפיק, עטנאָגראַפן, פילאָלאָגן, מיט זייערע באַמיִונגען און מיט די באַמיִונגען פון די אַרבעטער איז אַנטדעקט געוואָרן די גיגאַנטישע שטאָט פונעם אַלטערטום. די אינערלעכע שטאָט, דה. יענער טייל, וואָס איז געווען אינווייניק פון דער שטאָטישער וואַנט, — איז די סאַמע אַלטערטימלעכע. זי געפינט זיך אָפּן רעכטן ברעג פונעם טײַך יעווּפראַט. אויב קוקן פון אויבן אויף דער שטאָט, וועט פאַר אונדזער בליק זיך באַווײַזן א קוואַדראַט פון ניט קיין ריכטיקער פאָרם, יעדער זײַט פון וועלכן האָט קימאַט צוויי קילאָמעטער. דער עלטסטער טייל פון דער שטאָט געפינט זיך אינעם מיזרעך־

טייל. דאָ האָבן אַלע אינווייניקסטע באַפעסטיקונגען אויסגעבויט די קייסאָרים נאַבאָפּאַלאַסאַר און נאַווּכאַדנעצער אין פּעריאָד פונעם 625־טן ביזן 562־טן יאָר ביז אונדזער ערע. זיי האָבן קעסיידער פאַרברייטערט די שטאָט, און זי האָט דערגרייכט 80 קילאָמעטער אַרום און אַרום. אַזאַ שטעטל האָט געקאָנט אַרייַנעמען אין זיך לאָנדאָן און פּאַריז פון דעם אָנהייב XX יה.

אָבער ר. קאָלדעוויס וויכטיקסטע אַנטדעקונג איז, פאַרשטייט זיך, געווען קאַסר, אַזוי האָבן היגע אַראַבער אָנגערופן דעם באַרג מיט די באַפעסטיקונגען אימגור־בעל און נאַמיטי־בעל און מיטן גיגאַנטישן ערדוואַל. איבער אים איז דורכגעגאַנגען דער וועג פון פּראָצעסיעס, און דאָרט טאַקע האָבן זיך געפונען די טויערן פון דער געטין אישטאַר. אונטער אַ גרויסן שיכט פון זאַמד און ברוכשטיקער אינעם באַרג קאַסר האָט ר. קאָלדעוויי געפונען פּאַלאַצן פון כאַמוראַפּין און פון זייַנע יאָרשים. דאָרעמדיקער פון אָט דעם באַרג האָט מען געפונען דעם פּאַלאַץ פונעם באַוואוסטן קייסער נאַווּכאַדנעצער. דער פּאַלאַץ איז אויסגעבויט געוואָרן פון ניט קיין געברענטן ציגל. אין דעם אויפשריפט, וועלכן מע האָט דאָ געפונען, האָט נאַווּכאַדנעצער געזאָגט: „אַרויפגעלייגט האָב איך די הענט, קעדיי אויסבויען אַ פּאַלאַץ פאַר דעם וווינאָרט פון מייַן מאַיעסטעט אין באַבל“. צו דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָט נאַווּכאַדנעצער אַוועקגעשטעלט אַן אַנדער פּאַלאַץ, וועלכער איז אויסגעבויט געוואָרן, אין העסקעם מיטן אויפשריפט, פאַר 15 טעג.

אין דעם צאָפנדיקן טייל פון באַבל האָבן די אַרכעאָלאָגן געפונען דעם דריטן, אָבער שוין אַ זומערדיקן פּאַלאַץ, וווּ עס זייַנען געווען די באַוווסטע אויף דער גאָרער וועלט הענגענדיקע סעדער.

געגראָבן האָבן די אַרכעאָלאָגן אויך דאָרעם־צו פונעם באַרג קאַסר, אינעם באַרג, וואָס טראָגט דעם נאָמען טעל אַמראַן־איבן־אַלי. דאָ האָט ר. קאָלדעוויי אַנטדעקט אין 1900 יאָר דאָס וויכטיקסטע טעמפּל פון באַבל — ע־סאַגילאַ. דאָס דאָזיקע אוראַלטע הייכל איז אויסגעבויט געוואָרן נאָך אין III יאָרטויזנט ביז אונדזער ערע און איז רויִנירט געוואָרן מיצאַד דעם אַשורישן קייסער סינאַכעריב.

נאַבאָפּאַלאַסאַר און נאַווּכאַדנעצער האָבן אויפגעשטעלט ע־סאַגילאַ. ניט וויַט פון אָט דעם הייכל האָט זיך געפונען דער זיקוראַט — דער טרעפּאַרטיקער טורעם פון זיבן גאָרנס. זייַן הייך האָט דערגרייכט 100 מעטער. אָט דער זיקוראַט איז טאַקע דער באַוווסטער באָבל־טורעם. אינעם פונדאַמענט פונעם טורעם האָבן די אַרכעאָלאָגן געפונען אַ קייַלאַרטיקע אויפשריפט, וואָס האָט צו וויסן געגעבן, אַז ער איז אויסגעבויט אַזוי, אַז זייַן הייך זאָל דערגרייכן צום הימל.

אַכוץ דעם, האָט ר. קאָלדעוויי געפונען אין באָבל אַ סאַך „ליימענע ביכער“ — מיט בריוו, טילימס, דיפּלאָמאַטישע דאָקומענטן, פאַרשיידענע פאַראָרדענונגען, לעגענדעס, מיפן.

אַזויאַרום, האָבן ר. קאָלדעוויי און זייַנע קאָלעגן אַרויסגעשלעפּט באָבל פון פאַרגעסנהייַט און געשאַפן באַדינגונגען, קעדיי ווייַטער דערלערנען די קולטור און דאָס לעבן פון אָט דער מערק־ווירדיקער שטאָט פונעם אַלטערטום. זיי האָבן אויך דערוויזן, אַז די פאָרויסזאָגונג פון די ביבלי־שע נעוויִים איז ניט מעקוייעם געוואָרן.

ייִדיש — ב. גערשמאַן



# די געשיכטע פון איינער א פעלשונג

היסטאָרישע מיפן, אויב זיי אנטשפּרעכן עמעצנס אינטערעסן, פאַרמאָגן א דערשטוינענדיקע שטאַנדהאַפטיקייט. צו אַזעלכע געהערט אויך דער מיף וועגן דער „אַלוועלטלעכער יידישער פאַרשווערונג", וועלכער איז געשאַפן געוואָרן, קעדיי צעצינדן דעם אַנטיסעמיטיזם, דיסקרעדיטירן די רעוואָליוציאָנערע קויכעס. נאָכן אָקטיאַבער איז ער אויסגעניצט געוואָרן צוליב דער אַנטיבאָלשעוויסטישער, אַנטיקאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. דער הויפּט־„דאָקומענט", וועלכער באַשטעטיקט קלוימערשט די עקזיסטענץ פון אַזאַ פאַרשווערונג, זיינען די אַזויגערופענע „פּראָטאָקאָלן פון די זיקני־ציאָן", וועלכע זיינען דערשינען צום ערשטן מאָל אין 1905 אין רוסלאַנד. צום באַדויערן, זיינען נאָך אַדהייַעם פאַראַן מענטשן, וועלכע טיינען, אַז זיי זיינען עמעסדיקע. די דאָזיקע פעלשונג איז ניט איין מאָל דעמאַסקירט געוואָרן. צווישן אַנדערס, מיט קימאַט זיבעציק יאָר צוריק האָט זיי דעמאַסקירט דער קאָנסטאַנטינאָפּאָליער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „טיימס". אַף וויפל זיינע אַרטיקלען האָבן ניט אָנגעווירן זייער אַקטועלקייט, דרוקן מיר זיי איבער אין דער איבערזעצונג אַף יידיש צוזאַמען מיט א קאָמענטאַר פונעם סאָוועטישן פּובליציסט אַלעקסאַנדער שאַמאַראַ.

## אַריינפיר־נאָטיץ אין דער צייטונג „טיימס" פאַרן 16 אויגוסט 1921

די אַזויגערופענע „פּראָטאָקאָלן פון די זיקניי־ציאָן" זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין לאָנדאָן פאַראַיאָרן אונטערן קעפּל „די יידישע געפאַר".

די דאָזיקע אויסגאַבע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן איבערזעצונג פונעם בוך פון דעם רעגירונג־באַאַמטן סערגיי נילוס, וועלכער איז דערשינען אין 1905 אין רוסלאַנד. נילוס האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט באַקומען פון זיינעם א פריינט א קאָפּיע פון די פּראָטאָקאָלן פון א געהיימער טרעפונג, וועלכע ס'האָט איינגעאָרדנט אין פאַריזש א יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט פּלענער, ווי אַזוי אַראָפּשליידערן די ציוויליזאַציע און שאַפן אַן אַלוועלטלעכע יידישע מעלוכע.

די „פּראָטאָקאָלן" האָבן צוערשט ניט צוגעצויגן קיין אויפמערקזאַמקייט. אָבער דער זיג אין 1917 פון דער רוסישער רעוואָליוציע און דאָס, וואָס צווישן די באָלשעוויקעס זיינען געווען ניט ווייניק יידן, וועלכע האָבן פּראָקלאַמירט און אָנגעווענדט אַף דער פּראַקטיק פּאָליטישע דאָקטרינעס, ענלעכע אין אייניקע פּונקטן אַף יענע, וואָס זיינען פאָרמולירט געוואָרן אין די „פּראָטאָקאָלן" (די צייטונג „טיימס" איז לאַכלוטן ניט אָריגינעל אין איר פּרווו צו פאָרשטעלן די באָלשעוויקעס אַלס אויסדריקער פון פרעמדע פאַר די פעלקער פון רוסלאַנד אינטערעסן. מירן דערמאָנען, אַז די אָנפירער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי האָט מען אויך געמאָלדן אַלס „דייטשישע שפּיאָנען". — רעד.) האָט געבראַכט דערצו, אַז א סאַך מענטשן האָבן געגלייבט אין דער עמעסדיקייט פון נילוסעס אַנטדעקונג. די „פּראָטאָקאָלן" האָט מען ברייט באַהאַנדלט און איבערגעזעצט אַף עטלעכע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. זייער אויטענטישקייט איז ניט איין מאָל געשטעלט געוואָרן אונטער א צווייפל, עס זיינען געבראַכט געוואָרן ניט ווייניק אַרגומענטן, וועלכע באַשטעטיקן, אַז דאָס איז א פעלשונג.

אין די אַרטיקלען פונעם קאָנסטאַנטינאָפּאָליער קאָרעספּאָנדענט, וועלכע מיר פאַרעפנטלעכן ווייטער, זיינען צום ערשטן מאָל פאָרגעשטעלט אומבאַשטרייטבאַרע באַווייזן, אַז דער דאָזיקער דאָקומענט בִיכלאַל איז א גראָבער פּלאַגיִאַט. אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט אונדז צוגעשיקט אַן עקזעמפּליאַר פונעם פראַנצויזישן בוך, וואָס האָט געדינט אַלס קוואַל פון דעם פּלאַגיִאַט. דער בריטישער מוזיי פאַרמאָגט דעם פולן טעקסט פון אָט דעם בוך, וועלכער איז באַטיטלט: „א דיִאַלאָג אינעם גענעם צווישן מאַקיִאַוועלי און מאָנטעסקיע, אָדער מאַקיִאַוועליס פּאָליטיק אין XIX יה., פאַרשריבן פון א מיטציייטלער" (דערשינען אין בריסל אין 1865 יאָר). אינגיכן נאָכן דערשיינען פונעם בוך איז דער אוטאָר מאָריס זשאָלי, א פאַריזשער אַדוואָקאַט און פּובליציסט, אַרעסטירט געוואָרן מיצאַד דער פּאָליציי פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, און ער איז פאַרמישפּעט געוואָרן אַף 18 כאַדאָשים טפיסע.

# א ליטעראַרישע פעלשונג

(פון אונדזער קאָנסטאַנטינאָפּאָליער קאָרעספּאָנדענט)

„פאַרגעדענקט: קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז אַ שטאָט, אין וועלכער איר וועט אומבאַדינגט באַגעגענען, אויב איר וועט דאָרט וווינען אַ לענגערע צײַט, פיל ווערטפולע מענטשן, און עפּשער וועט אײַך זיך אײַנגעבן געפינען דעם שליסל צו אַ סאַך מאָדנע סוידעס", — אַזוי האָט געזאָגט איינער אַ דיפּלאָמאַט, וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער ווינטער פונעם 1908 יאָר.

איך דאַרף זיך אָבער מודיע זײַן, אַז צוערשט, ווען מע האָט מיר מיטגעטיילט וועגן דער אַנטדעקונג, וואָס וועט ווערן די טעמע פון די ווײַטערדיקע אַרטיקלען, האָב איך זיך באַציגן צו איר מיט אומצוטרוי. אָבער דער הער כ., וועלכער האָט מיר געבראַכט באַווײַזן, איז געווען זיכער אין זיי. „לייענט איבער דעם דאָזיקן בוך, — האָט ער געזאָגט, — און איר וועט געפינען אַן אומבאַשטרײַטבאַרן באַווײַז, אַז די „פּראָטאָקאָלן פון די זיקני־ציאָן" איז אַ פּלאַגיאַט".

דער הער כ., וועלכער האָט געוואָלט בלײַבן אומבאַוווּסט, איז אַ פּאָרעץ, וואָס פאַרמאָגט קרויווישע פאַרבינדונגען אין ענגלאַנד, אַ פּראַוואָסלאַוונער לויט דער עמונע און אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיסט לויט די פּאָליטישע אָנשויונגען. געקומען איז ער קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַלס פּאָליט נאָך דער ענדגילטיקער מאַפּאָלע פון די ווײַסע אַרמייען אויף דאָרעם פון רוסלאַנד. ער האָט פון לאַנג שוין זיך אינטערעסירט מיט דער יידישער פראַגע אין דער אָנווענדונג צו רוסלאַנד, דערלערנט די „פּראָטאָקאָלן" און אין דער צײַט, ווען דעניקין איז נאָך געווען גענוג שטאַרק, דורכגעפירט אייניקע פאָרשונגען, קעדיי אויסקלאָרן, צי ס'האָט עקזיסטירט אויף דאָרעם פון רוסלאַנד אַ געוויסע געהיימע מאַסאָנישע אָרגאַניזאַציע פון אַזאַ טיפּ, וועגן וועלכער עס גייט אַ רייד אין די „פּראָטאָקאָלן". די איינציקע אָרגאַניזאַציע פון אַזאַ מין איז געווען אַ מאָנאַרכיסטישע. דעם שליסל צו לייזן די פּראָבלעם פון די „פּראָטאָקאָלן" האָט ער געפונען אַדאַנק אַ ריינעם צופאַל.

## דער שווייצאַרישער אָריגינאַל

מיט עטלעכע כאָדאָשים פריִער האָט דער הער כ. געקויפט אַ פּעקל אַלטע ביכער בײַ אַן אָפיצער פון דער „אָכראַנע" (צאַרישע אָכראַנקע. — רעד.), וועלכער איז אויך אַנטלאָפן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. צווישן די דאָזיקע ביכער איז געווען איינער ניט קיין גרויסער באַנד אין דער פראַנצויזישער שפּראַך אָן אַ טיטל. דער פאָרמאַט — 5,5 אויף $3\frac{3}{4}$ דיוים, אין אַ ביליקן בעפּיירעש ניט קיין ערשטיקן אײַנבונד. די פאָרעדע אונטערן קעפּל „אַ פּאָשעטע וואָרענונג" איז דאַטירט מיטן 15 אָקטיאַבער 1865, זשענעווע. אינעם בוך זײַנען פאַראַן 324 זײַטן, און אין דעם עקזעמפּליאַר, וואָס איז באַוווּסט דעם הער כ., גייען די זײַטן 315—322 נאָך דער זײַט 24. קענטיק, אַז דאָס איז געשען איבער אַ טאָעס, וועלכער איז דערלאָזט געוואָרן, ווען מע האָט דעם בוך דאָס לעצטע מאָל אײַנגעבונדן.

סײַ דאָס פּאַפּיר און סײַ דער שריפט זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר די 60־ער—70־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. אָט די אַלע פּראָטים זײַנען דערמאָנט געוואָרן מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן העלפן אויסקלאָרן דעם נאָמען פונעם בוך. דער הער כ. האַלט, אַז דאָס איז אַ זעלטענע אויסגאַבע: אַנדערש וואָלטן די „פּראָטאָקאָלן" שוין פון לאַנג אַנערקענט געוואָרן אַלס פּלאַגיאַט מיצאַד אַ באַליביקן מענטשן, וועלכער האָט געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו לייענען דעם אָריגינאַל.

דאָס, וואָס די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען אַ פעלשונג, האָט קיינער פון די, וואָס האָבן זיי געזען, ניט געקאָנט באַשטעטיקן. דער פריִערדיקער אייגנטימער פון דעם זשענעווער בוך, אַ געוועזענער אָפיצער פון דער „אָכראַנע", געדענקט ניט, ווו ער האָט אים גענומען. ער האָט ניט צוגעגעבן אים קיין גרויסע באַדײַטונג. איינמאָל, עפּנענדיק דעם בוך, איז דער הער כ. דערשיטערט געוואָרן פון דעם, וואָס דער אַבזאַץ, וועלכן ער האָט דורכגעלייענט, איז אַבסאָליוט ענלעך אויף דער פּראָזע פון דער פראַנצויזישער אויסגאַבע פון די „פּראָטאָקאָלן".

פאָרזעצנדיק לייענען, האָט דער הער כ. פאַרשטאַנען, אַז די „פּראָטאָקאָלן" שטעלן מיט זיך פאָר אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס פונקט אַזאַ איבערפראַזירונג פונעם זשענעווער אָריגינאַל, ווי

עס זײַנען געוויינלעך פּובליקירטע ווערסיִעס פון טעלעגראַמעס פונעם מיליטער־מיניסטעריִום אָדער פונעם אויסערן־מיניסטעריִום אין פאַרגלײַך מיט פאַרשיפרירטע אָריגינאַלן.

ביז דעם, ווי דער הער כ. האָט מיר איבערגעגעבן אָט דעם בוך, האָב איך געצווייפלט בענעגייע זײַן אַנטדעקונג. איך האָב ניט געהאַלטן, אַז סערגיי נילוסעס „פּראָטאָקאָלן“ זײַנען עמעסדיקע. זיי האָבן געפּרוווט דערקלערן צופיל מיט דער ווערסיִע וועגן אַ ברייטער יִדישער פאַרשווערונג. די דערציילונג פונעם פּראָפעסאָר נילוס (ס. א. נילוס איז ניט געווען קיין פּראָפעסאָר. — רעד.) וועגן דעם, וויִאַזוי די דאָזיקע „פּראָטאָקאָלן“ זײַנען אַרײַנגעפאַלן צו אים, איז געווען צופיל מעלאָדראַמאַטיש און דעריבער ווייניק גלייבלעך. ס'איז שווער צו גלייבן, אַז די ווירקלעכע „זיקניי־ציִאָן“ האָבן ניט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס אַ קליגערן פּאָליטישן פּלאַן, איידער די גראָבע און טעאַטראַלע כיטרעקייטן פון די „פּראָטאָקאָלן“. און פונדעסטוועגן וואָלט איך ניט געקאָנט גלייבן, ווען כ'וואָלט ניט געזען מיט די אייגענע אויגן, אַז דער מענטש, וואָס האָט איבערגעגעבן נילוסן זײַנע אָריגינאַלן פון די „פּראָטאָקאָלן“, איז אַ געוויסנלאָזער פּלאַגיִאַטאָר.

## מאַנטעסקיע און מאַקיִאַוועלי

דער זשענעווער בוך איז אַ דין פאַרוואַלירטער אָנפאַל אויף נאַפּאָלעאָן דעם דריטן פאַר זײַן דעספּאָטיזם. דאָס איז אַ סעריע פון 25 דיִאַלאָגן, צעטיילטע אין פיר טיילן. אַלס מיטשמועסער טרעטן אַרויס מאָנטעסקיע און מאַקיִאַוועלי. אין דער קורצער אַנאָנימער פאָרעדע צום בוך ווערט אָפּגעמערקט, אַז ער אַנטהאַלט פּאַסאַזשן, וועלכע קאָנען אָנגעווענדט ווערן צו אַ באַליביקער רעגירונג, „אָבער ער פאַרמאָגט אַ קאָנקרעטן ציל צו באַווײַזן די פּאָליטישע סיסטעם, וועלכע האָט זיך ניט געענדערט אין איר אָנווענדונג אויף קיין איין טאָג זינט יענעם גורלדיקן און — אַ שאָד! — צו ווײַטן מאָמענט, ווען זי איז דערהויבן געוואָרן צום טראָן“.

דער זשענעווער בוך (ווײַטער וועלן מיר שרײַבן „זשענעווער דיִאַלאָגן“) הייבט זיך אָן מיט דער באַגעגעניש פון מאָנטעסקיעס און מאַקיִאַוועליס גײַסטער אויפן וויסטן ברעג אין דעם קיניגרײַך פון שאָטנס. נאָך אַ לאַנגדויערנדיקן אויסטויש מיט קאָמפּלימענטן בעט מאָנטעסקיע, אַז מאַקיִאַוועלי זאָל אים דערקלערן, וויִאַזוי האָט עס געטראָפן, אַז ער האָט פון אַ פלאַמיקן רעפּובליקאַנער זיך פאַרוואַנדלט אינעם אַוטאָר פון „דעם פירשט“ („דער פירשט“, אָדער „דער הערשער“ — דער טיטל פון מאַקיִאַוועליס גרונטווערק. — רעד.) און „גרינדער פון יענער פינצטערער שול פון געדאַנק, וועלכע האָט געמאַכט אַלע געקרוינטע פּערזאָנען פאַר אײַערע שילער, אָבער וואָס גייט אויסגעצייכנט אונטער, קעדיי באַרעכטיקן די סאַמע שוידערלעכע פאַרברעכנס פון טיראַניִע“. מאַקיִאַוועלי ענטפערט, אַז ער איז אַ רעאַליסט, און ער גייט גלײַך אַריבער צו באַגרינדן די לערע פונעם „פירשט“, קלערט אויף, וויִאַזוי זי קאָן אָנגעווענדט ווערן צו די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע מעלוכעס פונעם 1864 יאָר.

אין די ערשטע זעקס „זשענעווער דיִאַלאָגן“ באַקומט מאָנטעסקיע אַ מעגלעכקײַט צו פאָרמולירן זײַן אַרגומענטאַציע. אינעם זיבעטן דיִאַלאָג, וועלכער אַנטשפּרעכט דעם פינפטן, זעקסטן, זיבעטן און אַ טייל פונעם אַכטן פון די „פּראָטאָקאָלן“, דערלויבט ער מאַקיִאַוועלין גענוי צו דערציילן וועגן דעם, וויִאַזוי מע קאָן, לויט זײַן מיינונג, לייזן „די פּראָבלעם פון סטאַביליזירן די פּאָליטישע געזעלשאַפטן, וועלכע ווערן קעסיידער צעטרייסלט מיצאַד דעם גײַסט פון אַנאַרכיע און רעוואָליוציע“. פון אָט דעם מאָמענט אָן באַקומט מאַקיִאַוועלי (אינדערעמעסן נאַפּאָלעאָן III, וועלכער רעדט מיט זײַן מויל) אַ היפּשן בײַלעק אינעם דיִאַלאָג. מאָנטעסקיעס אָנטייל אינעם שמועס ווערט אַלץ מער דערפירט צו באַזונדערע אויסרופן, ער איז טיף דערשיטערט פון דעם, וויִאַזוי מאַקיִאַוועלי־נאַפּאָלעאָן פאַרטיידיקט קונציק און אומבאַרעכמאָנעסדיק די דיקטאַטור. אָבער מאָנטעסקיעס דערווידערונגען ווערן אַלץ קירצער און שוואַכער. צײַטנווײַז שטעלט מיט זיך פאָר דער אַוטאָר פונעם בוך „וועגן דעם גײַסט פון די געזעצן“ פונקט אַזאַ נעבעכדיקע פיגור, ווי דער דאָקטאָר וואַטסאָן, ווען ער האָט געפּרוווט ריידן וועגן קרימינאַליסטיק מיט שערלאָק האָלמסן.

## די „דיִאַלאָגן“ און די „פּראָטאָקאָלן“

די סטרוקטור פון די „פּראָטאָקאָלן“ כאַזערט איבער קימאַט אינגאַנצן די סטרוקטור פון די „דיִאַלאָגן“, וועלכע — פונעם 1־טן ביזן 17־טן — אַנטשפּרעכן די „פּראָטאָקאָלן“ 1—19, האַגאַם עס טרעפן קליינע אויסנאַמען. אַזוי, לעמאָשל, אַנטהאַלט דער 18־ער פּראָטאָקאָל באַגלײַך מיטן אינהאַלט פונעם 17־טן דיִאַלאָג אַ פּאַסאַזש, וועלכער רופט זיך איבער מיטן 25־טן דיִאַלאָג.

אין די לעצטע פינף פּראָטאָקאָלן, פונעם 20־טן ביזן 24־טן, זײַנען פאַראַן ניט אַזויפיל פּאַראַפראַזן פון די „זשענעווער דיִאַלאָגן“, ווי אין די פריִערדיקע 19. אָבער צײַטנווײַז איז די אַאוטענטישקײַט פּאָשעט אַ דערשיטערנדיקע. אָט איז אַ בײַשפּיל.

אין די „פּראָטאָקאָלן": „האַלוואַע" — דאָס איז אַן אַרויסלאָז פון רעגירונגס־וועקסלען, וועלכע אַנטהאַלטן אַ פּראָצענט־פאַרפליכטונג פּראָפּאָרציאָנעל דער סומע פונעם האַלוואַע־קאַפּיטאַל. אויב די האַלוואַע ווערט באַצאָלט מיט 5 פּראָצענט, צאָלט אויס אומזיסט די מעלוכע אין צוואַנציק יאָר אַרום די פּראָצענט־סומע, וועלכע איז גלײַך צו דער גענומענער האַלוואַע; צו פערציק יאָר צאָלט זי אויס אַ טאָפּלטע סומע, צו זעכציק יאָר — אַ דרײַפאַכיקע, און דער כויוו בלײַבט אַלץ פונקט אַזאַ ניט־געדעקטער כויוו".

אין די „דיאַלאָגן", מאָנטעסקיע: „ווי אַזוי ווערן געמאַכט האַלוואָעס? מיטן וועג פון אַרויסלאָזן אָבליגאַציעס, וועלכע פאַרפליכטן די מעלוכע אויסצאָלן פּראָצענטן, פּראָפּאָרציאָנעל דעם קאַפּיטאַל, וועלכן מע האָט איר געגעבן. אַזוי אַרום, אויב די האַלוואַע איז געווען אַ 5־פּראָצענטיקע, וועט די מעלוכע אויסצאָלן פאַר 20 יאָר אַ סומע, וואָס איז גלײַך צו דער גענומענער האַלוואַע. פאַר פערציק יאָר וועט זי אויסצאָלן אַ טאָפּלטע סומע. פאַר זעכציק — אַ דרײַפאַכיקע, אָבער די מעלוכע וועט נאָך אַלץ בלײַבן אַ באַלכויוו, ניט אויסצאָלנדיק איר כויוו".

אין אַלגעמיין אָבער קאָנען דער 20־ער און 21־ער „פּראָטאָקאָלן", אין וועלכע עס ווערט פאָרמולירט (ביז גאָר ניט איבערצײַגעוודיק) די פינאַנסיעלע פּראָגראַם פון די „זיקניי־ציאָן", אין אַ קלענערער מאָס דאַנקען די „זשענעווער דיאַלאָגן", אײדער דער פאַנטאַזיע פונעם אוטאָר־פּלאַגיאַטאָר, וועלכער האָט באַשלאָסן כאָטש איין מאָל אַרויסווײַזן אַ ביסל זעלבשטענדיקייט. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, ווײַל אין די „זשענעווער דיאַלאָגן" (נומ. 18 — 21) ווערט באַשריבן אַ גאַנץ קאָנקרעטע פינאַנסיעלע פּאָליטיק פונעם פראַנצויזישן אימפּעראַטאָר, דעמלט ווען אין די „פּראָטאָקאָלן" גייט אַ רייד וועגן דער צוקונפט. אין די לעצטע פיר „דיאַלאָגן" רימט מאַקיאַוועלי די צווייטע אימפּעריע, באַזירנדיק זיך אויף היסטאָרישע געשעענישן אינעם פעריאָד פונעם 1852 ביזן 1864 יאָר, און דאָס גיט אַ גענוג אָרעמען מאַטעריאַל פאַר אַ פּלאַגיאַטאָר, וועלכער האָט געוואָלט דערווײַזן, אָדער, גאַנץ מעגלעך, מע האָט אים באַפוילן צו דערווײַזן אין די „פּראָטאָקאָלן", אַז דער ענדציל פון די לידערס פונעם ייִדנטום — איז געבן דער וועלט אַ הערשער פון דאַווידס הויז.

## דער פּלאַגיאַטאָר בײַ דער אַרבעט

(„טײַמס", לאָנדאָן, 17 אויגוסט 1921 יאָר)

ביזוואַנען מאָנטעסקיע און מאַקיאַוועלי האָבן זיך אויסגעטוישט אין די „זשענעווער דיאַלאָגן" מיט קאָמפּלימענטן, וואַרפט זיך דער אוטאָר פון די „פּראָטאָקאָלן" אַרײַן “in medias res” (אין סאַמע טאָך (לאַט.). — רעד.). ס'איז לײַכט זיך פאָרצושטעלן, ווי אײַליק ער בלעטערט די ערשטע זײַטלעך פונעם בוך, וועלכע מע האָט אים באַפוילן איבעראַרבעטן אין אַ קורצן טערמין, און מיט פאַרדראָס רופט ער אויס: „ניט אינטערעסאַנט!" לעסאָף געפינט ער אויף דער אַכטער זײַט פון די „דיאַלאָגן" דאָס, וואָס ער דאַרף: דעם גרעסערן טייל פון אָט דעם זײַטל, ווי אויך פונעם ווײַטערדיקן זײַטל, ניצט ער אומפאַרשעמט אויס אין די „פּראָטאָקאָלן", בלויז עטוואָס איבערפאַזירנדיק זיי.

די „זשענעווער דיאַלאָגן":

בײַ דער מענטשהײַט איז דער בייזער אינסטינקט שטאַרקער, אײדער דער גוטער. דער מענטש ציט זיך מער צו בייז, אײדער צו גוטס. דער פּאַכעד און די קראַפט האָבן אויף אים אַ גרעסערע מאַכט, אײדער דער סייכל.

יעדער מענטש שטרעבט צו הערשאַפט; יעדער מענטש וואָלט געוואָרן אַן אונטערדריקער, ווען ער זאָל האָבן אַזאַ מעגלעכקײַט. אַלע אָדער קימאַט אַלע זײַנען גרייט מאַקריוו זײַן די רעכט פון אַנדערע צוליב די אייגענע אינטערעסן.

די „פּראָטאָקאָלן":

מע דאַרף באַטאָנען, אַז מענטשן מיט שלעכטע אינסטינקטן זײַנען פיל מער, אײדער מיט גוטע, דעריבער ווערן דערגרייכט בעסערע רעזולטאַטן, אויב מיט זיי אָנפירן מיט גוואַלדטאַט און אָנשרעקונג, און ניט מיט אַקאַדעמישע פּלוידערײַען. יעדער מענטש שטרעבט צו מאַכט, יעדערער וואָלט געוואָלט ווערן אַ דיקטאַטאָר, ווען ער זאָל נאָר קאָנען, אָבער דערבײַ וואָלט זעלטן־ווער ניט גרייט געווען מאַקריוו זײַן מיט די וווילטיקן פון אַלעמען צוליב דערגרייכן אייגענע וווילטיקן.

די „זשענעווער דיאַלאָגן“:

וואָס האַלט אָפּ די דאָזיקע רויב־כּיַיעס, וועלכע מע רופט מענטשן, פון אָנפאַלן איינע אַף דער אַנדערער? דער אַכזאָריעסדיקער, מיט קיין זאַך ניט געצוימטער קויעך אַף די נידעריקע טרעפּלעך פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, דערנאָך דער געזעץ, וואָס איז דער זעלבער קויעך, וועלכער ווערט רעגולירט מיט פאָרמען. איר האָט זיך באַקאַנט מיט אַלע היסטאָרישע קוואַלן: שטענדיק איז קויעך געווען פריִער פאַר רעכט. פּאָליטישע פריַיהײַט איז בלויז אַן אַבסטראַקטע אידיי.

די „פּראַטאָקאָלן“:

וואָס האַלט אָפּ רויב־כּיַיעס, וועלכע מע רופט מענטשן? וואָס האָט מיט זיי אָנגעפירט ביז דער איצטיקער צײַט?

צום אָנהייב פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג האָבן זיי זיך אונטערגעוואָרפן דעם גראָבן און בלינדן קויעך, דערנאָך — דעם געזעץ, וואָס איז דער זעלבער קויעך, נאָר א פאַרמאַסקירטער. איך מאַך אַן אויספיר, אַז לויטן געזעץ פון דער נאַטור איז דאָס רעכט — אין קויעך. פּאָליטישע פריַיהײַט איז אַן אידיי און ניט קיין פאַקט.

דאָס געבן פריַיהײַט, לויט מאַקיאַוועלין אין די „זשענעווער דיאַלאָגן“, און די זעלבסטפאַרוואַלטונג, לויט די „פּראָטאָקאָלן“, פירט שנעל צו בירגערלעכע און סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן, און די מעלוכע ווערט גיך רויִנירט אין רעזולטאַט פון אינערלעכע אומרוען אָדער פון אויסלענדישע אינטערווענצן, וואָס גייען פּוסטריט נאָך דעם בירגערקריג.

סײַ מאַקיאַוועלי („זשענעווער דיאַלאָגן“) און סײַ דער אוטאָר פון די „פּראָטאָקאָלן“ קומען קימאַט אין איינע און די זעלבע ווערטער צום אויספיר, אַז פּאָליטיק האָט קיין שום געמיינזאַמס ניט מיט מאָראַל. דאָס רעכט איז פעסטגעשטעלט אין די „פּראָטאָקאָלן“ ווי א מין „אַבסטראַקטער און מיט קיין זאַך ניט דערוויזענער געדאַנק“, און אין די „דיאַלאָגן“ ווי אַן „אומענדלעך געפערלעכער“ אויסדרוק. דער ציל, ווי עס ווערט באַהויפּטעט סײַ דאָ, סײַ דאָרט, באַרעכטיקט די מיטלען. „איך ווענד ווייניקער אויפמערקזאַמקײַט, — זאָגט מאַקיאַוועלי, — אַף דעם, וואָס עס איז גוט און מאָראַליש, איידער אַף דעם, וואָס איז נוצלעך און נייטווענדיק“. אין די „פּראָטאָקאָלן“ ווערט אויסגענוצט די זעלבע פאָרמולירונג. לויט די „פּראָטאָקאָלן“, „דאַרף דער, וואָס איז באַשאָנקען מיט מאַכט, אויסניצן כיטרעקײַט (sic!) און צוויִעס“. אינעם צווייטן דיאַלאָג וואַרפט אויף מאָנטעסקיע מאַקיאַוועלין דאָס, וואָס ער כּאַזערט קעסיידער איבער צוויי ווערטער — „קויעך“ און „גענאַרערײַ“. סײַ מאַקיאַוועלין, סײַ די „זיקניי־ציִאָן“ דערהייבן דעספּאָטיזם אַלס איינציק מיטל פון שוץ קעגן אַנאַרכיע. דעספּאָטיזם אין די „פּראָטאָקאָלן“ איז א ייִדישער און דינאַסטישער. דעספּאָטיזם לויט מאַקיאַוועלין איז א נאַפּאָלעאָנישער.

עס איז פאַראַן א מאַסע אַנדערע בײַשפּילן פון צונויפאַלן אין די דאָזיקע צוויי ביכער. 50 פולע אַבזאַצן פון די „פּראָטאָקאָלן“ זײַנען פּאַשעט איבערפראַזירטע פּאַסאַזשן פון די „דיאַלאָגן“. די ציטאַט “per me reges regnant” (דורך מיר הערשן קייסאָרים [לאַט.]. — רעד.) געפינען מיר אויך אין די „זשענעווער דיאַלאָגן“. סולא, וועלכן מע רופט אַקשאָנעסדיק אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון די „פּראָטאָקאָלן“ סילא, טרעפט זיך אַף די שפּאַלטן פוןביידע ביכער.

„דערטרונקענדיק אין בלוט גאַנץ איטאַליע, האָט סולא ווידער זיך באַוויזן אין רוים ווי א פּאַשטעטער בירגער, און קיינער האָט ניט געוואָגט צו אָנרירן א האָר אַף זײַן קאָפּ“ („זשענעווער דיאַלאָגן“).

„דערמאָנט זיך דעם בײַשפּיל, וויאַזוי די באַגאַסענע מיט בלוט איטאַליע האָט ניט אָנגערירט קיין האָר אַפן קאָפּ פון סילא, וועלכער האָט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט: סילא איז פאַרגעטערט געוואָרן מיט זײַן מעכטיקײַט אין די אויגן פונעם פאָלק, האַגאַם ער האָט עס פאַרמוטשעט...“ („פּראָטאָקאָלן“).

סולא איז איינער פון די טיראַנען, וועלכער איז באַוווּסט יעדן שילער, און יענע, וואָס גלייבן אַז די „כאַכאָמים פון דער 33־ער (העכסטער) מאַדרייגע פון ווידמונג“ האָבן ווירקלעך געשאַפן די „פּראָטאָקאָלן“, קאָן דאָס אָנרופן ווי א פּאַשעטער צונויפאַל.

נו, און ווי האַלט עס מיטן עקזאָטישן ווישנו, דעם הונדערטהאַנטיקן אינדויִסטישן גאָט, וועלכער טרעפט זיך צוויי מאָל אין ביידע ביכער? די אונטן געבראַכטע ציטאַטן קאָנען אין קיין שום פאַל ניט דינען אַלס בײַשפּיל פון א „ניט־ווילנדיקן פּלאַגיִאַט“.

די „זשענעווער דיאַלאָגן“, מאַקיאַוועלי: „באַ מײַן פּרעסע, ווי באַם גאָט ווישנו, וועט זײַן הונדערט הענט, און די דאָזיקע הענט וועלן זײַן געבונדן מיט אַלע פאַרשיידענע שאַטירונגען פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג איבער דעם גאַנצן לאַנד“.

די „פּראָטאָקאָלן“: זיי (די צײַטונגען. — רעד.) וועלן האָבן, ווי דאָס אָפּגאָטל פון אינדיע ווישנו, הונדערט הענט, פון וועלכע יעדע וועט טאַפּן דעם דויפעק באַ א באַליביקער פון די געזעלשאַפטלעכע מיינונגען“.

סײַ די „דיאַלאָגן", סײַ די „פּראָטאָקאָלן" שענקען אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט דער פּרעסע. זייערע סכעמעס, געריכטעטע צו דעם, וויאַזוי אָנטאָן אויף איר אַ מוילשלאָס און נעמען זי אונטער אַ קאָנטראָל, פאַלן צונויף אַפילו אין קלייניקייטן. אַזוי, למשל, ליגט פאַר מאַקיאַוועלי אין די „דיאַלאָגן" אַ פאָלגנדע כיטרע סכעמע:

„איך וועל פאַרשפּרייטן שטייערן, וועלכע וועלן צונויפגענומען פון די צײַטונגען, און אויך אויף ביכער אָדער, וואָס עס איז נאָך בעסער, איך וועל אײַנשטעלן אַן אָפיציעלע געלט־זאַמלונג אויף ביכער מיט אַ צאָל זײַטן, ווייניקער פון וועלכער־ניט־איז אײַנגעשטעלטער נאָרמע. למשל, אַ בוך מיט אַ פאָרמאַט ווייניקער פון 200 אָדער 300 זײַטן וועט זיך רעכענען ניט ווי אַ בוך, נאָר ווי אַ בראָשור. איך בין זיכער, אַז איר זעט דעם פאָרצוג פון אַזאַ סיסטעם. פון איין זײַט, וועל איך פאַרקירצן מיט דער הילף פון שטײַערן די אומגעהײַערע צאָל קורצינקע ביכלעך, וועלכע זײַנען אַ פּאָשעטער צוגאָב פון דער זשורנאַליסטיק, און פון דער אַנדערער זײַט, וועל איך צווינגען יענע, וואָס ווילן אויסדרייען זיך פון אַן אָפיציעלער געלט־זאַמלונג, אָנהייבן שאַפן לאַנגע ווערק, וועלכע קאָסטן טײַער און וועלן קוים אַמאָל אויסגעפאַרקויפט ווערן און איבערגעלייענט ווערן אין אַזאַ פאָרם".

די „פּראָטאָקאָלן": „לאָמיר אַריבערגיין צו דער פּרעסע. מיר וועלן זי אַרומלייגן, ווי די גאַנצע געדרוקטע פּראָדוקציע, מיט מאַרקע־זאַמלונגען לויטן בויגן און מיט מאַשקאָנעס, און די ביכער, וועלכע מאַכן אויס ווייניקער פון 30 בויגנס — אין אַ טאָפּלטן פאַרנעם. זיי וועלן מיר פאַרשרײַבן אין דער קאַטעגאָריע בראָשורן, קעדיי פאַרקלענערן, פון איין זײַט, די צאָל זשורנאַלן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די ערגסטע דרוק־גיפט, און פון דער צווייטער זײַט — דאָס דאָזיקע מיטל וועט צווינגען די שריפטשטעלער צו שאַפן אַזעלכע לאַנגע ווערק, אַז מע וועט זיי ווייניק לייענען, באַזונדערס איבער דעם, וואָס זיי זײַנען אַזוי טײַער".

איןביידע ביכער איז איינע און די זעלבע פאַראַכטונג צו זשורנאַליסטיק.

די „זשענעווער דיאַלאָגן", מאַקיאַוועלי: „איר דאַרפט וויסן, אַז זשורנאַליסטיק איז אַ מאָדיפיקאַציע פון פראַנקמאַסאָנישקײַט; מענטשן, פאַר וועלכע זי איז אַ קוואַל פון קיום, זײַנען פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן מיט קנופּן פון פּראָפעסיאָנעלער פאָרזיכטיקײַט. ווי אוראַלטע נעוויים, זאָגן זיי ניט אויס די סוידעס פון זייערע אָראַקולן".

די „פּראָטאָקאָלן": „שוין היינט עקזיסטירט, כאָטשבי אין דער פראַנצויזישער זשורנאַליסטיק, אַ מאַסאָנישע סאָלידאַריטעט אין דעם פאַראָל (פאַראָלן האָבן באַגלײַך מיט אַנדערע צייכנס געדינט, קעדיי די מאַסאָנען זאָלן דערקענען איינע די אַנדערע. — רעד.): אַלע פּרעסע־אָרגאַנען זײַנען פאַרבונדן צווישן זיך מיט אַ פּראָפעסיאָנעלן סאָד; פּונקט ווי די אוראַלטע אויגורן, וועט קיין איין מיטאַרבעטער פון דער פּרעסע ניט אויסזאָגן דעם סאָד, וועלכן ער ווייסט, אויב ס'איז ניט באַשטימט געוואָרן, אַז מע קאָן אים אויסזאָגן".

## די פאַראַכטונג צום פאָלק

פאַראַכטונג צו דער פּרעסע איז גאָרניט אין פאַרגלײַך דער פאַראַכטונג, וועלכע סײַ מאַקיאַוועלי, סײַ די „זיקניי־ציאָן" ווײַזן אַרויס בענעגייע די מאַסן, פאַרורטיילנדיק זיי מיט דער הילף פון טיראַניע צו אַ נאָך מער רעכטלאָזער לאַגע, איידער די מיזרעכדיקע קנעכטשאַפט.

די „זשענעווער דיאַלאָגן", מאַקיאַוועלי: „איר קענט ניט די גרענעצלאָזע געמיינקײַט פון די פעלקער..., וועלכע פויזען אויף אַלע פיר פאַרן קויעך, זײַנען אומבעראַכמאָנעסדיק צו שוואַכע, ווילן ניט מויכל זײַן קליינע פעלערן, און אין דער זעלבער צײַט פאַרמאַכן זיי די אויגן אויף פאַרברעכנס, זײַנען ניט פעיק שאָלעם מאַכן מיט די ווידערשפּרוכן פון דער פאַרוואַלטונג און געדולדיק — ביז מאַרטירערײַ — אין אָנבליק פון דרייסטן גוואַלדטאַט..., שטעלנדיק איבער זיך הערשער, וועמען זיי זײַנען מויכל זייערע טועכצן, פאַר דעם קלענסטן פון וועלכע זיי וואָלטן געקעפּט צוואַנציק קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכן".

די „פּראָטאָקאָלן": „די אומויסשעפּלעכע נידערטרעכטיקײַט פון די גאָישע פעלקער (דה. אַלע, אַכוץ דעם יידישן. — רעד.), וועלכע קריכן אויף אַלע פיר פאַר קויעך, זײַנען אומבעראַכמאָנעסדיק צו שוואַכקײַט, אַכזאָריעסדיק צו פעלערן און מילד צו פאַרברעכנס, ווילן ניט איבערטראָגן די ווידערשפּרוכן פון דער פרײַער אָרדענונג, זײַנען געדולדיק ביז מאַרטירערײַ בענעגייע דעם גוואַלדטאַט פון אַ דרייסטן דעספּאָט, — אָט וואָס עס העלפט מיט אונדזער אומאָפּהענגיקײַט. פון די הײַנטצײַטיקע פּרעמיער־דיקטאַטאָרן דולדן זיי און טראָגן איבער אַזעלכע מיסברויכונגען, פאַר דער קלענסטער פון וועלכער זיי וואָלטן געקעפּט צוואַנציק קיניגן".

### די באַציִונג צו דער קירך

סײַ מאַקיִאַוועלי, סײַ די „זיקנײַ־ציִאָן“ שלאָגן פֿאָר אָפּצונעמען די פּאָפּולערקײַט בײַ פּאָליטישע פֿאַרברעכנס, צוגלײַכנדיק די פּאָליטישע פֿאַרברעכער צו פּאַשעטע קרימינעלע. סײַ דער און סײַ יענע שענקען ניט ווייניק אויפֿמערקזאַמקײַט דער אָרגאַניזאַציע פֿון פּאָליציי און שפּיאָנאַזש. דער אויטאָר פֿון די „זשענעווער דיִאַלאָגן“, האָט בעפֿיירעש שטודירט די מעטאָדן פֿון דער פּאָליציי פֿון נאַפּאָלעאָן III און געליטן פֿון אירע אַגענטן. אין בײדע ביכער ווערט פֿאָרגעשלאָגן צו פֿאַרווירקלעכן אַ שטרענגן אויפֿזיכט איבער דעם געריכט און דער אַדוואָקאַטור. וואָס איז שײַך דעם וואַטיקאַן, קלײַבט זיך מאַקיִאַוועלי־נאַפּאָלעאָן, האַנדלדיק אין זינען די הײַנטצײַטיקע געשיכטע פֿון איטאַליע, נעמען אונטער אַ קאָנטראָל דעם פּויפּסט גופֿא. צעצינדנדיק האַס צו דער רוימיש־קאַטוילישער קירך און צו אירע קלעריקאַלן, איז ער גרייט אַרויסצוטרעטן צו פֿאַרטיידיקן „דעם הייליקן טראָן“, ווי עס האָט געטאָן נאַפּאָלעאָן III, ווען „שאַספּאָטס געווער האָט געשאַפֿן ניסים“ (שאַספּאָט — דער פֿראַנצויזישער דערפֿינדער פֿון דער ביקס מיט אַ באַגנעט. — רעד.). די „זיקנײַ־ציִאָן“ שלאָגן פֿאָר אַן אַנאַלאָגישן פּלאַן פֿון האַנדלונגען: „ווען ס'וועט קומען די צײַט ענדגילטיק צו פֿאַרניכטן דעם פּויפּסטישן הויף, וועט אַ פֿינגער פֿון אַן אומזעבאַרער האַנט אָנווײַזן די פֿעלקער אין דער זײַט פֿון דעם דאָזיקן הויף. און ווען די פֿעלקער וועלן זיך אַ וואָרף טאָן אַהין, וועלן מיר אַרויסטרעטן ווי זײַנע פֿאַרטיידיקער, קעדיי ניט דערלאָזן צו שטאַרקע בלוטפֿאַרגיסונגען“. אין דער אונטערשטער שורע קלײַבן זיי זיך רויִנירן די קירך. בײַ די שוידערלעכע רעדלפֿירער פֿון דער אַלגעמיין־יִדישער פֿאַרשווערונג האָט דען געקאָנט אויפֿקומען וועלכער ניט־איז אַנדער פּלאַן פֿון דער קאַמפּאַניע? מאַקיִאַוועלי פֿאַרגייט ניט, נאַטירלעך, אַזוי ווײַט, פֿאַר אים איז גענוג, אויב מע וועט דעם פּויפּסט זיכער אַרײַנשטעקן אין נאַפּאָלעאָנס קעשענע.

## די „פּראָטאָקאָלן“ אין רוסלאַנד

(„טײַמס“, לאָנדאָן, 18 אויגוסט 1921 יאָר)

עס זײַנען ניטאָ קיין שום באַווײַזן, וויאַזוי די „זשענעווער דיִאַלאָגן“ זײַנען געקומען קיין רוסלאַנד. מיר קאָנען פֿאָרלייגן פֿאָלגנדע היפּאָטעזע.

די געהיימע פּאָליציי פֿון נאַפּאָלעאָן III, אין וועלכער ס'האָבן געדינט ניט ווייניק קאָרסיקאַנער, האָט בישט געקאָנט ניט וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פֿון די „דיִאַלאָגן“ און קימאַט געוויס געהאַט אַ מעגלעכקײַט זיי צו קריגן בײַ ווען־עס־איז פֿון די פֿילצאָליקע אַרעסטירטע, וועלכע מע האָט געכאַפּט, באַשולדיקנדיק זיי אין פּאָליטישע פֿאַרשווערונגען בײַם דער הערשאַפֿט פֿון נאַפּאָלעאָן III. אין די לעצטע יאָרצענדליקער פֿונעם XIX יה. און אין אָנהייב פֿונעם XX יה. האָבן אין דער הויף־פּאָליציי פֿונעם קייסער און אין דער רוסישער געהיים־פּאָליציי קעסיידער געדינט אַ געוויסע צאָל קאָרסיקאַנער. פֿאַרייניקנדיק אין זיך סײַ מוט, סײַ דערפֿאַרונג פֿון אָפּהיטן אַ סאָד, ווי אויך אויסנעמלעכן סייכל און טרײַהײַט די נאַטשאַלניקעס, זײַנען די קאָרסיקאַנער געווען ערשטקלאַסישע געהיים־אַגענטן און לײַבוועכטער. ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עמעצער פֿון די קאָרסיקאַנער, וואָס האָט פֿריִער געדינט בײַ נאַפּאָלעאָנען III, אָדער געהאַט קרויווים אין זײַן געהיים־פּאָליציי, האָט געבראַכט מיט זיך די „זשענעווער דיִאַלאָגן“ קיין רוסלאַנד, און דערנאָך זײַנען זיי אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט עמעצן פֿון די הויף־לײַט אָדער פֿון די מיטאַרבעטער פֿון דער „אָכראַנע“. דאָס איז אָבער בלויז אַ השערה.

### סערגיי נילוס

וואָס זשע איז שײַך די עצעם „פּראָטאָקאָלן“, זײַנען זיי צום ערשטן מאָל דערשינען אין 1905 אין צאַרסקאָיע סעלאָ אין דער צווייטער אויפֿלאַגע פֿונעם בוך מיטן טיטל „דאָס גרויסע אינעם קלײנעם“, וועמענס אויטאָר עס איז דער פּראָפֿעסאָר סערגיי נילוס. וועגן דעם פּראָפֿעסאָר נילוס האָט מען דערציילט דעם אויטאָר פֿון די דאָזיקע שורות, אַז ער איז אַ געבילדעטער, פֿרומער און אײַנגעגלייבטער קאָנסערוואַטאָר, וועלכער האָט געהאַט אַ רעליגיִעזע און היסטאָרישע ערודיציע, דערבײַ עפּעס אַ באַזונדערע ניט־אײַנפֿאָרמירטקײַט וועגן דער אַרומיקער וועלט. אין יאַנואַר 1917 האָט נילוס, ווי ס'איז געזאָגט אין דער פֿאָרעדע צו דער פֿראַנצויזישער אויסגאַבע פֿון די „פּראָטאָקאָלן“, אַרויסגעלאָזט אַ בוך, אין וועלכן עס זײַנען ווידער אַרײַן די „פּראָטאָקאָלן“. אין אָט דעם בוך האָט נילוס דערקלערט, אַז דעם קסאַוויאַד פֿון די „פּראָטאָקאָלן“ האָט אים איבער־

געגעבן אלעקסיי ניקאָלײַעוויטש סוכאָטין, אַן אדלמאַן, וואָס איז שפּעטער געווען דער סטאַוראָפּאָליער וויצע־גובערנאַטאָר.

ווי ס'ווערט געזאָגט אין דער אויסגאַבע פון 1905, האָט די „פּראָטאָקאָלן" ארויסבאַקומען א געוויסע פרוי, וועלכע האָט זיי ארויסגעגנוועט בא „איינעם פון אמערסטן אײַנפלוסרײַכע און אמערסטן אינפאָרמירטע לידערס פון די מאסאָנען". די גנייווע איז באַגאַנגען געוואָרן בײַסן פאַרמאַכן די געהיימע פאַרזאַמלונג פון „געווידמעטע" אין פראַנקרײַך — „אָט דער נעסט פון דער ייִדישער פאַרשווערונג". אָבער אינעם נאָכוואָרט צו דער ענגלישער אויסגאַבע פון די „פּראָטאָקאָלן" האָט נילוס געשריבן: „מײַן פרײַנט האָט זיי געפונען אין דער פײַער־קאַסע אין דער שטאַב־קוואַרטיר פון דער ציִאָן־געזעלשאַפט, וועלכע געפינט זיך איצט אין פראַנקרײַך". אין דער פראַנצויזישער אויסגאַבע פון די „פּראָטאָקאָלן" לייענען מיר, אַז נילוס האָט אין זײַן בוך, וואָס איז דערשינען אין 1917, באַהויפּטעט, אַז די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען נאָטיצן פון א פּלאַן, וועלכן ס'האָט צוגעשטעלט דעם „ראַט פון די כאַכאָמים" דער גרינדער פונעם פּאָליטישן ציִעניזם טעאָדאָר הערצל אפן ערשטן ציִעניסטישן קאָנגרעס (באַזעל, אויגוסט 1897) און אַז הערצל האָט שפּעטער זיך באַקלאָגט דעם ציִעניסטישן קאָמיטעט, אַז מע האָט אומפאָרזיכטיק אויסגעגעבן א געהיימע אינפאָרמאַציע. די „פּראָטאָקאָלן" האָבן אונטערגעכאַסמעט „ציִעניסטישע פאָרשטייער פון דער 33־טער (העכסטער) מאַדרייגע געווידמעטע" אין דער מיזרעכדיקער לאָזשע פון די פראַנקמאַסאָנען, און זיי זײַנען געהיים ארויסגענומען געוואָרן פון דעם פולן קאָמפּלעקט פון די פּראָטאָקאָלן פונעם אויבנדערמאָנטן ציִעניסטישן קאָנגרעס. דעם קאָמפּלעקט האָט מען באַהאַלטן אין דער „שטאַב־קוואַרטיר פון די ציִעניסטן אף דער טעריטאָריע פון פראַנקרײַך".

אַזעלכע זײַנען די גאַנץ ווידערשפּרעכלעכע ידיִעס פונעם פּראָפעסאָר נילוס וועגן דעם אָפּשטאַם פון די „פּראָטאָקאָלן". ניט זייער קיין איבערצײַגעוודיקע געשיכטע! טעאָדאָר הערצל איז געשטאָרבן, סוכאָטין איז געשטאָרבן, און ווו זײַנען די אונטערשריפטן פון די ציִעניסטישע פאָרשטייער פון דער 33־טער מאַדרייגע?

ווענדנדיק זיך צום טעקסט פון די „פּראָטאָקאָלן" און פאַרגלײַכנדיק אים מיטן טעקסט פון די „זשענעווער דיִאַלאָגן", ווערסטו דערשטוינט פון דעם, וואָס דער פּלאַגיִאַטאָר מײַדט אויס וועלכע־ניט־איז פרוון צו מאַסקירן זײַן פּלאַגיִאַט. די איבערפראַזירונג איז געמאַכט זייער נאַכלעסיק, א טייל זאַצן, צײַטנווײַז גאַנצע פּראָזעס זײַנען אינגאַנצן אידענטיש, עס כאַזערט זיך איבער דער עצעם גאַנג

---

## אַן שפּעטער איז געווען אָשווענטשים

דער ענגלישער זשורנאַליסט, וואָס האָט אַזוי איבערצײַגעוודיק דעמאַסקירט דעם ליטעראַרישן פּלאַגיִאַט, האָט ניט געהאַט און ניט געקאָנט האָבן קיין פאָרשטעלונג וועגן די מאַסשטאַבן פון יענעם בייז, וואָס עס האָבן צו דעם מאָמענט פון דער פּובליקאַציע פון זײַנע אַרטיקלען שוין געבראַכט די דאָזיקע טרויעריק באַרימטע „פּראָטאָקאָלן" און וואָס זיי איז באַשערט געווען צו ברענגען אין דער נאָענטסטער היסטאָרישער צוקונפט.

די „פּראָטאָקאָלן פון די זיקנײ־ציִאָן" האָבן אָפּגעשפּילט א מיִעסע ראָל אין די יאָרן פונעם בירגערקריג אין רוסלאַנד. זייער נײַע אופלאַגע אין אָנהייב 1917 איז צוניץ געקומען די אונטערהעצער און דורכפירער פון ייִדישע פּאָגראָמען, אין וועלכע ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט קאָלערליי אַנטיסאָוועטישע קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע פאָרמירונגען: ווײַסגוואַרדייער, נאַציִאָנאַליסטן, אַנאַרכיסטן. אין דער אַרמיי פונעם גענעראַל דעניקין, צום בײַשפּיל, איז מיט לעקציעס וועגן די „פּראָטאָקאָלן" ארויסגעטראָטן איינער א באָסטוניטש, וועלכער האָט פאַרענדיקט דאָס לעבן אין די רייען פון עסעס. לויט די אָנגאַבן, וועלכע עס ברענגט אין זײַן אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1928, דער באַוווּסטער סאָוועטישער מעלוכישער טוער און עקאָנאָמיסט יו. לאַרין, זײַנען בלויז אין אוקראַיִנע אומגעקומען אין די יאָרן 1918—1920 פון די הענט פון די דעניקינצעס, פּעטליוראָווצעס, מאַכנאָווצעס העכער 200 טויזנט ייִדן. אַרום א מיליאָן זײַנען צעמיימעסט און באַראַבעוועט געוואָרן.

נאָך דער מאַפּאָלע פון די ווײַסגוואַרדייער זײַנען די „פּראָטאָקאָלן" צוזאַמען מיט דער ווײַסער עמיגראַציע זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבער די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע לענדער און אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אומעטום האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין זיי מיט גרויס פרייד די פאַרביטערטע סאָנים פון דער סאָוועטנמאַכט, לויבנדיק זיי ווי א „דאָקומענטאַלן איידעס", אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָליוציע האָט קלוימערשט קיין שום געמיינזאַמס ניט מיטן אופשטאַנד פון די פאָלקסמאַסן, אַז זי איז געווען א רעזולטאַט פון א געהיימער פאַרשווערונג פון אַן „אַלוועלטלעכער ייִדישער אָרגאַניזאַציע".

שפּעטער איז געוואָרן באַוווּסט, אַז די „פּראָטאָקאָלן" האָבן „געאַרבעט" אויך לעטויווע דעם קינפטיקן דײַטשישן פאַשיזם. ווי עס טיילט מיט דער

„БЛИЗЪ ЕСТЬ, ПРИ ДВЕРЕХЪ".

Мѳ. XXIV, 33.
Мрк. XIII, 29.
Лук. XXI, 31.
Откр. I, 3. XXII, 10.
Дан. XII, 4.

О томъ, чему не желаютъ вѣрить

и

что такъ близко.

Сергѣя Нилуса.

Протоколы собранiй Сiонскихъ мудрецовъ.

Протоколъ № 1-й.

דער שאַרבלאַט פון דער לעצטער אויסגאַבע פון ס. נילוסעס בוך (אָפּגעדרוקט אין 1917 אין דער דרוקערײַ פון דער טראָיצע־סערגיִעווער לאַווראַ)

הײַנטצײַטיקער ענגלישער היסטאָריקער און פּובליציסט דזש. אועב, האָט אלפרעד ראָזענבערג, דער אווטאָר פונעם בוך „דער מיף פון XX יה.", וואָס איז געוואָרן א מין „ביבל" פון דעם היטלעריזם, אנערקענט, אז די באקאנטשאפט מיט די „פּראָטאָקאָלן" איז געווען „אַן איבערברוך־פּונקט אין זײַן אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג". די ווערסיע וועגן דער ייִדיש־מאסאָנישער פארשווערונג, שטרײַכט אונטער דזש. אועב, האָט אין פינאל געבראכט צו אָשווענטשים.

פארשטייט זיך, אז דער דײַטשישער נאציזם איז אויסגעכאָוועט געוואָרן אַף דעם אייגענעם באָדן, מע האָט אים נישט „אימפּאָרטירט" ניט פון רוסלאנד, ניט פון אוועלכן־ניט־איז אנדער לאנד. אָבער אומבאשטרײַטבאר איז אויך דאָס, וואָס די נאציסטן האָבן אויסגעניצט די „פּראָטאָקאָלן", קעדיי באגרינדן די „ענדגילטיקע לייזונג פון דער ייִדן־פראגע", דה. קעדיי פיזיש אויסראָטן א גאנץ פאָלק. אגעוו, די דײַטשישע איבערזעצונג פון די „פּראָטאָקאָלן" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך אין 1920 אין דעם זאמלבוך „א שטראל פון שײַן", וועלכער איז דערשינען אין בערלין.

אין וואָס זשע שטעקט דער טאָך פון די שענדלעך באוווּסטע „פּראָטאָקאָלן"? וועלכע צילן האָבן פארפאָלגט זייערע צונויפשטעלער און מיט וועלכע וועגן און מיטלען האָבן זיי געפּרוּווט דערגרייכן די דאָזיקע צילן?

דער הויפּט־ציל — פארטיידיקן די זעלבסטהערשונג און די גאנצע ביזרעוואָליוציאָנערע געזעלשאפטלעך־מעלוכישע אָרדענונג אין רוסלאנד, זײַנע „דוירעסדיקע יעסוידעס" און „פּרינציפּן" — דעם אדל־גוטבאזיצערישן קלאס, די ביוראָקראטיש־פּאָליצײַשע פּיראמידע, די קאזיאָנע קירך, פארטיידיקן זיי פון אלעמען, ווער ס'האָט אזוי אָדער אנדערש זיך פארמאָסטן אַף זייער שטאנדהאפטיקײַט. דעם גרונט־מעטאָד, מיט וועלכן עס באניצן זיך צוליב אָט דעם ציל די צונויפשטעלער פון די „פּראָטאָקאָלן", קאָן מען פאָרמולירן ווי א פּאָליטישע אויטיליזאציע פונעם אנטיסעמיטיזם און סטאם ווי א „שטייגערישע" יודאָפאָביע. ספּעקולירנדיק אַף די סאמע געמיינע פאָרורטיילן, פּרוּוון זיי אײַנדויבען דער געזעלשאפט, אז עס זײַנען ניט פאראן קיין שום ליבעראלע, פּראָגרעסיווע, דעמאָקראטישע, אנטיצאריסטישע, רעוואָליוציאָנערע שטימונגען, אַנשויונגען, באוועגונגען, פאראן בלינדע, ניט־איבערגעשפּיצטע מענטשן, מיט וועלכע עס מאניפּולירן, ווי מיט ליאלקעס אַף פעדעמלעך, די טײַוולאָנישפאלשע און בייזוויליקע „זיקניי־ציִאָן". דאָס האָבן זיי טויזנט יאָר נאכאנאנד ניט בלויז קימאט אלץ אין דער דאָזיקער וועלט פּראָוואָצירט, אָפּגעטאָן

פונעם געדאַנק, און ס׳איז ניט אונטערגענומען קיין איין פּרוּוו צו ענדערן די סטרוקטור פון די „דיאַלאָגן“. דער פּלאַגיאַטאָר האָט אַרײַנגעפירט דאַרווינען, מאַרקסן, ניצשען אין איין אַבזאַץ, קעדיי זײַן „הײַנטצײַטיק“; ער האָט צגעגעבן א ייִדישן קאָלאָריט מאַקיאַוועליס פּלענער וועגן אײַנשטעלן א דיקטאַטור, אָבער ס׳איז אים לאַבלוטן ניט געלינגען אויסצובאַהאַלטן זײַן אַנטלײַונג פון די „זשענעווער דיאַלאָגן“. דאָס גיט א גרונט צו זײַן זיך מעשאַער, אַז דער עמעסער אוטאָר פון די „פּראָטאָקאָלן“, וואָס האָט, ווי עס ווײַזט אויס, קיין שום שײַכעס ניט צו נילוסן, האָט טאַקע געקאָנט זײַן עפּעס אַן אומבאַדײַטנדיקער קאָנצעליאַריסט, וועלכער האָט געדינט באַם הויף אָדער אין דער „אָכראַנע“ און געמוזט דורכמאַכן די אַרבעט אַף צו איבערפראַזירן די „דיאַלאָגן“ זייער אײַליק. ס׳האָט דרינגענדיק זיך געפאָדערט צו דערווײַזן, אַז עס עקזיסטירט א ייִדישע פאַרשווערונג אַלס געווער פאַר די קאָנסערוואַטאָרן אינעם קאַמף קעגן די ליבעראַלע עלעמענטן אין רוסלאַנד.

## די ערשטע רעוואָלוציע

די הויפּט־פונקציע פון די „פּראָטאָקאָלן“ איז פאַרבונדן דערמיט, וואָס מע האָט זיי אויסגעניצט בײַם דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די ייִדישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד האָט אונטערגעשטיצט די דאָזיקע רעוואָלוציע, צווישן אַנדערע דער ייִדישער „בונד“. די „אָכראַנע“־דינסט האָט דאָס גוט געוווּסט: זי האָט פאַרמאָגט אירע אַגענטן סײַ ייִדן, סײַ געשמאַדטע, איינער פון וועלכע ס׳איז שפּעטער געווען דער מערדער פון סטאָליפּינען (עס גייט א רייד וועגן דעם אַגענט פון דער אָכראַנקע באַגראָוו, וועלכער האָט דערשאָסן דעם ראָש פון דער צאַרישער רעגירונג אין קיִעוו אין 1911. — רעד.). די „אָכראַנע“ איז געווען פאַרבונדן מיט דער מעכטיקסטער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און האָט צוזאַמען מיט אירע פאַרבינדעטע זיך געסטאַרעט ווירקן אַפן קייסער. פיל יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905—1906 איז אומגעגאַן א לעגענדע וועגן א געהיימען ראַט פון ראַבאָנים, וועלכער האָט אָן אופהער געגרייט פאַרשווערונגען קעגן די פּראַוואָסלאַוונע. די פּובליקאַציע פון די „פּראָטאָקאָלן“ אין 1905 איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער ווינטשנסווערט פאַר די קאָנסערוואַטאָרן.

אייניקע רוסן באַהויפּטן, אַז וועגן דעם קסאַוויאַד פון די „פּראָטאָקאָלן“ האָט מען צו וויסן געגעבן דעם קייסער נאָך אין אָנהייב פון 1905, און דאָס האָט מיטגעווירקט דער פאַלונג פונעם ליבעראַלן פירשט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי (דער אינערן־מיניסטער אין די יאָרן 1904—1905, וועלכער האָט געפּרוּווט צוציִען די בורזשואַזע אָפּאָזיציע אַף דער זײַט פון דער רעגירונג און איז אָפּגעלאָזט געוואָרן

---

שפּיצלעך, נאָר אויך קימאַט אַלץ צוגעטראַכט — סײַ דעם מאַרקסיזם, סײַ די פּאָליטישע עקאָנאָמיע, סײַ דעם דאַרוויניזם, סײַ די ניצשעאַנסטווע, סײַ די לאָזונגען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועלכע זיי, די „זיקניי־ציאָן“, האָבן, פאַרשטייט זיך, פונעם אָנהייב ביזן סאָף „אָרגאַניזירט“.

ווי מיר האָבן זיך איבערצײַגט, איז דער קערן פון די „פּראָטאָקאָלן“ אַן עכטער פּלאַגיאַט, אַראָפּגעשריבן פונעם פּאַמפלעט פון מאָריס זשאָלי. אָבער די גבייווישע „אַנטלײַונג“ — דאָס איז די קאַנווע, אין וועלכער די צונויפשטעלער פון די „פּראָטאָקאָלן“ האָבן אײַנגעפלאָכטן ניט ווייניק פעדעם, וואָס זיי האָבן אָנגעשלעפּט פון אַנדערע קוואַלן.

לויט דער האַשאָרע פונעם קאָרעספּאָנדענט פון „טײַמס“, זײַנען די „פּראָטאָקאָלן“ פאַבריצירט געוואָרן אין רוסלאַנד, אין די טיפענישן פון דער אָכראַנקע. א ריי פאָרשער האַלטן זיך אָבער בא דער ווערסיע וועגן דער אויסלענדישער פאַבריקאַציע פון די „פּראָטאָקאָלן“. לעמאָשל, דער שוין אויבנדערמאָנטער דזש. אועב איז איבערצײַגט, אַז זיי זײַנען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין סאָף פון פאָריקן יאָרהונדערט אין פראַנקרײַך נאָך דעם גראַנדיעזן פינאַנסיעלן סקאַנדאַל, וועלכער איז געווען א רעזולטאַט פונעם קראַך פון דער קאָמפּאַניע אַף אויפבויען דעם פּאַנאַמער קאַנאַל, און אין ברען פון דעם „דרייפוס־איניִען“ — דעם געריכט לויט א פאַלשער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש לעטויוועס דײַטשלאַנד. אין דער אַפערע מיט דער בויונג פונעם קאַנאַל זײַנען פאַרמישט געווען, אויסער אַלעם, אויך ייִדן־פינאַנסיסטן. א ייִד איז געווען אויך דער אָפיצער פונעם פראַנצויזישן גענעראַל־שטאַב דרייפוס, וועלכער איז אין דער אונטערשטער שורע פולקום פרײַגעשפּראָכן געוואָרן. אַף דער אופגעהויבענער מיצאַד די דאָזיקע געשעענישן שאָוויניסטיש־אַנטיסעמיטישער כוואַליע זײַנען, לויט דזש. אועבס מיינונג, אופגעשווומען די „פּראָטאָקאָלן פון די זיקנייציאָן“. ווי עס דרינגט אַרויס פון אועבס פאָרשונגען, האָט זיי אַרײַנגעבראַכט קיין רוסלאַנד יוליאַנאַ גלינקאַ, די טאָכטער פון א רוסישן דיפּלאָמאַט, וועלכער האָט געדינט אין פּאַריזש.

די רוסישע פאָרשער, און צווישן זיי דער טרויעריק באַוווּסטער פּ. נ. מיליוקאָוו, א היסטאָריקער און פּאָליטישער טוער פונעם קאַדעטישן לאַגער, דער ערשטער אויסערן־מיניסטער פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג און שפּעטער א ווײַסער עמיגראַנט, האָבן באַהויפּטעט, אַז די „פּראָטאָקאָלן“ האָבן פאַבריצירט אין פּאַריזש הויכגעשטעלטע טשינען פון דעם „געהיים־אָפּטייל“. איינער פון זיי, ראַטשקאָווסקי, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט מיט דער אויסלענדישער אַגענטור, איז אַרויסגעטראָטן אין אַט

אין דעמיסיע אינגיכן נאָך דעם „בלוטיקן זונטיק". — רעד.). ווי ס'זאָל ניט זײַן, זײַנען די דאַטע און דאָס אָרט פֿון דער אויסגאַבע פֿון נילוסעס ערשטן בוך אויסערסט וויכטיק הײַנט, ווען מיר ווייסן, אַז דער צוגעשטעלטער מיצאַד אים אָריגינאַל פֿון די „פּראָטאָקאָלן" איז געווען אַ פּלאַגיאַט.

אָט וואָס פֿאַר אַן אויספֿירן עס דאַרף אומפֿאַרמײַדלעך מאַכן דער לייענער, ווען ער וועט זיך באַקאַנען סײַ מיט די „פּראָטאָקאָלן", סײַ מיט די „זשענעווער דיאַלאָגן" און באַקומען אַ פֿאַרשטעלונג וועגן דער רוסישער געשיכטע ביז דער רעוואָלוציע פֿון די יאָרן 1905—1906.

דער ערשטער אויספֿיר: די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען אין זייער גרעסטן טייל אַן איבערפּראַזירונג פֿונעם בוך, וועלכער הייסט באַדינגלעך אין אונדזער טעקסט „זשענעווער דיאַלאָגן".

דער צווייטער אויספֿיר: דאָס פּובליקירן די געפֿעלשטע „פּראָטאָקאָלן" האָט געהאַט דעם ציל צו פֿאַרפֿעסטיקן צווישן די רוסישע קאָנסערוואַטאָרן און באַזונדערס אין די הויף־קרײַזן די ווערסיע, אַז די גרונט־סיבה פֿון דער אומצופֿרידנקייט צווישן די פּאָליטישע עלעמענטן אין רוסלאַנד איז געווען ניט די רעפּרעסיווע פּאָליטיק פֿון דער ביוראָקראַטיע, נאָר די ייִדישע פֿאַרשווערונג. די „פּראָטאָקאָלן" האָבן, אַזוי־אַרום, געדינט אַלס געווער קעגן די רוסישע ליבעראַלן, וועלכע האָבן געפּרוּווט אויפֿווירקן אויף דעם קייסער, ער זאָל אײַנגיין אויף אייניקע האַנאַכעס דער אינטעליגענץ.

דער דריטער אויספֿיר: די „פּראָטאָקאָלן" זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין גרויס אײַלעניש און ביז גאָר נאַכלעסיק.

דער פֿערטער אויספֿיר: יענע ערטער אין די „פּראָטאָקאָלן", וועלכע זײַנען ניט אַנטליִען געוואָרן בײַ די „זשענעווער דיאַלאָגן", האָט, מיסטאָמע, צוגעגרייט די „אָכראַנע", און זי האָט, קאָן זײַן, באַקומען די מאַטעריאַלן פֿון אירע אַגענטן־ייִדן, וועלכע זײַנען געווען בײַ איר אויף דינסט.

דאָס איז אַלץ וועגן די „פּראָטאָקאָלן". זיי האָבן געבראַכט שאָדן, לויט מײַן מיינונג, ניט נאָר דערמיט, וואָס זיי האָבן דערוועקט אַנטי־ייִדישע געפֿילן, וועלכע זײַנען אַן און פֿאַר זיך עלטער פֿון די „פּראָטאָקאָלן" און וועלכע וועלן פֿאַרהיט ווערן אין אַלע לענדער, ווו ס'עקזיסטירט די ייִדן־פֿראַגע, ביז וואַנען זי וועט ניט געלייזט ווערן. אַ סך מער שאָדן איז אין דעם, וואָס די „פּראָטאָקאָלן" האָבן איבערצײַגט פֿאַרשיידענע מינים מענטשן, אין דער ערשטער ריי פֿונעם פֿאַרמעגלעכן שטאַנד, אַז יעטווידע אַנטפּלעקונג פֿון אומצופֿרידנקײַט די אָרעמסטע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר דער לעצטער צײַט — דאָס איז ניט קיין נאַטירלעכע דערשײַנונג, נאָר אַ קינסטלעכע אויפֿרעגונג, וועלכע ס'האָט אַרויסגערופֿן די „געהיימע ייִדישע געזעלשאַפֿט".

---

דער געהיימער אונטערנעמונג אַלס באַגײַסטערער, און דער אַנדערער, גאַלאָווינסקי, זײַן נאָענטסטער געהילף לויט דער דינסט, אַלס דירעקטער אויספֿירער אין דער מיטאַרבעטערשאַפֿט מיטן זשורנאַליסט מאַנאַסעוויטש־מאַנוילאָוו, אַן אַפּעריסט און אַוואַנטיוריסט, באַאַמטער פֿונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. זיי טאַקע האָבן אָפּגעבאַקט די „פּראָטאָקאָלן", זיצנדיק אין דער פּאַריזשער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק.

צום באַדויערן, האָט די געשיכטע נאָך ניט אָפּגעגעבן אין אַרכיוו די „פּראָטאָקאָלן פֿון די זיקנײ־ציאָן". ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זײַן, פּרוּוון נאָך אַלץ שאָוויניסטיש און עקסטרעמיסטיש געשטימטע מענטשן אַרײַנהויכן אין זיי געדעכעניש. באַזונדערס מיִען זיך אין אונדזערע טעג די אַקטיוויסטן פֿון דער אַזוי־גערופֿענער פֿאַרייניקונג „פּאַמיאַט", וועלכע שעפּן פֿון די „פּראָטאָקאָלן" זייערע בייזוויליקע טעזיסן. איך וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף איין בײַשפּיל.

ניט לאַנג צוריק האָט די צײַטונג „פּראַוודאַ" אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן אָט דער „פֿאַרייניקונג", ציטירנדיק אייניקע אַרויסזאָגונגען פֿון אירע לידערס אויף עפֿנטלעכע אָוונטן. „די ליניעס פֿון דער מאָסקווער מעטראָ־מאַגיסטראַל, — טײַנען זיי, — לייגט מען דורך אַזוי, אַז מע זאָל קאָנען אָן מי אופֿרײַסן די וויכטיקסטע מעלוכישע אַנשטאַלטן..."

לאָמיר עפֿענען דעם „פּראָטאָקאָל" נומער נײַן. פֿון אים דערוויסן מיר זיך, אַז די „זיקנײ־ציאָן" האָבן זיך געגרייט אופֿרײַסן די הויפּט־שטעט „מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס און דאָקומענטן", אויסניצנדיק די אונטערערדישע „קאָרידאָרן", ד.ה. אויפֿן הײַנטיקן אופֿן — די טונעלן פֿונעם מעטראָפּאָליטען. ס. נילוס האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו מאַכן אַזאַ באַמערקונג צו אָט דעם פּלאַן: „אין רוסלאַנד, אין די הויפּט־שטעט, זײַנען נאָך אַזעלכע אונטערערדישע טראַמווײַ־דורכגענג ניט אויסגעבויט, אָבער פּרוּוון פֿונעם „צווישנפֿעלקערלעכן" קאָמיטעט זיי אויסצובויען אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע זײַנען שוין געווען..."

מע וואָלט געקאָנט ברענגען אויך אַנדערע, פּונקט אַזעלכע שטויענדיקע בײַשפּילן פֿון אַנטלײַונגען, וואָס די לידערס פֿון „פּאַמיאַט" שעפּן פֿון אַזאַ אומריינעם קוואַל, ווי די „פּראָטאָקאָלן פֿון די זיקנײ־ציאָן".

לאָמיר האָפֿן, אַז די באַקאַנטשאַפֿט מיט די אַלטע אַרטיקלען פֿון דער צײַטונג „טײַמס" וועט העלפֿן דעם לייענער בעסער זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אויך אין אייניקע הײַנטיקע דיסקוסיעס.

אַלעקסאַנדער שאַמאַראַ

ווי קטאָר לענזאָן,
קאַנדידאַט פֿון קונסטוויסנשאַפֿט

# „ייִדישע אינסטרומענטאַלע פֿאָלקס־מוזיק“ — מוישע בערעגאָווסקי

„ס'איז א וווּנדער, וואָס מײַנע שילער — ייִדן — פֿאַרנעמען זיך אַזוי ווייניק מיט זייער אייגענער מוזיק. די ייִדישע מוזיק עקזיסטירט — ס'איז א וווּנדערבאַרע מוזיק, זי וואַרט אַף אַן אייגענעם גלינקאַ“.

נ. א. רימסקי־קאָרסאַקאָוו




אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר“ איז אין 1987 דערשינען אַן אויסגעצייכנטער בוך. אַף דער הילע איז אָנגעשריבן: „מ. בערעגאָווסקי. ייִדישע אינסטרומענטאַלע פֿאָלקס־מוזיק“.

די סטרוקטור פונעם בוך, דער זשאַנער איז ניט קיין געוויינלעכער. אַכוץ 239 מוסטערן פֿון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פֿאָלקס־מוזיק זײַנען אָפּגעדרוקט דרײַ היסטאָריש־טעאָרעטישע אויספֿאָרשונגען. דער אווטאָר פֿון אײַנער — מוישע בערעגאָווסקי (1892 — 1961) איז א באַדײַטנדיקער סאָוועטישער פֿאָלקלאָריסט אין געביט פֿון דער ייִדישער פֿאָלקסליד. די צוויי אַנדערע „אָנמערקונגען צו מ. בערעגאָווסקיס אַרבעטן“ און „קלעזמער־מוזיק אַף אוקראַיִנע“ האָט אָנגעשריבן דער סאָוועטישער מוזיק־פֿאָרשער, דאָקטאָר פֿון קונסטקענטעניש, פּראָפֿעסאָר פֿון ריגער קאָנסערוואַטאָריע מאַקס גאָלדין. די צוגרייטונגס־אַרבעט איבער אָט דער אויסגאַבע האָט געדויערט קימאַט צוויי צענדליק יאָר. איצט קאָן דער לייענער ענדלעך באַקומען א ברייטע פֿאָרשטעלונג וועגן דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פֿאָלקס־מוזיק, בּיפֿראַט אַז דאָ איז געגעבן געוואָרן אויך אַן אַנטאָלאָגיע פֿון דער קלעזמערישער מוזיק, אַן ערעך 80 מוסטערן.

„ייִדישע אינסטרומענטאַלע מוזיק“ איז דער דריטער באַנד פֿון מ. בערעגאָווסקיס ווערק, וואָס אַנטהאַלטן פֿינף בענדער. די ערשטע צוויי שליסן אײַן לידער פֿון פֿאַרשיידענע זשאַנרען, דער פֿערטער — „ניגונים אָן ווערטער“. דער פֿינפֿטער — „טעאַטראַלע מוזיקאַלישע פֿאָלקס־פֿאָרשטעלונגען“. די ערשטע פֿיר בענדער זײַנען נאָך ניט דערשינען.

די אײגנאַרטיקע ענציקלאָפּעדיע פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק איז א סאַכאַקל פֿון קאָלאָסאַלער פֿאָרשערישער אַרבעט פֿון א געלערנטן־פֿאָלקלאָריסט. מ. בערעגאָווסקי האָט אָנגעהויבן

זײַן פאַרשערישע ארבעט אין דער ספערע פון ייִדישער פאָלקס־מוזיק אין סאָף פון די צוואנציקער יאָרן אינעם אינסטיטוט פון ייִדישער קולטור בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון דער אוקראַיִנישער רעפובליק. צו יענער צײַט האָט מען שוין קימאט פופציק יאָר זיך פארנומען מיטן דערלערנען די ייִדישע מוזיק אין רוסלאנד. אין דעם געביט האָט א באדײַטנדיקע ראָל געשפילט די געזעלשאפט פון ייִדישער מוזיק. אין סאָוועטנפארבאנד זײַנען דערשינען פארשידענע זאמלונגען פון רעוואָליוציאָנערע, שטייגערישע און ליבע־לידער, אויך אלטע רעקרוט־לידער. נאָר ס'זײַנען ניט געווען קיין סיסטעמאַטישע אויסגאבעס, וועלכע זאָלן פאראלגעמיינערן דעם אָדער יענעם היסטאָריש־געאָגראַפישן פאָלקלאָרישן פלאסט. די אויסגאבעס, וועלכע פלעגן דערשינען אָפגעזונדערט, זײַנען ניט געווען קיין ערנסטע פאָרשונגען און ניט פרעטענדירט אף א וויסנשאפטלעכן אנאליז. מ. בערעגאָווסקי האָט געשריבן: „צוטרעטנדיק צו דער ארבעט אין אינסטיטוט פון ייִדישער קולטור, האָב איך געזוכט און ניט געפונען דאָרט קיין שום מאטעריאלן וועגן ייִדישן מוזיקאלישן פאָלקלאָר...״

אזוי האָט זיך באקומען מאכמעס א ריי סוביעקטיווע און אָביעקטיווע סיבעס. צו די לעצטע געהער, אשטייגער, דאָס, וואָס דער קאָנסערוואַטיווער טייל פון דער נאציאָנאלער געזעלשאפטלעכקײַט האָט אין פארלויף פון יאָרהונדערטער זיך באצויגן צו דער מוזיק, ווי צו א צווייטסאָרטיקן אטריבוט. אפילע אין אזא סאָלידער אויסגאבע, ווי „די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק״ (1914, מאָסקווע, רוסיש), זײַנען בלויז דרײַ שורעס געווידמעט דער מוזיק. און וואָס זײַנען דאָס פאר א שורעס?..

„ס'האָט דאָך דערלויבט רעב יויעל סירקיס דאווענען אין בעסמערדעש אף ניגונים פון קלויסטערישער גאָטסדינסט, שטיצנדיק זיך אפן געדאנק, אז עס איז ניטאָ קיין מוזיק ייִדישע אָדער קריסטלעכע״. אזא איז געווען די באציִונג צו דער נאציאָנאלער מוזיק אפילע דאן, ווען מע האָט זי ביכלאל אנערקענט אלס פרינציפּיעל עקזיסטירנדיקע. נאטירלעך, אז די אינערציע פון גרינגשעצונג האָט ניט געקאָנט מיטאמאָל פארשווינדן און האָט זיך געלאָזט הערן נאָך אינעם ערשטן יאָרצענדליק נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. האגאם די באציִונג צו דער פאָלקס־שאפונג האָט זיך קאָלאָסאל געענדערט.

טאקע דערפאר איז אזוי ווערטפול מ. בערעגאָווסקיס ארבעט.

צום יאָר 1941 האָט די פאָנאָטעק פונעם קאבינעט אף דערלערנען די ייִדישע ליטעראטור, שפראך און פאָלקלאָר אָנגעציילט 1200 ראָליקעס, אן ערעך 3000 מאגנעט־פארנאָטירונגען, צווישן וועלכע מער ווי 600 האָט מ. בערעגאָווסקי פערזענלעך פארשריבן בײַם די עקספעדיציעס אף אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאנד, אין ליטע און אין אנדערע ערטער בא אונדז אין לאנד. אכוץ דעם, זײַנען מער ווי 4000 פארנאָטירונגען געמאכט געוואָרן, הערנדיק די אויספילער (1000 — דורך מ. בערעגאָווסקין). צום סאָף 1943 האָט בלויז די קלעזמערישע אינסטרומענטאלע מוזיק פארנומען מער ווי 1500 ראָליקעס.

דער דריטער באנד, וואָס איז איצט דערשינען, איז פולשטענדיק געווידמעט דער קלעזמערישער אינסטרומענטאלער פאָלקס־מוזיק פון דער צווייטער העלפט 19־טן און אָנהייב 20־טן יה. ס'זײַנען צונויפגעזאמלט פראכטפולע מוסטערן פון דער פאָלקס־מוזיק. וועלכע מ'האָט געשפילט אף כאסענעס, גלאט אזוי אף האָרכן, פון די אזויגערופענע גאס־ניגונים, פון דער אינסטרומענטאלער שטייגערישער מוזיק. מיט וויסנשאפטלעכער פונקטועלקײַט טיילט מ. בערעגאָווסקי מיט, ווו, בא וועמען און ווען ס'איז געווען פארשריבן דער אָדער יענער ניגן. אשטייגער: „פריילעכס״, פארשריבן באם פידלער ה. הערשפלעד אין טיראספאָל אין 1937״. אָדער: „פריילעכס״, פארשריבן באם פידלער פ. סוויטעלסקי אין קיִעוו אין 1933״. „פ. סוויטעלסקי — א פאָליאק, ווױנט אין קאָראָסטישעוו, קיִעווער געגנט. לויט זײַנע ווערטער, האָט ער 15 יאָר געפירט די פארטיע פון פידל אין דער ייִדישער קלעזמערישער קאפעלע, ער פלעג ארומגיין איבער די גאסן און באשיידן שפילן אף א קלעזמערישן אויפן פאָפולערע ניגונים״. די אויסגעווײלטע פאר דער זאמלונג מוסטערן פארמאָגן א באדײַטנדיקן קינסטלערישן, וויסנשאפטלעכן און פראקטישן אינטערעס. ווען די דאָזיקע פיעסעס זאָלן זײַן אָרקעסטרירט, וואָלטן זיי געקאָנט שאפן דעם גרונט פונעם רעפערטואר פון פאָלקלאָרישע קאָלעקטיוון. צום באדויערן, עקספּאָנירן זיי זיך אין דער זאמלונג פאר איין שטים, כאָטש בערעגאָווסקי טיילט מיט, אז פאָלקס־טענץ זײַנען שוין געווען אָרקעסטרירט אין אלטערטום. פונעם קאָנטעקסט איז קלאָר, אז ניט צופעליק באגייט זיך אזוי מ. בערעגאָווסקי, ער אקצענטירט, אז באוווסטע קאָמפּאָזיטאָרן ניצן זייער אָפט אויס די ייִדישע פאָלקסליד אין זייערע שאפונגען. דערפאר לאָזט ער איבער פאר זיי די מעגלעכקײַט זיך ניצן מיט אן אויסגעצייכנטן מאטעריאל אויך אף ווײַטער. ניט פארמינערנדיק די גענִיאלע אויסניצונג פון דער ייִדישער מוזיק מיצאד ס. ס. פראָקאָפיעוון אין דער „אוווערטיור אף ייִדישע טעמעס״ אָדער איר אימיטאציע אין שאָסטאקאָוויטשעס צווייטן פאָרטעפּיאַנע־טריאָ, ווילט זיך באטאָנען, אז די אינסטרומענטאלע פאָלקס־מוזיק, וועלכע עס האָט צונויפגעזאמלט מ. בערעגאָווסקי, פארמאָגט א זעלבשטענדיקע קינסטלערישע ווערט, זי איז מעכײַעדיק זויבער־ריין מיט איר נאַיִווקײַט, וווּנדערבאר מיט איר אינטאָנאציאָנעלן אויפבוי, און פארדינט צו רעאליזירט ווערן ניט בלויז אלס מאטעריאל פאר קאָמפּאָזיטאָרישער שאפונג, נאָר אויך ווי זעלב־

שטענדיקע קונסט מיט א גורל פון וועלט־באַרימטקייט.

אין בוך איז פאַראַן אן אַרײַנפיר צו דעם מוזיקאַלישן טייל. דאָס איז א באַזונדערע, זייער אינטערעסאנטע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג וועגן די אויסקוואַלן און וועגן דער אייגנאַרטיקייט פון דער ייִדישער קלעזמער־מוזיק. אָט די פּראָפעסיאָנעלע פאָלקישע אינסטרומענטאַלע מוזיק ווערט באַטראַכט אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג ווי א באַשטאַנדטייל פונעם ייִדישן פאָלקלאָר, ווו די שאַפונג פונעם אַנאָנים־אַווטאָר איז געקנופּט און געבונדן מיט די לידער און אינסטרומענטאַלע פּיעסעס פון באַוווּסטע אַווטאָרן. אַפילו ווען דער אַווטאָר איז ניט אַנאָנים, סײַ ווי רעכנט זיך די מוזיק אַלס פאָלקישע, ווײַל זי אַנשטפּרעכט פּולקום דעם מוזיקאַלישן אַרט דענקען פונעם פאָלק. אַזעלכע זײַנען, אַשטייגער, מ. געבירטיגס לידער „רייזעלע“ און „קינדער־יאָרן“ אָדער אין דער אינסטרומענטאַלער מוזיק — סטעמפּעניו (דער פּסעוודאָנים פון יאָסיף דרוקער פון בערדיטשעוו, 1798—1876, — דער פּראָטאָטיפּ פון שאָלעם־אַלייכעמס פּערסאָנאַזש) און פּעדאָצער (דער פּסעוודאָנים פונעם פידלער און קאָמפּאָזיטאָר אַווראָם־מוישע כאָלאָדענקאָ, 1828—1902) — וועגן זייער שאַפונג דערציילט מ. בערעגאָווסקי זייער געניו. ביכלאַל, פאַרנעמען בא אים א סך אָרט די דערציילונגען וועגן די סאַמאָראָדקעס, וועלכע שטאַמען פון דער פאָלקס־סבֿיווע, איבערהויפּט אינטערעסאַנט זײַנען בערעגאָווסקיס מיטיילונגען וועגן די גלענצנדיקע צימבאַליסטן מ.־י. גוזיקאָוון (1809—1937) און מ. פײַערמאַנען (1810—1895).

מיט אן אינטערעסאַנטער דערשײַנונג טרעפן מיר זיך אין בערעגאָווסקיס פאָרשונגען. דער ייִכעס־בריוו פון די גרויסע מוזיקאַנטן פון אונדזער צײַט פאַרפירט אונדז צו יענע באַגאַבטע קלעזמאָרים... לעבהאַפטיק אויסניצנדיק עטנאָגראַפישן מאַטעריאַל, דערציילט מ. בערעגאָווסקי וועגן די באַזונדערקײַטן פון דער עקזיסטענץ פון דער אינסטרומענטאַלער פאָלקס־מוזיק. מיט אַלע פּראָטים פירט ער אויף די דראַמאַטורגיע פון כופּע און כאַסענע־ריטואַל, ווי אויך די היסטאָרישע זשאַנער־כאַראַקטעריסטיק פון די אינסטרומענטאַלע פּיעסעס־טענץ: „דער שפּרונג־טאַנץ“, „פאָרשפּיל“, „זמירעס“, „באַרויגעז־טאַנץ“, „כאָסידל“, „מאַזלטאָוו“ און א סך אַנדערע ייִדישע און אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן אין זיך אײַנגעזאַפּט די מוזיצירונג פון די קלעזמאָרים, וואָס האָט זיי צוגעגעבן א באַזונדערן נאַציאָנאַלן קאָלאָריט. אינטערעסאַנט זײַנען די מיטיילונגען וועגן אויסערכאַסענע־מוזיצירונגען: די גאַסן־ניגונים און די מאָטיוון „צום הערן“.

איינער פון די סאַמע פאַרכאַפּנדיקע אָפּטיילן אינעם בוך איז די געשיכטע פון די קלעזמערישע קאַפּעלעס: א שעפע אינפאָרמאַציעס, גענומענע פון אוניקאַלע ליטעראַרישע און אַרכיוו־דאָקומענטן, אָנהייבנדיק פון XV יה. מיר דערוויסן זיך וועגן דעם שטייגער, זיטן פון די קלעזמערישע צעכן אין ברעמען, פּראָג, אין לוואָוו, ווײַסרוסלאַנד, רוסלאַנד, אין די שטעטלעך פון אוקראַיִנע, בעסאַראַביע. עס ווערן באַשריבן די קלעזמערישע קאַפּעלעס אין פאַרשיידענע ערטער און אין פאַרשיידענע צײַטן. דער אַווטאָר דערציילט וועגן דער דערפאָלגרײַכער שאַפונג פון די בעסטע מוזיקאַנטן, וועגן זייער סבֿיווע. א באַזונדערן אײַנדרוק מאַכן די אילוסטראַציעס, מיט וועלכע ס'איז אַזוי רײַך מ. בערעגאָווסקיס אַרײַנפיר־אַרטיקל. דאָס זײַנען גראַווורן (קלעזמער אויף א ייִדישער כאַסענע אין דײַטשלאַנד אין אָנהייב XVIII יה.), מיניאַטורן פון XVII יה., וועלכע שילדערן די קלעזמאָרים אין ייִדישן פאָלקס־טעאַטער, בילדער (מײַרעוו־אייראָפּעיִשע קינסטלער), פיל פאָטאָגראַפיעס פון פּוילישע, אוקראַיִנישע, רוסישע קלעזמאָרים, אויך רעפּראָדוקציעס פון ל. פּאַסטערנאַקס און ס. יודאָווינס בילדער. אינטערעסאַנט איז די פאָטאָגראַפיע פון אָריגינעלע צימבלען, וועלכע עס האָט געשאַפן מ.־י. גוזיקאָוו, מאָטבייעס פון באַר־קאָכבעס צײַטן (132—135 יאָר פון אונדזער ערע), אויף וועלכע ס'זײַנען געשילדערט די דרײַסטרונעדיקע ציטרעס און אַלטערטימלעכע פירסטרונעדיקע האַרפעס, וועלן אַרויסרופן אן אינטערעס ניט נאָר בא נומיזמאַטן...

מ. בערעגאָווסקיס ווערק איז א טעאָרעטישע פאָרשונג און פאַראַלגעמיינערונג פון די כאַראַקטערישע שטריכן פון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער פאָלקס־מוזיק. דער ניט גלײַכגילטיקער לייענער וועט דאָ געפינען אָנגאַבן וועגן דער פאָרם, מאַניר, וועגן דעם זשאַנער און אינסטרומענטאַלע באַזונדערקײַטן פון דער קלעזמערישער מוזיק, ער וועט זיך דערוויסן וועגן די אויספילערישע מעגלעכקײַטן בײַם שפּילן „באַזעצן די כאַלע“ און מוזיק צו אַנדערע צערעמאָניאַלן, בא כופּע שטעלן און כאַסענעס, בײַם ריטועלע סודעס.

זייער ווערטפול אינעם בוך זײַנען די נאָטן־מוסטערן. מיר וועלן זיך ניט אַרײַנלאָזן אין קיין פּראָטים, ווײַל דאָס איז די אַרבעט פון מוזיקאַלישע וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, — אָבער ס'ווילט זיך אָפּמערקן, אז צווישן די עקספּאָנירטע 239 פּיעסעס געפינען מיר 33 (!), וועלכע טיילן זיך אויס מיטן באַזונדערן זשאַנער פון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער מוזיק און ווערן אויפגעפירט מערסטנטייל אין אוקראַיִנע. פאַר פאַכלײַט איז עס מיסטאמע קיין וווּנדער ניט. אָבער איצט, ווען די מאַסן ווייסן בלויז (אין בעסטן פאַל), אז די ייִדישע פאָלקס־מוזיק איז „פריילעכס“ און עפּשער נאָך «Семь-сорок» — איז בערעגאָווסקיס זאַמלונג, וועלכע איז צונויפגעשטעלט מיט פופציק יאָר צוריק, פאַשעט אן אויצער, וואָס קאָן אויספילן א קולטורעל־אויפקלערערישע, סאָציאַלע פונקציע — פאַרצושטעלן די ייִדישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס־

מוזיק אַלס גרויספּאַרנעמיקן פּלאַסט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

מ. גאָלדינס בײדע אַרטיקלען זײַנען ווי אַן אייגנאַרטיקע רעפּריזע און אַ ווערטפולער שלוס צו דער אויסגאַבע. וואָס קאָן מען זאָגן וועגן דער מיסיע, וואָס זיי פּילן אויס? ערשטנס, זײַנען די „באַמערקונגען צו מ. בערעגאָווסקיס ווערק" ניט קיין באַמערקונגען און אויך ניט קיין רעצענזיע, גיכער איז עס אַ קאָמענטאַר פון אַ הײַנטצײַטיקן מוזיקפאָרשער אויף די פּראָבלעמען, וועלכע מ. בערעגאָווסקי האָט אויפגעהויבן אַלס פאָלקלאָריסט מיט פופציק יאָר צוריק. פאַרשטייט זיך, אַז אַ סאַך האַנאַכעס האָבן פאַר דער צײַט באַקומען אַ באַשטימטע אַנטוויקלונג, ס'זײַנען דערשינען נײַע אויסגאַבעס. אויסער דעם, איז ניט אומבאַדינגט, אַז מ. בערעגאָווסקי זאָל זײַן אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס ס'איז פאַרגעקומען און וואָס ס'איז דערשינען אין געביט פון פאָלקלאָריסטיק. מ. גאָלדין האָט באַדײַטנפול פאַרברייטערט די היסטאָרישע גרענעצן פון די פאָרשונגען. צום וויסנשאַפטלעכן געברויך זײַנען צוגעקומען די ווערק פון דער נײַער ליטעראַטור און אויך אַזעלכע, וועגן וועלכע מ. בערעגאָווסקי האָט ניט געשריבן, אַשטייגער, די זאַמלונג “Hannoversches kompendium”, וועלכע איז דערשינען אין 1744 און אַנטהאַלט 302 מוסטערן פון אינסטרומענטאַלער פאָלקס־מוזיק; אי. ליפּאַיעווס אַרבעט „ייִדישע אָרקעסטערס", וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין 1904 אין דער „רוסישער מוזיקאַלישער צײַטונג"; גוויִעס־אײדעס פון באַרימטע שרײַבער וועגן ייִדישע אָרקעסטערס (וו. ג. קאָראָלענקאָ „דער בלינדער מוזיקאַנט", די פּובליקאַציעס פון א.־צ. אײדעלסאָנען, ז. קיסעלהאָפן, לעאָ ווינצע און פיל אַנדערע). אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט פאַרדינט דער אַנאַליז אין דער זאַמלונג פון יאָאַכים סטוטשעווסקי, וועלכער איז דערשינען אין 1959 אין ירושלאַיִם: סטוטשעווסקיס אַרבעט פאַרכאַפּט אַ גרעסערן געאָגראַפישן רעגיאָן, שליסט אײַן מיזרח־אייראָפּע און ליטע. אויך די היסטאָרישע ידיעות וועגן די קלעזמאָרים זײַנען ברייטער. די אויסגאַבעס אָבער דערגאַנצן גוט איינע די אַנדערע.

מ. בערעגאָווסקי לייגט ווייניק אַכט אויף דער ווירקונג פון דער פאָלקסליד אויף דער אינסטרומענטאַלער מוזיק. מ. גאָלדין פאַרפילט דעם בלויז, אַנאַליזירנדיק אַ סאַך בײַשפילן וועגן אַזאַ ווירקונג. אינטערעסאַנט איז זײַן ווענדונג צו דער פאָלקסליד, צו דעם טעקסט, ווי צו אַן אינפאָרמאַציע וועגן די קלעזמאָרים און זייער שפּילן. צוליב דעם באַטראַכט ער אַזעלכע לידער, ווי „די מיזינקע אויסגעגעבן", „שפּיל זשע מיר אַ לידעלע אין ייִדיש", „מעכוטאָנים גייען", „כאַצקעלע", „ייִדל מיטן פידל" און אַנד. מ. גאָלדין שילדערט דעם אַנטייל פונעם באַדכן און פון די קלעזמאָרים אין כופּע־ און כאַסענע־ריטואַלן אַ סאַך ברייטער און פינקטלעכער, אײדער מ. בערעגאָווסקי. ער קאָראַקטעריזירט אייניקע דאַטעס און געשעענישן, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן אינסטרומענטאַלן פאָלקלאָר.

„די קלעזמערישע אוקראַיִנישע מוזיק" איז אַ מין אַלטערנאַטיוו צו בערעגאָווסקיס אַרײַנפיר, געווידמעט דער זעלבער טעמע. מ. גאָלדין באַהאַנדלט אַלע פּראַטים פונעם כאַסענע־ריטואַל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מוזיקאַלישער באַגלייטונג. ער ברענגט פילצאָליקע בײַשפּילן פון הויכקינסטלערישע מוסטערן, וועגן וועלכע ס'ווערט מיטגעטיילט אין די ווערק פון י. סטוטשעווסקי, בערנשטיין און לעאָ ווינצע. אייניקע — לויט די מאַטעריאַלן פון כ. נויזידלערס זאַמלונג, וועלכע זײַנען דערשינען אין 1544 („דער ייִדישער טאַנץ") און פון יעהודע בען איילײַאָכו פון האַנאָווער, דערשינען אין 1744 („קאַדיש", „ניגונים שעל פורים").

מ. גאָלדין באַהאַנדלט די אינטאָנאַציע־אויספלוסן פון דער ייִדישער אינסטרומענטאַלער מוזיק. סײַ די ייִדישע פאָלקסליד, סײַ די כאַזאָנישע געזאַנגען, ווי אויך דאָס דאַווענען, זײַנען ווערטפולע אויסקוואַלן פאַר דער מוזיק.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם געזאָגטן קומט אויף די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלן אייגנאַרט פון דער מוזיק. צום באַדויערן, ווערט שטענדיק אונטערגעשטראָכן — אויך בערעגאָווסקי האָט עס ניט אויסגעמיטן — די ווירקונג פון דער וואָקאַלער און אינסטרומענטאַלער קולטור פון די פעלקער, צווישן וועלכע די ייִדן לעבן, קימאַט אַלס אײנציקער אויסקוואַל, פון וועלכן ס'דערנערט זיך די ייִדישע מוזיקאַלישע קונסט. דערבײַ ווערט ניט גענומען אין אַכט די אָריגינעלקײַט, פאָלקסטימלעכקײַט, אייכעסדיקע זעלבשטענדיקײַט פון דער ייִדישער מוזיק. אַ פּרווו פון אַן אַנדער צוגאַנג פילט זיך אין מ. גאָלדינס אַרטיקל. מ. גאָלדין אַנאַליזירט די געמיינזאַמע אויספלוסן, וועלכע זײַנען קרויוויש צווישן זיך אין יעטווידער אַנטפּלעקונג פון דער ייִדישער מוזיק — פון די אַלטערטימלעכע געזאַנגען ביז די הײַנטיקע לידער, וועלכע פאַרמאָגן די באַשטענדיקע עלעמענטן פון ייִדישן פאָלקלאָר, נאָר די האַנדלונגען וועגן אייגנאַרטיקײַט פון דער נאַציאָנאַלער מוזיק באַגרענעצט מ. גאָלדין מיטן מוזיקאַליש־וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז. ער פאַרגלײַכט „מוזיק מיט מוזיק", קאָנסטאַטירט די אָריגינעלקײַט פון מוזיקאַלישן פאָלקס־דענקען בלויז מיט מוזיקאַלישע בײַשפּילן פון פאַרשידענע צײַטן.

ס'איז שוין צײַט צו באַהאַנדלען די פּראָבלעם ניט בלויז אין שײַכעס מיט דער ייִדישער מוזיק, נאָר מיט דער נאַציאָנאַלער קונסט ביכלאַל — ברייטער און באַדײַטנדיקער, נעמלעך, וויאַזוי אַנטפּלעקט זיך די אייגנאַרטיקײַט פון נאַציאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע אין אַלע אַספּעקטן פון מענטשלעכער טעטיקײַט, — ביפּראַט אין דער שפּראַך, אין דער קונסט, אין מאָלערײַ, מוזיק אאַוו.

ס׳קאָן זײַן, אַז באַניצנדיק זיך מיט אַנדערע פאַרגלײַכונגס־מעטאָדן, קעגנשטעלנדיק די ייִדישע אינסטרומענטאַלע מוזיק ניט מיטן כאָזאַנישן געזאַנג, נאָר, לאָמיר זאָגן, מיט די באַזונדערקײַטן און מיט דער פאַקטור פון אַ מאָלערישן לײַוונט, מיט דער סטרוקטור פון דער מינדלעכער שפּראַך, מיט דער קאָמפּאָזיציע פון פּאָעטישע ווערק, וואָס זײַנען פאַרפאַסט מיצאַד דעם פאָלק, וואָלט זיך אונדז אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן מער אַרגומענטן אַף צו דערווײַזן איר אײגנאַרט.

מ. גאָלדין שאַצט אָפּ די ייִדישע קלעזמערישע מוזיק אַלס איינע פון די שפּעפּערישע הייכן פון אײראָפּעיִשן פאָלקס־אינסטרומענטאַליזם.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זײַנען אינטערעסאַנט די פאַרגלײַכונגען פון דער קלעזמערישער שאַפונג מיטן פאָלקלאָר אין אוקראַיִנע, מאָלדאַוויע, אונגאַרן און אויך די געדאַנקען וועגן דער קעגנזײַטיקער ווירקונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן און דער אַלגעמיינער אײראָפּעיִשער אַנטוויקלונג פון פאָלקלאָר.

ס׳ווילט זיך אָפּשטעלן אויפן ביבליאָגראַפישן צעטל, וואָס ווערט געבראַכט סײַ אין מ. בערעגאָווסקיס אַרבעט, סײַ אין מ. גאָלדינס באַמערקונגען און אַרטיקלען. ס׳וועט ניט זײַן איבערגעטריבן, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז הײַנטצו־טאָג איז עס דאָס סאַמע פולע צעטל לויט דער טעמע. ס׳האָט אַ גרויסע ווערט סײַ פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, סײַ פאַר די, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט דעם קעגנשטאַנד.

דאָס ווערק פון מ. בערעגאָווסקי און מ. גאָלדין (ס׳וועט זײַן ריכטיק שטעלן די פאַמיליעס פון די אווטאָרן אין אַזאַ אָרדענונג) איז דערשינען אין אַ ביז גאָר קליינעם טיראַזש — 2000 עקזעמפּלאַרן — און איז גלײַך געוואָרן אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהײַט. יעדער לייענער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיט דעם בוך, וועט באַקומען אַ פאָרשטעלונג ניט בלויז וועגן אינטערעסאַנטע מוזיקאַלישע קאַטעגאָריעס, נאָר ביכלאַל וועגן אונדזער פאָטערלענדישער נאַציאָנעלער קולטור.

# כראָניק

## ייִדישע מאָטיוון אין דער מוזיק

„ווען איך קוק אויפן הימל, טראַכט איך, אַז צו יעדער אַכזאָריעסדיקײַט דאַרף קומען אַ סאָף, און ווידער וועט שאָלעם און רו הערשן אַף דער ערד. און ביז דאַן דאַרף מען הויך טראָגן דעם אידעאַל...״ — די דאָזיקע ווערטער פונעם ייִדישן מיידעלע אַנע פראַנק אין איר אַלוועלטלעך־באַוווּסטן טאָגבוך האָבן דורכגעקלונגען אין אָרגאַן־זאַל פון קעשענעוו. עס איז אויסגעפּילט געוואָרן די מאָנאָ־אָפּערע פונעם מאָסקווער קאָמפּאָזיטאָר ג. פריד „דער טאָגבוך פון אַנע פראַנק״.

דאָס דאָזיקע ווערק איז אַרײַן אין דער פּראָגראַם, מיט וועלכן די מאָלדאַווישע מעלוכישע פילהאַרמאָניע האָט געעפנט דעם נײַעם ציקל — „ייִדישע מאָטיוון אין דער מוזיקאַלער קונסט״. אין דער פּראָגראַם זײַנען אויך אַרײַן די אינסטרומענטאַלע ווערק פון ד. שאָסטאַקאָוויטשן און ס. פּראָקאָפיעוון.

— די גרעסטע רוסישע, סאָוועטישע און אויסלענדישע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן זיך געווענדט אין זייער שאַפונג צו אָריִענטאַלע, דערונטער צו ייִדישע מאָטיוון. מיר האָבן באַשלאָסן פאָרלייגן דער אויפמערקזאַמקײַט פון די צוהערער די ווערק, אין וועלכע עס פילט זיך די דאָזיקע ווירקונג, — האָט געזאָגט דער מוזיק־קענער יע. טקאַטש. — אַזוי זײַנען אין טריאָ מי־מינאָר פון ד. שאָסטאַקאָוויטשן, וואָס איז אָנגעשריבן אין 1944 יאָר, אויסגעניצט געוואָרן אייניקע כאַראַקטערישע ייִדישע טאַנץ־מעלאָדיעס. ס. פּראָקאָפיעוו האָט אין דעם אוווערטיור־סעקסטעט אַף ייִדישע טעמעס אויסגעניצט אָריגינעלע פאָלקס־מעלאָדיעס, שאַפנדיק זשאַנער־סצענקעס, שטייגער־בילדלעך, איבערגעבנדיק שטימונגען, שמייכלען פון מענטשן. וואָס איז שײַך דער אָפּערע פון ג. פריד, גיט זי עמעסדיק איבער די טראַגעדיע פון מיליאָנען אסירים אין די פאַשיסטישע קאָנצלאַגערן. איך בין געווען אין מוזיי פונעם מיידל פון אַמסטערדאַם, און יענע געפילן, וועלכע איך האָב אויסגעפרוווט דאָרט, האָב איך ווידער דערפילט, הערנדיק די דאָזיקע אָפּערע.

אויספּילער פון דער דאָזיקער קאָנצערט־פּראָגראַם זײַנען געווען דער סטודיע־קוואַרטעט פון „גאָסטעלעראַדיאָ״ פון דער מאָלדאַווישער ססר, לאַורעאַט פון צווישנפעלקערלעכע קאָנקורסן, פאַרדינסטפולער אַרטיסט פון דער רעפּובליק אַ. פאַליי, די סאָליסטקע פונעם מעלוכישן אַקאַדעמישן טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט פון דער מאָלדאַווישער ססר אַ. בורוויאַנע, די סאָליסטן פון דער מאָלדאַווישער מעלוכישער פילהאַרמאָניע ב. פּאַראַניוק, ז. פּאַראַניוק, מ. גאָראָדעצקי.

אין די ווײַטערדיקע קאָנצערטן ווערט פאָרויסגעזען אײַנצושליסן דעם ציקל פון ד. שאָסטאַקאָוויטשן „פון דער ייִדישער פאָלקס־פּאָעזיע״, די ווערק פון אַ. רובינשטיין, מ. מוסאָרגסקי, ר. שומאַן, די פּיעסע „קאָלנידרע״ פון מאַקס ברוק, „קאַדיש״ פון מאָריס ראַוועל און אַנדערע.

ד. טשובאַשענקאָ,
קאָר. פון טאַסס

# דערמאָנענדיק זיך אין יענע צײַטן...

## 1. די מאמע ליגט אף דר׳ערד, די פיס אויסגעצויגן...

דעם ספעקטאקל „פריילעכס" האָט דער מאָסקווער גאָסעט באוויזן אין 1946. די שטעלונג איז געווען א ניצאָכן־פײַערונג איבער דעם פאשיזם. אין זאל איז ניט געווען קיין מענטש, וועלכער איז ניט געווען דערשלאָגן פון די מילכאָמע־צאָרעס. דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אף דער בינע, האָט געקלונגען פילדײַטיק און פארשאפט אײנצײַטיק שמערץ און פרייד.

דער אָנהייב איז געווען זייער אן אייגנארטיקער. דעם זאל האָט באהערשט די רעקוויעם־מעלאָדיע. אפן פאָן פון שווארצן סאמעט, אין באגלייטונג פון צויבערנדיקער מוזיק האָט זיך אנטפלעקט א טרויעריקע מענורע. און גלײַך האָבן די זיגפולע פאנפארן־קלאנגען זיך ארײַנגעריסן און פארטויבט דעם טרויער. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די כאסענע — דער פאָלקסטימלעכער קארנאוואל. ווי פון הימל איז זוסקין — דער באדכן ארא‍פגעשפרונגען אף דער בינע, פאָכענדיק מיט א העל־געפארבטן טוך און שנעל אויסגעלאָשן דאָס פײַער פון די צאר־ליכט. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן איינער פון די סאמע באדײַטנדיקע ספעקטאקלען, איינע פון די סאמע אויסדרוקפולע אופירונגען פונעם געניאלן רעזשיסער שלוימע מיכאָעלסן און פון אלע זײַנע מיטאוטאָרן: דעם אויסגעצייכנטן קאָמפאָזיטאָר ל. פולווער, דעם פראכטפולן קינסטלער א. טישלער, דעם ביז גאָר אינטערעסאנטן באלעטמייסטער ע. מיי.

דאָס סאמע כיינעוודיקע און גראציעזע פינטעלע אינעם קארנאוואל איז געווען בינאָמין זוסקין — איינער פון די צוויי באדכנס. דער ספעקטאקל איז געווען אופגעפירט ווי אן אמפערײַ צווישן ביידע באדכנס: איינער פון זיי איז געווען דער טרעגער פונעם גײַסטיקן טאמציס, דער אנדערער — דער טרעגער פון שטייגערישע טאָגטעגלעכע דײַגעס.

אלעמאָל האָט געזיגט דער גײַסטיקער, פאָעטישער אויסקוואל, א פארקערפערטער אינעם פריילעכן מענטשן מיט די שיינע אומעטיקע אויגן.

ריידן וועגן זוסקינען איז פאר מיר דאָס זעלבע, ווי דערציילן פון מײַנע סאמע גליקלעכסטע טעג. אזוי האָט זיך שוין באקומען: מײַן גרעסטע לעבנספרייד, מײַנע סאמע נאכעסדיקע שעפערישע טעג זײַנען פארבונדן און אומטיילבאר מיטן אוניקאלן ארטיסט.

כ׳בין אָנגעקומען אין דער סטודיע, וואָס איז געווען אונטער דער האזשגאָכע פונעם ייִדישן מעלוכע־טעאטער (גאָסעט), אפן קורס, וועלכן ס׳האָט געפירט זייער אן אינטערעסאנטער פעדאגאָג — א. וו. אזארך.

אינגיכן האָב איך אָנגעהויבן שטודירן אפן קורס, וועלכן ס׳האָט געפירט בינאָמין זוסקין.

נאָך דער פרעמיערע „פריילעכס" האָבן מיר, סטודענטן, אָרגאניזירט א „קאפוסטניק" לויט די מאָטיוון פונעם ספעקטאקל. אפן דורכקוק איז געקומען דער גאנצער טעאטער. איך האָב געשפילט זוסקינען — דעם באדכן, און בין געפעלן געוואָרן. שפעטער, ווען די דאָקטוירים האָבן פארבאָטן זוסקינען צו שפילן אָפט די ראָל, האָט ער פאָרגעלייגט מיכאָעלסן ארײַנפירן מיך אף זײַן אָרט.

כ׳וועל אפילע ניט פרווון דערציילן, וויאזוי ס׳איז מיר אויסגעקומען צו ארבעטן. נאָר איינס וויל איך זאָגן. ווען כ׳בין געקומען דאָס ערשטע מאָל צום רעזשיסער ל. לוריע, וועלכער האָט געדארפט מיך גרייטן, האָב איך אזוי זיך געפלײַסט נאָכמאכן זוסקינען, אז ער האָט זיך געכאפט פארן קאָפ און אָנגעהויבן קוידעמקאָל „ארויסשלאָגן פון מיר דעם פאָפוגײַ", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ער האָט געפאָדערט, כ׳זאָל שפילן, ווי איך קען, נאָר ניט נאָכמאכן בלינדערהייט זוסקינען.

דאָס איז געווען זייער א שווערע, נאָר אויך א פריידיקע ארבעט. ס׳געדענקט זיך א סצענע: ס׳שפילט א פידל. זוסקין דער באדכן שטייט באם פאָרטאל. ער שטייט און שווײַגט. אָבער... כ׳פלעג „הערן", וועגן וואָס ער טראכט. מיסטאמע, ווי איך, — אלע צושויער. דאָס איז געווען א גרויסער מאָנאלאָג, אויסדרוקפול „אויסגעשוויגן".

אף דער רעפעטיציע האָב איך דערפילט, אז כ׳שטיי זייער לאנג און ווייס ניט, וואָס צו טאָן. כ׳בין אוועק צו זוסקינען:

— פון וואָס טראכט איר אין דער סצענע?

— האָסט דען ניט פון וואָס צו טראכטן? — האָט ער געפרעגט מיט שמייכלענדיקע אויגן.

אינעם טאָג פון דער פרעמיערע האָט מיך שוין געטרייסלט פון אינדערפרי אָן. זוסקין איז

געקומען אין טעאַטער אַף א גאַנצער שאָ פאַרן אָנהייב און האָט געזאָגט: „האָב ניט מוירע, כ׳בין לעבן דיר". א גאנצן ספּעקטאקל איז ער געשטאַנען אין אָרקעסטער און גרייט געווען יעדע רגע קומען צו הילף.

נאָך מיכאָעלסעס טויט זײַנען מיר ארויסגעפֿאָרן קיין לענינגראד אַף גאַסטראָלן. דאַן האָט מען געקאָנט הערן: „וואָס וועט זײַן מיטן טעאַטער? אָן מיכאָעלסן וועט ער אומקומען".

ב. זוסקין האָט זיך געשטעלט בראָש פֿונעם טעאַטער. פֿאַר אים איז עס געווען זייער שווער, זייער אומגעוויינלעך.

לענינגראַד האָט געוואַרט אַף דעם טעאַטער. מיכאָעלסעס טראַגישער טויט, דער ספּעקטאַקל „פֿריילעכס" האָבן צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער לענינגראַדער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

אָפּן וואָקזאַל האָט מיר זוסקין געזאָגט, כ׳זאָל קומען אָפּן ספּעקטאַקל פֿאַרפֿריער. „ס׳קאָן זײַן, אַז אײַך וועט אויסקומען צו שפּילן..." כ׳האָב ניט געגלייבט אין דעם. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז שפּילן דאַרף זוסקין. אין טעאַטער האָט געוואַרט זוסקין, ער איז געווען, קענטלעך, אויפֿגערעגט:

— גייט גלײַך זיך גרימירן.

ס׳האָבן באַ מיר געציטערט הענט און פֿיס. כ׳בין ארויס אַף דער בינע פֿונעם גרויסן דראַמאַטישן טעאַטער, וועלכער האָט זיך מיר אויסגעוויזן נאָך אונדזער מאַלאַ־בראָנע, ווי דער סטאַדיאָן „דינאַמאָ". ס׳האָט א דונער געטאָן דער זאַל מיט אַפּלאָדיסמענטן — דאָס האָט מען אויפֿגענומען זוסקינען, ניט מיך, פֿאַרשטייט זיך. אין די ערשטע רייען זײַנען געזעסן לענינגראַדער טעאַטראַלן. כ׳האָב דערהערט: „ס׳איז דאָך ניט זוסקין..." — „ניין, ס׳איז זוסקין..." — „ניין, ניט זוסקין...".

כ׳האָב קוים בײַגעקומען דעם פּאַכעד און אָנגעהויבן דעם מאָנאָלאָג. צוביסלעך האָט מען מיך „דערהערט", און דער ספּעקטאַקל האָט זיך אוועקגעקײַקלט ווײַטער מיטן געוויינלעכן פֿאַרגעניגן, דערוואַרבנדיק די הערצער פֿון די צושויער. דער דערפֿאָלג איז געווען א גרויסער. 15 מאָל איז געגאַנגען דער פֿאָרהאַנג אויף און אָפּ. די גאַליאַרקע האָט געשריגן: „זוסקין!" אַזאַ איז געווען דעם אוילעמס אָנערקענונג: אויב ס׳איז גוט, דערפֿאָלגרײַך — איז עס זוסקין!..

כ׳בין א גליקלעכער ארויס פֿונעם טעאַטער און באַגעגנט דעם שוין באַוווּסטן אין יענער צײַט שרײַבער עמ. קאַזאַקעוויטש. לענינגראַד... ווײַסע נעכט... מיר האָבן לאַנג שפּאַצירט מיט אים (ער איז געווען אונדזערער א היימישער פֿרײַנט). כ׳האָב אים דערציילט, אַז כ׳האָב ניט געדאַרפֿט הײַנט שפּילן. כ׳פֿאַרשטיי ניט, פֿאַרוואָס האָט זוסקין מיר אָפּגעגעבן דעם ערשטן ספּעקטאַקל. אַלע האָבן דאָך געוואַרט אַף אים. די ראָל אין זײַן אויפֿירונג איז געווען א מערקבאַרע דערשײַנונג אָפּן טעאַטראַלן הימל־געוועלב. ער האָט אַפֿילע באַקומען די מלוכע־פּרעמיע.

עמ. קאַזאַקעוויטש האָט מיר דערקלערט, אַז זוסקין האָט א סאַך מאָל פֿאַר זײַן לעבן פֿאַרזוכט דעם טאַם פֿון דערפֿאָלג. איצט איז נייטיק געווען צו באַווײַזן, אַז דער טעאַטער לעבט, אַז ס׳זײַנען פֿאַראַן יונגע קויכעס, וועלכע זײַנען פֿעיִק פֿאַרטיידיקן דאָס אָנגעלעבטע...

אַף מאָרגן איז געווען אָנגעדרוקט א רעצענזיע אין א לענינגראַדער צײַטונג, אין וועלכער דער טעאַטראַלער קריטיקער ס. דריידען האָט געשריבן, אַז דער טעאַטער האָט געבראַכט אַן אויסגעצייכנטן ספּעקטאַקל, אין דער הויפּט־ראָל איז ארויסגעטראָטן זוסקינס א שילער — דער יונגער אַרטיסט ליאַמפּע.

זוסקין האָט זיך אָפּגעזאָגט אין יענעם אָפּדערנאַכט פֿון זײַן פּערזענלעכן טריומף, וועלכער איז אים געווען געזיכערט, — צוליב דער אידיי, צוליב דעם טעאַטער.

נאָך עטלעכע ווערטער וועגן זוסקינען. דאָס איז געווען א ווונדערבאַרער אַרטיסט. אַזאַ פּערזענלעכקייט טרעפֿט זיך בלויז איין מאָל, ער איז געווען דורכויס אַרטיסטיש און אייגנצײַטיק — א פּראַסטער, צוטריטלעכער און פֿאָלקסטימלעכער. דאָס איז געווען אַן אַרטיסט, וואָס האָט דערשיטערט, צווינגענדיק פֿרײַער לאַכן און אין א רגע אַרום ווײנען מיט פֿריילעכע טרערן.

זײַן בעסטע אַרבעט פֿאַר די לעצטע יאָרן איז געווען די טראַגיקאָמישע ראָל פֿון האָצמאַכן אין „די בלאָנדזנדע שטערן". כ׳וואָלט זיך מיסוואַדע זײַן, אַז פֿאַרן ראָמאַן האָב איך זיך גענומען נאָך דעם, ווי כ׳האָב געזען דעם ספּעקטאַקל.

בייס כ׳האָב געלייענט, האָב איך געפֿילט א מין פֿאַרדראָס אַף שאָלעם־אַליכעמען, וואָס ער טראַקטירט האָצמאַכן ניט אַזוי ריכטיק, ווי זוסקין...

דער רעזשיסער ש. מיכאָעלס האָט צוזאַמען מיט ב. זוסקינען אויסגעפֿורעמט דאָס געשטאַלט פֿון האָצמאַכן איידלמוטיקער. אין זייער אויפֿירונג איז אין האָצמאַכן דער איקער — דער אַרטיסט, דער קינסטלער.

זוסקין־האָצמאַך איז געווען א צויבערהאַפֿט געשטאַלט.

צוערשט האָט ער אָנגעשטעקט דעם זאַל מיט א מיטרײַסנדיקן געלעכטער. דערנאָך איז געווען זײַן מאָנאָלאָג, וואָס האָט געדויערט 12 סצעניש(ע) מינוט, ווען דער ניט זייער יונגער זוסקין איז געווען א יוגנטלעך־כײַנעוודיקער האָצמאַך מיט זײַן פֿאַרשײַטער אײַנגעליבטקייט אין לעבן, אין טעאַטער. אַלץ, וואָס האָצמאַך האָט געטאָן אין טעאַטער (גערייניקט די שיך פֿאַר די אַרטיסטן, געראַמט דעם צושויער־זאַל), איז געווען וויכטיק און פֿאַרכאַפּנדיק. ער דערציילט פֿאַר ראַפּאַלעסקאַ, וויִאַזוי ער איז געוואָרן אַן אַרטיסט, ווי מ׳האָט אים געשטעלט שפּילן א „העראָי־ליובאָווניק" און ער האָט זיך זייער געגרייט. אָבער אַף דער בינע האָט ער אַפֿילע ניט

באוויזן עפּענען דאָס מויל. אין זאַל האָט זיך אָנגעהויבן א געלעכטער. ער שפּילט מיט גרויסער האַסמאָדע — אין זאַל שטאַרקט זיך דער געלעכטער... דער אנטרעפּרעניאָר האָט אים געבראַכט צו כאַלאָשעס מיט זײַנע פּעטש. אַז ער איז געקומען צו־זיך, האָט ער דערהערט דעם אנטרעפּרעניאָרס קוילעס: „וואָס האָסטו גלײַך ניט געזאָגט, אַז דו ביסט א קאָמיקער?..״ ראַפּאַלעסקאָ האָט, ווי א פאַרקישעפּטער, געהערט האַצמאַכן. אַזוי אויך דער גאַנצער זאַל. האַצמאַכס צויבערקראַפט איז געווען אונטערגעשטראָכן מיזאַנסצעניש: ראַפּאַלעסקאָ שוועבט, ווי א לונאַטיקער, אַלץ נעענטער און נעענטער צו האַצמאַכן, שפּאַנט איבער די בענק, וועלכע זײַנען פאַנאַנדערגעשטעלט פאַר די צושויער, און פאַלט פאַר האַצמאַכן.

האַצמאַך זעצט פאַר זיך מיסוואָדע זײַן. נאָר איצט איז ער אין די געדאַנקען מיט דער מוטער. ער זינגט:

דאָס קינד ליגט אין וויגעלע
מיט פאַרוויינטע אויגן,
די מאַמע ליגט אַף דר׳ערד
די פיס אויסגעצויגן,
ניטאָ, ניטאָ קיין מאַמע,
ניטאָ, ניטאָ קיין מאַמע...

און גלײַך איז פון דער טרער קיין סימען ניט געבליבן: ער טוט א שוואונג מיט א גאַנצן קאַסקאַד הומאָר!

קום, קום, קום צו מיר,
ס׳וועט דיר זײַן גוט בא מיר, —

זינגט האַצמאַך, און ס׳איז ניטאָ קיין קויעך זיך קעגנשטעלן דער צויבערנדיקער וועלט פון טעאַטער, וווהין ס׳רופט דער קישעפמאַכער האַצמאַך—זוסקין. די לעצטע סצענע, האַצמאַכס לעצטער אָטעם — זײַן טויט. ס׳שטאַרבט אן אַרטיסט... דאָס אַרט פלעג איך קומען קוקן אַף אַלע פאַרשטעלונגען. און אַלעמאָל איז עס געווען פאַר מיר אן אומבאַגרײַפלעכער געפיל פון גרענעצלאָזע שעפערישע קויכעס. דאָס איז געווען א מעכטיקער צונויפגוס פון געניאַלער רעזשיסערישער קאַוואָנע פון ש. מיכאָעלסן און אויסדרוקפולקײַט פונעם גרויסן אַרטיסט ב. זוסקינען.

...דער קראַנקער דאַרף פאַרלאָזן דעם טעאַטער און פאָרן זיך היילן צום יאַם, צו דער זון. אַזוי האָבן געמישפּעט די דאָקטוירים. אָבער זיי ווייסן ניט, אַז פאַר אים איז ניטאָ קיין לעבן אויסער דעם טעאַטער... אַלע זײַנען אוועק. ער בלײַבט אַליין. פלינק, ווי אַמאָל, נעמט ער זיך איבערשטעלן דאָס מעבל: ער איז ווידער אין זײַן סטיכיי — ער שפּילט, ס׳קלינגט דאָס לידעלע: „קום, קום, קום צו מיר...״ ער שפּילט, זינגט און... פאַלט. האַצמאַך איז געשטאָרבן. מ׳האָט בא אים אָפּגענומען דעם טעאַטער — אָן אים איז ניטאָ קיין לעבן.

אייגנטלעך, אַזוי האָט געלעבט דער גרויסער אַרטיסט בינ־אָמין זוסקין. דער מעהוס, דער טאָך, פון זײַן לעבן, פון זײַן גײַסט איז געווען דער טעאַטער.

דעם אַרטיסטס פרײַקער און טראַגישער טויט איז א גרויסער אומרעכט.

## 2. דער צויבער פון עכטער קונסט

כ׳באַדויער זייער, וואָס כ׳האָב קיינמאָל ניט געפירט קיין טאָגבוך. כ׳בין געווען יונג און ניט פאַרשטאַנען, ווי וואַטראַגיש עס איז דאָס לעבן, שענקט מיר דאָס גרויסע גליק צו קענען עכטע קינסטלער, וועמענס שאַפונג איז, אייגנטלעך, די געשיכטע פון אונדזער טעאַטער־קונסט.

אין 1944 האָט מען מיך אויפגענומען אַפן צווייטן קורס פון דער טעאַטראַלער שול באַם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער (גאָסעט). איינגיכן וועט מען, מיסטאַמע, שוין איינגאַנצן פאַרגעסן, אַז אין 1949 איז פאַרניכטעט געוואָרן אן אויסגעצייכנטער, אוניקאַלער טעאַטער — דער מאָסקווער גאָסעט. דער טעאַטער איז געבוירן געוואָרן אין 1919. זײַן קינסטלערישער אָנפירער איז געווען א. גראַנאָווסקי. ס׳האָבן גלײַך אויפגעלויכטן די נעמען: שלוימע מיכאָעלס און בינ־אָמין זוסקין. די ערשטע ספּעקטאַקלען האָט אויסגעפורעמט מאַרק שאַגאַל.

...ס׳טוט זייער וויי, ווען ס׳ווערן פאַרניכטעט גײַסטרײַכע קוואַלן פון דער קולטור.

וועגן ש. מיכאָעלסן איז א סאַך אָנגעשריבן, נאָר אַמערסטן ווי וועגן אן אַרטיסט, א פּערזענלעכקײַט, געזעלשאַפטלעכן טוער. ווייניקער — ווי וועגן א רעזשיסער און קינסטלערישן אָנפירער פונעם גאָסעט. שוין דאָס, וואָס די ספּעקטאַקלען אין מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער האָבן אויסגעפורעמט אַזעלכע פּערזענלעכקײַטן, ווי מ. שאַגאַל, ר. פאַלק, אי. ראַבינאָוויטש, ז. רינדין, מ. שיפרין, נ. אַלטמאַן און, ענדלעך, א. טישלער — האָט א גרויסן באַדײַט. די גאָסעט־ספּעקטאַקלען זײַנען שטענדיק געווען אויסגעצייכנט אויסגעפורעמט.

וועגן דעם האָב איך געקלערט, פאַרלאָזנדיק די אויסשטעלונג, וועלכע איז געווען געווידמעט דעם 90־יאָריקן יובילײ פונעם ווונדערבאַרן קינסטלער אַלעקסאַנדער טישלער. ער האָט געאַרבעט מיט אונדז ביז לעצטן טאָג פונעם טעאַטער. און אַלע ספּעקטאַקלען פאַר דער צײַט זײַנען געווען אויסגעפורעמט דורך אים. ווער האָט געקאָנט וויסן? ווער האָט געקאָנט זיך פאָרשטעלן? דער זיקאָרן איז אַזוי אומפּולקום... ס׳איז שוין פאַריבער מער פון 40 יאָר, פון זיי — 38 אַרבעט איך אַף דער רוסישער בינע, דעם גאָסעט דערמאָן איך שוין, ווי א כאָלעם...

וועגן א. ג. טישלערן אַלס א קינסטלער קאָן מען ריידן אָן א שיר, וועגן זײַן פּאָעטישן וועלטגעפיל, וועגן זײַן טעאַטער־געפיל, וואָס איז זיכער אויסגעדריקט אין יעדן בילד זײַנעם, אין זײַן אייגע־

נעה אײנמאָליקײַט — מיט קיינעם קאָן מען אים ניט איבערפּלאָנטערן. כ'מיין, אז וועגן דעם דאַרפן און קאָנען זאָגן בעסער קונסט־פאָרשער.

כ'געדענק זײַנע הענט. הענט פון א באַלמעלאָכע, וועלכער באַארבעט רויטהאָלץ... די אויגן זײַנע — פול מיט אינטערעס, נײַגער, גוטמוטיקײַט און איראָניע — אויגן, פול מיט האָפענונג... ווען מיר, דער יונגער דאָר ארטיסטן, זײַנען געבליבן אָן ש. מיכאָעלסן, דערנאָך — אָן ב. זוסקינען און פאַריאָסעמטע געפּרוווט עפּעס טאָן, ראַטעווען זיך, האָבן אונדז געהאָלפן טישלערס אויגן...

איך קוק אױף די אַלטע פּראָגראַמקעס פון אונדזער גאָסעט. א יאָר אָן מיכאָעלסן, מיטן טעאַטער פירט אָן ב. זוסקין. ער האָט אײַנגעלאַדן פּ. קאָווערינען — א באַוווסטן רעזשיסער צו שטעלן „די קישעפמאַכערן" לויט גאָלדפאַדענס פּיעסע (די פּיעסע פון אופגאַנג פונעם מאָסקווער גאָסעט), קינסטלער — א. טישלער. דער רעזשיסער ע. לויטער שטעלט „צוויי לאָגערן" א. יאַ. יאַקאָבסאָנס. קינסטלער — א טישלער.

...זוסקין איז שוין אויך ניטאָ... דער טעאַטער ארבעט נאָך א גאַנץ יאָר. ס'איז געקומען פון לענינגראַד דער רעזשיסער פּ. ק. ווײַסברעם. ער שטעלט „זאָרע בעלינקאָוויטש" א. וויטענזאָנס — וועגן דעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, דעם אונטערוואַסערלער פּיסאַנאָוויטש. דאָס איז געווען זייער אָן אינטערעסאַנטער ספּעקטאַקל. קינסטלער — א. טישלער.

אױף דער בינע איז אונטער א טיולענעם פאַרהאַנג דער קווערשניט פון אָן אונטערוואַסער־שיף. מיט דער הילף פון די פּראָזשעקטאָרס, מיט זייערע לײַכטזײַלן איז דערגרייכט געוואָרן וווּנדערלעכע עפעקטן: די שיף שווימט אױף אָדער לאָזט זיך אראָפּ אונטער דער וואַסער. קיינמאָל האָב איך אין ערגעץ אַזוינס ניט געזען.

אײנגאַנצן אָן אַנדער שיף איז אין דעם לעצטן ספּעקטאַקל פונעם גאָסעט — א. וויטאָוו „אונטער א פרעמדן נאָמען", אופגעפירט פון מ. גערשטן. די שיף האָט געפירט געפאַנגענע גריכישע פּאַרטיזאַנער מיטן נאַציסט, פּראָפעסאָר־באַקטעריאָלאָג, וועלכער האָט געדאַרפט מאַכן איבער זיי באַקטעריאָלאָגישע עקספּערימענטן. די דעקאָראַציע האָט א. טישלער אויסגעפורעמט, ווי א טייוועל. דער קינסטלער האָט אַנטפּלעקט זײַן טאַלאַנט אַלס אינזשעניערפאַנטאַסט. פיר סצענישע ארבעטער האָבן געטאָן מיט דער שיף אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געפאָדערט: אָט שווימט זי, אָט וויגט זי זיך אױף די כוואַליעס, אָט טראָגט זי זיך בײַם א שטאָרם...

כ'האָב איבערגערעכנט נאָר די ספּעקטאַקלען, וועלכע זײַנען געווען אויסגעפורעמט דורך א. טישלערן פאַר די לעצטע צוויי יאָר, פאַר דעם, ווי מ'האָט פאַרמאַכט דעם גאָסעט. נאָר כ'וויל דערציילן וועגן נאָך איין שטעלונג, פון וועלכער ס'האָט זיך אָנגעהויבן מײַן לעבן אינעם טעאַטער — דאָס איז „פריילעכס". פאַר דער „פריילעכס"־אויספורעמונג איז א. טישלער געווען באַערט מיט דער מעלוכעפרעמיע, דעם ספּעקטאַקל האָבן אופגעפירט די מעכאַשפים ש. מיכאָעלס, א. טישלער, ל. פולווער און נאָך איינער, וועמען כ'וויל אומבאַדינגט אָנרופן — דער באַלעטמייסטער ע. מיי.

אױף דער אויסשטעלונג איז דאָ אָן עסקיז, ווו ס'איז אָפּגעשפּיגלט די הויפּט־אידיי פון דער אויספורעמונג — דער כופּע־געצעלט. די דעקאָראַציע האָט אַנטשפּראָכן דעם ספּעקטאַקל־קאַרנאַוואַל מיט זײַן אומגעצוימטן פאַרביקן ווירער.

די ערשטע דערשײַנונג איז געווען די מענורע אפן פאָן פון שוואַרצן סאַמעט — דער טרויערהימן אַלע קאָרבאָנעס פונעם פאַשיזם. דערנאָך דער סופער־פאָרהאַנג, וועלכער האָט דערשטויינט מיט זײַן פילפאַרביקײַט, און דער כופּע־געצעלט. די סצענישע קאָסטיומען זײַנען געווען א קינסטלערישע פאַרקעפּערונג פונעם סצענישן כאַראַקטער. די אויספורעמונג צוזאַמען מיט דער שפּיל האָט אָנגעשטעקט אַלעמען פון די בײַוועזנדע מיט סימכע, מיט יאָמטעוו.

ריידן וועגן א. טישלערן און ניט דערמאָנען זײַן אויסטערלישן דערפאָלג אינעם ספּעקטאַקל „קיניג ליר" קאָן מען ניט. מ'האָט א סאַך געשריבן וועגן דעם ספּעקטאַקל און וועגן דער אויספורעמונג. נאָר ווער ס'האָט געזען...

פאַר מיר איז טישלערס „קיניג ליר" די העכסטע מאַדרייגע פון אויספורעמען די שעקספּירספּעקטאַקלען. ביז הײַנט בין איך איבערצײַגט, אז קיין איין קינסטלער איז ניט ארײַנגעדרונגען אַזוי טיף אין שעקספּירס גײַסט און קיינער האָט אַזוי ניט געפילט שעקספּירס טאַמציס און זײַן עפּאָכע.

מ'קאָן ניט פאַרגעסן דעם שוואַרץ־רויטן פאָרהאַנג, דעם טויער, וועלכער האָט געבילדעט דעם מיטלאַלטערלעכן שלאָס. ס'האָט זיך באַקומען א פאַרגאַנצטע קאָנסטרוקציע, א בינע אױף דער בינע. די האַנדלונג איז פאָרגעקומען אונטן און אויבן. אין אָנפאַנג — דער זאַל פון קיסר־האַמאַלכעס, די הילצערנע פרויישע פיגורן־קאַריאַטידן, וועלכע זײַנען פאַרוואַנדלט אין טרעפּ. מאַיעסטעטיש, לאַנגזאַם הייבן זיך אױף איבער די טרעפּ די הויפלײַט. ס'הערט זיך דער טרומייט־סיגנאַל. אַלע וואַרטן אפן קיניג. פּלוצעם באַווײַזט זיך דער לעץ — ב. זוסקין, ווי א פוכעלע פליט ער שנעל ארויף און זעצט זיך אפן טראָן. ווידער קלינגט דער טרומייט־סיגנאַל. מ'וואַרט אױף לירן. ער גייט נאָך אַלץ ניט. דערנאָך עפנט זיך עפּעס א זײַטיקע טיר און ליר — ש. מיכאָעלס באַווײַזט זיך אומבאַמערקט פאַר די הויפלײַט. אָט איצט הייבט זיך אָן די האַנדלונג — די וווּנדערלעכע שטעלונג.

מיר ווײַזט זיך אויס, אז שעקספּירן דאַרף מען שפּילן נאָר אַזוי, ווי בא אונדז אין גאָסעט. אפילע פּיטער ברוק און זײַן ליר — זייער אָן אינטערעסאַנטער ספּעקטאַקל — וואַקלט ניט מײַן מיינונג.

מיר, די יונגע אַרטיסטן, האָבן ניט פאַרשטאַנען, ווי כ'פאַרשטיי איצט, מיט וואָס פאַר אַ קינסטלער האָט דער גוירל אונדז צונויפגעפירט אַף אונדזער שעפערישן וועג.

— אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטש, כ'וואָלט וועלן אַ העלערן שניפס. כ'שפּיל דאָך ניט קיין פאַרשטעט אַמעריקאַנער, כ'בין דאָך אַ זשורנאַליסט...

— דו שפּיל גוט!

אַפן אַנדערן טאָג ברענגט ער אַ נייעם עסקיז פון אַ קאָסטיום פאַר מיר. מע וואָלט געדאַרפט פאַרהיטן אַף אַן אָנדענק, אָבער... ווער ווייסט, ווו מיין קאָפּ איז געווען...

דעם טעאַטער האָט מען פאַרמאַכט. אַ צייט בין איך געווען אַרבעטלאָז. דאַן האָב איך באַגעגנט אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטשן.

— וועסט גיין שפּילן האַמלעטן. גרייט זיך.

— פון וואָס רעדט איר, אַלעקסאַנדער גריגאָריעוויטש... וואָס פאַר אַ האַמלעט בין איך... און ווער דאַרף מיין האַמלעטן? און, בכלל, קיינער שטעלט איצט ניט האַמלעטן.

— האָסט אַ טאָעס. פונקט איצט דאַרף מען אים האָבן. דו דאַרפסט זיין געוואַגטער. מ'דאַרף ווייניקער כניקען.

אינגיכן נאָך דער באַגעגעניש האָט נ. פּ. אַקלאָפּקאָוו אופגעפירט אין מאָסקווע זיין באַרימטן „האַמלעט". ווייזט אויס, אַז די אידיי האָט שוין דאַן געשוועבט אינדערלופטן. און טישלער האָט פאַרגעפילט. פאַר אים איז זייער אייגנטימלעך דאָס פאַרגעפיל פון אומדערוואַרטע גוטע נייס. ער איז שטענדיק גרייט געווען אַנטדעקן אייגנאַרטיקייט — זאָל דאָס זיין אין אַ מענטשן, זאָל זיין אין אַ לעבנס־דערשיינונג.

אַף דער אויסשטעלונג פאַרנעמט אַ גרויס אָרט די ציגיינער־טעמאַטיק. ניט אַלע ווייסן דאָך, אַז צוזאַמען מיטן אַרטיסט און רעזשיסער מ. אי. גאָלדבלאַט האָבן זיי געגרינדעט דעם טעאַטער „ראָמען". די ערשטע ספּעקטאַקלען אינעם נייעם טעאַטער זיינען אויסגעפורעמט דורך אַ. טישלערן. אַ לאַנגע צייט איז דאָרט געהאַנגען דער עמבלעמישער פאַרהאַנג, וואָס איז אויסגעפילט געוואָרן לויט טישלערס עסקיז.

די אויסשטעלונג האָט מיר דערמאָנט יענע יאָרן, דעם אָנהייב פון מיין שעפערישן וועג. דאַן האָב איך געקענט טישלערן אַלס אַ טעאַטראַלן קינסטלער. איצט דאָ, אַף דער אויסשטעלונג, האָב איך זיך באַקאַנט מיט די פראַכטפולע בילדער זיינע, געשאַפענע אין די 20־ער יאָרן, מיט הילצערנע סקולפּטורן, מיטן ציקל „בירגערקריג".

לאַנג בין איך געשטאַנען פאַר די צוויי פּאָרטרעטן פון פלאָרע יאַקאָוולעוונע סירקינע. איין פּאָרטרעט איז אויסגעפילט אין אַבסאָליוט ניט ענלעכן אַף אַ. ג. טישלערס מאַניר: אַ צויבער־שיינע יונגע פרוי, אַ פאַרליבטע אין דער וועלט, וועלכע אַנטשטייט פאַר איר. דער צווייטער (זיי הענגען איינער לעבן אַנדערן) — דאָס זעלבע געזיכט, אויסגעפילט אַף טישלערס אויפן. דאָס איז אַ פּאָרטרעט פון אַ טעאַטראַל געשטאַלט. צוגעבן איינצלנע אַקסעסואַרן — און ס'וועט אַנטשטיין אַ פּערסאָנאַזש פון אַ ספּעקטאַקל...

אַ גליק, וואָס די יונגפרוי, וועמענס פּאָרטרעטן ס'זיינען אויסגעשטעלט, האָט דורכגעטראָגן דאָס גרויסע ליבע־געפיל צו דעם קינסטלער, צו דעם מענטשן און געבראַכט אונדז די פרייד צו געניסן פון טישלערס פראַכטפולער קונסט.

## 3. די נאַציאָנאַלע געשטאַלטן אַף אונדזערע בינעס

די קונסט, אַז וועלכער אונדזער לעבן וואָלט געווען פוסט און וויסט, ברענגט מיט זיך שטענדיק אַ גרויסן איינלאַג אינעם באַגריף, אין דער אַנונג, וועלכע מיר רופן „פעלקער־פריינטשאַפט".

אפילו דאַן, ווען דער באַגריף איז ניט גאָר וואָגיק, ווען אַף אים זיינען געבילדעט אַזעלכע אָנוואַקסונגען, ווי די געזעלשאַפט „פאַמיאַט" — סיי ווי איז די קונסט, די ליטעראַטור, דער טעאַטער און קינאָ באַפולמעכטיקט אַפריינקן און צוריקערן אונדזער גרעסטע דערגרייכונג — די פעלקער־פריינטשאַפט.

כ'דערמאָן זיך כאַרקאָוו אין דער פאַרמילכאָמע־צייט. דער אוקראַינישער טעאַטער אַף שעווטשענקאָס נאָמען שטעלט „טעוויע דער מילכיקער". דער קאָנסולטאַנט איז ש. מיכאָעלס. אַפן געזעלשאַפטלעכן דורכקוק איז געקומען דער טעאַטראַלער כאַרקאָוו. מיך, אַ דערוואַקסלינג, האָט גענומען מיט זיך די מאַמע — אַ באַוווּסטע יידישע אַרטיסטקע ר. ט. רופינע. דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט, און פון דער בינע האָט אַ פלייץ געטאָן די יידישע ליד, וועלכע ס'האָבן געזונגען טעוויעס טעכטער — אוקראַינישע אַרטיסטקעס... כ'געדענק, ווי מיין מאַמע האָט דאַן געוויינט, זיצנדיק אין זאַל. דאָס זיינען געווען טרערן פון פרייד. דערנאָך, ווען ס'איז אופגעטראָטן אַף דער בינע דער גרויסער אוקראַינישער אַרטיסט מ. קרושעלניצקי און מיט אַ געשמאַקן הומאָר גענומען שפּילן טעוויען, זיינען מיר באַצויבערט געוואָרן. די מאַמע האָט מיר נאָכן ספּעקטאַקל געזאָגט, אַז ער שפּילט די ראָל לויט די בעסטע טראַדיציעס פונעם יידישן טעאַטער. זי האָט געהאַלטן, אַז אַף דער יידישער בינע איז דער בעסטער טעוויע דער אויסגעצייכנטער יידישער אַרטיסט רודאָלף זאַסלאַווסקי.

ס'ווייזט זיך מיר אויס, אַז דער יידישער און אוקראַינישער טעאַטער זיינען זייער ענלעך. סיי דער, סיי יענער זיינען סינטעטישע, אימבאַדינגט מוזיקאַלע, מיט טענץ און מיט אַ היפּשער דאָליע מעלאָדראַמע. דערפאַר איז דעם אוקראַינישן אַרטיסט

ניט שווער צו שפילן יידישע פיעסעס. איבערהויפט, ווען דער קאָנסולטאנט איז ש. מיכאָעלס.

ס׳איז ניט לײַכט צו אויפבויען א נאציאָנאלן כאראקטער אין קינאָ אָדער אין טעאטער. מ׳פארשטייט דאָס. ווען איך גיי קוקן רוסישע ארטיסטן, וועלכע שפילן יידישע ראָלן, ציטערט אין מיר די נעשאָמע. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אז פונקט אזא זעלבסטגעפיל איז בא גרוזינער, ארמענער, ווען זיי זעען אַף דער בינע גרוזינער, ארמענער, וועלכע ס׳שפילן רוסישע ארטיסטן. מ׳זוכט דאָך גלײַך אומבאדינגט בלענדנדיקע אויסדרוק־שטריכן. אַף דער אויבערפלאך פונעם כאראקטער שווימט דאָס קאָמישע, דאָס, וואָס ס׳גרענעצט מיטן וויץ, מיטן אנעקדאָט. כ׳האָב ליב דעם רוסישן ארטיסט ב. נאָוויקאָוו. ער איז אייגנארטיק, טאלאנטפול. און אָט שפילט ער אין עפעס א פילם די ראָל פון א יידן — א זייגערמאכער. דעם אוילעם איז געפעלן. מ׳לאכט גוטמוטיק. און איך האָב גרויס פארדראָס: וואָס קרימט ער זיך אזוי...

אין לענינגראדער גרויסן דראמע־טעאטער האָבן ג. טאָווסטאָנאָגאָוו און ר. אגאמירזיאן אויפגעפירט א גרוזינישע פיעסע — נ. דומבאדזעס „די באָבע, איליקאָ און אילאריאָן". ווי איידל און קלוג האָבן געשפילט די ארטיסטן. עכטע נאציאָנאלע כאראקטערן. לעבעדיקע, אנערקענעוודיקע. זיי האָבן אפילע דעם אקצענט ניט אונטערגעשטראָכן. אלנפאלס, איך געדענק דאָס ניט. אָבער אזעלכע שטעלונגען טרעפן זיך זעלטן. מערסטנטייל קרימט מען איבער דעם אקצענט, אָפט איז אפילע שווער פעסטצושטעלן, וואָס איז עס פאר אן אקצענט. און „מ׳קוועטשט" מיט אלע קויכעס אַף א באזונדערן אויסטערלישן כאראקטער.

דעם טעלערעזשיסער ס. יעוולאכישווילי איז אויפגעקומען א גליקלעכער געדאנק — אויפירן א טעלעספעקטאקל „טעוויע דער מילכיקער" און אײַנלאדן אַף דער הויפט־ראָל דעם אויסגעצייכנטן ארטיסט מ. א. אוליאנאָוו. דער אויסוואל האָט געזיכערט א דערפאָלג. וועגן מ. אוליאנאָווס טעוויען איז געווען א גרויסע פרעסע און רעצענזיעס, ארויסזאָגונגען אין אלע פעריאָדישע אויסגאבעס. צו די ליב־געזאנגען וויל איך צוגעבן אויך מײַן פארגעניגן, מיט וועלכן כ׳האָב געקוקט די אויספילונג פון דער הויפט־ראָל אינעם ספעקטאקל. דער טאלאנטפולער רוסישער ארטיסט האָט זייער געלונגען, זייער אָרגאניש אויפגעפירט אזא קאָמפליצירטן, פילזײַטיקן נאציאָנאלן כאראקטער — אן ערד־מענטש, א כאָכעם, אן עמעסע פאָלקסטימלעכע נעשאָמע. דערבײַ האָט דער ארטיסט קימאט ניט געווענדט זיך צו „יידישע טנועלעך", צום יידישן אקצענט, בלויז א ביסעלע, קאָרעקט אונטערגעשטראָכן דעם ניגן פון דער פראזע, ווייך, מיט א קלוג הארץ עטוואָס אונטערגעכאפט דעם זשעסט — אָט די אלע קאָנסטרוקטיווע שטריכן האָבן אויך געזיכערט דעם גרויסן דערפאָלג פון מ. אוליאנאָוו.

צום באדויערן, קאָן איך ניט זאָגן דאָס זעלבע וועגן דעם ספעקטאקל. מיר ווײַזט זיך אויס, אז די אויפירונג איז געווען אונטערטעניק דעם פראָווינציעלן, אלטן סטערעאָטיפ. איבערהויפט די מאסנסצענעס. צוליב וואָס האָט מען געדארפט שטעלן אזעלכע אײַנדרוקסלאָזע סצענעס אפן מארק, ווו די ציגײַנער גאנווענען די בוטאפארישע עפל? אזוי אויך די כאסענע, די מוזיק איז א פרעמדע און אומפארשטענדלעכע, דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן די לידער און טענץ. די הויפט־סיבע, איבער וועלכער דער ספעקטאקל האָט זיך ניט באקומען, איז דער ארטיסטישער אנסאמבל — אוליאנאָווס פארטנעאָרן, וועלכע האָבן אים ניט די ווערט. כ׳גלייב ניט, אז מ׳האָט ניט געקאָנט געפינען אין מאָסקווע ווירדיקע ארטיסטן, אנטשפרעכיקע דער אויספילונג פון דער הויפט־ראָל. עפעס מאָדנע טעכטער, א מעשונעדיקער באדכן. אפילע אַף דער ראָל פון פעדקען האָט מען אויך ניט געפונען קיין מער אינטערעסאנטן באָכער... מיר לעבן דאָך ניט אין קיין פוסטן רוים. ס׳איז דאָ אן אויסגעצייכנטער אמעריקאנישער פילם „דער פידלער אפן דאך" לויט שאָלעם־אלייכעמען, אן אמעריקאנער מיוזיקל אין די טראדיציעס פון זייער טעאטראלער קולטור. דעם זשאנער האָבן זיי באהערשט פולקום. נאָר מיר האָבן דאָך אויפגעפירט א דראמאטישן ספעקטאקל, דאָ איז אונדזער פריאָריטעט אומבאשטרײַטלעך. געדארפט כאָטש דורכקוקן יענעם פילם, קעדיי פארשטיין, ווי מ׳דארף שפילן, וואָס עס איז אזוינס א לעבעדיק פאָלקס־געשטאלט, וועלכע מוזיק אנטשפרעכט דער האנדלונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די נאציאָנאלע כאָרעאָגראפיע און די פאָלקס־טראדיציעס. אין יענעם פילם איז דאָס אלץ דאָ — דערפאר איז ער א הויכקינסטלעריש ווערק. מיר לעבן אין מאָסקווע. אונדזער טעאטער האָט פארדינט א וועלט־אנערקענונג, און מיר האָבן ניט קיין רעכט צו שטעלן ספעקטאקלען א סאך נידעריקער פונעם וועלטלעכן מוסטער.

אַף דער סצענע פון דעם אָפערעטע־טעאטער האָט מען אויפגעפירט א ספעקטאקל־מיוזיקל „דער פידלער אפן דאך". מ׳האָט מיר פאָרגעלייגט קאָנסולטירן און אליין שפילן טעוויען. אזא באשטימונג איז אן און פאר זיך אן אויסגעצייכנטע. עפשער א ביסל שפעט געקומען קיין מאָסקווע נאָך דעם, ווי אין אלע עקן וועלט איז די זאך שוין געווען אויפגעפירט.

כ׳האָב געקלערט, אז דער טעאטער וויל אַף א גוטן, ערנסטן מוזיקאלישן און דראמאטישן מאטעריאל אויפהייבן די מײַסטערשאפט, דעם פראָפעסיאָנאליזם פונעם קאָלעקטיוו. „כ׳דארף אײַך, ווי א קאמערטאָן פאר מײַנע ארטיסטן", — האָט מיר געזאָגט דער רעזשיסער וו. קוראָטשקין. ס׳איז געווען אײַנגעלאדן א קינסטלער און באלעטמייסטער פון פוילן. דער אָנהייב איז געווען א ריכטיקער און ערנסטער. נאָר אין א כוידעש ארום האָב איך

פאַרשטאַנען, אַז דאָס אײַלעניש וועט צו קיין גוטס ניט ברענגען. ס'איז אוממעגלעך פאַר אַזאַ צײַט צו שאַפן אַ קינסטלערישע ווערק און דערצו נאָך דערגרייכן באַשטימטע שעפערישע הייכן. מ'אײַלט זיך אַרויסלאָזן דעם אָרדנטלעכן ספּעקטאַקל, ווו ייִדן טאַנצן מיט אונטערגעבויגענע פיס (?). נאָך דעם, ווי כ'האָב דערזען, ווי ס'רעפּעטירט זיך די סצענע צווישן גאָלדע־סערדצע און דער שאַדכנטע יענטע, ווי זיי מאַכן מיט די הענט און קרימען זיך, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז כ'וועל ניט אויסהאַלטן... און אויב זיך אַרײַנמישן, דאַרף מען זיך צעאַמפּערן מיטן רעזשיסער (ער איז אויך דער הויפּט־רעזשיסער פונעם טעאַטער). דאָס טויג ניט. ס'איז ווײַט פון פּראָפעסיאָנאַלער עטיק. כ'האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו, און מיר האָבן זיך פרײַנטלעך צעשיידט. אַליין האָב איך דעם ספּעקטאַקל ניט געזען. כ'האָב מוירע געהאַט, אַז מ'וועט מיך צווינגען זיך אַרויסזאָגן... אויב מישפּעטן לויט דעם, וואָס אין מאָסקווע האָט קימאַט קיינער ניט באַמערקט די אויפפירונג פונעם מיוזיקל, קאָן מען פאַרשטיין, אַז ס'האָט זיך ניט באַקומען.

צו וו. קוראַטשקינען באַצי איך זיך אַכטונגסווירדיק, נאָר ביז איצט בין איך איבערצײַגט, אַז אַרבעטן מיט אַזאַ מאַטעריאַל האָט מען ניט געטאָרט בעכיפּאָזן. אונדזער „פידלער אויפן דאַך" האָט קיין רעכט ניט געהאַט זײַן ערגער, אײדער די שטעלונגען אויף אַלע אַנדערע אייראָפּעיִשע בינעס.

ערשט ניט לאַנג צוריק איז אין טעאַטער אויף מאַיאַקאָווסקיס נאָמען אויפגעפירט געוואָרן דער ספּעקטאַקל לויט באַבעלס פּיעסע „דער אונטערגאַנג". דער מײַסטערישער רעזשיסער א. א. גאָנטשאַראָוו האָט שוין פון לאַנג געטרוימט וועגן דער שטעלונג, נאָר מ'האָט ניט דערלויבט. ענדלעך, איז זײַן טרוים מעקוייעם געוואָרן. דער ספּעקטאַקל האָט זיך באַקומען ווי אַ מוסטער פון סצענישער פאַרקערפּערונג פונעם אווטאָרס קאַוואָנע. אַ גלענצנדיקע שטעלונג — דער סאַכאַקל פונעם רעזשיסערס טרײַער באַציִונג צום מאַטעריאַל, צו דער אַרבעט מיט די אַקטיאָרן, מיטן באַלעטמייסטער, מיטן קאָמפּאָזיטאָר, מיטן קינסטלער. אויך אין אָט דער אינטערעסאַנטער שוישפּיל געפינען מיר די דערלייזונג פון דער פּראָבלעם, וויאַזוי אויפצופירן אויף דער בינע דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אָפּשטויסנדיק זיך אין דער ערשטער ריי פונעם קינסטלערישן געשטאַלט, וועלכער מוז אַנטשפּרעכן דעם אווטאָרס קאַוואָנע.

אַ וויכטיק אָרט פאַרנעמט אינעם ספּעקטאַקל דער פּערסאָנאַזש, וועלכער טרעט אַרויס אין נאָמען פונעם אווטאָר. דער אַרטיסט מ. פיליפּאָוו פירט זײַן דערציילונג מיט הומאָר, איראָניש. לויט דער האַנדלונג קומט אים אויס פאַרשטעלן פאַרשיידענע פּערסאָנאַזשן. זײַן איבערגעשטאַלטיקונג איז אָרגאַניש: אָט איז זײַן אינטאָנאַציע אַ טרויעריקע, אָט — אַ האָפעדיקע, זײַן אָנטייל איז פולקום באַרעכטיקט.

דער באַגאַבטער אַרטיסט נ. וואָלקאָוו שפּילט דעם כאָכעם אַריע־לייבן, וועלכער פּרוּווט מאָטיווירן אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אינעם ווידערשפּרעכלעכן לעבן. ער וויל מיט גוטסקײַט און מיט דער הילף פון דער געמאָרע שאָלעם מאַכן צווישן אַלעמען. נאָר באַם אַרטיסט באַקומט זיך אַן אײנפאַכער אָדעסער ייִד, וואָס איז ווײַט ניט קיין כאָכעם און קיין שום טרויעריקע מאַכשאָוועס באַאומרויִקן אים ניט. דער פאַרשוין איז אַן אומנייטיקער אינעם ספּעקטאַקל. צום באַדויערן.

דער אַרטיסט וו. אילין שפּילט זײַן באַיאַרסקין זיכער, שאַרף. פאַראַן מאָמענטן, ווען ס'פאַרכאַפּט דער אָטעם פאַר מוירע, אַז אָט־אָט, ס'איז שוין אויפן שפּיץ מעסער דער שפּאַס, נאָר דער אַרטיסט שפּאַנט ניט אַריבער דאָס עטישע, דאָס מאָראַלישע דערלויבטע, און ס'באַקומט זיך אַן אינטערעסאַנטער כאַראַקטער.

איינע פון די סאַמע געלונגענע אַרטיסטישע אַרבעטן איז די ראָלע פון בעני קריק אין דער אויספירונג פון ע. וויטאָרגאַן. ער שפּילט אײַנגעהאַלטן, ווײַכט פון אויסערלעכע אויסדרוק־מיטלען. פאַר אים איז דער אָדעסער ייִד מיט זײַנע ווערטלעך און שאַרפע וויצן ווײַט ניט דער אַנטשיידנער שטריך פונעם כאַראַקטער. ער זוכט און געפינט דעם טאָך פונעם געשטאַלט. דערפאַר איז דער רעזולטאַט אַ דערפאָלגרײַכער.

אָבער דער סאַמע גרעסטער דערפאָלג איז אויסגעפאַלן אויפן גוירל פון א. דזשיגאַרכאַניאַנען אין דער ראָלע פון מענדל קריק. דאָס איז אַ גלענצנדיק, טראַגיש געשטאַלט. די סאַמע געלונגענע סצענעס אינעם ספּעקטאַקל זײַנען צעמענטירט דורך דזשיגאַרכאַניאַנס מענדל קריק, כ'האָב ביכלאַל ליב דעם אַרטיסט. וואָס ער זאָל ניט שפּילן, דערגייט ער אַלעמאָל צום טאַמצעס פון דער ראָל. ער באַגרײַפט אַלץ (און מיר מיט אים), דערקלײַבנדיק זיך צו די פּסיכאָלאָגישע טיפענישן פונעם אווטאָרס קאַוואָנע. די סצענע אין דער שול, די סצענע, ווען די קינדער מיימעסן דעם טאַטן, מענדלס אָרגיע אין קאַבאַק, זײַן ליבע־סצענע, וועלכע איז אַזוי געשטעלט, אַז די ערד דרייט זיך, אויפן הימל צינדן זיך אָן די שטערן, — ס'איז דאָך די פינקטלעך־געטראָפענע פּאָעטיק פונעם אווטאָר, נאָר אויסגעדריקט מיט דער הילף פון טעאַטראַלע אויסדרוקפולע מיטלען.

מ'קאָן זיכער זאָגן, אַז דער ספּעקטאַקל איז אין שפּיגל פון דער פּראָבלעם, וועגן וועלכער ס'גייט די רייד, דער סאַמע געלונגענער, אייגנאַרטיקער און באַדײַטפולער צווישן אַלע אַנדערע שטעלונגען אין מאָסקווע.

נאָר אַן ערלעכע באַציִונג צום מאַטעריאַל, נאָר דער פאַרלאַנג איבערנעמען, פאַרשטיין און קינסטלעריש איבערגעבן דעם אווטאָרס קאַוואָנע ברענגט דעם טעאַטער אַ דערפאָלגרײַכן רעזולטאַט.

● ● ●

## מאניע לאנדמאן

# יויסעף ראבין

מיט יויסעף ראבינען האָבן מיר זיך געקענט ניט איין צענדליק יאָר. אין מעשעך, קאָן מען זאָגן, פון א גאנצער עפּאָכע האָב איך געדרוקט אף דער מאשינקע זײַנע ווערק. אונדז איז אויסגעקומען איניינעם איבערלעבן גענוג געשעענישן, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען פאר דער צײַט פון אונדזער באקאנטשאפט.

איך דערמאָן זיך די טעג און כאדאָשים, ווען איך האָב געארבעט אין דער צײַטונג „אײַניקײַט". געווען איז דאָס אין סאָף 1943. א קאלטער ווינטערדיקער טאָג. מיר האָבן געארבעט אין די מאנטלען, געזעסן אין איין גרויסן צימער. עס גיט זיך א צעפּראַל די טיר, אזויווי עס וואָלט ארײַנגעקומען א ברייטער, הויכער מענטש, נאָר ס'האָט זיך באוויזן אינעם ארײַנגאנג א קליינוווּקסיקער יונגערמאנטשיק, דער קאָפּ פארהויבן, די אויגן גרויסע, טרויעריקלעכע, און אָפּגעצויגן פּאָנעם. ניט מיט קיין שמייכל איז ער ארײַנגעקומען. אף דעם מאָגערן פּאָנעם איז געלעגן א מין טרויער.

אָנגעטאָן איז ער געווען אין א וואַרעם היטל — אן אושאנקע, אין א גרויער, קאלטער שינעל, ניט לויט דער מאָס. אף די פיס וויקלשנורן — אָבמאָטקעס, שיך — אויך ניט פון זײַן מאָס — גרויסע, פּאָשעטע, אָפּגעטראָגענע.

איך האָב אים ניט דערקענט, און ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז עס איז ארײַנגעקומען א פרעמדער מענטש — פאר מיר און ניט נאָר פאר מיר, פאר די אלע, וועלכע זײַנען געזעסן אין צימער בא די טישן און געגרייט דעם נומער פון דער צײַטונג „אײַניקײַט", וועלכן מע האָט געדארפט אָפּגעבן אין זאץ.

ווי גרויס איז געווען מײַן פארוווּנדערונג, ווען איך האָב דערזען, אז דאָוויד בערגעלסאָן, שמואל האלקין און נאָך אייניקע מיטארבעטער, וועלכע זײַנען געזעסן מיט אונדז אינעם צימער, האָבן דעם ארײַנגעקומענעם ארומגענומען און זיך צעקושט מיט אים שווײַגנדיק, ניט מיט קיין הויכע אויסרופן, ווי עס טרעפט זיך אמאָל בא א באגעגעניש נאָך א לאנגן איבעררײַס: „הא, געקומען, נו־נו, מיר וואַרטן אזוי אף דיר!" דאָ איז געווען זייער שטיל, מע האָט זיך הארציק ארומגענומען, באזונדערס דאָוויד בערגעלסאָן האָט אים צוגעטוליעט צו זיך און מע האָט ווײַטער פאָרגעזעצט — יעדערער זײַן ארבעט.

בלויז איינער האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט נאָך דעם, ווי מע האָט זיך מיטן ארײַנגעקומענעם באגריסט. דאָס איז געווען דאָוויד האָפשטיינס ברודער וועלי, וועלכער איז דעמאָלט אויך געווען א מיטארבעטער בא אונדז אין רעדאקציע. געזעסן איז ער שא־שטיל, ווען עס איז פאָרגעקומען אָט די ביז גאָר שטילע באגעגעניש. ער איז געווען ארײַנגעטאָן אין די פּאפּירן, וואָס זײַנען געלעגן בא אים אפן טיש. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער האָט אפילע ניט באמערקט, אז עמעצער איז ארײַן אין צימער, אזוי איז ער געווען פארטיפט אין זײַן ארבעט. ער האָט בא מיר געבעטן א ריין זײַטעלע פּאפּיר, ארויסגענומען פון זײַן טישקעסטל א שטיקעלע ברויט פון א גראם פופציק, אײַנגעוויקלט עס זייער גיך, כאָטש אליין פלעגט ער אלצדינג טאָן פּאמעלעך, א גיכן שפּאן געטאָן צום געקומענעם און אים ארײַנגעלייגט אין קעשענע דאָס פארוויקלטע אינעם פּאפּיר שטיקעלע ברויט.

פאר מיר איז עס געווען אומפארשטענדלעך. פארוואָס גיט ער אָפּ דעם לעצטן ביסן ברויט? מאמעש צוריק מיט א שאָ, ווען איך בין געגאנגען עסן מיטיק, זײַנען א סאך כאווײרים אויך אוועקגעגאנגען — ווער אין דער גאָרקיך, ווער אין קלייט עפּעס אײַנקויפן, ווי מע פלעגט זאָגן — „אָטאָוואַרעווען זיך", און עס האָט זיך באקומען אזוי, אז וועלי האָפשטיין האָט געדארפט איבער־

בלײַבן אליין אין צימער. ער איז צו מיר צוגעגאנגען און אָנגעהויבן מיך בעטן, איך זאָל אים אליין ניט איבערלאָזן אין צימער. ניט פארשטייענדיק די סיבע, פארוואָס ער וויל אליין ניט בלײַבן, האָב איך זיך צעלאכט און א זאָג געטאָן: מײַן מיידעלע האָט אויך מוירע אליין צו בלײַבן, איר זײַט דאָך ניט קיין קליין קינד, וואָס איז מיט אײַך, וועלי? האָט ער מיר געענטפערט זייער שטיל, אזוי ווי די האָפשטיינס פלעגן רעדן:

— ניין, איך האָב ניט מוירע צו בלײַבן אליין, איך האָב מוירע צו בלײַבן אליין מיטן ברויט, כ'זאָל עס ניט אויפעסן.

און דאָ גייט ער גאָר אָפ זײַן לעצט שטיקעלע ברויט, וואָס ער האָט אָפגעלייגט ביז אפדערנאכט, ווען דאָס הארץ וועט א צי טאָן צו עסן. אָט טאקע דאָס שטיקעלע ברויט האָט ער אָפגעגעבן דעם ארײַנגעקומענעם.

און דאָ איז מיטאמאָל עפעס ווי פון ערגעץ ארײַנגעקומען פאָליע אָליעווסקע, די סאָלדאטישע אלמאָנע פון דעם ווונדערלעכן דיכטער בוזי אָליעווסקי, און האָט פריילעך אויסגעשריגן: „ראבטשיקל! זעט נאָר, ראבטשיקל איז געקומען! האָסט שוין הײַנט עפעס געגעסן? קום, איך פאָר אהיים קיין באלשעוואָ, קום צו אונדז!".

אָט דער נאָמען „ראבטשיקל" האָט מיך דערמאָנט זייער א סאך, און אין מײַן זיקאָרן האָבן אופגעלעבט דערמאָנונגען פון צוריק מיט יאָרן.

...אין פארלאג „עמעס". איך בין ניט לאנג צוריק אָנגעקומען ארבעטן — דאָס איז געווען אין די דרײַסיקער יאָרן. פארענדיקט דעם ארבעטסטאָג, האָב איך שוין געדארפט גיין אהיים, נאָר איך זע, אז אין פארלאג איז עפעס א גאנצער יאָמטעוו — מע האָט אויסגעשפרייט אין טונקעלן קאָרידאָר פליסענע סטעזשקעס, זייער שיינע. איך געדענק, ווי הײַנט: זיי זײַנען געווען רויטע און בא די זײַטן בלויע קאַנטן. פאר יענער צײַט האָט עס געטויגט נאָר צוליב א גרויסן יאָמטעוו. דאָס זעלבע — די ליכטיקע אָנגעצונדענע לעמפ. איין פרוי האָט געטראָגן א סטאָס טעלער, א צווייטע — ווורשט און ברויט אין א טיפן קויש. אוועקגעטראָגן האָט מען דאָס אלצדינג אין דעם גרויסן צימער, ווו עס איז געשטאנען א ביליארד, און זייער אָפט פלעגן דאָרט די שרײַבער פארברענגען בא דער שפיל. איך האָב געכאפט א קוק אין גרויסן צימער. דער ביליארד איז אָפגערוקט געוואָרן צו דער וואנט, און אינמיטן זײַנען געשטאנען לאנגע געדעקטע מיט ווײַסע טישטעכער טישן, און אָף די טישן זײַנען געשטאנען א סאך פלעשער ווײַן, טעלער מיט געבעקס. קיין מענטשן זײַנען נאָך דאָרט ניט געווען בא די טישן.

אין רעדאקציע איז א טומל, וואָס עס מאכן אָן צוויי מענטשן. זיי לויפן ארום זייער געשווינד — איינער א דארינקער, א פלינקער, ער לויפט פון איין צימער אין צווייטן, קלאפט מיט די טירן, עפענענדיק זיי און פארמאכנדיק, מאמעש א ווינט טראָגט זיך פון זײַן לויפן. מיטן אויג האָב איך גאָרניט געקאָנט כאפן, אין וועלכן צימער איז ער ארײַן און פון וועלכן ארויס. און פונקט פארקערט, דער אנדערער גייט זייער פאמעלעך, א ביסעלע קאטשענדיק זיך. דאָס איז דער קריטיקער שמועל קליטעניק.

דעם דארינקן יונגנמאנטשיק האָב איך ניט געקענט. אָט אזוי, לויפנדיק איבער די צימערן און איבערן קאָרידאָר, ווי א ווויכער, האָט ער מיר אָנגעטראָטן אָף א פוס, און מיר האָבן זיך מיט אים אזויווי צעבוצקעט. ער האָט זיך ניט אנטשולדיקט, נאָר געזאָגט, און ניט פאָשעט געזאָגט, נאָר אויסגעשריגן: — מיר פאָרן קיין ביראָבידזשאן!

אָט וועגן דעם האָב איך זיך דערמאָנט בייס איך האָב דערהערט זאָגן דאָס וואָרט „ראבטשיקל", הייסט עס, אז דאָס איז יויסעף ראבין.

כ'האָב א טראכט געטאָן: פונוואנען קומט ער איצט? פון דער ארמיי? עפשער פון „נאָך ווײַטער"?

— כאווער ראבין, — האָב איך זיך אָנגעפרעגט, — איר האָט מיסטאמע געבראכט וואָס צו דרוקן? אויב יאָ, איז ביטע, איך בין איצט פרײַ.

זאָגן אים, אז איך וועל אָפטאָן די ארבעט אָן שום האָנאָראר, האָב איך ניט געוואָלט, טאָמער וועט ער זיך באליידיקן. ער, פון זײַן זײַט, איז ניט ארײַנגעגאַן אין א שמועס מיט מיר, בלויז געזאָגט, אז ווען ער וועט האָבן א מאנוסקריפט, וועט ער אים ברענגען.

אין א פאָר וואָכן ארום איז ער ווידער געקומען און מיר צוגעטראָגן אָף איבערדרוקן עטלעכע צענדליק זײַטלעך, אײַנגעוויקלטע אין א טרײַבעלע. דאָרט זײַנען געווען א פאָר דערציילונגען. באצײַטנס האָט ער זיי פאנאנדערגעלייגט אין אָן אָרדענונג — וואָס פריער צו דרוקן, וואָס שפעטער, די זײַטלעך זײַנען געווען אויסגענומערירט. בייס ער האָט געמאכט אזא אָרדענונג אין מאנוסקריפט, איז ארײַנגעקומען שאכנע עפשטיין פון אָן אנדער צימער און געזאָגט, איך זאָל גיכער „מאכן" ראבינס ארבעט.

ראבין איז נאָך לאנג פארבליבן אומעטיק, זייער אומעטיק. ס'האָט מיך געצויגן א שמועס טאָן מיט אים. אנומלטן גיב איך אים א פרעג, ווו עס איז זײַן מישפאָכע, ווו וווינט ער. אין ביכלאל — וויאזוי לעבט ער?

מיט זייער א כיינעוודיק לאָשן, מיט שיינע אונטערגעקליבענע ווערטער, קוקנדיק טרויעריק עטוואָס אין א זײַט, האָט ער דערציילט, פונוואנען ער איז איצט געקומען, און אז זײַן מישפאָכע איז נאָך אין דער עוואקואציע. די פרוי און די טאָכטער שרײַבן אים בריוו. קיין וווינונג דערווײַל האָט ער ניט. אין זײַן שטוב, ווו ער האָט פריער געלעבט אין מאָסקווע, לעבט איצט אָן אנדער מישפאָכע, מע זאָגט אים צו באפרײַען די דירע. דערווײַל וווינט ער אין איין צימער צוזאמען מיט א גרויסער מישפאָכע קרויווים. זיי באציען זיך צו אים גוט, אָבער ווו צו שרײַבן האָט ער ניט. ערגעץ אין א ווינקל, אויב עס איז דאָ א מעגלעכקייט, זעצט ער זיך צו און שרײַבט. אָט טאקע אין אזעלכע באדינגונגען האָט ער אָנגעשריבן די דערציילונג „מײַן צאוואָע גיטעלע"...

א כאדאשים פיר־פינף האט מען ראבינען ניט געזען. פאר דער צייט בין איך שוין אריבערגעגאנגען ארבעטן פון דער צייטונג „אייניקייט" אינעם אנטיפאשיסטישן קאמיטעט. נאך אן איבערייס דערזע איך נאכאמאל ראבינען אינעם סעקרעטאריאט פון דעם אנטיפאשיסטישן קאמיטעט, און ווידער דערקען איך אים ניט. א גאלאנטער, אן אפגעראזירטער, אין א בלאוון קאסטיום, אויסגעפוצט, מיט שיינע בלישטשענדיקע אויסגעפוצטע שיך, מיט א הוט, וועלכער האט אים גוט געפאסט, אנגעטאן זומערדיק. א פריילעכער, א שיינענדיקער און א צופרידענער. ער האט מיר געבראכט עטלעכע דערציילונגען און דערציילט, אז ער גרייט א בוך, וועלכער וועט ארויסגיין אין פארלאג „עמעס". דאס איז געווען די זאמלונג פון דערציילונגען „מיינע אייגענע". פאר דער צייט, וואס איך האב געדרוקט דעם מאנוסקריפט איז ראבין אפט אריינגעגאנגען צו אונדז אין קאמיטעט. סאניע שוסטערמאן, אונדזער מאשיניסטקע, פלעג צו אים טייַנען: „ראבין, איך האב פאר אייך א טעמע, נאר איר וועט זי קאנען אויסנוצן, ווייטער קיינער ניט"... און אזוי פלעגט ער זיך אוועקזעצן לעבן איר אף א בענקל, און זי פלעגט צו אים לאנג־לאנג רעדן. און דערביי האט זי אים נאכאמאל געבעטן: „שרייבט אן, מע דארף ניט דורכלאזן אזעלכע אינטערעסאנטע טעמעס...". מיר, אלע מיטארבעטער, האבן זיך אט אזוי באצויגן צו ראבינען, ער איז געווען אונדזער ליבלינג.

אין איינעם א שיינעם טאג קומט יויסעף ראבין צו מיר אהיים און ברענגט א קלייניגק קעסטעלע, אזא קליינס, ווי א שאכטל פון קאנפעטן. ווידער זייער א צופרידענער, נאר ווי שולדיק אין עפעס און זאגט: „מע האט מיר געגעבן א מאטאנע אט א־די קלייניגקע מאשינקע. זי הייסט טאקע „בייבאטשקע", פונעם ווארט „ביי־בי" — קליין קינד. אויב איר ווילט, קען איך זי אייך אפגעבן. עמעס, זייער א קלייניגקער שריפט, מע דארף מאמעש דורך א פארגרעסער־גלאז קוקן אף די אויסיעס, קעדיי צו דערזען עפעס, וואס איז אנגעשריבן. נאר איך ווייס, אז איר האט ניט קיין מאשינקע בא זיך אינדערהיים, איז נעמט זי, איר וועט זיך סטארען דרוקן מיטן גרעסערן שריפט, וועלכער איז דא פאראן, מע דארף אופהייבן אט א־דאס צינגעלע אין דער מאשינקע. דאס צינגעלע האלט זיך אויך ניט זייער גוט, נאר איר מיט אייערע הענט וועט אלצדינג קענען, און איר וועט האבן אף וואס צו ארבעטן אין שטוב..."

איך בין שטארק פארכידעשט געווארן, וואס ראבין האט מיר געבראכט די מאשינקע, כ'האב אים געענטפערט, אז זי איז נאר פאר א שרייבער, ביים ער פארט ערגעץ אפרוען אדער אין א קאמאנדירונג, דאן קאן ער זי מיט זיך מיטנעמען און ארבעטן. דאס איז איינס. צווייטנס, טאר מען א מאטאנע ניט אפגעבן עמעצן. און איך האב אים צוגעוואונטשן, ער זאל אף דער פיצינקער מאשינקע אנשרייבן גרויסע ווערק.

עס איז אבער מיר ניט געווען גרינג אים איינצורעדן, ער זאל זי אפנעמען צוריק. איינגעבעטן האט ער מיך, זי זאל כאטש א ביסעלע זיין בא מיר, ווייל א מאשיניסטקע דארף בילכער א מאשינקע אידער א שרייבער.

אף דער קלייניגקער מאשינקע מיט דעם גאר קליינעם שריפט האב איך איבערגעדרוקט פערעץ מארקישעס גרויסן ראמאן „טראט פון דורעס", שמועל האלקינס זייער א סאך לידער, שמועל גארדאנס א גאנצן בוך דערציילונגען. ביז איך האב געקראגן א מאשינקע מיט א גרעסערן שריפט, האב איך זיך באנוצט מיט איר.

יויסעף ראבינען האב איך איינגעבעטן, ער זאל בא מיר אפנעמען זיין „בייבאטשקע", און פון דעמלט אן האט ער אליין אנגעהויבן דרוקן זיינע דערציילונגען מיט איין פינגער. מיר פלעגט ער געבן איבערקלאפן גרויסע דערציילונגען, גאנצע ביכער.

# ריווקע רובין

איך דערמאן ריווקען זייער אפט, כ'האב זי גוט געקענט, געלייענט אירע ווערק, די באוווסטע ארבעטן וועגן פערעצן און שאלעם־אלייכעמען, אירע פראזע־ווערק — סיי אין „סאוועטיש היימלאנד", סיי אין באזונדערע ביכער.

און נאך געדענק איך איר גוטן, אידעלן שמייכל, איר הארציקע באציונג צו מענטשן. איך דארף זאגן, אז ווען זי פלעג אריינקומען אין דער רעדאקציע פון „סאוועטיש היימלאנד", פלעגט מיר ווערן פריילעכער.

אין סענטיאבער 1982 בין איך געקומען זיך באקאנען מיט דער גרויסער בילדער־אויסשטעלונג פון דעם קינסטלער מייער אקסעלראד. די אויסשטעלונג איז געווען א פרעכטיקע, אין צוויי גרויסע ליכטיקע זאלן. א סאך בילדער האב איך שוין געזען פריער, אף אנדערע אויסשטעלונגען. אבער דא, אין ספעציעל צוגעפאסטן זאל, האבן זיי באקומען גאר אן אנדער כיין. געעפנט די אויסשטעלונג האבן באוווסטע מאלער. מייער אקסעלראדס כאווערים, וועלכע האבן מיט אים צו־

זאַמען געאַרבעט און וועלכע האָבן גוט געקענט סײַ אים, סײַ זײַנע ווערק.

ס'איז פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס אין דער אויסשטעלונג האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען ריווקע רובין, מייער אַקסעלראָדס פֿרוי, אַליין אַ מענטש פֿון דערהויבענער קונסט. זעענדיק זי אין דער ראָל פֿון אַן פֿאַרטרעגער, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט פֿיל יאָרן צוריק. ווען איך בין נאָך געווען אַ שילערן אין שול, האָב איך באַמערקט, אַז לערערנס זײַנען בײַ אונדז פֿאַראַן אַ סאַך מער, איידער לערער — מאַנצבלען. שפּעטער, אַרבעטנדיק אין פֿאַרלאַג „עמעס", האָב איך באַאָבאַכטעט אַ פֿאַרקערט בילד: שרײַבער־מאַנצבלען אַ סאַך, שרײַבערפֿרויען גאָר ווינציק.

שווער צו זאָגן, פֿאַרוואָס דאָס האָט מיך אינטערעסירט. אין דער מאָסקווער ייִדישער ביבליאָטעק פֿלעג איך בעטן באַם ביבליאָטעקער, ער זאָל מיר געבן צו לייענען אַ בוך פֿון אַ שרײַבערן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער מיר פֿאָרגעלייגט שיפֿרע כאָלאָדענקאָס אַ בוך לידער און צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל ווידער קומען, וועט ער פֿאַר מיר צוגרייטן אַ בוך פּראָזע פֿון אַ שרײַבערן אַ פֿרוי. עפּעס געדענק איך ניט גענוי: ער האָט געזאָגט אַ פֿרוי אַ שרײַבערן, צי אַ שרײַבערן אַ פֿרוי. ס'האָט מיר אַפֿילו אויסגעדוכט, אַז ער האָט דערבײַ אַ לאַך געטאָן, דעריבער האָב איך עס פֿאַרגעדענקט.

איך דאַרף זאָגן, אַז וויפֿל איך האָב אין יענער צײַט זיך ניט געסטאַרעט איבערציילן די צאָל שרײַבערנס, פֿלעג איך אָנציילן זייער ווינציק, באַם פֿאַרבייגן די פֿינגער זײַנען מיר פֿאַרבליבן איינער אָדער צוויי ניט קיין פֿאַרבויגענע.

אין פֿאַרלאַג „עמעס" האָב איך אַ סאַך מאַנוסקריפּטן איבערגעדרוקט, אָבער אַלע זײַנען זיי געווען פֿון שריפֿטשטעלער מאַנצבלען. קיין איין פֿרוי, קיין איין שרײַבערן איז צו אונדז אין מאַשין־ביוראָ ניט געקומען. עס האָט מיר געוווּנדערט, אַפֿילו פֿאַרדראָסן. נאָר אָט איינמאָל, אין זייער אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, געווען איז עס אינמיטן דעקאַבער, אין די סאַמע גרויסע פֿרעסט, איז צו אונדז אַרײַנגעקומען אַ פֿרוי, זייער אַקוראַט און שיין אָנגעטאָן, מיט וואַליקעס אויף די פֿיס, קליינע פּעטראַווע וואַליקלעך און נײַע, גאָר נײַע קאַלאָשן. די קינדערשע וואַליקלעך האָבן געפּאַסט דער ניט הויכער, מילדער ריווקע רובין. געקומען, הייסט עס, אַ שרײַבערן אַ פֿרוי. אָבער וואָס וועט זי דיקטירן: פּראָזע צי קריטיק? בעסער איז פּראָזע. איך האָב געבעטן די עלטערע מאַשיניסטקע, מע זאָל זי „איבערגעבן" מיר.

אַ קריטיש אַרטיקל איז גרינג צו לייענען און צו דרוקן אויף דער מאַשינקע, ווען מע ווייסט, וועגן וואָס עס גייט אַ רייד. דאָס הייסט, ס'איז נייטיק איבערלייענען דעם בוך פֿונעם שרײַבער, וועגן וועלכן דער קריטיקער שרײַבט. און אַפּצוּלאָכעס דאַפֿקע איז דער אַרטיקל, וואָס ריווקע רובין האָט מיר דיקטירט, געווען וועגן אַ שרײַבער, פֿון וועלכן איך האָב קיין אָנונג ניט געהאַט. זי האָט מיר אָבער געלייענט דעם טעקסט אַזוי דײַטלעך און אויסדריקלעך אַקצענטירט יעדעס וואָרט, פּונקט ווי די לערער אין שול פֿלעגן אונדז דערקלערן אַ לימעד אָדער דיקטירן אַ דיקטאַנט, אַזוי אַז ס'איז קלאָר געווען, וועגן וואָס עס גייט רייד.

מיט יאָרן שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו דרוקן אַ סאַך דערציילונגען פֿון ריווקע רובין. זי איז, ווי באַוווּסט, געווען ניט בלויז אַ קריטיקערן, נאָר אויך אַ פּראָזע־שרײַבערן. און טאַקע מיט גרויס הנאָה פֿלעג איך שטענדיק דרוקן אירע ווערק.

אַפּטער פֿון אַלץ פֿלעג איך זיך מיט איר באַגעגענען אין רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", באַזונדערס בײַס די פּלענאַרע זיצונגען פֿון דער רעדקאָלעגיע. אין אָט די טעג פֿלעגט זײַן פֿריילעך און טומלדיק. מע מעג זאָגן: ס'איז געווען יאָמטעוודיק. די מיטאַרבעטער פֿון דער רעדאַקציע האָבן זיך אָנגעטאָן יאָמטעוודיק, דאָס זעלבע די געסט. אויסער די מאָסקווער מיטגלידער פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿלעגן קומען מיטגלידער, ווי אויך אַוטאָרן פֿון קיעוו, מינסק, ווילנע, אָדעס, ביראָבידזשאַן, טשערנאָוויץ, קעשענעוו. זיי פֿלעגן ברענגען אַ סאַך נײַס, ווי אויך מאַנוסקריפּטן. אַז שרײַבער קומען קיין מאָסקווע, ווייסן זיי דעם וועג צו פֿאַרלאַגן, אין דער ערשטער ריי — צו „סאָוועטסקי פּיסאַטעל". דאָס הייסט, אַז מע דאַרף האָבן צו טאָן מיט מאַשיניסטקעס, איבערדרוקן די ווערק, וועלכע מע וועט אָפּגעבן אין פֿאַרלאַג.

אויסער די אָפֿיציעלע זיצונגען, זײַנען אויך געווען כאַווערישע באַגעגענישן, מע פֿלעגט פֿאַרברענגען, שמועסן וועגן נײַע ווערק. אויף די דאָזיקע באַגעגענישן האָט ריווקע רובין זייער שיין געזונגען פֿאָלקסלידער.

אָט אַזאַ געדענק איך זי, די לעבעדיקע ריווקע רובין, אַזאַ ווי איך האָב זי געזען.



# נײַעס פֿונעם ייִדישן קולטור־לעבן

## לויט דער איניציאַטיוו פֿון צוויי מאָסקווער טעאַטערס

אין פֿאַרשיידענע שטעט פֿונעם לאַנד — אין ווילנע, טאַלין, ריגע, קיִעוו, קעשענעוו, מינסק, לוואָוו, טשערנאָוויץ, באָברויסק, אופֿא און אַנדערע — זײַנען לעצטנס געשאַפֿן געוואָרן ייִדישע געזעלשאַפֿטן, פֿאַרייניקונגען, קלובן, קורסן פֿאַר דערלערנען ייִדיש, נײַע זעלבסטעטיקע און פּראָפֿעסיאָנעלע שעפֿערישע קאָלעקטיוון.

יעדע שטאָט האָט אַן אייגנאַרטיקע „מאָדעל" פֿונעם ייִדישן לעבן (די צאָל, דער סאָציאַלער באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג; די אַנוועזנהײַט פֿון קולטור־שעפֿערישע קויכעס; די שטעלונג פֿון דער אָרטיקער אָנפֿירונג צו נײַע געזעלשאַפֿטלעכע איניציאַטיוון אאַז״וו.), דעריבער קאָן מען ניט אָנרופֿן צוויי שטעט מיט אַלצייַנע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַנטפֿלעקונגען פֿון ייִדישער קולטור־טעטיקײַט. דערבײַ איז אָבער קיין ספֿק ניט, אַז קיין איין שטאָט האָט ניט אַזאַ קאָמפּליצירטע „מאָדעל", ווי מאָסקווע מיט איר קימאַט פֿערטל־מיליאָניקער ייִדישער באַפֿעלקערונג. ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס דער פּראָצעס פֿון זוכן אָנעמבאַרע פֿאָרמען פֿאַר דער ייִדישער זעלבסטעטיקער קולטור־אַרבעט גייט אין דער הויפּט־שטאָט ניט אַזוי פֿאַשעט, ווי אין אַנדערע ערטער.

אין סוף אָקטיאַבער ד.י. זײַנען אײַנצײַטיק אין צוויי אונדזערע טעאַטערס געשאַפֿן געוואָרן ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס. צוערשט — אין דער רעפּעטיציע־געבײַדע (טאַגאַנסקאַיאַ־פּלאַץ, 12) פֿונעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער, וווּ ס'איז געמאָלדן געוואָרן אַ ייִדישער קולטור־צענטער אויף ש. מיכאָעלסעס נאָמען, און שפּעטער — אין דער געבײַדע פֿונעם ייִדישן טעאַטער „שאָלאָם" (וואַרשאַווסקאָיע שאָסע, 71), וווּ ס'איז דורכגעגאַן די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג פֿון אַ ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט.

אויף דער פֿאַרזאַמלונג אין טעאַטער „שאָלאָם" איז שוין אויסגעוויילט די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט: דער דעפּוטאַט פֿונעם אייבער־סאָוועטלערישער אָנפֿירער פֿונעם טעאַטער א. לעווענבוק, די שרײַבער כ. ביידער, ג. עסטרײַך און א. ווײַנער, די פּראָפֿעסאָרן־מעדיקער וו. לעמענעוו און וו. קופּון פּסר ל. שאַפּיראָ (פֿאָרזיצער), דער קינסטקיס, דער פּסיכאָלאָג ר. ספּעקטאָר און אַנדערע, סאַכאַקל 23 מיטגלידער.

אין די סטאַטוטן פֿון די ביידע נײַע אָרגאַניזאַציעס איז פֿאָרויסגעזען צו שאַפֿן אַ ביבליאָטעק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, קרײַזלעך פֿון קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט, קורסן פֿאַר דערלערנען ייִדיש, אַנטוויקלען אַ צעצווײַגטע לעקציע־ און מוזיי־טעטיקײַט. די איניציאַטאָרן האָפֿן צו עפֿענען מיט דער צײַט אַ ווידעאָזאַל, אַ קאַפֿע, מעגלעך, אַרויסלאָזן אַן אינפֿאָרמאַטיווע אויסגאַבע. ס'זײַנען פֿאַרפּלאַנירט ברייטע קאָנטאַקטן מיט אַנאַלאָגישע ייִדישע און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס בײַ אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

ווי ס'איז צו זען, וועלן די ליבהאָבער פֿון דער ייִדישער קולטור באַקומען ברייטע מעגלעכקײַטן פֿאַר דער זעלבסטעטיקער אַרבעט.

ג. וועסטפֿריד

## אַ נײַער ייִדישער אַנסאַמבל אין קעשענעוו

„ייִדישע ליד" — אַזוי הייסט דער נײַער מוזיקאַלישער קאָלעקטיוו אין קעשענעוו, וועלכער איז געשאַפֿן געוואָרן בײַ דער רעפּובליקאַנישער קולטור־פֿאַרוואַלטונג. די אײַנוווינער פֿון טיראַספּאָל, טעלענעשט, דאָנעצק און יענאַקיִעוואָ האָבן זיך שוין באַקאַנט מיטן אַנסאַמבל.

די ערשטע פּראָגראַם פֿון די יונגע מוזיקער הייסט „מײַן ליד — מײַן לעבן" און שליסט אײַן פֿאָלקסלידער פֿון מאָלדאַווישע ייִדן, פּאָפּולערע ייִדישע זינגלידער, אַווטאָר־לידער פֿון דעם אָנפֿירער פֿונעם אַנסאַמבל שימשון קעמעלמאַכער, וולאַדימיר טערלעצקיס לידער אויף אַרן ווערגעליסעס ווערטער.

די פּראָגראַם איז אָנגעזעטיקט מיט ייִדישן פֿאָלקס־הומאָר, מיט פֿריילעכע פּאַסירונגען פֿון אַ ייִדישער כאַסענע.

## ...און אין כערסאָן

אין סוף נאָיאַבער 1988 איז אין דער כערסאָנער מוזיקאַלישער שול פֿאָרגעקומען אַ באַגעגעניש פֿון דרײַ פֿאָלקלאָר־קאָלעקטיוון: דעם פּוילישן פֿאָלקס־כאָר, דעם טאָטערישן מישפּאָכע־אַנסאַמבל און דעם נײַעם ייִדישן אַנסאַמבל „לאָמיר אַלע אינאיינעם, אינאיינעם". דער קאָנצערט האָט געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג סײַ בײַ די סטודענטן פֿון דער שול, סײַ בײַ די אײַנוווינער פֿון דער שטאָט.

ס. נײַשטאַדט
סטאַראָסטע פֿונעם ייִדישן אַנסאַמבל

●

# וועגן דעם בוך „ווען די מיראזשן ווערן פארשווונדן”

דער דאָזיקער זאמלבוך פון ארטיקלען, געווידמעט דער קריטיק פון דער אידעאָלאָגיע און פּאָליטיק פונעם ציִעניזם, איז דערשינען אינעם פארלאג „מאָסקאָווסקי ראבאָטשי”.

דאָס איז געווען דער ערשטער בוך אױף אָט דער טעמאטיק, וואָס איז דערשינען נאָך דעם טרויעריק באקאנטן בוך פון א. ז. ראָמאנענקאָ „וועגן דעם קלאסן־טאָך פונעם ציִעניזם” (לענינגראד, 1986), וועלכער איז, ווי באוווּסט, געווען שארף קריטיקירט אין דער פארטייִשער פרעסע אלס אן אנטיוויסנשאפטלעכע און שעדלעכע ארבעט (דערונטער אין די פעריאָדישע אויסגאבעס „וואָפּראָסי איסטאָריִי קפּסס”, 1987, נומ. 1; „סאָוועטסקאיא קולטורא”, 1987, 7.VIII; 1988, 3.V, „קניזשנאָיע אָבאָזרעניִע”, 1987, נומ. 23; 1988, נומ. 18).

בלויז נאָר דאָס, ניט ריידנדיק שוין וועגן די פּרינציפּיִעלע מאָמענטן, האָט געדארפט וואָרענען די אווטאָרן, צונויפשטעלער, רעדאקטאָרן און רעצענזענטן פונעם קסאוויאד זיך באציִען צו זייער ארבעט מער ערנסטער, נעמען אין אכט די געשיכטע און די פאָלגן פון א. ראָמאנענקאָס בוך.

צום באדויערן, איז אזוינס ניט געשען. אלס רעזולטאט זייַנען אין א גאנצער ריי ארטיקלען פונעם זאמלבוך, וואָס ווערט דאָ רעצענזירט, פאראן קאָלערליי פעלערהאפטע האנאָכעס און מאָדנע בילבולים. און כוץ דעם, פארמאָגן ניט אייניקע ארטיקלען קיין שום נייַע פאקטן.

דער אווטאָר פונעם אריַינפיר (ב. אנטאָנאָוו) רעכנט איבער די פאמיליע־נעמען פון א ריי ציִעניסטן יִדן־מיליאָנערן אין פשא (די קונס, לעבס, זעלערבאכס), וועלכע זייַנען, אגעוו, ניט קיין ציִעניסטן. אויך דאָ ווערט באהויפּטעט, לויט ראָמאנענקאָ און יעווסייעוון, אז „אין אָט דעם לאנד פארשפרייטן די ציִעניסטישע אידייען קימאט א העלפט פון די אלגעמיין־נאציִאָנאלע אויסגאבעס און ראדיִאָסטאנציעס, דריַי פערטל אויסלענדישע קאָרפּונקטן פון די צייַטונגען. דאָס זעלבע בילד איז צו מערקן אויך אין מייַרעוו־אייראָפּע. העכער 600 פעריִאָדישע בורזשואזע אויסגאבעס, טעלעוויזיע־ און ראדיִאָ־קאָרפּאָראציעס אין ענגלאנד, פראנקרייַך, שוועדן, מייַרעוו־דייַטשלאנד, עסטרייַך זייַנען צונויפגעפלאָכטן אין אן אייַנהייַטלעכער קייט פון אנטיקאָמוניזם און פירן אן אנטיסאָוועטישע, ציִעניסטישע, פּראָיִסראָעלדיקע אגיטאציע”.

וו. טוגאנאָווס פראזע: „...די רעדלפירער פונעם ציִעניזם, אויסדריקנדיק די אינטערעסן פון די מייַרעוודיקע אימפעריִאליסטישע קרייַזן, שפּילן מיטן פייַער פון דער דריטער וועלט־מילכאָמע...” (ז. 17) — איז א בעפיירעשע גוזמע.

העיויס אינעם זאמלבוך זייַנען אזעלכע גוזמעס פאראן ניט ווייניק, פירט מען צו דעם לייענער צו א געדאנק, אז גראָד דער ציִעניזם, און ניט דער אימפעריִאליזם, איז דער הויפּט־סוינע פונעם אלוועלטלעכן רעוואָליוציִאָנערן פּראָצעס, אז די ציִעניסטן, און ניט די אמערסטן אגרעסיווע אימפעריִאליסטישע קרייַזן, זייַנען די ווירקלעכע מילכאָמע־אונטערצינדער.

אױף דעם פאָלגנדיק זייַטל שרייַבט דער אווטאָר (פארגעסנדיק ווידעראמאָל צו דערמאָנען וועגן די אימפעריִאליסטן), אז „די ציִעניסטן דערגאנצן זייערע בענק אפּן כעזשבן פונעם וואָפן־געיעג און פון אומבעראכמאָנעסדיקער עקספּלואטאציע פון די פעלקער אין די זיך־אנטוויקלענדיקע לענדער”.

דער אווטאָר שרייַבט: „די ציִעניסטן צעשטערן די קולטור פון די אראבישע און אנדערע פעלקער...” (ז. 19). באם לייענער דארף זיך שאפן אן אייַנדרוק, אז ציִעניזם איז דער הויפּט־סוינע ניט בלויז פון דער אראבישער, נאָר אוין פון דער וועלט־קולטור.

א. באלפור איז אונטערגעטראָגן שיר ניט ווי א פּאָשעטער „אגענט פונעם יִדישן פינאנץ־קאפּיטאל” (ז. 22). דאָס איז סטאם לעכערלעך.

ס'איז ניט געזאָגט געוואָרן, אז די אראבער זייַנען באגאנגען א קאָלאָסאלן טאָעס אין 1947, ניט אנערקענענדיק די רעזאָליוציע 181/11 פון דער גענעראל־אסאמבליי פון דער אונאָ פון 29.XI.1947 (ז. 26).

אױף דער ז. 30 — ווידער „פאנטאזיעס”:

„דער געמיינזאמער קאפּיטאל פון דער יִדישער בורזשואזיע אין די פאראייניקטע שטאטן שטייַגט איבער דעם קאָסט פונעם נאציִאָנאלן ברוטאָ־פּראָדוקט פונעם לאנד און האָט דערגרייכט 1.000 מיליארד דאָלארן”, „די ציִעניסטן באזאָרגן בעערעך 60% פון אלע פּאָרוואל־פאָנדן פון דער דעמאָקראטישער פארטיי און בעערעך 40% — פון דער רעפּובליקאנישער” און דעסגלייַכן.

צוזאמען מיט אייניקע אנדערע פּאסאזשן אינעם רעצענזירטן בוך זייַנען די דאָזיקע באהויפּטונגען טוגאנאָווס (און שפּעטער ווערט דאָס אלץ איבערגע־

כאזערט און אף אן אנטשפרעכיקן אויפן דערגאנצט) אין טאָך בארופן צו דערווײַזן, אז הײַנט געפינען זיך פראקטיש די פשא שיר ניט אין די הענט פון די ציוניסטן.

אף דער ז. 34 גייט וו. טוגאנאָוו נאָך ווײַטער: עס לאָזט זיך אויס, אז די ציוניסטן „לייגן אויך צו ניט ווייניק קויכעס..., קעדיי אומעטום (אויך אין די סאָציאַליסטישע לענדער? — ג. ס.) אויספאָרמירן פון זייערע מיטדענקער אזויגערופענע „שאָטן־רעגירונגען” אָדער „אינסטיטוטן פון קאָנסולטאנטן”, וועלכע וואָלטן אומבאמערקט, אָבער אקשאָנעסדיק, געהאט א האשפּאָע אף דער פּאָליטיק פון די מאכט־אָרגאנען אין די לענדער, ווו זיי לעבן, און דערמיט גופע מיטווירקן דער טעטיקײַט פונעם צווישנפעלקערלעכן ציוניזם...”

כוץ זייער ווירקלעכער רעאקציאָנערער טעטיקײַט, „פארדארבן די ציוניסטן, לויט וו. טוגאנאָוון, די זיטן און די מאָראל” (ז. 35). ווו, וויאזוי, בא וועמען? — דער אווטאָר זאָגט ניט.

ס'איז ניט ריכטיק, אז אין ט. הערצלס צײַטן האָט דער ציוניזם ניט קאמופלירט זײַן קלאסן־סאָלידאריטעט פון עקספּלואטאטאָרן אונטער דער נאַציאָנאלער סאָלידאריטעט (ז. 69).

ס'איז ניט ריכטיק אז „צוערשט אָט דער ציוניזם פּרעטענדירט אף אוגאנדא” (ז. 78); מיטן „ארגאנדישן ווארִיאנט”, וועלכן ס'האָט פאָרגעלייגט ענגלאנד, איז מאסקים געווען (און דאָך צײַטווײַליק) בלויז א טייל ציוניסטן.

דער אווטאָר דעמאסקירט ריכטיק די טעטיקײַט פון אגענטן פון דער צענטראלער אויסשפיר־פארוואלטונג פון פשא אין סאָוועטנפארבאנד, אָבער א ריי געבראכטע מיצאד אים עפּיזאָדן האָט ניט קיין שײַכעס צום ציוניזם.

וו. פּאָנאָמאריאָווס פּאמפלעט „פּארטיטור פאר „א שטים” מיט אן אָרקעסטער” אנטהאלט אן אינטערעסאנטן מאטעריאל, אָבער א גאנצע ריי עפּיזאָדן און פאקטן זאָגן איידעס וועגן דער אונטערײַסערישער אנטיסאָוועטישער טעטיקײַט פונעם אמעריקאנער אימפּעריאליזם, און ניט פונעם ציוניזם.

דער אווטאָר פונעם נאָכוואָרט (ער איז ניט אָנגעוויזן) שרײַבט, אז „די ציוניסטישע פּראָפּאגאנדע האָט פארנעפּלט די קעפּ און אופגערודערט די אמעריקאנערנס”. ווידעראמאָל א מאָדנע ניט־פארשטיין די ווירקלעכע זאכלאגע, נעמלעך, אז דער ציוניסטישער פּראָפּאגאנדע העלפט די גאנצע אימפּעריאליסטישע פּראָפּאגאנדע (און אָפט אויך די סאָציאַל־דעמאָקראטישע).

דער אווטאָר שרײַבט, אז גראָד דער ציוניזם, און ניט דער אימפּעריאליזם, שטרעבט צו וועלט־הערשאפט. אזוי לעמאָשל, ווערט צוערשט געזאָגט: „...די צילן און די פארטראכטן פונעם אלוועלטלעכן ציוניסטישן קאָנצערן גייען ארויס ווײַט אויסער די גרענעצן פון דער פראגע וועגן א יידישער מעדינע... די גרינדונג פון א יידישער מעדינע איז פון סאמע אָנהייב ניט געווען דער הויפּט־ציל פון די ציוניסטן. זי האָט זיך פּלאנירט בלויז ווי א וויכטיקער עטאפּ אין זייער טעטיקײַט און האָט געדארפט מיטהעלפן די ווײַטגייענדיקע פּלענער פונעם צווישנפעלקערלעכן ציוניזם”.

קורץ פאר דער גרינדונג פון מעדינאס־יִסראָעל האָט דער צווישנפעלקערלעכער ציוניזם פאָרמולירט זײַן „פּראָגראם־מאקסימום” אין אזעלכע סענטענצן: „מעדינאס־יִסראָעל דארף ארומכאפּן אלע לענדער פון דער וועלט”, „מיר זײַנען בארופן צו הערשן איבער דער גאנצער מענטשהײַט”.

„אדאנק די באמיִונגען פון סאָוועטישע פאָרשער ווערט אלץ בוילעטער און פולער אנטפּלעקט דער פארבאָרגענער און טײַוולאָנישער ציל פונעם ציוניזם — די הערשאפט איבער דער וועלט, אלזײַטיקע עקספּלואטאציע צוליב דעם אופּבלי פון דער „עליטע פון דער מענטשהײַט”...

אזויארום סאָלידאריזירן זיך די אווטאָרן פונעם זאמלבוך קימאט אָפן מיט די טעזיסן פון יעווסייעוו־בעגון־ראָמאנענקאָ.

דערנאָך ווערט באשטעטיקט אינעם גײַסט פון די שרײַבעכצן פון די דאָזיקע אווטאָרן, אז די ציוניסטן ניצן אויס פשא „אלס א באזע פאר דער גלאָבאלער טעטיקײַט פונעם ציוניזם”, אז „אונטערן קאָנטראָל און אינעם אייגנטום פון די אמעריקאנער „פּרײַנט פון יִסראָעל” זײַנען קאָנצענטרירט מאטעריעלע ווערטן אף א סומע פון 1.500 מיליארד דאָלארן”, אז „מיטגלידער פון דער יִדישער קעהילע זײַנען 43% פון אמעריקאנישע אינדוסטריעלער, 80% אייגנטימער פון אָרטיקע און צווישנפעלקערלעכע אגענטורן (? — ג. ס.)...”, אז „די ציוניסטן קאָנטראָלירן 70% אלגעמיין־נאציאָנאלע פּעריאָדישע אויסגאבעס פון פשא, 80% פון טעלעוויזיע־פּראָגראמען”, אז בעראָש פון דער גאנצער סיסטעם פון די אָרגאניזאציעס פונעם צווישנפעלקערלעכן ציוניזם, אין וועלכער עס זײַנען ארײַנגעצויגן בערעך 4 מיליאָן מענטשן, שטייען די קאָנפערענצן פון די גרעסטע מאָנאָפּאָליסטישע פארייניקונגען אין דער וועלט, וועמענס קאפּיטאלן שטײַגן ווײַט אריבער די ביודזשעטן פון די גרעסטע קאפּיטאליסטישע לענדער און אאוו.

דער זאמלבוך קאָן ניט ברענגען קיין נוץ אין דער אינטערנאציאָנאלער דערציִונג פון די סאָוועטישע מענטשן, גיכער פון אלץ וועט ער ברענגען א וועזנטלעכן שאָדן.

ג. סוועטלאנאָוו



## קאָמענטאַר פֿון רעדאַקציע

# הויצאָעס און האַכנאָסע

טרויעריק, זייער טרויעריק האָט פֿאַרענדיקט איר לעבנסוועג די ניו־יאָרקער צײַטונג „מאָרגן־פֿרײַהײַט". די לייענער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן די נייטיקע געלט־סומעס אויף אויפֿצוהאַלטן אין דרוק און טיראַזשירן די שרײַבעכצן פֿון עטלעכע רעגעגאַטן.

יאָ, פֿאַרשטייט זיך, וועגן א געשטאָרבענעם — אָדער גוטס, אָדער גאָרנישט, אָבער א צײַטונג איז א טריבונע פֿאַר ברייטע מאַסן, און אין געגעבענעם פֿאַל גייט א רייד וועגן דער אידייִשער און מאָראַלישער אָפּשטאַרבונג אין רעזולטאַט פֿון א סקאַנדאַליעזער ענדערונג פֿון דער פּאָליטישער אָריענטאַציע, וואָס עס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיטן טויט. די צײַטונג איז אַמאָל געווען פֿול מיט רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, מיט קאַמף־גרייטקײַט און גלויבן אין דער צוקונפֿט, מיט ווירדע און איבערגעגעבנקײַט דעם אידעאַל און דעם פֿאָלקס־גורל. „פֿרײַהײַט"!, „מאָרגן־פֿרײַהײַט"! — אַזוי האָט זי זיך געמאָלדן אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע, אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אויף דער ייִדישער גאַס. דאָס איז געווען דער אָרגאַן פֿון די פּראָגרעסיווע און רעוואָלוציאָנערע מאַסן, מאָריס ווינטשעווסקיס און מוישע אָלגינס צײַטונג, א ליבלינג בא אונדז אַלעמען, א וואָרטזאָגערן, א וועגווײַזערן אין דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע פֿון אַמעריקע, אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער עפֿנטלעכקײַט.

געלעבט האָט די „מאָרגן־פֿרײַהײַט" 66 יאָר מיט 5 כאָדאָשים. אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די זעכציקער יאָרן האָבן די רעדאַקטאָרן פּ. נאָוויק און כ. סולער אָנגעפֿירט זי אויף פֿאַלשע וועגן. אין איר לעצטן נומער — פֿאַרן 11 סענטיאַבער פֿאַריקס יאָר — פֿאַרופֿט זיך דער שעף־רעדאַקטאָר נאָוויק אין זײַן געזעגענונגס־אַרטיקל אויף דעם, אַז „די האַכנאָסע איז קעסיידער פֿאַרקלענערט געוואָרן, בעשאַס די הויצאָעס זײַנען קעסיידער פֿאַרגרעסערט געוואָרן". נעענטער צום עמעס איז ער, ווען ער אָנערקענט, אַז „די צאָל שטיצער און לייענער איז, קעסיידער פֿאַרקלענערט געוואָרן". אין טאָך גענומען, איז די „מאָרגן־פֿרײַהײַט" געפֿאַלן א קאָרבן פֿון אירע רעגעגאַטן־רעדאַקטאָרן פּייסעך נאָוויק, כאַים סולער אאַ., און זאָל עס געזאָגט ווערן אָפֿן, אָן דרייִדלעך, אין מאָמענט, ווען זיי גייען אַראָפּ פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרענע.

אין לעצטן נומער פֿון דער צײַטונג האָבן די שוין עקס־רעדאַקטאָרן זיך ניט אָפּגעהיט פֿון אַפּישירן אָפֿן זייער פּאָליטישע קרויוועשאַפֿט מיטן „בעסערן" ציִעניזם. די אַמעריקאַנער ייִדן ווערן גערופֿן צו שטיצן די פּראָגראַם פֿון דער „אַרבעטס־פּאַרטיי", וועלכע איז גראָד אין יעדע טאָג געווען דער שוטעף מיטן „ליקוד" אין דער רעגירונג פֿון ייִסראָעל באַם צעשיסן דעמאָנסטראַציעס פֿון דער פּאַלעסטינער־אַראַבישער באַפֿעלקערונג. אין א צײַט פֿון היסטאָרישע געשעענישן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווען די וועלט־עפֿנטלעכקײַט האָט אונטערגעכאַפּט די אידייען פֿון גלאַסנאָסט, איז די „מאָרגן־פֿרײַהײַט" געווען טויב און בלינד צו זען און פֿאַרשטיין די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען.

אַזוי צי אַזוי, נאָר דער פֿאָרהאַנג אין דער דראַמע אַרום דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט" האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, און ס'איז געבליבן צו ווינטשן דעם פּראָגרעסיוון ספּעקטער אין ייִדישן לעבן פֿון אַמעריקע, עס זאָל נאָך סטײַען בא אים קויעך און אידייִשע רײַפֿקײַט אויף ווידער אויפֿשטעלן א צײַטונג־טריבונע פֿאַר די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן. ס'וואָלט אויך געווען וויכטיק ווײַטער אויפֿצוהאַלטן די נוצלעכע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט", אָנהייבנדיק פֿון אירע בעסטע יאָרן, און, נאַטירלעך, פֿאַרשטאַרקן און אָפּהיטן זייער פּראָגרעסיוון כאַראַקטער. עס גייט דאָ די רייד וועגן א היפּשער צאָל קלובן און לייענקרײַזן, וועגן זומער־קאָלאָניעס, כאָרן און אַנדערע קולטור־קערפּערשאַפֿטן. עס איז אויך אַקטועל די פּראָבלעם פֿון פֿאַרשטאַרקן און אָפּהיטן די נוצלעכע שעפֿערישע קאָנטאַקטן צווישן אונדזער סאָוועטישער ייִדישער קולטור און ליטעראַטור מיט די אויבן אויסגערעכנטע אַמעריקאַנער פּראָגרעסיווע ייִדישע אינסטיטוציעס.

# ביראָבידזשאַן
# און
# ביראָבידזשאַנצעס



די ביראָבידזשאַנער דאָקטוירים (פֿון רעכטס אויף לינקס) ל. יאַזיקאָווא, א. יעגין, נ. וויסאָצקאַיאַ, ב. גאָ־וויאַזין, אי. ניקולינא בײַ דער נײַער מעדיציניש־ער אויסשטאַטונג אינעם געגנטלעכן שפּיטאָל



מיכאַיל אָקס — איינער פֿון די פּאַר־געשריטענע אַרבעטער פֿונעם זאַוואָד פֿון קראַפֿט־טראַנספֿאָרמאַטאָרס



די ביראָבידזשאַנער ראַציאָנאַליזא־טאָרן (פֿון רעכטס אויף לינקס) נ. מאַלקאָווסקי, נ. זשירניק, ס. וואָרע־טעניקאָווא, אי. קאָזלאָוו

# אַף א לימעד פון יִדיש אין קינדער-גאָרטן

— א גוט־מאָרגן, פּעטער וואָלאָדיע!

— א גוט־העלף דיר, זשעניעטשקע! פאַרוואָס האָסטו הײַנט זיך געגריסט מיט מיר אַף יִדיש, פלעגסט דאָך שטענדיק זיך גריסן אַף רוסיש? — האָב איך געפרעגט באם יִנגעלע. פונעם ענטפער האָב איך זיך דערוווּסט, אז אין זײַן קינדער־גאָרטן האָט מען אָנגעהויבן דאָס קליינוואַרג לערנען יִדיש.

— איך ווייס שוין א סאַך ווערטער, — האָט זיך באַרימט זשעניע. — וויִאַזוי מע דאַרף אָנרופן די צײַטן פונעם יאָר, די ביימער און נאָך עפּעס... איר גלייבט מיר ניט?

און ער האָט אָנגעהויבן גיך־גיך אויסרעכענען: „איינס, צוויי, דרײַ... פרילינג, זומער... פייגל, פיש... סאָסנעס...”

דאָס אַלץ אויסגעשאָטן, איז ער געבליבן שטיין מיט א פאַרגליווערטן שמייכל אַפן פּאָנעם. ער האָט דערשפּירט מײַן צופרידנקײַט, און זײַן פּענעמל האָט ווידער אויפגעשײַנט.

דאָ ניט לאַנג צוריק האָב איך באַזוכט דעם קינדער־קאָמבינאַט נום. 15 פונעם געגנטלעכן צענטער און ווידער זיך באַגעגנט מיט דעם יִנגעלע. דערנאָך בין איך בײַגעווען אַף א לימעד פון יִדיש. נאָר פריִער פאַר אַלץ, עטלעכע ווערטער וועגן דעם קינדער־גאָרטן.

ער געפינט זיך אַף דער לעניִן־גאַס, אין צענטער פון דער שטאָט ביראָבידזשאַן. זומערצײַט איז די גאַס פול מיט גרינס. דער קינדער־גאָרטן איז נאָך יונג, ווי זײַנע דערצויגלינגען. מיט די קינדערשע הענטלעך זײַנען דאָ פאַרפלאַנצט געוואָרן אייניקע ביימלעך, קוסטעס און בלומען. בא די פענצטער וואַקסן ווײַנשלבביימער און קוסטעס ווײַמפּערלעך.

— זעצט זיך צו, — האָט מיך פאַרבעטן סאָפיע מאָיסייעוונע נעודאַטשינא. זי פירט אינעם קינדער־גאָרטן דעם לימעד פון יִדיש. — אין עטלעכע מינוט ארום, ווען די קינדער וועלן זיך אומקערן פונעם שפּאַציר, וועלן מיר אָנהייבן...

סאָפיע מאָיסייעוונע ענטפערט מיר אַף אייניקע פראַגעס.

— שוין עטלעכע כאַדאָשים, ווי איך לערן יִדיש מיט די קינדער פון דער צוגרייט־גרופּע. זיי



די לערערן ס. מ. נעודאַטשינע מיט א גרופּע קינדער

וועלן שוין האַיאָר גיין אין שול. די אָנפאַנג־קענטענישן, וועלכע די קינדער באַקומען באַ אונדז, וועלן העלפֿן זיי לערנען די שפּראַך אינעם ערשטן קלאַס. איר ווייסט מיסטאָמע, אַז די לימודים באַזוכן קינדער פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. צום בײַשפּיל, באַ זשעניע טשעסנאָקאָוון און לענע בוקינע זײַנען די עלטערן רוסן, באַ קאָסטיע רודמאַנען, קאַטיע סקליאַר, אַנטאָן וועקערן — ייִדן, באַ סעריאָזשע קים — קאָרייער. דאָס שטערט ניט דעם קליינוואַרג צו אויפֿהאַלטן אַן אַלגעמיינעם אינטערעס.

אין צימער האָבן זיך גענומען צונויפֿזאַמלען די דערצויגלינגען.

— קינדער, — האָט אָנגעהויבן דעם לימעד סאָפֿיע מאַיסייעוונע, — אונדזער גאַסט האָט געבראַכט מיט זיך אַ נײַ ביכעלע פֿאַר אײַך, וואָס וועט אײַנגיכן אָפּגעדרוקט ווערן. הײַנט וועלן מיר איבערלייענען פֿון דאָרט אַ לידעלע.

א לעפל — דעם טאַטן,
א לעפל — דער מאַמען.

— דאָס עסן, געשמאַק איז?
מע קאָן זיך ניט סאַמען!

— יאַנקעלע, זײַ ניט קיין אַקשן! —
מע בעט אים.
יאַנקעלע, נעם כאָטש אַ קאָפּל! —
מע גלעט אים...

— און איצט וועלן מיר שפּילן אין קוביקעס. זעט, קינדער, באַנאַנד מיט די בילדער זײַנען אָף זיי אָנגעמאָלט ייִדישע און רוסישע אויסיעס. מיר וועלן פֿון זיי צונויפֿשטעלן ווערטער. זי האָט אויסגעשאָטן אָפֿן טיש די קוביקעס, און די קינדער האָבן מיט גרויס אינטערעס אָנגעהויבן צונויפֿשטעלן זייערע אייגן־נעמען און פֿאַמיליעס. געהאָלפֿן האָט זיי סאָפֿיע מאַיסייעוונע און אויך דער אויטאָר פֿון די פֿאַרביקע קוביקעס, דער מאָסקווער ייִדישער דיכטער כאַיםביידער, וועלכער איז אין יענע טעג געקומען צוגאַסט קיין ביראָבידזשאַן.

ו. בעלינקער

---

# בראָנק

מעלדונגען אין די אַרטיקע צײַטונגען וועגן דער עפֿענונג פֿון קורסן און שול־גרופּעס אָף צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך

СОВЕТСКАЯ ЛАТВИЯ

Орган Центрального Комитета Компартии Латвии, Верховного Совета и Совета Министров Латвийской ССР

ПРОЛЕТАРІ ВСІХ КРАЇН, ЄДНАЙТЕСЯ!

РАДЯНСЬКА БУКОВИНА

Орган Чернівецького обласного комітету Комуністичної партії України та обласної Ради депутатів трудящих

Середа, 17 листопада 1976 року

Газета виходить з 28 червня 1940 року.

№ 226 (8570)

Ціна 2 коп.

**УВАЖАЕМЫЕ РОДИТЕЛИ И УЧАЩИЕСЯ,**

**представители национальных меньшинств — белорусы, поляки, евреи, литовцы и другие, проживающие в Латвийской ССР!**

Если вы желаете обучать своих детей в школе или учащиеся сами хотят учиться на родном языке, просим до 1 ноября 1988 года обратиться с письменным заявлением в отдел народного образования рай(гор)исполкома Совета народных депутатов по месту жительства.

Министерство народного образования Латвийской ССР совместно с отделами народного образования внимательно изучит ваши заявления и будет решать вопрос о возможностях введения обучения на родном языке для национальных меньшинств в общеобразовательных школах Латвийской ССР, начиная с 1989/90 учебного года.

Возможен и другой вариант: дети по вашему желанию обучаются на латышском или русском языках, а родной язык изучают в школе факультативно.

Ждем ваши предложения и пожелания.

МИНИСТЕРСТВО НАРОДНОГО ОБРАЗОВАНИЯ ЛАТВИЙСКОЙ ССР.

**ПЕРШОТРАВНЕВИЙ РАЙОННИЙ БУДИНОК КУЛЬТУРИ**

**ОГОЛОШУЄ НАБІР НА КУРСИ по вивченню єврейської мови (ідиш).**

Строк навчання 9 місяців. Курси вестиме письменник Йосип Бург. Початок занять 5 жовтня.

Запис щоденно, крім понеділка, з 10 до 19 год. за адресою: м. Чернівці, вул. Шепетівська, 5. Довідки по телефону 2-44-17.

## אַלע דויִרעס רעדן ייִדיש

אַזאַ נאָמען וואָלט מען געקאָנט געבן דעם ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין טשערנאָוויץ. דער שרײַבער יויסעף בורג האָט אין זײַן אַרײַנפיר־וואָרט אונטערגעשטראָכן די באַדײַטונג פון דעם ייִדישן הומאָר, פּאָעזיע און נעגינע אינעם פאָלקס־לעבן. געפירט דעם אָוונט האָט אין רוסיש דער קונסט־קענער לעאָניד פינקעל. ער האָט אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ צווייִשפּראַכיקער פאָרזיצערשאַפט דערמאָנט די שעפערישע צוזאַמענאַרבעט פון די ייִדישע און אוקראַיִנישע שוישפּילער שלוימע מיכאָעלס, לעס קורבאַס און מאַריִאַן קרושעלניצקי, וועלכע האָבן פאַרקערפּערט דאָס געשטאַלט פון טעוויע דעם מילכיקן.

דער אוקראַיִנישער שרײַבער מיכײַלאָ איוואַסיוק האָט אָנגעוויזן אויף די בעשוטפעסדיקע עלעמענטן, וועלכע לאָזן זיך הערן אין דער ייִדישער און אוקראַיִנישער פאָלקס־שאַפונג, אין די ליטעראַטורן פון ביידע פעלקער.

מוישע לאַיעוו האָט געלייענט אַ פראַגמענט פון כאַיִם מעלאַמודס ראָמאַן „יונגע יאָרן". זייער געשמאַק האָט דערציילט שיקע דריזס מעשאָלים די פענסיאָנערקע מינע הערצמאַן. דריזס מײַסעלע „עפּשער יאָ, און עפּשער ניין" אין דער רוסישער איבערזעצונג האָט אויסגעפילט די יונגע קולטור־טוערן אַלאַ דאָבראָווינסקע. די ייִנגסטע אָנטיילנעמערן פונעם אָוונט, די דרײַצניאָריקע שילערן זשאַנע ראָזענבערג האָט אויף ייִדיש און אויף רוסיש געלייענט עליִעזער שטײַנבאַרגס מעשאָלים, און איר זיידע כאַיִם ראָזענטאַל האָט פריילעך געמאַכט די צושויער מיט וויציקע פאָלקס־מײַסעס וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער. אַ באַזונדערן כיין האָט צוגעגעבן דעם אָוונט שאָלעם־אַלייכעמס גאַליציאַנער דיאַלאָג „ס'אַ ליגן" אין מוישע לאַיעווס און כאַיִם ראָזענטאַלס אויספירונג. י. בורג האָט פאָרגעלייענט דאָוויד האָפשטיינס „אויף רוסישע פעלדער" און שמועל האַלקינס „טיפע גריבער". מיט אינטערעס זײַנען אויסגעהערט געוואָרן לידער פון די יונגע ייִדישע פּאָעטן פעליקס כאַימאָוויטש, אַלעקסאַנדער ביידערמאַן, וועלוול טשערנין, אַלעקסאַנדער בעלאָסאָוו, ס'האָבן געזונגען ייִדישע לידער וויקע האָרהון, סטעלע שקאָלניק, בעלע און טשאַרנע רויזין־ליווּשיץ, עמיל קרופּניק.

דער צושויער־זאַל פונעם קולטור־הויז „פּערשאָטראַווּנעווי" איז געווען פולגעפּאַקט.

טעוויע שקלאָווער

## אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישער אָוונט אין טאַשקענט

באַם שרײַבער־פאַרבאַנד פון אוזבעקיסטאַן איז געשאַפן געוואָרן אַ בוכאַריש־ייִדישע סעקציע. עס ווערט געטאָן ניט ווייניק צוליב דער אַנטוויקלונג און פּאָפּולאַריזאַציע פון דער בוכאַריש־ייִדישער ליטעראַטור און קונסט.

נאָך דער גרינדונג פון דער סעקציע האָבן אירע מיטגלידער דורכגעפירט אַן אָוונט פון ייִדישער מוזיק. פיל באַלאָנים האָבן, צום באַדויערן, ניט געקאָנט דעמלט אַרײַנקומען אין דעם ניט גרויסן זאַל פונעם שרײַבער־הויז. איצט איז אין טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט אויף אַלישער נאַוואָיִס נאָמען פאָרגעקומען אַ גרויסער בוכאַריש־ייִדישער ליטעראַריש־מוזיקאַלישער אָוונט.

די אינהאַלטרײַכע פּראָגראַם האָבן געפירט דער פאָלקס־אַרטיסט פון דער אוזבעקישער ססר איליאַס מאַלאַיעוו און דער ליטעראַט איסאַק יאַגודאַיעוו. צווישן די אָנטיילנעמער זײַנען געווען אָנגעזעענע טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט: די פאָלקס־אַרטיסטן פון דער אוזבעקישער ססר פאַטימאַ באָרוכאָווא, סאָסאָן בעניאַמינאָוו, מאָרדוכײַ דאַווידאָוו, עכעל אַקילאָוו, דער פאָלקס־פּאָעט פון אוזבעקיסטאַן טוראַב טולאַ, דער וועטעראַן פון דער אוזבעקישער טעאַטראַלער קונסט ראַכים קאַריִעוו און פיל אַנדערע.

אויפן אָוונט איז פון דושאַנבע ספּעציעל געקומען די באַוווּסטע זינגערן, פאָלקס־אַרטיסטקע פון דער טאַדזשיקישער ססר, לאַורעאַט פון דער פּרעמיע אויף רודאַקיס נאָמען באַרנאָ איסכאַקאָווא, ווי אויך די ווירטואָזע מוזיקער־דאַיִריסטן, די ברידער אַלאַיעווס. באַזונדערס האָט אויסגענומען די אַרויסטרעטונג פונעם סאַמאַרקאַנדער עסטראַדע־אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון אַ. טאָלמאַסאָוו.

באַפרידיקנדיק די פילצאָליקע באַקאָשעס, האָט מען דעם אָוונט אויף מאָרגן איבערגעכאַזערט. דאָס אויסגעלייזטע געלט האָבן די אַרטיסטן איבערגעגעבן דעם קינדער־פאָנד אויף וו. אַ. לענינס נאָמען.

מ. באַבאַכאַנאָוו

(„פּראַוודאַ וואָסטאָקאַ")

## דאָס איז טשיקאַווע

# סאַמויִל מאַרשאַקס אַפּעטראָפּעס



ו. ו. סטאַסאָוו מיטן יונגן סאַמויִל מאַרשאַק

דאָס איז געווען דעם 4 אווגוסט 1902. אין אָט דעם טאָג איז אַף וולאַדימיר וואַסיליעוויטש סטאַסאָוס דאַטשע געקומען צו פאָרן דער באַוווּסטער פּעטערבורגער מעצענאַט באַראָן גינצבורג צוזאַמען מיטן יונגן מאַרשאַק. אויסהערנדיק עטלעכע לידער פונעם יונגן פּאָעט, האָט דער גאַסטפרײַנטלעכער באַלעבאָס זיי הויך אָפּגעשאַצט. די דערפאַרונג פון אַ קריטיקער האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דער באַכער פאַרמאָגט בעפּיירעשע ליטעראַרישע פעיִקײַטן.

אינגיכן האָבן באַם גימנאַזיסט זיך פאַרענדיקט די קאַניקולן, און ער איז אַוועקגעפאָרן אהיים — אין דער וואָראָניעזשער גובערניע פאַרזעצן די לער אין דער אָסטראָגאָזשסקער גימנאַזיע. סטאַסאָוו אָבער האָט ניט פאַרגעסן דעם טאַלאַנטפולן באָכער. אין 11 טעג אַרום נאָך דער באַגעגעניש האָט ער אָנגעשריבן מאַרשאַקן אַ בריוו, מיט וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט געדויערט ביז סטאַסאָווס טויט. דער יונגער מאַרשאַק פלעג מיטיילן דעם קריטיקער זײַנע פאַרבאָרגענע געדאַנקען וועגן ליטעראַטור, זײַנע אײַנדרוקן מיקויעך די לערער, דער גימנאַזיע, לער, וועגן די דורכגעלייענטע ביכער. געשיקט האָט מאַרשאַק וולאַדימיר וואַסיליעוויטשן אויך די ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון. סטאַסאָוו האָט אים געייצעט: ווייניקער שרײַבן און מער לייענען...

ווען ו. ו. סטאַסאָוו האָט זיך דערוווּסט, אַז אין אָסטראָגאָזשסק זײַנען באַ מאַרשאַקן אַנטשטאַנען נאָך דער פאַרשפּרייטונג פון אייניקע זײַנע עפּיגראַמען אומאָנגענעמלעכקײַטן, דערשלאָגט ער זיך, אַז מע זאָל זײַן אָפּעקירטן אַריבערפירן אין דער פּעטערבורגער גימנאַזיע. אין אַ יאָר אַרום איז אין מאַרשאַקס לעבן פאָרגעקומען אַ נײַע ענדערונג. אין אָוונט דעם 22 אווגוסט 1904 זײַנען אַף סטאַסאָווס דאַטשע געווען צוגאַסט א. מ. גאָרקי און פ. אי. שאַליאַפּין. נאָכן מיטיק האָט מאַרשאַק לויט וולאַדימיר וואַסיליעוויטשעס באַקאָשע געלייענט לידער, וועלכע זײַנען געפעלן געוואָרן אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשן. דערוויסנדיק זיך פון אַ שמועס מיטן באָכערל, אַז ער איז קראַנק, האָט גאָרקי פאָרגעלייגט מאַרשאַקן, ער זאָל פאָרזעצן די לער אין יאַלטע און אייִנצײַטיק דאָרט זיך היילן. און אַזוי איז טאַקע געטאָן געוואָרן. גאָרקי און שאַליאַפּין האָבן אַף זייערע הוצאָעס אָפּגעשיקט מאַרשאַקן קיין יאַלטע, ווו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַלעקסיי מאַקסימאָוויטשעס מישפּאָכע.

אין סענטיאַבער 1904 האָט ו. ו. סטאַסאָוו געשריבן זײַן טאָכטער ס. ו. פאָרטונאַטאָ, אַז גאָרקי „האָט הייס ליב באַקומען אונדזער סיאָמען און שיקט אים אַף זײַנע אייגענע הוצאָעס קיין יאַלטע... ער איז אַ וווּנדערלעכער באָכער... דערוואַרעם אים!!! איך האָב עס אים צוגעזאָגט".

אין יאַלטע האָט מאַרשאַק געלעבט גוט. זײַן געזונט האָט זיך פאַרבעסערט, געלערנט האָט ער זיך אין דער אָרטיקער גימנאַזיע גלענצנד. פון ו. ו. סטאַסאָוון און א. מ. גאָרקין פלעג ער באַקומען מונטערע בריוו, וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן דאָס באָכערל אין דער צײַט פון זײַנע אָנפאַנגלעכע שעפערישע זוכונגען...

אינגיכן אָבער איז סטאַסאָוו געשטאָרבן... מאַרשאַק האָט שווער איבערגעלעבט דעם טויט פון זײַן אַפּעטראָפּעס, וועגן וועלכן ער האָט שפּעטער געזאָגט: „דאָס איז געווען אַ פרײַנט, אַזאַ מעכטיקער, גרויסער, שטאַרקער מענטש — אַ פאָלקנפירער, וועמעס איין וואַרעם וואָרט דערמונטערט, מאַכט דיך גרייט צו בײַקומען באַליביקע שטרויכלונגען און שוועריקײַטן, וואַרפן זיך אַף אַ שטורעם, אַף אַ פעסטונג".

ב. טערעכאָוו
(דזערזשינסק)



# פֿון ב.-י. ביאַלאָסטאָצקיס בוך „יִדישער הומאָר און יִדישע לייצים“

## דאָס פּעקל

צוויי באַקאַנטע יִדן שטייען אַף דער גאַס און שמועסן צווישן זיך. קלאָגט זיך איינער פאַרן אַנדערן:

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? עס איז שלעכט, וואָס שלעכט הייסט! איך זאָל וועלן פאַר אײַך פאַנאַנדערלייגן מײַן פּעקל צאָרעס, וואָלט איר געוווּסט, וואָס איך טראָג איבער טאָגטעגלעך.



— נעמט זיך אַזוי ניט איבער, — רופט זיך אָן דער אַנדערער, — איר זענט ניט איינער בא גאָט. איך אַליין, ווי איר קוקט מיך אָן, האָב אויך מײַן אייגן היפּשן פּעקל. און ווו האָט איר גלאַט א יִדן, איך בעט אײַך, וואָס זאָל ניט האָבן זײַן אייגן פּעקל?

— מאָלט אײַך, — זאָגט דער ערשטער, — ניט יעדער יִד. עס איז געוויס פאַראַן ניט ווינציק אַזעלכע, וואָס זיי איז עמעס גוט אַף דער וועלט און זיי ווייסן ניט צו זאָגן פון קיין שום פּעקל.

— גלייבט עס ניט! איך זאָג אײַך בעפיירעש, אַז יעדער יִד מוז זיך האָבן זײַן אייגן פּעקל. ווייסט איר וואָס? אָט לויפט אַקעגן אונדז א יִד, וועלן מיר פּרובירן אים א פרעג טאָן:

— רעב יִד, זײַט זשע מויכל, זאָגט, וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אײַער פּעקל?

— וואָסער פּעקל? וועלכער פּעקל? — מאַכט דער יִד פאַרוווּנדערט, און ער לויפט ווײַטער.

— זעט איר, — זאָגט דער ערשטער, — איך בין גערעכט. אָט האָט איר א יִדן, וואָס הייבט גאָר ניט אָן צו וויסן פון קיין שום פּעקל.

— כאַסוועכאָלילע, — מאַכט דער צווייטער, — איר האָט א טאָעס אין פּשאַט. דער דאָזיקער יִד, פאַרשטייט איר מיך, האָט אַף זיך ניט איין פּעקל, נאָר גאַנצע צוויי, צי מער. אָט דערפאַר טאַקע האָט ער געוואָלט וויסן, וואָסער פּעקל.

## שאָלעם אַש און דער אראַבער

שאָלעם אַש איז געווען אין ערעץ-יִיסראָעל איידער ער האָט אָנגעשריבן זײַן „מאַן פון נאַצערעט“. ער האָט געבעטן בא אַן אראַבער, וועלכער האָט אים באַגלייט צו די אַלע לעגענדאַרישע קריסטוס-פּלעצער, אַז יענער זאָל אים צופירן צום יאַם-קינערעט און ווײַזן גענוי, פון וועלכן פונקט יִישו האַנויצרי איז, לויט דער קריסטלעכער מײַסע, אַרוף אַף דער אויבערפלאַך פון דעם וואַסער און ער איז

אזוי באָרוועסערהייט געגאנגען צופוס אַף דעם וואַ־סער ביז צו דער צווייטער זײַט פון דעם יאַם־קי־נערעט. אש האָט אויך געוואָלט, אז דער אראַבער זאָל אים ווײַזן דעם גאנצן וועג איבערן וואסער, ווו דער מויפעס איז קלוימערשט געשען.



האָט דער אראַבער געזאָגט:

— קעדיי דאָס צו ווײַזן אײַך, דאַרף מען פאָרן אַף א לאָדקע. און עס קאָסט צען אמעריקאַ־נער דאָלאַר.

אש, וועלכער איז ניט געווען צו פרײַ אַף צו געבן געלט, האָט א זאָג געטאָן:

— צען דאָלאַר? ניט קיין ווונדער, וואָס יעזוס איז געגאנגען צופוס!..

• • •

# א מיצווע

טישעבאָוו אינדערפרי, באַלד נאָך קינעס, איז א ייד א לעץ אַרײַן אין אן אכסאַניע און געבעטן אים צוצוגרייטן עפעס איבערבײַסן.

— וואָס רעדט איר? — וווּנדערט זיך די באַ־לעבאָסטע. — איר האָט, אפאָנעם, פארגעסן, אז הײַנט איז טישעבאָוו, הײַנט פאסט מען.

— פארגעסן האָב איך ניט, — האָט געזאָגט דער לעץ, — נאָר וואָס זאָל איך טאָן? איך מוז הײַנט אוועקלייגן דעם טאָנעס אין א זײַט צוליב א גרויסער מיצווע: אן אָרעמע יעסוימע זאָל זײַן פארזאָרגט מיט נאָך טויזנט רובל נאָדן.

— וואָס הייסט?

— ס'איז א פּאָשעטע זאַך. נעכטן אין אָוונט, גייענדיק פון קלויז נאָך קינעס, הער איך, ווי צוויי ווײַבער שמועסן צווישן זיך, און איינע זאָגט צו דער אנדערער: „הערט, כינעלעבן, האַלעווײַ זאָל גאָט מיר געבן אזויפיל טויזנטער נאָדן פאר מײַן יעסוימעלע, וויפל ייִדן ס'וועלן הײַנטיקן טישעבאָוו ניט פאסטן". האָב איך זיך געטראַכט: אזא מיצווע, אזא מיצווע! זאָל די אָרעמע קאַלע האָבן נאָך א טויזנטער.



# מאַטעריאַלן פאַר אַ לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

**שטיף, נאָכעם**
(1879—1933)



— לינגוויסט, ליטעראַטור־פאָר־שער. געבוירן געוואָרן אין ראָוו־נע. זיך געלערנט אין קיִעווער פּאָליטעכניקום, דערנאָך אין פּע־טערבורג. ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע פאַרענדיקט אין יאַראָסלאַוול אַ יורידישן ליצײ און פאַרטיידיקט אַ דיסערטאַציע אפן טיטל קאַנדידאַט פון יורידי־שע וויסנשאַפטן. אף ייִדיש אָנ־געהויבן שרײַבן אין 1904. אין מאַרט 1914 ווערט ער פאַרוואַל־טער פונעם קלעצקין־פאַרלאַג אין ווילנע, אַן אַקטיווער טוער פון אַ ריי ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. די פעוורואַל־רע־וואָליוציע טרעפט אים אין פּע־טערבורג. דערנאָך באַזעצט ער זיך אין קיִעוו. אין 1920 קומט ער קיין מינסק, לייענט דאָרט לעקציעס וועגן ייִדיש אַף לערער־קורסן. אין מײַ 1921 באַזעצט ער זיך אין קאָוונע, דערנאָך אין בערלין, ווױנט אין ווילנע ביזן 1926, ווערט דער הויפּט־איניציאַ־טאָר און גרינדער פונעם ווילנער ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטי־טוט. אין 1926 קערט ער זיך אום קיין קיִעוו, וווּ מע באַשטימט אים פאַרן פאַרוואַלטער פון דער קאַ־פעדרע פון ייִדישער קולטור בײַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. אין 1927 הייבט אָן אין קיִעוו צו דערשײַנען אונטער זײַן רעדאַקציע דער צווייכאַדאָ־שימדיקער זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך" (דערשינען ביזן 1930), דערנאָך איז ער רעדאַקטאָר פון נעם זשורנאַל „אפן שפּראַכ־פראָנט" (1931—1933). ברייט איז געוועזן דער דיאַפּאַזאָן פון זײַן וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט אָנגעשריבן 339 אַרבעטן אין געביט פון שפּראַכוויסנשאַפט, ליי־טעראַטור־געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, פּובליציסטיק. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט פּראָב־לעמען פון ייִדישער געשיכטע, ער האָט איבערגעזעצט מ. גידעמאַנס „ייִדישע קולטור־געשיכטע אין מיטלאַלטער" און געגעבן צו איר זײַן פאָרעדע און באַמערקונגען, ווי אויך ש. דובנאָווס „די נײַסטע געשיכטע פון ייִדישן פאָלק", צו־נויפגעשטעלט אַ כרעסטאָמאַטיע פון דער אַלטער ייִדישער ליטע־ראַטור פאַר דער הויכשול און מיטלשול. דעריקער אָבער איז גרויס זײַן בײַטראָג אין דער ייִדי־שער לינגוויסטיק. אין די דער־מאָנטע זשורנאַלן, וועלכע ער האָט רעדאַגירט, האָט ער אָפּגע־דרוקט אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען אין אָט דעם געביט. אַ טייל פון זיי זײַנען שפּעטער געוועזן אײַנ־געשלאָסן אין זײַנע קאַפּיטאַלע אַרבעטן „ייִדישע סטיליסטיק", „צו דער היסטאָרישער אַנטוויק־לונג פון ייִדישן אויסלייג" און אַנד. געשטאָרבן דעם 7 אַפּרעל 1933 אין קיִעוו.

ווערק: מײַסע פון דעם פרו־מען ראַבי כאַנינאַ. מאָסקווע, ווילנער פאַרלאַג קלעצקין, 1917; ייִדן און ייִדיש. קיִעוו, פאַרלאַג „אָנהייב", 1919; הומאַניזם אין דער עלטערער ייִדישער ליטעראַ־טור. פאַרלאַג „קולטור־ליגע", קיִעוו, 1920; פּאָגראָמען אף אוק־ראַיִנע — די צײַט פון דער פרײַ־וויליקער אַרמיי. בערלין, פאַרלאַג „וואָסטאָק", 1923; די אָרגאַניזאַ־ציע פון דער ייִדישער וויסנ־שאַפט. ווילנע, 1925; ייִדישע סטי־ליסטיק, צענטערפאַרלאַג, כאַרקאָוו, 1930.

ביבליאָגראַפיע: ב. סלוצקי, אין זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך", קיִעוו, 1927, נומ. 3—4; מ. עריק. דאָרט; מ. כאַימסקי, אין דער צײַ־טונג „עמעס", 29 יון 1929; ד. מאַץ, אין זשורנאַל „ראַטנביל־דונג". קיִעוו, 1930, נומ. 2; מ. עריק, אין זשורנאַל „שטערן", מינסק, 1930, נומ. 1; פּ. הורוויץ, ר. לערנער, מ. מײַדאַנסקי, אין זשורנאַל „אפן שפּראַכפראָנט", קיִעוו, 1932, נומ. 4; אַ. זאַרעצ־קי, דאָרט, 1932, נומ. 3—4; אַ. גיטליץ, אין זשורנאַל „ראַטנביל־דונג", קיִעוו, 1932, נומ. 3—4; י. אַנילאָוויטש, „ייוואָ־בלעטער", ווילנע, 1933, נומ. 5 (ביבליאָגראַ־פישע רעשימע פון נ. שטיפס 339 אַרבעטן אף די געביטן פון שפּראַכוויסנשאַפט, ליטעראַטור־געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, פּובליציסטיק אאַוו.); מ. קאַמענ־שטיין, ב. אויסלענדער, אין דער צײַטונג „דער שטערן", כאַרקאָוו, 9 אַפּרעל 1933; מ.־ב. גורעוויטש, אין דער צײַטונג „עמעס", 15, 16 מײַ 1933; מ. קאַדישעוויטש, אין דער צײַטונג „דער שטערן", כאַרקאָוו, 9 יון 1933; נ. אויס־לענדער, אין דער צײַטונג „דער שטערן", כאַרקאָוו, 15 יול 1933; ב. סלוצקי, אין זשורנאַל „אפן שפּראַכפראָנט", קיִעוו, 1935, נומ. 2; י. נוסינאָוו, דאָרט; אין זשור־נאַל „סאָוועטיש היימלאַנד": נאָ־כעם שטיף, 1964, נומ. 6; כ. לויצקער, זײַן בײַטראָג אין אונד־זער קולטור־אוצער. 1969, נומ. 12; נאָכעם שטיף. 1974, נומ. 9.

## Окончание VIII урока — סאָף פון לימעד אכט

### СЛОВООБРАЗОВАНИЕ

**Значение приставочных слов** (*продолжение*)

В предыдущем уроке вы ознакомились с приставочными словами, выражающими направление действия («внутрь», «наружу», «вверх» и т. п.). Остальные приставочные слова многозначны и придают основному глаголу самые различные смысловые оттенки. Рассмотрим основные значения некоторых из наиболее употребительных приставочных слов.

I. [у́ф] часто соответствует I. א'וף русским приставкам «воз-» («вос-»), «вз-» («вс-») в значениях:

а) движения вверх, раскрытия, расширения:

| | |
|---|---|
| 1) «стоять», 2) «встать», «восстать»; | 1) שטיין, 2) א'ופשטיין; |
| 3) «ходить», 4) «восходить» (*о солнце и т. п.*); | 3) גיין, 4) א'ופגיין; |
| 5) «крыть», 6) «раскрыть». | 5) דעקן, 6) א'ופדעקן. |

б) резкого, внезапного начала действия:

| | |
|---|---|
| 1) «дрожать», 2) «вздрогнуть»; | 1) צ'יטערן, 2) א'ופציטערן; |
| 3) «кричать», 4) «вскрикнуть». | 3) שר'ײַען, 4) א'ופשרײַען. |

в) завершения действия:

| | |
|---|---|
| 1) «кипятить», 2) «вскипятить»; | 1) זידן, 2) א'ופזידן; |
| 3) «кушать», 4) «скушать». | 3) עסן, 4) א'ופעסן. |

II. [о́йс] — часто соответствует II. א'ויס русским приставкам «из-» («ис-»), «вы-» в значениях:

а) выделения наружу, исчерпывания:

| | |
|---|---|
| 1) «лить», 2) «вылить»; | 1) גיסן, 2) א'ויסגיסן; |
| 3) «плевать», 4) «выплюнуть»; | 3) שפ'ײַען, 4) א'ויסשפּײַען; |
| 5) «пить», 6) «выпить». | 5) טר'ינקען, 6) א'ויסטרינקען. |

б) добывания, получения из чего-либо:

| | |
|---|---|
| 1) «просить», 2) «выпросить»; | 1) בעטן, 2) א'ויסבעטן; |
| 3) «читать», 4) «вычитать» (*из книги, газеты и т. п.*); | 3) לייענען, 4) א'ויסלייענען; |
| 5) «писать», 6) «выписать». | 5) שרײַבן, 6) א'ויסשרײַבן. |

в) тщательного, основательного совершения действия:

| | |
|---|---|
| 1) «купать», 2) «выкупать»; | 1) באָדן, 2) א'ויסבאָדן; |
| 3) «белить», 4) «выбелить». | 3) קאלכן, 4) א'ויסקאלכן |

III. [и́бэр] как правило III. א'יבער соответствует русскому «пере-» в значениях:

а) перемещения через что-либо или с места на место:

| | |
|---|---|
| 1) «ехать», 2) «переехать»; | 1) פאָרן, 2) א'יבערפאָרן; |
| 3) «идти», 4) «перейти»; | 3) גיין, 4) א'יבערגיין; |
| 5) «возить», 6) «перевозить». | 5) פירן, 6) א'יבערפירן. |

б) повторения действия:

| | |
|---|---|
| 1) «сеять», 2) «пересеять»; | 1) ז'ייען, 2) א'יבערזייען; |
| 3) «пробовать», 4) «перепробовать»; | 3) פּ'רוּוון, 4) א'יבערפּרוּוון; |
| 5) «считать», 6) «пересчитать». | 5) ציילן, 6) א'יבערציילן. |

в) чрезмерности действия или превосходства одного действия над другим:

| | |
|---|---|
| 1) «солить», 2) «пересолить»; | 1) זאלצן, 2) א'יבערזאלצן; |
| 3) «кричать», 4) «перекричать»; | 3) שר'ײַען, 4) א'יבערשרײַען; |
| 5) «гнать», 6) «перегнать». | 5) יאָגן, 6) א'יבעריאָגן. |

IV. [о́н] связано с предлогом: אָן' .IV [он] в значении «об», «обо» (например, «удариться обо что-то») и часто соответствует русской приставке «на» в значениях:

а) направления, прикасания (*к поверхности*):

| | |
|---|---|
| 1) «приходить», 2) «прибыть» (*на станцию и т. п.*). | 1) ק'ומען, 2) 'אָנקומען. |

б) накопления, насыщения, достижения необходимого предела:

| | |
|---|---|
| 1) «варить», 2) «наварить»; | 1) קאָכן, 2) 'אָנקאָכן; |
| 3) «печь», 4) «напечь»; | 3) באַקן, 4) 'אָנבאַקן; |
| 5) «греть», 6) «нагреть»; | 5) וו'אַרעמען, 6) 'אָנוואַרעמען; |
| 7) «кушать», 8) «наесться», «накушаться». | 7) עסן, 8) זיך 'אָנעסן. |

V. [о́п] зачастую соответствует אָפּ' .V русской приставке «от» в значениях:

а) удаления от чего-либо:

| | |
|---|---|
| 1) «ехать», 2) «отъехать»; | 1) פאָרן, 2) 'אָפּפאָרן; |
| 3) «рвать», 4) «оторвать»; | 3) רײַסן, 4) 'אָפּרײַסן; |
| 5) «брать», 6) «отобрать», «отнять». | 5) נ'עמען, 6) 'אָפּנעמען. |

б) окончания, завершения процесса или действия:

| | |
|---|---|
| 1) «цвести», 2) «отцвести»; | 1) בל'יִען, 2) 'אָפּבליִען; |
| 3) «жить», 4) «отжить»; | 3) לעבן, 4) 'אָפּלעבן; |
| 5) «шуметь», 6) «отшуметь». | 5) ט'ומלען, 6) 'אָפּטומלען. |

в) отмены, отказа:

| | |
|---|---|
| 1) «создавать», 2) «отменять» (*приказ и т. п.*); | 1) שאַפן; 2) 'אָפּשאַפן; |
| 3) «говорить», 4) «отговаривать»; | 3) רעדן, 4) 'אָפּרעדן; |
| 5) «звать», 6) «отозвать»; | 5) רופן, 6) 'אָפּרופן; |
| 7) «обещать», 8) «отказать». | 7) צ'וזאָגן, 8) 'אָפּזאָגן. |

VI. [дурх] или [а́дурх] (אד'ורך) ד'ורך .VI преимущественно соответствует русскому предлогу «через» и приставке «про-» в значениях:

а) движения через, сквозь:

| | |
|---|---|
| 1) «идти», 2) «пройти сквозь»; | 1) גיין, 2) ד'ורכגיין; |
| 3) «ехать», 4) «проехать через (*лес, поле и т. п.*) | 3) פאָרן, 4) ד'ורכפאָרן. |

б) завершения действия над всем предметом:

| | |
|---|---|
| 1) «смотреть», 2) «просмотреть» (*рукопись и т. п.*); | 1) זען, 2) (א)ד'ורכזען; |
| 3) «читать», 4) «прочесть» (*всю книгу и т. п.*). | 3) ל'ייענען, 4) אד'ורכל'ייענען. |

VII. מ'יט [ми́т] соответствует русским предлогам и приставкам «с-», «со-» в значениях общности, совместности, сопровождения:

1) «ехать», 2) «сопутствовать (*в пути*)»; — 1) פאָרן, 2) מ'יטפאָרן;
3) «работать», 4) «сотрудничать»; — 3) 'ארבעטן, 4) מ'יטארבעטן;
5) «помогать», 6) «содействовать»; — 5) העלפֿן, 6) מ'יטהעלפֿן;
7) «бороться», 8) «быть соратником» «бороться совместно»; — 7) קעמפֿן, 8) מ'יטקעמפֿן;
9) «взять», 10) «взять с собой». — 9) נ'עמען, 10) מ'יטנעמען.

VIII. נ'אָך [но́х] связано со значением предлога [нох] — «после», «за», «вслед за» и придает глаголу значения:

а) следования за чем-либо, за кем-либо:

1) «бегать», 2) «бегать» — 1) לויפֿן, 2) נ'אָכלויפֿן;
3) «идти», 4) «идти вслед за...» за кем-(чем)-либо; — 3) גיין, 4) נ'אָכגיין.

б) следования образцу, подражания:

1) «делать», 2) «подражать», подделывать»; — 1) מאכן, 2) נ'אָכמאכן;
3) «сказать», 4) «повторять за кем-либо — 3) זאָגן, 4) נ'אָכזאָגן.

IX. פ'אַר [фо́р] близко по значению к русской приставке «предел» в глаголах типа «предлагать», «предусмотреть и т. п.:

1) «положить», 2) «предложить»; — 1) לייגן, 2) פ'אַרלייגן;
3) «ставить», 4) «представить»; — 3) שטעלן, 4) פ'אַרשטעלן;
5) «читать», 6) «читать вслух (*перед кем-либо*)». — 5) ל'ייענען, 6) פ'אַרלייענען.

X. צ'ו [цу́] связано по значению с предлогом [цу] — «к» и, как правило, соответствует русским приставкам «при-», «под-», «до-» в значениях:

а) движения, приближения к чему-либо, к кому-либо:

1) «идти», 2) «подойти к...»; — 1) גיין, 2) צ'וגיין;
3) «ехать», 4) «подъехать к...»; — 3) פאָרן, 4) צ'ופאָרן;
5) «бегать», «подбежать к...». — 5) לויפֿן, 6) צ'ולויפֿן.

б) прибавки к чему-либо:

1) «лить», 2) «долить к...»; — 1) גיסן, 2) צ'וגיסן;
3) «клеить», 4) «приклеить к...; — 3) קלעפן, 4) צ'וקלעפן;
5) «шить», 6) «пришить к...». — 5) נ'ייען, 6) צ'ונייען.

в) замыкания:

1) «делать», 2) «закрыть (*окно, книгу и т. п.*)»; — 1) מאכן, 2) צ'ומאכן;
3) «крыть», 4) «прикрыть (*крышкой, покрывалом и т. п.*)». — 3) דעקן, 4) צ'ודעקן.

Таковы лишь некоторые из значений указанных приставочных слов. Усвоение этих значений поможет пониманию смысла многих новых слов. Вместе с тем следует помнить, что каждая приставка и приставочное слово обладает еще целым рядом дополнительных значений. В некоторых случаях они придают глаголу совершенно новое значение, лишенное какой-либо смысловой связи со значением исходного глагола. Сравните, например:

1) «приходить», 2) «получать»; — 1) ק'ומען, 2) באק'ומען;
3) «считать», 4) «рассказать». — 3) ציילן, 4) דערצ'יילן.

Следовательно, в случае сомнения необходимо сверяться со словарем.

**Задание 4.** Выпишите в свои словарные тетради новые слова из раздела «Слово-

דאָצענט ש י מ ע ן ס א נ ד ל ע ר

# אינהאַלט פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן יאָר 1988

## ראָמאַנען

א. ליזען. ניט קיין לעגענדע. ראָמאַן־באַלאַדע. צייכענונג — ט. רעטער. נומ. 6, ז. 3; נומ. 8, ז. 77.

כ. מעלאַמוד. פאַרגעסענע זײַטלעך. צייכענונגען — וו. לאָקשין. נומ. 10, ז. 10; נומ. 11, ז. 26; נומ. 12, ז. 3.

ה. פאָליאַנקער. געווען אַמאָל אַ שטעטל (ראָמאַן, דריטער טייל). צייכענונגען — וו. לאָקשין. נומ. 1, ז. 4; נומ. 2, ז. 48; נומ. 3, ז. 58.

י. ראַבין. אין יענעם יאָר. נומ. 4, ז. 106; נומ. 5, ז. 5.

שאָלעם־אַליכעם. דער בלוטיקער שפּאַס. אַן אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן. צייכענונגען — ה. אינגער. נומ. 7, ז. 124; נומ. 8, ז. 3; נומ. 9, ז. 3; נומ. 10, ז. 45; נומ. 11, ז. 11; נומ. 12, ז. 62.

י. שרײַבמאַן (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג). זיבן יאָר מיט זיבן כאַדאָשים. צייכענונגען — וו. כאַטשאַטריאַן. נומ. 3, ז. 14; נומ. 4, ז. 32.

## דערציילונגען, עסייען, רײַזע־נאָטיצן, נאָוועלעס, פאַרצייכענונגען

ש. גאָרדאָן. די עלטער. נומ. 4, ז. 70; אָפן הייליקן פעלד. נומ. 8, ז. 163.

ש. גאָרשמאַן. אַ טאָפּלטער מאַזלטאָוו. נומ. 1, ז. 66; דאָס ערשטע מאָל אין בירָאָבידזשאַן. נומ. 11, ז. 3.

י. גלאַזקאָוו. פאַנטאַסטישע דערציילונגען. יידיש — פ. קאַנטאָר. צייכענונגען — א. ראַדוצקי. נומ. 10, ז. 72.

ט. געז. געווויין זיך צו... נומ. 1, ז. 13; מאָנאַלאָגן אין וואַלד. נומ. 12, ז. 41.

ב. גערשמאַן (צו זײַן 70־טן געבורטסטאָג). סוידעס פון מײַן באַרוף. נומ. 3, ז. 126.

מערקווירדיקע ביאָגראַפיעס. א. גערצבערג. „ווי מענדל וועט זאָגן...". נומ. 2, ז 115.

ל. דאָמב (לעאָפּאָלד טרעפּער). די רויטע קאַפּעלע. נומ. 9, ז. 72; נומ. 10, ז. 99; נומ. 11, ז. 67, נומ. 12, ז. 93.

יע. האַנקין. דעם מאַלעכס פליגל; אויף די וועגן פון קינאָ. נומ. 9, ז. 116.

א. ווערגעליס (צו זײַן 70־טן געבורטסטאָג). באַווײַז זיך, אַרגענטינע, אין דײַן פולער פּראַכט. נומ. 5, ז. 106; פראַגמענט אָפן XXI יאָרהונדערט. נומ. 7, ז. 114.

וול. טיכווינסקי. וועקט ניט די געליבטע. צייכענונגען — מ. גערצאָווסקאַיאַ. נומ. 2, ז. 125.

דמ. יושקאָווסקי. דער גאַסט. צייכענונג — ט. רעטער. נומ. 7, ז. 56.

נאָטע לוריע. טעג און יאָרן (אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן). נומ. 2, ז. 91.

נײַע איבערזעצונגען. יו. גריבאָוו. סיבעליוס. יידיש — י. בורג. נומ. 2, ז. 103.

יע. מאַקאַראָווא. דרינגענדיקער רעמאָנט. נומ. 2, ז. 108.

דמ. מאַמין־סיביריאַק. דער „זשיד"; מאַנעקע. יידיש — י. שרײַבמאַן. צייכענונגען — ה. אינגער. נומ. 6, ז. 52.

וו. פּאָוואַליאַיעוו. דער וועג אַהיים. יידיש — י. בורג. נומ. 8, ז. 138.

ע. פאַגעל. די שווערע איבערגאַנג־צײַט אינעם לעבן פון די קינדער. נומ. 1, ז. 75; עס פלאַטערט אַ שמעטערלינג. נומ. 3, ז. 49.

מ. פעלזענבאַום. פיר נאָוועלעס. צייכענונגען — מ. איבשמאַן. נומ. 7, ז. 33; מאַזלטאָוו. נומ. 11, ז. 157.

ד. טייבערג. טײַערער מענטש אונדזערער! נומ. 8, ז. 118.

ה. רעלעס (צו זײַן 75־טן געבורטסטאָג). ווי אַ דונער פון העלן הימל. נומ. 4, ז. 88.

ד. שולמאַן. דאָס רעדל דרייט זיך. נומ. 8, ז. 119.

ב. סאַנדלער. דער אַלטער ברונעם אונטערן אַלטן ניסנבוים. נומ. 1, ז. 49; אייגער פון די זעקס. נומ. 9, ז. 29.

ג. עסטרײַך. נײַע דערציילונגען. צייכענונגען — א. ראַדוצקי. נומ. 7, ז. 4.

ל. קאָוואַל. אויף אונדזער גאַס. יידיש — י. בורג. נומ. 8, ז. 123.

וו. קאָוויטשעוו. דער פּראָפעסאָר, וועלכער האָט געהיילט לענינגראַד. נומ. 9, ז. 60.

א. קיסין. די ערד, וואָס האָט אונדז געבוירן. נומ. 9, ז. 126.

א. קראַסנאָפּיאָרקאָ. נאָטיצן פון מײַן זיקאָרן. נומ. 10, ז. 82.

ב. שיינגאַוטער. רעב יִצכאָקס מײַסעס. נומ. 9, ז. 54.

צום 45־טן יאָרטאָג פונעם אופשטאנד אין וואר־שעווער געטאָ (נומ. 4).

כ.־י. גאָלדשטיין. ייִדן אַף די באַריקאַדן אין וואַרשע. ז. 25; פּ. מארקיש. טראָט פון דורות (פראגמענט פונעם ראָמאן). ז. 7; מ. צאַנין. וואַרשע אין יענע טעג. ז. 17; שורעס, אָנגעשריבענע אין געטאָ (לידער פון ל. אָפּעסקין, אי. גראָדזינאָווסקי). ז. 24; שורעס פון צאָרן און נעקאָמע (לידער פון ל. אייכענראַד, נ. באָמזע, אי. פּעפּער, י. רר־בינשטיין, מ. שימעל). ז. 29.

פונעם פאָלקס־אויצער. אירמע דרוקערס פאָלקלאָר־אָנזאמלונגען. אָרעמע און רײַכע; ליגנערס און כאַכאָמים; וועגן מישפּאָכע־איניאָנים; אייצעס; דער באַלעגאָלע שפּאַסט; רעטענישן. נומ. 1, ז. 161.

## לידער און פּאָעמעס

י. בוכבינדער. די מאָס פון גערעכטיקײַט. נומ. 4, ז. 67; די שײַן פון צעבלויטע פּאַרטאָגן (צו זײַן 80־טן געבורטסטאָג). נומ. 12, ז. 38.

כ.ביידער. ביראָבידזשאַן, זומער 1988 (פונעם לירישן טאָגבוך). נומ. 10, ז. 68.

א. ביידערמאַן. וואַריאַנטן. נומ. 7, ז. 62.

ל. בערינסקי. מיר געפעלט אַזאַ וועלט. נומ. 3, ז. 46.

מ. גאָלבשטיין. מיר, וועטעראַנען... נומ. 1, ז. 63; נײַע לידער (צו זײַן 70־טן געבורטסטאָג). נומ. 11, ז. 62.

כ. גורעוויטש. נײַע לידער. נומ. 10, ז. 95; ווערטלעך און אַפאָריזמען בײַ פאַרשיידענע פעל־קער. נומ. 6, ז. 164.

ש. גראָמאַן. ביראָבידזשאַן. נומ. 7, ז. 55.

מ. גרוּומאַן. איך האָב געגלייבט... נומ. 5, ז. 3.

ז. ווייצמאַן. אין זוניקן קרײַז. נומ. 7, ז. 53.

א. ווערגעליס. לידער, אָנגעשריבענע ניט אינ־דערהיים. נומ. 2, ז. 42; לידער און מיניאַטיורן. נומ. 11, ז. 21.

נ. זילבערמאַן. טויבן אויפן דאַך. נומ. 7, ז. 63.

מ. זינגערים. געזאַנגען. נומ. 7, ז. 61.

פּ. כאַימאָוויטש. כ׳באַגריס דיך, זוניקער קאַיאָר. נומ. 7, ז. 29.

ד. כײַקינע. ס׳וועט וואַרעמקײַט פון מײַנטוועגן סטײַען (לידער־ציקל). נומ. 12, ז. 75.

ב. מאָגילנער. מײַן טאַטנס שטוב. נומ. 2, ז. 188; אין אַ מאָזלדיקער שאָ (האַלבפאַנטאַסטי־שער רעפּאָרטאַזש). נומ. 6, ז. 45; קוואַלן. נומ. 9, ז. 51.

מאַרק וואַרשאַווסקיס זינגלידער. נומ. 2, ז. 120; פון שאָלעם־אַלייכעמס פאָרעדע צו דער צווייטער אויפלאַגע פון דער זאַמלונג „ייִדישע פאָלקסלידער“. נומ. 2, ז. 122.

נײַע איבערזעצונגען. אי. בונין, מ. צוועטאַיעווא (לידער). נומ. 3, ז. 54; וו. כאָדאַסעוויטש. זוך מיך; די מאַלפּע; ב. פּאַס־

טערנאַק. אימפּראָוויזאַציע; פרימאָרגעדיקע צוגן. ייִדיש — א. ווערגעליס. נומ. 1, ז. 92.

פּ. פלאָטקין. בלעטלעך פונעם טאָגבוך — 1945. נומ. 5, ז. 4; איך זוך זיי ביז אַצינד. נומ. 9, ז. 103.

מ. פענס. טשערנאָביל (פּאָעמע). נומ. 1, ז. 46; דערפרישט און באַנײַט. נומ. 12, ז. 90.

מ. ריאַנט. אַ פרישער ווינט. נומ. 10, ז. 132.

צום 90־טן געבורטסטאָג פון איזי כאַריקן (נומ. 8).

אי. כאַריק. מײַן יוגנט. ז. 35; לייזער שיינ־מאַן — דער באַדכן פון זעמבין. ז. 67; ארויס־טרעטונגען אויפן יובילײ־אָוונט אין מינסק דעם 31 מאַרט 1988. ז. אַזגור, נ. גילעוויטש, א. ווערגעליס, ה. רעלעס; כ. ביידער. עטלעכע עפּיזאָדן פון איזי כאַריקס לעבן. ז. 69.

מ. טשאַראָט. די קרעטשמע (פּאָעמע). ייִדיש — אי. כאַריק. ז. 47; ל. ראָזנהויז. איזי כאַריק, זײַנע כאַווײרים און זײַן צײַט (זיכרוי־נעס און אָפּשאַצונג). ז. 53.

ווערק פון אונדזערע לייענער. ס. בערינסקי (קעשענעוו), ל. הירש (בערדיטשעוו), אי. זלאָטניק (מינסק), ל. יודאָווין (ווי־טעבסק), נ. טיקטין (ראָסטאָוו געגנט), ק. פּעשטשאַנסקע (קיִעוו), מ. קאַן־קאַ־גאַן (ריגע), א. ראַכמאַן (טשערקאַס).

## ווערק פון אויסלענדישע שרײַבער

י. באַשעוויס־זינגער. רעב כאַים גאָרשקאָ־ווער. נומ. 4, ז. 126.

ע. רימער. ענד־־פונקט. נומ. 11, ז. 135.

צוגאַסט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“ — ייִדישע שרײַבער פון פראַנקרײַך. ט. גראָל. פאָרוואָרט צו דעם בוך: „געשטאַלטן און פערזענלעכקײַטן אין דער ייִדישער און וועלט־געשיכטע“; ש. דאָבזשינסקי. אַ ליד צו אַראַגאָנען; ע. וואָגלער. די טויערן פון מײַן געמיט. ליד; ד. טייטלבוים. מיט בסורעס זוניקע; י. הירש־יאַקאָבי. ל. מילער, דער דיכטער־קעמפער. ל. מילער. די ליד פון מענטשנס לעבן אַף דער ערד. נומ. 5, ז. 72; א. בולאַווקאָ. דראַנסי און באָן־לאַ־ראָלאַנד. ז. 89. א. ווילנער. אַ וויכטיקע קולטור־געשעעניש — דער־שינען די צווייטע אויפלאַגע פון דער באַרימטער אַנטאָלאָגיע פון ייִדישער פּאָעזיע אין פאַריזש. ז. 99. ש. לעדערמאַן. וועגן דעם בוך „ייִדן־רעוואָליוציאָנערן“. ז. 97.

ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס. מ. אָלגין (1878—1939). די רעכט פונעם ייִדישן פאָלק אַף שפּראַך און קולטור. נומ. 9, ז. 105; ב. אָליעווסקי (1908—1942). לידער פון פאַרשיידענע יאָרן. נומ. 9, ז. 113. כ.־נ. ביאַליק (1873—1934). אין שכיטע־שטאָט. נומ. 1, ז. 83; מ. גאָרקי. וועגן כ.־נ. ביאַליקן. נום. 1, ז. 88; ה. בע־ריאָזקין (1918—1982). קורצע נאָטיצן. נומ. 6, ז. 81; א. גאָנטאַר (1908—1981). לידער

פון פאַרשיידענע יאָרן. נומ. 4, ז. 100; א. גובּניצקי (1912—1974). צוגאַסט צום זון. נומ. 5, ז. 125; ש. דימאַנשטיין (1888—1937). לענין און די קאָמוניסטישע אַרבעט אין דער ייִדישער סוויווע. נומ. 2, ז. 140; מ. האַרצמאַן (1880—1943). לידער. נומ. 11, ז. 121; ש. דריז (1908—1971). ניט קיין פאַרעפנטלעכטע לידער. נומ. 6, ז. 77; נ. זאַבאַרע (1908—1975). דער צווייטער גיירעש. נומ. 12, ז. 82. ה. לייוויק (1888—1962). 16 בריוו פון ה. לייוויקן צו זײַן פרוי. נומ. 11, ז. 106; מ. לעווין (בער סאַרין) (1908—1942). קינדער־לידער. נומ. 5, ז. 121; ב. מילער (1913—1988). דרײַ יובילייען. פאַרצייכענונג. נומ. 9, ז. 107; ש. פרוג (1860—1916). די טראַיקע (לידער). נומ. 3, ז. 108; א. קירזשניץ (1887—1950). די ערשטע 10 יאָר ייִדקאָמפּרעסע אין אוקראַינע. נומ. 6, ז. 68; ד. קירזשניץ. עטלעכע ווערטער וועגן מײַן פאָטער. נומ. 6, ז. 70; ז. ז. רייזען (1888—1941). נאָטיצן וועגן שריפט. נומ. 12, ז. 79.

## ליטעראַטור־קריטיק, ביבליאָגראַפיע, פראַגן פון קונסט

ז. אַטאַמוקאַס. דאָס ייִדישע קולטור־לעבן אין ליטע. נומ. 11, ז. 124.

ל. אַבינסקי. „קויהעלעס": סקעפּסיס און פּאַטאָס. נומ. 6, ז. 120.

ג. באַקאַנורסקי, א. באַקאַנורסקי. וועגן נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזײַן און נאַציאָנאַלער קולטור. נומ. 4, ז. 153.

כ. ביידער. צו דער געשיכטע פון שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַן „דער בלאָטיקער שפּאַס". נומ. 6, ז. 108; ה. לייוויק — דער איבערזעצער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל". נומ. 3, ז. 116.

וו. בעלינקער. אַף א לימעד פון ייִדיש אין קינדער־גאָרטן. נומ. 12, ז. 156.

ל. בערינסקי. נאָך איין וואַריאַציע אַף דער אייביקער טעמע (וועגן וול. טיכווינסקיס ווערק „וועקט ניט די געליבטע"). נומ. 2, ז. 136.

א. גאַרבאַטאָוו. אַרקאַדי יאַקאָוולעוויטש קאָץ — דער איבערזעצער פונעם „אינטערנאַציאָנאַל". נזמ. 6, ז. 132.

ה. גאַרנשטיין. וועטעראַנען פון דער ייִדישער בינע. נומ. 8, ז. 120.

א. גראַטשאָווא. אינעם בלויען הימל פונעם גוירל (וועגן מאַרק שאַגאַלס אויסשטעלונגען). נומ. 2, ז. 157.

פ. גרימבערג. „איך וויל איבערלאָזן אין ייִדישן לאָשן מײַן אייגענעם שפור" (וועגן וו. טשערנינס שאַפונג). נומ. 7, ז. 64.

אי. דרוקער. פון פאַרבליבענע העפטן. נומ. 10, ז. 144.

ז. ליביגזאָן (צום 70־טן געבורטסטאָג). אַרנאָלד צווייג (צום הונדערטסטן געבורטסטאָג). נומ. 1, ז. 114; שימען פרוג. נומ. 3, ז. 119; וועגן ראָמאַנטיק און ראָמאַנטיזם. נומ. 4, ז. 158.

וו. לעגזאָן. דער זיקאָרן (וועגן קאָמפּאָזיטאָרן און מוזיק־פאָרשער, אומגעקומענע אין דער גרויסער פאַטערלענדישער מילכאָמע). נומ. 6, ז. 125; „ייִדישע אינסטרומענטאַלע פאָלקס־מוזיק" — מוישע בערעגאָווסקי. נומ. 12, ז. 135.

מ. מאַרגאָלין. וועגן אייניקע ווערק אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1987 יאָר (איבערזיכט). נומ. 9, ז. 142; אַן ענטפער צו דער זאַך. נומ. 11, ז. 133.

היסטאָריש־דאָקומענטאַלע פאַרצייכענונגען. ב. סוואַדקאָווסקי. לעוו טאָלסטאָיס דאָקטער אי. נ. אַלטשולער. נומ. 5, ז. 147; די לענינישע „איסקראַ", לעוו טאָלסטאָי און זײַנע דאָקטוירים. נומ. 6, ז. 145.

י. קומאַק. די שוואַרצע זון פון קויהעלעס. נומ. 6, ז. 120.

מ. קיטײַניק. ד. נ. מאַמין־סיביריאַקס דערציילונגען וועגן ייִדן. נומ. 6, ז. 48.

היסטאָרישע נאָטיצן. א. לאָקשין. צום 75־טן יאָרטאָג פונעם בייליס־פּראָצעס. נומ. 7, ז. 95.

ק. מאַטווייעוו, א. סאַזאָנאָוו. געשיכטעס. מיפן. לעגענדעס. ייִדיש — ב. גערשמאַן. נומ. 9, ז. 134; נומ. 10, ז. 134; נומ. 11, ז. 144; נומ. 12, ז. 113.

מ. קופּאָוועצקי. די הויפּט־עטאַפּן פון דער עטנישער געשיכטע פון די ייִדן אַף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון אוקראַינע. נומ. 7, ז. 100.

פון דער קולטור־געשיכטע. מ. אָסטראָווסקי. „קונסט פאַרייניקט די פעלקער און באַפרײַנדעט" (סאָף, אָנהייב זע נומ. 8, 12, 1987). נומ. 1, ז. 128.

ב. רובשטיין. די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך (סאָף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 1, 2, 6, 9, 1987). נומ. 2, ז. 145.

אָפּרופן אין דער פּרעסע. יע. מאַצעכאָ. פּאָוסט פון דער מאָלדאַוואַנקע (אי. באַבעלס „דער אונטערגאַנג" אין מאָסקווער טעאַטער אַף וו. וו. מאַיאַקאָווסקיס נאָמען). נומ. 6, ז. 134; אָ. מאַרטינענקאָ. די דראַמע אין מענדל קריקס הויז. נומ. 6, ז. 136.

יו. סאָדאָווסקאַיאַ, יע. סאָדאָווסקי. אומגעקומען אין געטאָ (וועגן דעם דיכטער מוישע לעווין (בער סאַרין). נומ. 5, ז. 120.

נײַס פונעם קולטור־לעבן. וועגן דער ביבליאָטעק פון דער בערלינער ייִדישער געמיינדע; יע. קאָפּלאַן. נײַע אַרבעטן פון גרוזינישע סעמיטאָלאָגן; ר. שאָך־מאַריאַש. אין אָנדענק פון א נאָבעלן אינטערנאַציאָנאַליסט. נומ. 6, ז. 148; ה. פּאָליאַנקער. דער געבורט פון א נײַעם ייִדישן אַנסאַמבל. נומ. 9, ז. 157. א. טשערניאַווסקי. אין ביראָבידזשאַן וועט זײַן א קינסטלערישער מוזיי. נומ. 9, ז. 185, א. ליזען. א געזעלשאַפט פון ליבהאָבער פון ייִדיש אין לוואָוו. נומ. 10, ז. 151. ר. שירינזאָן. די ביבליאָטעק אַף דער פּרונזע־גאַס. נומ. 11, ז. 158.

## קורצע רעצענזיעס



## פובליציסטיק



## אונדזערע מיטיילונגען

„סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 9, 1987). „פּאַמיאַט" באַקומט די געהעריקע אָפּשאַצונג („סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 10, 1987). נום. 1. ז. 102. די צײַטונג „פּראַוודאַ" טיילט מיט: וולאַדימיר סאַמאַרינען שיקט מען אַרויס פון אַמעריקע. נום. 8, ז. 168.

„פּראָטאָקאָלן פון די זיקניי־ציאָן". די געשיכטע פון איינער אַ פעלשונג. נום. 12, ז. 124.

זיכרוינעס פון אַ מאַשיניסטקע. מ. לאַנדמאַן. שטריכן פון מוישע טייפס פּאָרטרעט. נום. 1, ז. 125.

אויף די שפּורן פון געשעענעס. כ. בערמאַן. אומבאַוווּסטע בלעטלעך פון איליאַ ערענבורגס לעבן. נום. 11, ז. 152.

פּריש אין זיקאָרן. מ. קאָטליאַראָווע. מיכאָעלס פּונדערנאָענט. נום. 6, ז. 95.

ביכער־גראַפיק. קינסטלער טאַטיאַנע רעטער. איליוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונגען. נום. 7, ז. 156.

## קינסטלערישע בײַלאַגעס

נום. 1. קינסטלער מ. גאָרשמאַן (צו זײַן 80־טן געבורטסטאָג). צו דעם אַרטיקל פון י. שוסטער אויף דער זײַט 149. איליוסטראַציעס צו די ווערק פון י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם. „באַנציע שווײַג"; עסקיז צו „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס"; מאָטל און דאָס קעלבל. י.־ל. פּערעץ „א גילגל פון א ניגון".

נום. 2. קינסטלער אי. לוקאָמסקי. צו דעם אַרטיקל אויף דער זײַט 160. אויטאָפּאָרטרעט. טערנאָפּאָל, 1944; די שוווע פון די פּאַרטיידיקער פון סטאַלינגראַד; דאָס מיידל פונעם אַראַקלוב. דער פּאָרטרעט פון אירינע ראַקאָבאָלסקאַיאַ; דער סאַניטאַר־אינסטרוקטאָר דאַרע שאַכנאָוויטש פון סטאַלינגראַד.

נום. 3. קינסטלער יע. ראַיאַק (1906—1987). צו דעם אַרטיקל אויף דער ז. 163. אויטאָפּאָרטרעט; מילכאָמע; פּאָרטרעט פון דער קינסטלערן ג. ראַזאַנאָוואָ; פּאָרטרעט פונעם קינסטלער ב. מאַלעוויטש; ניצאָכן; וויטעבסק; א טאַנץ; א שנײַדער.

נום. 4. קינסטלער פון געטאָ און פון די טויט־לאַגערן. ג. אָלאָמינסקאַ אין געטאָ; ה. וואָלק. די מאַסן־דעפּאָרטאַציע; ד. בריינין פּרימאַרגנדיקע דעבאַטן אינעם איזאָליאַטאָר; ד. אָלערע. דער וועג פון טויט. קרעמאַטאָריום; א. קאַרוואָלאָ (קריס בעקמאַן). דעפּאָרטאַציע פון א ייִדישער מישפּאָכע.

נום. 5. קינסטלער א. ראַבקין. צו דעם אַרטיקל אויף דער זײַט 161. לענינגראַד; אויף טויט און לעבן; באַ דעם מאַרק; אַלטע עפּלביימער; א נייטערן; שיפרע; קינדהײַט; דער שרײַבער נאָום קיסליק.

נום. 6. קינסטלער י. אָסטראָווסקי. צו דעם אַרטיקל אויף דער זײַט 139. זיכרוינעס וועגן מײַן טאַטן; מוזיק; א זיצנדיק ייִנגל; זיך באַליידיקט...; אויף א שפּאַציר.

נום. 7. קינסטלער מ. געמיין, מ. ליפּקין. צו דעם אַרטיקל „וועגן דער שאַפונג פון צוויי ייִדישע קינסטלער" אויף דער ז. 113.

נום. 8. קינסטלער י. זילבערמאַן. צו דעם אַרטיקל אויף דער ז. 153. א געסל אין פּערגאַנאַ; מאָסקווע; די גרויסע שטיינערנע בריק; מאַלטע; מאָסקווע, דער טרובנאַיאַ־פּלאַץ; מאַרט; זעגלען; רוסלאַנד; האַרבסט; א קאַלטער פרילינג; זלאַטאָוסט.

נום. 9. קינסטלער א. שטײַנבערג. צו דעם אַרטיקל „אַרקאַדי שטיינבערג — דער דיכטער און מאָלער". ז. 160.

נום. 10. א. קאַנצעדיקאַס. אן אויסשטעלונג פון ייִדישער קונסט אין קאָונאַס. ז. 150; קינסטלער ל. ראַן. ז. 160.

נום. 11. קינסטלער ה. אינגער.

נום. 12.

מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. נום. 1, 2, 3, 4, 5, 6, 7, 9, 10, 11, 12.

זעלבסטלערער פון ייִדיש (Самоучитель). נום. 1, 2, 3, 4, 5, 6, 7, 8, 9, 10, 11, 12.

די פּאָסטשט פון „סאָוועטיש היימלאַנד". נום. 1, 3, 5, 6.

דאָס איז טשיקאַווע. נום. 4, 9, 10, 12.

פון אונדזער פּאָטאָ־אַרכיוו. נום. 1, 2, 3, 4, 8.

בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען. נום. 4, 5, 9.

פּריילעכע שורעס. נום. 3, 4, 5, 6, 7, 9, 12.

כראָניק און רעזומע אין אַלע נומערן.

## ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאַנד"

נום. 1 — יאַנוואַר — ע. ראָזענטאַל. נאָטיצן פון א זשורנאַליסט.

נום. 2 — פעברואַל — א. גראַסימאָוו. איבער לענדער און קאָנטינענטן (רײַזע־נאָטיצן).

נום. 3 — מאַרץ — מ. ריזאַנט. צוגן קומען צו דער צײַט.

נום. 4 — אַפּרעל — ע. פּאַגעל. אן אויסגעלייזט לעבן.

נום. 5 — מײַ — י.־ל. פּערעץ. דערציילונגען און נאָוועלעס.

נום. 6 — יוני — א. טווערסקאָי. שײַן און אָפּשײַן.

נום. 7—8—יול—אַווגוסט — ג. לוריע. טעג און יאָרן.

נום. 9 — סענטיאַבער — ד. כײַקינע. בריוו צו די קומענדיקע דורות.

נום. 10 — אָקטיאַבער — ב. מאָגילנער. אויף דער כוואַליע פון גלאַסנאָסט.

נום. 11 — נאָיאַבער — ג. עסטרײַך. די רויטע באַלקע.

נום. 12 — דעקאַבער — ר. פּוסטילניקאָוו. מאַלאַכאָוועקער קאַמבײַנען.

En el apartado "Literatura y arte", Grigori Liampe, artista del Teatro de Moscú en Malaia Bronnaia, escribe sobre sus encuentros con Veniamín Zuskin y Alexandr Tishler, notables personalidades de la cultura hebrea, y asimismo sobre el problema de la puesta en escena de piezas nacionales en los teatros rusos. Victor Lenzón (Moscú) interviene con el artículo "Música instrumental popular hebrea".

En el número se publica una recensión sobre el libro "Cuando desaparecen los espejismos. Sionismo: práctica de asuntos sospechosos", publicada en 1987 por la editorial "Moskovski rabochiy". El crítico G. Svetlánov (Moscú) escribe en particular:

"Esta recopilación de artículos sobre la crítica de la idiología y política del sionismo es el primer libro referente a este tema que vió la luz después del tristemente conocido libro "Sobre la esencia de clase del sionismo de A. Z. Romanenko (Leningrado, 1986). Como es sabido, el libro de Romanenko fue reconocido anticientífico y perjudicial, y fue sometido a una fuerte crítica en la prensa del Partido... Sólo esto debía incitar a los autores, compiladores, redactores y recensistas a abordar su trabajo con toda seriedad, tener en cuenta la historia y las consecuencias de la publicación del libro de A. Romanenko.

Lamentablemente esto no sucedió. Como resultado, toda una serie de artículos de la selección reseñada contiene toda clase de conclusiones erróneas e invenciones insólitas, además, algunos artículos casi no contienen ningún hecho nuevo...

La recopilacion no puede ser útil para la educación internacional de los soviéticos, al contrario la perjudicará sensiblemente".

Sobre la vida de la Región Autónóma Judia hablan los materiales en la doble página fotográfica de la revista, como asimismo los comentarios de Velvl Belinker (Birobidzhán) sobre las lecciones de idioma judío en el jardín de la infancia.

La hoja ilustrada del número de la revista esta dedicada a pintorescas obras de Aron Buj (Moscú).

La revista prosigue informando a sus lectores sobre las novedades de la vida cultural judía.

Como siempre, en el último número se publica el contenido de todo el año de la revista.

Culminan el número las tradicionales rúbricas "Humor", "Materiales para el léxico de la literatura judía soviética", "Crónica" y "Manual autodidáctico del idioma yiddish".



**Suplemento del número:**
**Ruvim Pustilnikov. Segadoras combinadas de Malajovka**

# EL RESUMEN

## "Soviétish Heimland" ("La Patria Soviética") N° 12, diciembre, 1988

El número de diciembre de "Soviétish Heimland" comienza por los capitulos finales de la nueva novela del prosaico judío Jaim Melamud (Chernovtsi) "Páginas olvidadas"; las primeras dos partes de la novela fueron publicadas en las ediciones de octubre y noviembre de la revista.

El lector volverá a encontrarse con los protagonistas de la novela de Sholom-Aleihem "La broma sangrienta". La publicación de esta obra poco conocida de la literatura clásica judia proseguirá el año próximo.

La poesía judía moderna está representada por nuevos ciclos de versos de Iosif Bujbinder (Kíev), Dora Jáikina (Kíev) y Moishe Pens (Majachkalá).

En 1986 fue publicada en la revista (N° 2) una selección de novelas cortas de Tevie Guen (Moscú) "Monólogos en el bosque". Ahora se publica la continuación de dicha selección.

La revista celebra dos fechas memorables: el centenario del nacimiento de Zalman Reizen (1888-1940), lingüista e historiador literario judío, y el 80 aniversario del nacimiento del prosaico judío soviético Natan Zabara (1908-1975). En el número se insertan los comentarios e intervenciones de Z. Reyzen sobre el problema del desarrollo del idioma yiddish, como asimismo el relato no publicado de N. Zabara "El segundo nacimiento".

En la presente edición de la revista se insertan los capítulos finales de las memorias del conocido agente de inteligencia soviético Leyb Domb (Leopoldo Trepper), en los cuales relata sobre los diez años de postguerra que estuvo recluido en las cárceles de Stalin y Beria.

El lector terminará de conocer los comentarios de Konstantín Matvéev, doctor en ciencias filosóficas, y de Anatoli Sazónov, candidato a doctor en ciencias históricas: "Historia. Mitos. Leyendas".

Los mitos históricos, cuando éstos responden a los intereses de alguien, poseen una vitalidad asombrosa. A estos corresponde el mito sobre "La conjuración judía mundial", creado con el objeto de atizar el antisemitismo, desacreditar las fuerzas revolucionarias. El principal documento que, al parecer confirma la existencia de semejante conjuración se consideran los así llamados "protocolos de los pensadores del Sión", editado porprimera vez en 1905 en Rusia. Lamentablemente hoy día aun hay gente que prosigue insistiendo en su autenticidad. Mientras que este documento falsificado fue revelado más de una vez, en particular, cerca de setenta años atrás por el corresponsal del periódico "Times". Teniendo en cuenta que sus artículos no perdieron su actualidad, "Soviétish Heimland" los ofrece a la atención de los lectores, traducidos al yiddish, junto con el comentario del publicista soviético Alexandr Shamaro.

also touches upon the problem of the national plays production on the Russian stage.

Victor Lenzon (Moscow) presents his article "The Jewish Instrumental Folk Music".

The issue carries the review by G. Svetlanov on the book "When the Mirages Vanish. Zionism: the Practice of Shady Business" published by "Moskovsky Rabochiy" ("The Moscow Worker") Publishing House in 1987. G. Svetlanov writes: "The collected articles on the problems of Zionism ideology and policy criticism is the first book on these issues published after a grievously known book "On the Class Nature of Zionism" by A. Z. Romanenko (Leningrad, 1986). The book by Romanenko was considered anti-scientific and harmful. It was subjected to severe criticism by the Party press.

This fact only should have made the authors, editors and reviewers take it seriously considering the case and consequences of the publication of the book by Romanenko.

Unfortunately they failed to cope with it. As a result some of the articles contain erroneous statements and fabrication without presenting almost no new facts. This edition will prejudice rather than contribute to the course of the international education of the Soviet people."

The photo-report introduces the life in the Jewish autonomous region. Velvl Belinker (Birobidzhan) gives his notes about the Yiddish language classes in a nursery school.

The colour plates reproduce the works by Aron Buch (Moscow).

The issue continues its publications on the Jewish cultural activities.

As always the final issue presents the contents of all the publications of the magazine for the year of 1988.

The issue is concluded by the magazine's constant sections: "Humour", "Lexicon of the Soviet Jewish Literature", "Chronicle", "Teach Yorself Yiddish".



**Supplement to the issue:**
**"The Malakhov Combines" by Ruvim Pustylnikov.**

